ש. פראַנצוזסקי-גאַרפינקל

# ערב אָקטאָבער

ראָמאַן אין צוויי טיילן

ארויסגעגעבן מיט דער הילף
פון דעם
„דר. חיים זשיטלאָווסקי לייען קרייז״
מאָנטרעאַל, 1947



# קאפיטל איינס

אין 1917, בעת קערענסקיס ארומפאָרן אין זיין געראַמען אָפענעם אויטאָמאָביל איבער אָדעס, האָט מען אין אַלע גאסן, פון די פענצטער, פון אַלע שטאָקן ארויסגעהאָנגען רויטע פאָנען, רויטע קאָלדרעס, אפילו רויטע קליידלעך.

פון אַלע הויפן איז מען ארויס אין גאַס. באַגריסנדיקע אויסגעשרייען האָבן פארפלייצט די שטאָט. אין די רייכע גאַסן זיינען בלומען געפלויגן ווי דער ווינט וואָלט זיי געטרייסלט פון דער לופט.

אמת, מ׳האָט געוואוסט אז די פראָוויזאָרישע מאכט האָט א סך קעגנער. זיי זיינען נאָך דעמאָלט אָבער ניט געווען אין קיין גרויסע צאָלן, — האָט מען יענעם טאָג נאָך נישט געפילט אויף דער גאַס זייער קראַפט. האָט עס גע־הייסן: „גאַנץ אָדעס באַגריסט קערענסקין״.

אין אָט דעם אומגעווייגלעכן אָדעסער פארנאכט, איז דער פּאָעט, סאַ־שע שטערן, געזעסן ביים ים מיט זיין מיידל רחל. מיט אירע געדיכטע, גע־קרויזטע האָר האָט זיך געשפּילט דאָס ים ווינטל. איר קאָפּ האָט שטאָק־שוואַרץ און בליצארטיק שעמערירט. אין איר טונקלמאַט פּנים האָט גע־שפּילט א קוים לעבהאפטיקע פארב, די רויטע עטוואָס אויפגעעפנט.

איר פּנים האָט אויסגעדריקט ניט קיין איבעריקן שטאָלץ, אָבער ערנסט־קייט. אירע גרויסע, זוכנדיקע אויגן האָט זי געהאלטן אראָפּגעלאָזט. גע־רעדט האָט זי מיט א פאמעלעכן־שמייכל און דערביי האָבן זיך אירע אויגן געזייטיקט מיט א קלוגן אין זיך פארטראכטן חן.

דער פּאָעט האָט געקוקט אויף איר, אויף איר דינעם קערפּער און גע־קלערט: זי, פון אַלע זיינע ביז איצטיקע ליבע־שפּילן, האָט אויף אַן אמת אויפגערודערט זיין געמיט. נאָר איר צוריקגעהאלטנקייט, וואָס זי האָט מיט־געבראכט פון איר קליין שטעטל, שטעלט אים אוועק ווי אַן ערשט פארליבט גימנאזיסטל. ער דערקענט זיך כמעט ניט.

ער האָט איבערגעריסן זייער פארקלערטקייט:

—„רחל, ווי געפעלט אייך עפּעס אונזער אָדעס? איך בין זיכער, ווען מעפיסטאָפל זאָל געווען ברענגען געטעס פאוסט קיין אָדעס, וואָלט דער חכם נאָך פאר סוף וואָך אויסגעשריען — „דו בלייב דאָך שטיין א רגע, ביסט דאָך אזוי שיין!״

רחל האָט ערנסט־שמייכלנדיק געענטפערט:

„יאָ אייער אָדעס האָט גענוג שווארצן ים אויסצוטריקענען פון אים א פּרעכטיקן שטח פאר א מדינה מיט דער העכסטער פרייהייט פאר א מיליאָ־

ניק פאָלק, וואו יעדער יחידס „איך'' זאָל זיך אזוי־ווי דער מענשהייטס „איך'' פארברייטערן''.

זי האָט זיך אָנגעצונדן ווי א שוועבעלע, און אוועקגעדרייט איר פּנים אנאזייט, האָט ניט געוואָלט סאָשע זאָל זען איר אויפגערודערטקייט!

— „נאָר אָן מעפיסטאָפלס הילף. איך גלויב ניט אין טייוולשער שות־פות''.

סאָשע האָט געוואוסט, אז איר הארציקער, גערעגטער טאָן שיסט אין אים גופא. עס האָט אים געערגערט! א קלוג מיידל מיט אַזאַ אומגעלומפּער־טער צניעות, קאָן ניט שלום מאכן מיט זיין ניט פארבייגן די זינדיקע הנאות. — אָבער זי וועט בעסער ווערן, און דווקא וויסנדיק, אז ער איז אויסגע־שפּראָכן „שווארץ'' : א ווייסינקער קאָן יעדערן געפעלן. זי, — וויל ער, זאָל אים ליב האָבן אזוי ווי ער איז.

ער האָט א גרינגן גלעט געטאָן איר האנט:

— „פארגעסט ניט, אז געטע איז אחוץ א גרויסער קינסטלער אויך נאָך עפּעס, ער האָט דורכגעמאכט א סך נסיונות מיטן לעבן פון אלע זייטן. ער האָט געזען, אז מיט מלאכים טוט מען ווינציק וואָס אויף, מ'מוז אמאָל אָנקומען צום שווארצן בעל דבר אליין''.

---

זינט יענעם פארנאכט האָבן דורכגערוישט א סך אויפגערעגטע טעג, וואָכן, חדשים. פאר דער צייט איז רחל געוואָר געוואָרן, אז אָדעס און א סך אַנדערע גרויסע שטעט זיינען ווי אַ צויבער־ליד, וואָס רופט און לאָקט אין אירע אָרעמס נאָך פרייד פון הויכן, און באהאלטענעם גענוס. נאָר זי איז ווי אַ פרעמדע, איר באוואוסטזיין, איר ווילן האָט נאָך ניט צוגעשטימט צו עפּעס.

.2

ברייט, רחבותדיק איז די פּושקינסקע גאַס, א שטאָלצע גביר'טע מיט אַ לאַנגען שלעפּ. פון איין זייט דער אויג־פארכאַפּנדיקער גרויסער שטאָט־וואָקזאל, און פון דער אַנדערער זייט דער ברייטער, בלוי־שווארצער ים, א לאכנדיקער פארליבט אין פּאַטשעריי פון די פויגל מיט זייערע ווייסע פליגל.

הונדערט און דרייסיק טרעפּ האלטן אונטער דעם שלעפּ פון דער פּרעכטיקער פּושקינסקע גאַס, אַראָפּ צום האַפן צו, וואו עס טומלען די סירע־נעס פון די שיפן, וואָס שטיין ניט איין אויף אַן אָרט.

פון איר יעדן הויף פּאַרקערט אַ הויפער איטלעך שטויבעלע, יעדער פּעדערל שניי, ווי זי וואָלט געגאַן אין א געוועט מיט די אַנדערע אָדעסער גאַסן: די ריינסטע פון אַלע וועט באַקומען דעם פּריז.

געקליידט זיינען די אָדעסער, ריין אויסגעקערטע גאַסן אין רייכע מוי־

ערן, ווי אין טייערע קליידער מיט קאָסטבאַר צירונג, אָבער אויך ניט ווינציק פלעקן — אַלטע נאָך ניט אומגעוואָרפענע הייף. דערויף זיינען פאַראַן אין אָדעס גענוג קלענערע און גרעסערע אָרעמעלייט.

אין סאַמע האַרץ פון דער פּושקינסקע, אין איינעם אַ הויף זיינען פאַר־שריבן אויף אַ גרויער ברעט דרייסיק נעמען. לעבן יעדער נאָמען דער נומער פון זיין וואוינונג. כמעט יעדערער פון די שטיבער האָט פאַרדונגען אַ צימער, אַמאָל צוויי, און אין אַ פּאָר פון די הייזער האָט מען אחוץ צימערן פאַרדונגען אויך אַ טייל פון בעט.

דער הויף — אַ טיפער, ווי אַן איבערגעקערטע, צעפּאָרענע „שין״, וואָס איז צעקלעקט ביי די אַקסלען און ביי די טריט. די פלעקן זיינען די אריינ־גאַנגען צו די דרייסיק וואוינונגען.

פאַרזשאַווערטע, אונטער די פיס זיך־בויגנדיקע טרעפּ פירן צו די צוויי־טע און דריטע גאָרנס מיט זייערע צעקרימטע, עפּעס ווי זיך און יענעם ניט פאַרגינענדיקע שמאָלע, ענגע, פינסטערע צימערן.

יעדער שטוב— אַ באַזונדערע וועלט, ניט געהאַט מיט דער צווייטער קיי־נע באַציאונגען, ניט געוואוסט געניי ווי דער שכן פון אַנטקעגנדיקער טיר רופט זיך:

נאָר לעצטנס, אָנהייבנדיק פון 1915 — 1916, בעת דער טערקישער באָמ־באַרדירונג, זיינען די איינוואוינער פון די העכערע שטאָקן אַ פּאָר מאָל אַראָפּ צו די אונטערשטע, ווי ניט איז זיך באַקאַנט און באַשטימט נאָכצוטאָן די רייכע הייף:

— אַזוי־ווי ס׳האָבן זיך זאַנאַדיעט אָן אַ שיעור „גאַליאַטשיקעס״, וואָס ראַבעווען ביינאַכט, דאַרף מען זען, אַז יעדע נאַכט זאָל אַן אַנדער פּאָרל זיין אויף דער וואַך. אָן אַ פּאַראָל פון הויף זאָל מען קיינעם ניט אַריינלאָזן. טאָמער וועלן אָבער די רויבער אָנהייבן קריכן איבערן טויער, ווי זיי האָבן עס גע־טאָן אין אַנדערע הייף, — וועט דער פּאַטרול מאַכן אַן אַלאַרם, אַלע שכנים זאָלן וואַכנדיק ווערן.

* * *

אין סעפּטעמבער, ווען רחל האָט זיך ווידער אַמאָל אַרויסגעריסן פון איר גבירישער מאַמעס פלענער זיך צו נחתן מיט דער בת־יחידה, און געקומען צום אָנהייב לערניאָר אין אָדעסער אוניווערסיטעט, האָט זי געדונגען אַ צי־מער דאָ אין הויף ביי אַ יונגער, צוויי־און־דרייסיק יאָריקער אלמנה, אַנאַ מאַרקאָוונא.

אַ באַגייסטערטע פון דער פּרויס אינטעליגענט רעדן, פון איר פּעטראָ־גראַדער אַקצענט, פון איר קומען קיין אָדעס וואוינען טאַקע פון פּעטראָגראַד, — האָט רחל אַזש פאַרזען די אָן אַ שיעור אומבאַקוועמלעכקייטן פון דער שטוב. זי האָט זיך געטרייסט: איר צימער איז אַ ליכטיקער, אַ גרויסער, ניט־שלעכט

מעבלירט צו שלאָפן, צוגרייטן די לעקציעס און אויפנעמען באַקאַנטע, מ׳וועט קאָנען צונויפקומען זיך לייענען, דיסקוטירן.

מאכן קאַקאַאָ, טיי אין די אינדערפריען און אין אָוונטן, און אויך אָנ־ווארעמען דעם קעסל צו באָדן זיך וועט רחל דאַרפן אליין, ווייל אַנאַ מארקאָוונא, די געוועזענע סאָציאַליסטקע און רעוואָלוציאָנערקע האלט ניט קיין דינסט.

זי האָט געזאָגט:

—„איך וואָלט זיך ניט געשאַפן מיט עמעצן, ווען כ׳זאָל עס אפילו קאָנען אויספירן״. רחלען איז עס גאָר געפעלן געוואָרן: אויך זי וועט זיך אויסלערנען צו זיין א ניט־באדינטע פריצטע.

זי האָט דעם זעלבן אָוונט געלאָזט זיך מכבד זיין מיט דעזשורעווען אין הויף ביז האלבער נאַכט. ס׳האָט זיך גלייך צעטראָגן צווישן די שכנים:

— „א רייך מיידל, אָבער ניט קיין נאר, האלט זיך אזוי פיין, פּראָסט, פּשוט״.

פון דורות־לאַנגער געוואוינהייט דרך־ארץ האָבן פאר א גביר, האָט מען אָנגעזאָגט דעם צווייטן ביינאכטיקן פאטרול, אז זיי זאָלן וואָס פריער ארויס־קומען צו פאַרבייטן רחלען.

—„ניט פאר אַזאַ איידל קינד אָפּצומאטערן זיך ביז שפּעט״.

דער מילדער אויפגלאַנץ אין אירע אויגן, דער אופן, ווי די פאַרב פלעגט זיך בייטן אין איר פּנים האָט געוואונען פאר איר צוטרוי, ליבשאפט.

זי אַליין האָט געטראַכט: זי האָט מזל צו פרעמדע עלטערן. ס׳איז מערק־ווירדיק אין וואָסער שטוב זי קומט אַריין: צו מיטשילערינס, צו גלאָט צופע־ליקע פרעמדע מענשן — איז איידער וואָס ווען, איידער זי באוויזט א וואָרט אַרויסצורעדן, — און גלייך לאָדן זי איין די עלטערן קומען ווידער. מ׳זאָגט איר ממש „איר געפעלט מיר״ — „איר געפעלט אונז״.

אירע באַקאַנטע מיידלעך האָבן זיך געפילט אומהיימלעך מיט איר, זייער האַרציק דערציילן וועגן דער מאָדע פון א קלייד, הוט האָט זיך מיט איר אַריינקומען עפּעס פון זיך אַליין ווי אויפגעלייזט.

רחל איז געוואָרן דעם הויפ׳ס ליבלינג. מ׳האָט זי אויף יעדן טריט צו־געגליכן צו די אייגענע קוואַרטיראַנטקעס.

— וואָדען, ווי מיין קאָרסעטניצע, א נאַריש שטיק פליש.

— צי מ׳קאָן זי פאַרגלייכן מיט דער מויד, וואָס וואוינט ביי מיר, די קאָנפעטן־וויקלערין, ס׳פּאַסט איר, דער נאַשערן, די ארבעט. נאָר ס׳וואָלט גע־געסן, זאָל זי פרעסן אין גאס אפילו צעזעצטערהייט, וואָלט מיך ניט געאַרט, קאָכט זי אָבער אויף מיין פליטע, מיט מיינע קוילן.

— ביי מיר וואוינט נאָך אן ערגערע צרה, כ׳ווייס גאָרניט וויאזוי אזוינס ארבעט ביי קינסטלעכע בלומען, אלעמאָל צעברעכט זי ביי מיר עפּעס אָנדערש,

ווי זי וואָלט בלינד געווען. זי וועט מיר באַצאָלן פאַר איטלעך פּיצעלע. נאָכ־דעם זאָל זי זיך פאַרנעמען.

— ס'איז ווי ביי מיר, כ'האָב קוים מיט צרות געפּטרט די פאַרביסענע, זויערע מויד, די לערערין, ביינאַכט און אין מיטן פאַרטאָג: „זי דאַרף זיך באָדן". און אַזוי וועט זי ניט געפעלן די תלמידים אירע, מיינט זי. א פּאָלנע משוגענע.

— און דאָס פּאַרל, וואָס שטייען איין ביי מיר, א גימנאַזיסטקע מיט מחילה א קורסיסטן, ביידע קוקן אויס, ווי זייערע אויסגעקרימטע, איבער־געקערטע שיך. אז עסן, עסן זיי קדחת און ביזן ווייסן טאָג וואָלט מען געלעגן איבער די ביכער, געברענט עלעקטרע. כ'וועל זיי דאַכט זיך משלח זיין, ווי כ'האָב געטאָן מיט דער, איר געדענקט, צעדרייטער הוט־מאַכערין, מיט בחו־רים וועט זי זיך ביי מיר שושקען".

יעדן אינדערפרי, תיכף נאָך רחלס באַווייזן זיך אין אויף האָט מען איר אנטקעגנגעטראָגן די „גוטמאָרגנס" דורך די אָפענע פאָרטקעס, מיט די הענט דורך די פאַרמאַכטע פענצטער, מיט שמייכלען, מיט ליבלעכקייט.

אין די זונטיקן, ביים דערזען רחלען אַרויסקומען צווישן א רעדל בחו־רים, האָט מען זיך איבערגערעדט:

—„קלוגע, ערנסטע בחורים זיינען מבינים אויף א שטיל מיידל, אזעל־כע רעספּעקטירט מען, פאַר אזעלכער האָבן בחורים קורצע הענט.

.3

לעצטנס, בעתן אַרויסקוקן פון פריען מאָרגן אָן, פונם טויער אין גאַס אַריין, אפשר וועט אָנלויפן א ברויט־וואָגן, האָבן די שכנים אָנגעהויבן זיך טיילן מיט זייערע מיינונגען וועגן די לויפנדיקע נייעס, וועגן דער זיך־בייטנ־דיקער מאַכט און דעסגלייכן.

לויט דעם ציטער אין קול, וואָס איז געלאָפן אנטקעגן דעם בריוו־טרע־גער האָט מען זיך דערוואוסט, ווער האָט נאָך א האָפענונג: אפשר וועט נאָך פאַרט אָנקומען א ידיעה פונם זון, פונם מאַן, פונם געליבטן.

גראָד מיט זיין פאַרטאָן, יעדערער אין זיין אייגענער זאָרג, האָבן זיך פאַראייניקט די פינף רוסישע פאַמיליעס מיט די דריי דייטשישע און מיט דער איטאַליענישער. כאָטש זיי האָבן זיך ווינציק וואָס ליב געהאט, אָבער זיי אַלע צוזאַמען האָבן אונטערגעשטראָכן, ווער פון די זיבעצן אידישע פאַמי־ליעס און די פיר קריסטלעכע סימפּאַטיזירן מיט די באָלשעוויקעס, קוקן אַרויס אויף זייער קומען, און מ'דאַרף אין זייער אנוועזנהייט רעדן פון בוידעם, קלאָץ. ווי למשל: „צו די צרות, וואָס ס'איז ניטאָ וואָס צו עסן — מאַכט נאָך די ים־לופּט הונגעריקער". אָדער: „ווען אָנשטאָט רעגן זאָל גיסן נאַפט, איז מילא—וואָלט מען זיך געדרויכערט ביי א לעמפּל, אַלץ בע־סער פון פינצטערניש".

די דאָזיקע האַלב־שפּיל האָט זיי פון צייט צו צייט פאַרשפּילט, און אז מ׳האָט גע׳פּטר׳ט די פאַרדעכטיקע רויטע סימפּאַטיקער, האָט מען גע־קייכט פון געלעכטער: „מ׳האָט אויף א כיטרען אופן אַלץ אריינגעזאָגט. — אַ יאָ, ס׳האָט זיי ניט געשמעקט דער אמת, זיי זיינען אַוועק פאַרשטומטע״.

.4

די לעצטע צען טעג האָט די אָקטאָבער רעוואָלוציע עקשנות׳דיק זיך איינגעאָרדנט אין אָדעס און צעשטעלט אירע פאָנען אויף אַלע וויכטיקע אַנשטאַלטן.

באָלשעוויסטישע פאָנען האָבן געפלאַטערט איבער רוסלאַנדס שענסטער און איינגסטער שטאָט.

די גרעסטע אייראָפּעאישע מדינות האָבן זיך געקוואַפּעט, ווי פאַרליב־טע, אויף דער דאָזיקער רייכער קראַסאַוויצע.

אויך אין אַלע ווינקלען אין גרויסן רוסלאַנד האָט מען געחלומט וועגן אָדעס: וואוינען דאָרטן, מסחר פירן; אַרבעטן, ארויפאַרבעטן זיך; לערנען, דערגרייכן, זיך אויסצייכענען; זיך באָדן אין אָדעסער לימאַן, זיך שמירן מיט די היילנדיקע שוואַרצע ים־בלאָטעס, געזונט ווערן; הערן א גוטן חזן, זיך באַקענען און שעפּן הנאה פון גרויסע מייסטער; לעבן א גוטן טאָג, — „לעבן ווי גאָט אין אָדעס״.

א ליכטיקע ווינטער נאַכט האָט זיך גוטמוטיק באַגריסט מיטן פלאַטער פון די רויטע פאָנען און צו זיי געשעפּטשעט:

—„די ראשיקע שטאָט אָדעס, וועלכע מ׳האָט צוליב איר גרויסן מסחר, צוליב איר שטענדיק פריילעכן שוואונג פאַרגליכן מיט די רייכסטע אייראָ־פּעאישע שטעט, קוקט אויס ווי א זעלטן־געראָטענע, דערוואַקסענע מוזינקע, וואָס האָט אין מיטן פריידיק־קלינגנדיקן געלעכטער, זיך פאַרטראַכט:

—„ווי זאָל זי זיך נוהג זיין מיט די נייע בחורים, די באָלשעוויקעס? אויפן אויסקוק זיינען זיי א לוסטיקע און שטאַרק גלויבנדיקע חברה, נאָר צוליב זיי זיינען פינצטער געוואָרן די אויגן ביי דער גרויסער צאָל פון די מעכטיקע און שטאַרקע, און ביי ניט קיין קליינער צאָל גרויס און קליין הענדלער, און אפילו ביי גרויסע אָרעמעלייט״.

---

איצט, ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך צום דריטן מאָל אומגעקערט קיין אָדעס, האָבן די שכנים ניט בלויז געקענט איינער דעם אנדערן, נאָר טאַקע אָנגעווענדט א שאַרפע דיפּלאָמאַטיע דורכצודרינגען דורך און דורך יענעמס געדאַנקען, וואָס זיי האָבן געמאָסטן מיט זייער אייגענעם, שמאָלן, פאַרביסענעם קוק אויף אַלץ, וואָס האָט געשטערט אויף דעם מאָמענט זייער־ערע קליינע באַדערפענישן .

זאָרג, שנאה, מורא, כלערליי קוועלענישן האָט זיי אויפגעבראַכט, צע־

רייצט. זייערע אָנגעשטרענגטע אויגן האָבן מיט אן אומהיימלעכער געש־פּאַנטקייט נאָכגעפאָלגט דעם שכן, דעם שכנס קוואַרטיראַנט, נאָכגעשפּירט יעדן איינעם פון איטלעך הויז באַזונדער.

מיט א באַזונדער ערנסטקייט האָט מען בסוד אַרומגערעדט וועגן רחלס פּלוצלונג זאָגן, אַז זי איז „אַהיים" געפאָרן, און איידער וואָס ווען איז זי שוין צוריקגעקומען. וועגן סאַשעס גלייך וויסן, אַז זי איז שוין דאָ צוריק.

זיין האַסטיק פאַרלאָזן דעם הויף האָבן זיי באַגלייט מיט א פאַרשטשע־מעטער שטילקייט. — ביטערע שנאה, חשד אין סאַמע ערגסטן. — כאָטש זיי האָבן געוואוסט, אַז דער פינף־און־צוואַנציק יאָריקער סאַשע שטערן איז א טאַלאַנטירטער דיכטער, אַז אין א קאָנטעסט פון הונדערט פּאָעטן האָט זיינס א ליד געוואונען דעם ערשטן פּריז, אַז ער פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין פּאָ־ליטיק — דאָך . . .

.4

אן אויפגערעגטער איז סאַשע אַרויס פון רחלען. ער האָט פּאַר זיך גע־וואוסט דעם ענטפער, פאַרוואָס זי האָט אים פאַרטריבן פון זיך, אַנשטאָט זיך איינגאַנצן איבערגעבן צו אים.

ער האָט זיך געכעסט: און אַז ער איז פאָרן קומען צו איר, צי נאָכן אוועקגיין פון איר געווען אין א פריילעך־הייזל. איז וואָס ? ! ער וועט זיך ניט פאַרענטפערן אַפילו פאַר רחלען.

אָבער אויף רחלען האָט ער געהאַט פאַרדראָס ווייל ער האָט ביי זיך גע־וואוסט, אַז זי איז גערעכט. ער האָט געצאַרנט אויף איר, פאַרן דערוויזן אים, אַז ער אַליין אין זיך איז נישט פריי פונם געפיל פון שענערער גערעכטיקייט.

פאַר רחלס אַוועקפאָרן איצט אהיים, האָט זי אים געזאָגט, אַז, „ער, וואָס פּרעטענדירט צו זיין א סאָציאַלער דיכטער, וואָס וויל מיט זיין ליד אויפ־וועקן דעם באַוואוסטזיין פון די פאָלקס־מענשן וואָלט, אַנשטאָט צו מאכן ווי־זיטן ביים שמוץ — באַקעמפט דעם דאָזיקן רינשטאָק".

ער האָט איראָניש געשמייכלט און איר געענטפערט:

—„האָסט מורא כ׳טראָג אַוועק מיין ליבע צו דיר — צו יענע". אירע גרויסע, פייערדיק־בליציקע אויגן זיינען פעך־שוואַרץ געוואָרן: — „פון ניט וועלן זיך טיילן מיט „זיי" איז ניטאָ וואָס צו לאַכן".

— וואָס האָט ער איר געקאָנט ענטפערן? — „ביסט א קינד", האָט ער איר צוגעוואָרפן און איז אַוועק.

סאַשע האָט געפילט ווי צו צערייסן זיך: דערפאַר איז זי אויף מאָרגן אהיימגעפאָרן מיט א באַשלוס, ווי איר באַלעבאָסטע האָט געזאָגט, זיך מער נישט אומצוקערן קיין אָדעס.

ער האָט געמוזט נאָכפאָרן. דעם גאַנצן וועג געשטאַנען פּנים אל פּנים מיטן טויט.

זיינע האָר האָבן זיך אים געשטעלט קאַפויר; שאַ, אפשר האָט מען זי באַליידיקט? — ניין, ווען דאָס זאָל חלילה אזא זאַך געשען מיט רחלען — וואָלט זי זיך דערשטיקט.

—גאָט, ווי ליב זי האָט אים ארומגעכאַפּט ביים איבערטרעטן די שוועל צו איר. אָבער באַלד האָט איר קליינשטעטלדיקע מאָראַל זי אוועקגעריסן פון אים — פון זיינע ,,ביט־פיינע מידות״.

א מיידל, טאַקע נאָך א קינד, זאָל אַזוינס אָפּזאָגן: ,,פאַרגיב ניט, אָבער כ׳וועל קיינמאָל ניט קאָנען זיין דיינע״. און מיטאמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א זייל, אין אַן אויסגעהאַקטער סטאַטוע״.

א פּאַטרול האָט אָפּגעשטעלט סאַשען:

— ,,קטאָ טאַם? ווער איז דאָרט?)״

סאַשע מיט אַ קרומען שמייכל:

—,,ס׳וואָי דוראַק. (אַן אייגענער נאַר)״.

ביים רויטאַרמייער האָט א ציטער געטאָן די ביקס:

— ,,פּאָטשעמו רוגאַיעשסיאַ?! (פאַרוואָס זידלסטו זיך?!)

—,,ווייל א נאַר שלאָגט מען אפילו אין קלויסטער, אָט האָט מען מיך דאָרט פיין צעצלמט, — איז צום טייוול די בעסטע גאָטעכץ!״

פון גרויס אויפגערעגטקייט איז סאַשעס דינער, שלאַנקער קערפּער אויף זיינע לאַנגע פיס ניט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט, — גלייך ווי ער וואָלט געווען שיכור.

דער זעלנער איז געווען זיכער, אז ער האָט דאָ צוטאָן מיט א פאַר־שניאַשקעט סטודענטל. אזוי־ווי דאָס שיקן די געטער צום טייוול האָט אויס־געגומען, — האָט ער אים געגעבן א צייגניש, די אַנדערע פּאַטרולן זאָלן אים ניט אַרעסטירן. געעצהט אים צו גיין זיך אויסשלאָפן און מאָרגן זיך פאַר־שרייבן פאַר א רויטאַרמייער.

---

אין סאַשעס בחורישן צימער, וואָס ער האָט געטיילט מיט נאָך איינעם, האָט ער אין לבנה שיין דערזען, ווי יענער שלאָפט געשמאַק און בלאָזט מיט די ליפּן ווי א לאָקאָמאָטיוו — ,,כאָטש לייג ארויף די שווערע נאכט און זאָל זי פאַרשלעפּט ווערן צום טייוול״.

די סמנים פון קנייטשן אויף סאַשעס שטערן זיינען טיפער געוואָרן מיט א מינע, ווי ביי באַיאָרטע מענשן, וואָס דערציילן שוין פאַר יעדן איינעם וועגן זייער אויף־זיין דורך די נעכט.

אין זיינע קרום־געשניטענע אויגן איז געוואַקסן דער גרימצאָרן. דער כעס אויף רחלען, פאַרן דערוווּסן אים אז ער איז געוואָרן אומצופרידן מיט זיך, — האָט אים גערייצט, גערעגט: מיט אמאָל א באַפעל ער זאָל ווערן א ווייסינקער, רייניקער. עה, צום טייוול! ער איז פּונקט אזוי גוט, ווי הונ־דערטער אַנדערע, און אָפילו בעסער פון די אנדערע. היפּאָקריטן !

.5

רחלס חלומען, אַז איר אָפּזאָגן זיך פון סאשען וועט צוגעבן זיינע לידער פּארב, טאָן, וואָס וועלן איבערשאפן די העסלעכקייט אין שיינקייט, האָט זיך ווידערהאַלט, אויך אין איר שלאָף. זי האָט ביטער געשלוכצט, און אויף איר אָפּגעצערט פּנים האָט זיך געשפרייט א זעלטן שיינער, שטילער שמייכל.

ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, אין צימער האָט געהערשט א שאַרפע קעלט, אָבער אויף רחלס פנים האָט געהאַלטן אין איין ארויסטרעטן א שווייס. איר חלום וועגן א מאַגישער קראפט איז אָפּגעטראָטן, איז ארויסגעשטויסן געוואָרן דורך דער אימה, וואָס זי האָט דורכגעמאכט בעת איר איצטיקן פאָרן פון איר היים קיין אָדעס: בלוט פונם צע'ממית'טן אידישן יונגערמאַן רינט אויף איר פון אָן א שיעור הענט . . .

זי האָט זיך געחידושט: וואו זיינען די קערפּערס פון די גזלנישע הענט? און דערזען א בארג מיט טעמפּע פּנימער, צעשויבערטע קעפּ, ווילדע אויגן...

מיט אומרו און ציטער האָט זי זיך אויפגעכאפּט. דורך א שמאָל פּאסיקל פון אירע אָנגעוויינטע אויגן האָט זי זיך דערזען אין לאַנגן שפּיגל פון שאַפע־טיר און זיך צעלאכט.

זי האָט געמיינט: ס'איז אין חלום זעט זי זיך אין איר אָדעסער צימער, אין א נאכט־העמד, וואָס קוקט ארויס פון איר יאפּאַנישן מאָרגן־ראָק, און אויף דעם אלעם טראָגט זי איר ווינקאָלירטן ווינטער מאַנטל.

איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם טשעמאָדאַן וואָס זי האָט פאַרן אהיימפאָרן באשטימט ניט מיטצונעמען, און זי האָט פונדאָסניי קאָנוואולסיוו א ציטער געטאָן.

אין קאָפּ האָט געשווינדלט, זי האָט ווידער געזען, ווי ווייסגוואַרדייער גזלנים האָבן אויף שטיקער צעריסן א אידישן זעלנער . . .

נאָכדעם זיינען צוויי ווייסגוואַרדייער אומגעפאַלן פון שאָסן, פיל פון די אנדערע האָט מען געבונדן, און אויף איר האָט מען אָנגעשטעלט פאַרדעכטיקע אויגן.

— באָלשעוויקעס האָבן קונציק איבערגענומען דעם צוג, ניט געגלויבט אַז א אידיש מיידל זאָל זיך אַרויסלאָזן אין אַזאַ וועג .

א גליק: די צוויי מענער, וואָס זיינען מיט איר אין איין צייט אַריין אין זעלבן וואַגאָן און גלייך א שעפּטשע געטאָן זי זאָל זיך זעצן צווישן זיי — וועט עס זי אפשר פאַרהיטן פון די צעווילדעטע, זיינען אקטיווע באָלשעוויקעס, זייער וואָרט האָט אראָפּגענומען פון איר דעם חשד.

יענע צוויי מענער און די אַנדערע אין וואָקזאַל, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צום געזאָגטן וועגן איר — קומען אויס רחלען, ווי א נייע, עקזאָטישע זאַך, צו וועלכער עס ציט זי צוצוקוקן זיך און זי איז טאקע א בעלן צו וויסן: ווי וועט עס ארבעטן? דער עיקר וואָס וועט עס אויסאַרבעטן?

אויפן קאַיאַריקן הימל האָבן זיך געיאָגט שווערע, שווארצע וואָלקנס, אויפן דאַך אנטקעגן רחלס פענצטער האָט דער ווינט געשאָקלט גרעט אויף אויסגעצויגענע שטריק, גרויע שאָטנס האָבן זיך געוויקט אין צימער.

רחל האָט נאָכגעפאָלגט די באַוועגנדיקע שאָטנס און איר בליק האָט זיך אָנגעגאָסן מיט שרעק. ביינאכט, זי איז געווען איבערגליקלעך, וואָס סאַשע, וואָס האָט אויך דורכגעמאכט דעם גורלדיקן וועג איז געקומען צו איר א לעבעדיקער, א גאנצער, שיכור פון פרייד: אָט, אָט לייזט זי זיך אינגאנצן אויף אין זיין שלאנקן קערפער — פּלוצים האָט זיך א ווייז געטאָן א שאנד־הייזל מיט צוויי סילועטן.

אויף דער דאָזיקער אויגנבליקליכער זעאונג, האָט זי זיך גלייך געזאָגט: „ס׳איז נאַריש, ס׳איז אן אומזין צו זיין אן היגטעראויוון מיידל, וואָס טרוימט אז איר חתן דארף זיין כאָטש א האלבער מלאך — אין דער גרויסער שטאָט איז זעלטן ווער פון די בחורים, וואָס זאָל אָפּהיטן זיטלעכקייט״.

דאָך האָט עס איר אָנגערעדט, אז מיט אזעלכער ווי זי וועט סאַשע ניט זיין גליקלעך, און דערפאר צוגעטראכט א בוידים־מעשה, אז איר אָפּזאָגן זיך פון אים — וועט העלפן פארפולקאָמען זיין הויפּט אמביציע — זיין ליד.

זי האָט באקוקט איר מאָדנעם הילוך: דאָס האָט זי אויף איר נאכט־העמד אָנגעטאָן דעם לייכטן ראָק צו גיין עפענען די טיר פאר דער באלעבאָסטע, נאָר געווען איז עס סאשע, נאָכדעם, נאָך איר משוגענעם איינרעדעניש, האָט זי אָנגעטאָן דעם ווארעמען מאנטל — אים ארויסצובאגלייטן אינגאנצן פון איר הארץ.

זי האָט פארוואָרפן איר קאָפּ צום שטול, דעם עדות פון איר באנאכטיקן קווען זיך, און אַלע אירע ביינצן־יאָר האָבן ווידער געוויינט, ווי אין דעם דאָזיקן געוויין וואָלט געלעגן דער גאנצער אינהאלט פון איר עקזיסטירן.

6.

גרויסער טאָג איז געקומען. די זון, וואָס פלעגט, צוליב איין זייט פון דעם נידעריקערן דאַך לייכטן בלויז אין רחלס צימער, האָט ארייגעשיקט אירע ברייטע שטראלן, געגרופן אויפשטיין.

רחל האָט געפילט איר האלז ווערט פארברענט פון דורשט. זי האָט זיך צוגעהערט און נאָכגעשפּירט צו די באַוועגונגען אין עס־צימער, וואו דער באלעבאָסטעס אויפשטעל־בעט סקריפּעט אָן אויפהער ביי יעדן ריר.

זי האָט זיך דערמאָנט: אַנאַ מאַרקאָוונא האָט נעכטן געזאָגט — „באהייצונג איז גאָרנישט צו קריגן. א פּאָר קוילן, צי א פּאָר קאטשענעס צו אויפזידן אויפן פּרעסל א גלאָז טיי — קאָסט אין טאָג אריין, „אַן אוצר״. — איר רייכע שוועסטער, וואָס פילט לעצטנס ניט גאָר גוט, ווי אלע גבירים פילן איצט, האָט זי איינגעלאַדן נעכטיקן. ס׳איז דאָרט מחיה ווארעם, זי וועט צוריק קומען ערשט מאָרגן בייטאָג.

רחל האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול. אירע פיס זיינען געווען געפרוירן, ווי צוויי אָנגעבראנקעטע דריקלעך. וויגנדיק זיך מיט איר דינעם קערפער, ווי א שיכור, פאָראויס און צוריק, האָט זי אויפגעעפנט די טיר פון איר צימער.

אינעם זייטיקן, ניט באַוואוינטן פינצטערן אלקערל האָבן זיך צעפּישטשעט מייז — ווי גאנצע ארמייען וואָלטן דאָרט מלחמות געפירט.

זעקס שפּאַן און זי איז אריבער פון עס־צימער אין קאָרידאָרל, פון דאָרט א פּאָר טריט און זי איז געווען אין דער פינצטערער קיך. זי האָט אַ צי־געטאָן דאָס עלעקטראָשטריקל: נישטאָ קיין עלעקטרע.

זי האָט מיטן מויל זיך א לאָז געטאָן צום אויפגעדרייטן קראנט, נאָר דערמאָנט זיך, אז אין דער קיך לויפן אום אָן א שיעור טאראקאנעס. זי האָט אָנגענומען וואסער אין די זשמענעס און אין קאָרידאָרל, אנטקעגן דער שיין פון קליינעם פענצטערל זיך אָנגעטרונקען.

זי האָט באמערקט אין קיך אין א שעלעכל א ביסל בוימל מיט א פּאָדעם, ווי א חנוכה לעמפּעלע, און לעבן דעם א קעסטעלע מיט עטלעכע שוועבעלעך. זי האָט געמאכט ליכטיק און ארויסגענומען פון איר גרויסער קאָרזינע ריינע וועש פאר זיך; א העמד, הויזן, א ליפטשיק, א אונטערשט קליידל. אלץ האָט געפעכלט מיט ווייסקייט.

זי האָט זיך פארטראכט איבערן קעסטל מיט זיידענע זאָקן: צו וואָסערע שיך — וועלן וואָסערע פּאַסטן? זי וועט אָנטאָן אירע סאפּאָזשקעס.

צום סוף האָט זי ארויסגענומען א גרויסן האנטעך מיט א קליין האנטעכל און א פלעשל בעז־אָדעקאָלאָן. זי האָט איינגענעצט דאָס קליינע האנטעכל, גוט אויסגעדרייט, נאָכדעם באשפּריצט עס מיט אָדעקאָלאָן און אוועק מיט אָט די אלע זאכן צו זיך אין צימער.

אַנטקעגן דער ווארעמער זון האָט זי זיך גוט אויסגעריבן דאָס גאנצע לייב, ס׳איז איר אזש הייס געוואָרן. אין קליידער שאפע האָט זי לאנג געקליבן, זי האָט נישט געוואוסט וואָס זי האָט געוואָלט אָנטאָן, זי האָט דערווארט עפּעס אומקלאָרעס.

דאָס טירגלעקל האָט זיך שארף צעקלונגען, — א טויטן אויפצוּאוועקן.

—„ווער איז דאָרט?!“

ר׳ מאיר פונם אייל־זאַוואָד מיט זיין ארויסגעשטעלטן בויך, נאָר זיין שטענדיק־רויטער קארק — געל, דאָס פּנים צעשראָקן. ער האָט זיך געגעבן א לאָז אריין אין טיר, ווי מ׳וואָלט אים נאָכגעיאָגט:

—„זאָג נאָר רחל, זאָג נאָר, מ׳קאָן שוין פאָרן אהיים?! אויפן וועג טשעפּעט מען ניט?!“

— אזוי! אזוי מ׳הרגעט אידן אויף טויט ! — איז סיי־ווי וועל איך דיר

איבערלאָזן אביסל געלט. דיר וועט עס צונוץ קומען, א פונט ברויט קאָסט איצט א גאנצער נדן. — און מיר, טאָמער וועט זיך פאַרט מיט גאָטס הילף עפענען א וועג — איז מיט אביסל ווינציקער געלט — וועט זיין ווינציקער מורא".

ווען רחל האָט ניט געוואָלט נעמען זיין געלט, האָט ער זיך צעלאַכט:

—„נישקשה דיין מאַמע וועט מיר אומקערן נאָך מיט א דאנק! וואָסזשע מ'קאָן דיין מאמען ניט געטרויען? אלע ווייסן, אז דיין מאמע איז קיין עין־ערה „רייך ווי קורח". אז פון שיקן וואגאָנען תבואות האָט זי אָנגעשארט אוצרות. איר האנדלען מיט מאנופאקטור — איז ווי א מזל'דיק שרעטעלע וואָלט זיך ארײנגעכאפּט אין יעדער שטיק סחורה, וואָס לאה האָט אײנגע־האנדלט.

רחל האָט אים געוואָלט דערקלערן פארוואָס זי וויל ניט קיין געלט. נאָר ער האָט ניט געהערט:

— „דיין מאַמע איז אַ זעלטענע חכמה. פון די וועלדער, וואָס זי האָט געקויפט בעת וואלד־טאַרגעס — איז זי נתעשר געוואָרן, באלד אויפן אָרט פלעג מען זי אָפּגילטן פארן מינדסטן שטח וואלד, וואָס זי האָט אײנגעווי־ליקט אָפּצולאָזן פון איר ארײנגעקראָגענער זעלטענער מציאה".

ער האָט זיך א צי־געטאָן ביי זיין לאנגער, ווייסער באָרד.

—„ווער עס פארגינט ניט דיין מאַמען — זאָל אליין ניט האָבן, אָבער די רייכסטע חזיר־הענדלער צאָלן לאהן דעם העכסטן, ניט געהערטן פראָ־צענט און רייסן זיך לייען געלט דווקא נאָר ביי לאהן".

רחל האָט געוואוסט, אז דאָס אלץ וואָס ר' מאיר האָט אויסגערעכנט איז אמת, זי האָט עס געהערט סיי פון איר מוטער, סיי פון פרעמדע. זי אליין געדענקט נאָך, ווי א רייכער קאצאפּ איז געקומען מיט צוויי בינטן גאָלד און גוט באצאָלט דער מאַמען פאר איבערהאלטן זיין געלט ביז צו די חזיר־טאַרגעס. — „ס'זאָל אים זיין מזל'דיק" — האָט ער געזאָגט, — „ווי אין די יאָרן ווען ער פלעגט לייען געלט פון איר".

אין רחלס מוח האָט א בליץ געטאָן: פונם פראָצענט אליין וואָלט שוין איר מאמע געהאט גענוג אויסצולעבן די יאָרן רואיק.

זי האָט פארשעמט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ:

„אָט האָט זי דאָך אליין בארעכטיקט „וואָכעריי", — איז וואָס איז צו בייזערן זיך, וואָס איר מוטער האָט געוואָלט אײנהאנדלען פאר איר א לעבנס־באגלייטער — דעם פארדאָרבענעם, אלטן בחור, אָדער דעם אנדערן אומ־ווויסנדיקן פארשוין, וואָס קאָן זיך אפילו ניט חתמענען, דער עיקר איז: — „זיי זיינען ביידע, זינט די מלחמה יאָרן געוואָרן אָנגעשטאָפּטע מיליאָ־נערן".

רחלס בייז־זיין אויף דער מוטער האָט ניט אָפּגעלאָזט: זי איז אהיימגע־

פאָרן, גיכער אהיימגעלאָפן צו אנטלויפן פון זיך, פון סאַשען, וואָס איז איר משוגענערוויז טייער, דערווידער און טייער, און זעלטן טייער. ער איז איר נאָכגעפאָרן, זיך געבעטן ביי איר. ער, ווען דאָס שטעטל האָט אויפגענו־מען מיט אַזאַ פרייד, מיט אמתער באגייסטערונג, האָט פאר יעדן דערציילט, אז געקומען איז ער צוליב רחלען, זיך דערנידעריקט פאר איר. — האָט זי, ניט קוקנדיק אויף אירע ראנגלענישן מיט זיך, ניט נאָכצוגעבן, — געאיילט צו אים מיט שגעון׳דיקן גלויבן אין אים. — פונקט אין יענעם מאָמענט האָט איר מוטער זי אָפגעשטעלט מיט דער מעשה וועגן די צוויי שדוכים, וואָס האָט אזש געטריבן צו לאָזן זיך אין א וועג פון אגאַניעס און טויט.

ר׳ מאיר האָט געקוקט אויף דער פארקלערטער רחלען:

„ווען דיין פאָטער עליו השלום האָט ס׳ערשטע מאָל געבראכט דיין מאַ־מען, האָב איך זי, דער ערשטער, געזען ביים וואָקזאל, זי איז געווען פול מיט חן, ווי דו, אָבער זי האָט זיך גלייך ארויסגעוויזן פאר א סוחרטע״.

— ר׳ מאיר, איר וועט מיר מוזן אנטשולדיקן, איך וועל אייער געלט ניט נעמען״. זי האָט אים ווידער געוואָלט דערקלערן פארוואָס, זי וויל ניט נעמען זיין געלט. נאָר ער האָט זיך צעכליפּעט ווי א קליין קינד:

—„דו וועסט מיך קוילען א לעבעדיקן״.

ער האָט א וואָרף געטאָן א פארשמאַלצעוועט טיכל מיט געלט אויף איר בעט און איז אַרויס פון שטוב.

— ביי זיי אין שטעטל, האָט רחל זיך דערמאָנט, דערציילט מען זיך אָן טשיקאַווע מעשיות וועגן ר׳ מאירס צעצאָלן־זיך דאָנערשטיק מיט די גויים, וואָס ארבעטן ביי אים אין אייל־זאוואָד ווי בלינדע פערד. אלע וויילע רופט ער צוריק אָן אַנדער ארבעטער, רק עס דאכט זיך אים, ער האָט איבערגע־געבן א קאָפּיקע, צוויי קאָפּיקעס.

זי האָט געצויגן מיט די אקסלען: אז אזא מין איד קאָן שוין אַזוי צוזאוואַרפן זיין געלט — „זיין לעבן״, — בייט זיך עפּעס זייער וויכטיקס אין דער וועלט. זי׳ט גיין הערן וואָס עס טוט זיך אין גאַס?

.8

אין הויף איז געשטאנען א רעדל שכנים און זייער ערנסט געשמועסט וועגן רחלס זאָגן אז זי איז געפאָרן און געקומען פון א וועג אין וועלכן אפילו מענער וואָלטן זיך ניט איינגעשטעלט צו פאָרן. און דער ליגן איז שוין ארויס ווי בוימל אויפן וואסער: — א גרייז־גרויער מאָן האָט ביים אַרויסגיין פון איר טיר אויסגעווישט טרערן אין די אַלטע אויגן און גע־רעדט צו זיך: „אוועקגעגעבן א בלוטיקן פארמעגן און נאָך געוויינט ווי אַ אידענע״.

— „מסתם האָט מען דעם אלטנס זון געפּאקט זוכנדיק עפּעס פארדינען — איז דער אלטער פאָטער, נעבעך, געקומען פּרואוון דורך איר אויסקויפן דעם אומגליקלעכן פון געפאר״.

ביים דערזען רחלען, האָבן די שכנים איבערגעביטן דעם שמועס, נאָר זייערע שארפע, פאריבל־בליקן האָבן זי באַטאַפּט, גע׳משפט.

זי האָט זיך פריינטלעך געגריסט און געפרעגט:

—„מיט די באַלשעוויקעס אין אַדעס, דארף מען דען נאָך אן הויף־וואך?״

קיינער האָט איר דערויף ניט געענטפערט. עפּעס האָט מען זיך מאָדנע באנומען; געצויגן מיט די אקסלען; איין שכן האָט יאָ עפּעס געזאָגט און דער אנדערער אנטקעגן אים האָט אויך עפּעס צוגעמורמלט. דאכט זיך פּשוטע רייד, נאָר זי האָט גאָרנישט פארשטאנען.

זי האָט ניט געוואוסט וואָס זיי רעדן, ווייל זי האָט ניט געקאָנט פאר־שטיין: זיי, וואָס בויטיקן זיך און פּלאָגן זיך זייער גאנץ לעבן — זאָלן אפילו איצט ניט דערשפּירן אז עס טאָר מער ניט אזוי גיין.

רחל האָט זיך געלאָזט צום טויער, אויסצוגעפינען אין דרויסן וואָס דאָרט טוט זיך ?

ווי פארוואונדערט, ווי בייז וואָלט זי געוואָרן ווען זי זאָל געוווּן דער־הערן וואָס די שכנים האָבן וועגן איר געשעפּטשעט:

—„ווער וואָלט זיך געריכט, אז אזא רייך, איידל מיידל זאָל גאָר ווערן א מאכערין ביי די רויטע.

— מסתם לוינט זיך עס איר און זיי לוינט אוודאי צו האָבן אזעלכע אויף וועלכער ספּאָלט ניט קיין פאַרדאַכט.

ווען וועט די רוסישע באַפעלקערונג אויסגעהיילט ווערן פון מעסטן אלצדינג מיטן פאָליצייאישן־כאַבאַר? ווען ? ?

---

רחל האָט געזען: די באוועגונג אין גאס איז א רואיקע. זי׳ט קויפן ברויט מיט נאָך עפּעס אין קליישל, צוריק גיין אין שטוב אויפקאָכן א גלאָז וואַסער אויפן פּרעסל און מיט די פּאָר פייגן וואָס זי האָט נאָך — וועט עס ווערן טיי.

די קרעמערקע האָט אָנגעשטעלט א פּאָר אויסגעשטאַרטע אויגן:

— וואו קריגט מען דען ברויט? מ׳זאָגט מ׳צאָלט טויזנט רובל א פונט ווייס־ברויט, אָבער איך זאָל אזוי לעבן און מיין מאן מיט מיינע פּיצלעך קינדער, ווי איך האָב ניט קיין ברעקל ברויט. מיר האָבן קיינמאָל ניט אויסגעבאהאלטן קיין ברויט, איצט אוודאי נישט.

— פאר די פּאָר טעג וואָס איר זענט אוועקגעפאָרן האָט מען איינגע־פירט ברויט־קארטלעך, מ׳גיט, א האלב פונט ארבעס־ברויט יעדן צווייטן

טאָג. איר וועט דארפן אַריינגיין צום קאָמיסאר פון אונזער הויף, ער וואוינט אין קעלער־שטוב אויף דער קווארטיר נומער 30, ער איז איצט ניטאָ אין דערהיים, נאָר אין די אוונטן גיט ער זיך אָפּ מיט הויפיקע ענינים. מ׳זאָגט ער ארבעט ביי די גדולים — ביי די רויטע״.

איר פּנים איז דערשראָקן געוואָרן, ס׳האָבן ארויסגעזעצט רויט־בלויע פלעקן.

רחל האָט באמערקט, אויף אן אונטערשטער פּאָליצע, אַרויסקוקן פון אַ פּאַפּירן זעקל א וועלשענעם נוס: זי וועט עסן ניס אנשטאָט ברויט.

— ,,וויפל צענדליק ניס האָט איר דאָרטן?״

די קרעמערקע איז א ניט־היגע, א טויט־טויבע געוואָרן.

רחל האָט ווידער געפרעגט וועגן די ניס.

די קרעמערקע האָט זיך ווי פארטראכט. עס בייסט זי אין אן אויער.

רחל האָט אָפּגעוואַרט אַ פּאָר מינוט, אָבער ניט אָפּגעלאָזט.

—,,דאַכט זיך, מיין מאַן האָט זיי עמעצן פאַרקויפט״.

—,,איז גיט מיר אַראָפּ כאָטש א האלב צענדליק״.

די קרעמערקע האָט זיך פארקלערט, אָנגעבאָטן א פרייז, (טאקע א גאַנצער נדן), און זיך פארכאַפּט:

—,,איך שפּאס דאָס, כ׳ווייס ניט וויפל מיין מאן האָט זיי געצאָלט״.

רחל האָט אויפגעשנירט איר ראדיקול צו זען צי האָט זי אזוי פיל געלט צו באצאָלן.

די קרעמערקע האָט אָנגעשטעלט קורצזיכטיקע אויגן!

—,,זאָגט דעם אמת, ס׳איז ניט קיין פאלש געלט? איך זע ניט אזוי גוט.

רחל האָט זיך צעלאכט, דער קרעמערקעס פרעגן האָט איר געקלונגען קינדעריש און קאָמיש. פּלוצים האָט זי דערהערט א מענעריש קול הינטער זיך:

— ,,לאכט ניט, אין קערענסקיס צייט האָט מען נאָכגעמאכט ,,קערענס־קילעך״ אין גרויסע טויזנטער, און איצט כדי אונטערצומינעווען די באָל־שעוויסטישע מאַכט — שמוגלט מען אריין פאַלשע אָסיגנאַציעס מיליאָנען־ווייז. ערשט פריער האָט מען דורכגעפירט צוויי שפּיאָנען, מ׳האָט זיי גע־כאַפּט מיט זייערע געלט־מאשינדלעך״.

די קרעמערקע האָט א הויכן, אויסגעצויגענעם זיפץ געטאָן!

—,,מ׳קאָן אוועקגעבן דאָס לעצטע ביסל סחורה פאר פאַלשע פּאפּיר־לעך און נאָכדעם צוצאָלן דאָס לעבן, ווען מ׳כאַפּט אייך מיט אַזאַ געלט״.

דעם מאַן האָט גלייך באַנג־געטאָן, וואָס ער האָט גערעדט. אָבער אומ־זיסט איז געווען זיין בעטן, זיין שטיל איינרוימען עפּעס זיין שוועגערין. ניס האָט די קרעמערקע ניט געגעבן.

רחל האָט זיך געלאָזט ארויסגיין, ווי ניט וועגן איר וואָלט עס זיך גע־האנדלט. זי האָט פארגעסן צוליב וואָס זי איז אריינגעקומען, זי האָט גאָר פאַרגעסן, אז זי איז הונגעריק.

זי האָט געקוקט אויף די אָדעסער גאַסן מיט אַן אומבאַקאַנטן נייגער, ווי אירע פיר יאָר לערנען אין אָדעס — וואָלטן פארבליבן לעבן די פינף ניט געקראָגענע ניס. זי האָט זיך פארלאָרן, אירע אויגן זיינען ארומגע־לאָפן אין אַלע זייטן אויסצוזופינען וועגן נייעם אָדעס.

די קרעמערקע האָט בסוד דערציילט דעם שוואָגער:

—„אָט־אָ די־אָ מיידל, דאָס בנעימות׳דיקייט ליגט איר, דאכט זיך אין איר יעדער באוועג, דאָך איז זי פריער מיט עטלעכע טעג ערגעץ אוועקגע־פאָרן, געזאָגט האָט זי „אהיים״, און נעכטן אָוונט, א־אַה! — זי איז דאָ. און שוין אויפן אָרט האָט א לאַנגער בחור, ער איז גאָר א פּאָעט, געוואוסט אז זי איז דאָ צוריק, ער איז ביינאַכט געקומען צו איר, מ׳האָט לויט די שאָטנס פון איר פענצטער געזען, ווי זיי האָבן זיך איבער עפּעס געראַנגלט, ווייל ממה־נפשך, וואָלטן זיי זיך געווען געאָרעמט אזוי — וואָלט ער ניט געווען איידער עפּעס איז אוועק פון איר און דורכלויפן דעם הויף, ווי אן אָפּ־געבריטער״.

דער מאַן האָט טרויעריק־באַשאָקלט זיין נארישע שוועגערין:

— פריער האָט גאַנץ אָדעס: דער אָרעמאַן ווי דער גביר געטראכט נאָר פון פרייען־זיך ; איצט טוען די קבצנים ווידער נאָך די גבירים: — ווי די גרויסע קאַפּיטאַליסטן, האָט מען אָנגעהויבן נאָכשפּירן אפילו דעם שאָטן פון זיך.

— אָבער נשקשה, די ברייטע מאַסן וועלן אויפוואכן און טאקע גאָר אינגיכן!״

---

רחל האָט געקוקט: אויף די גאַסן דאָ, דאָרט ביי א געשטעל, הערט מען רעדנערס.

א „פעברואַר״ סטודענט דערציילט:

„דעם צאַר׳ס מיניסטאָרן האָבן געעצה׳ט די פאַלשטעטנדיקע פארניכ־טונג פון די פּעטראָגראַדער מאַסן. דריי טעג נאָכאַנאַנד זאָל מען ניט אויסטיילן קיין ברויט, כדי אַלע אָרעמע פאמיליעס זאָלן זיך צונויפקלייבן אויף איין אָרט.

— ווען אַלע פאַרהונגערטע, אויסגעמוטשעטע פרויען, קינדער, אל־טע מענער האָבן זיך צונויפגעשלעפּט אליץ צו דער ברויט־שורה, — האָט מען געגעבן א באפעל: „פארניכטן!״

—אָבער די קאָזאַקן, אנשטאָט זייער שטענדיק גרייט זיין צו הייבן די שווערד, האָבן געערדט צו די געפּאַקטע מאַסן מיט „ביטע״.

— א פרייד האָט ארומגעכאפּט: „די קאָזאקן זאָגן „ביטע", זיי זיינען מיטן פאָלק!"

און באלד האָט מען זיך איבערצייגט אז אויך די זעלנער זיינען מיטן פאָלק!

דער סטודענט האָט געהעכערט זיין הייזעריק־געוואָרן קול!

—„אויב די קאָזאקן און דאָס מיליטער זיינען אויך קעגן דער מאָנאַר־כיע, וועט די אָקטאָבער רעוואָלוציע זיכער ווערן א וועלט ביישפּיל!"

ארבעטער, דינסטן האָבן געקלאַפּט — „בראוואָ" ! ! !

רחל האָט געהערט עמעצן זאָגן: — „דער המון איז בייגעריק צו א שיין וואָרט, אָבער צי הערן זיי זיך איין מיטן געדאנק — איז א גרויסע פראגע".

זי איז געגאַנגען ווייטער, עמעצער לעבן איר האָט געלאַכט:

— „האָסט באמערקט, בלויז קבצנים גייען היינט אָנגעטאָן אין זייערע פוטערנע מאנטלען. אָבער קוק זיך ארום אויף די מענער און פרויען מיט גביריש־געכאָליטע פנימער, — אָנשטאָט זייערע טייערע פוטערן האָבן זיי זיך פאַרשליירט אין געוואנטענע מאנטלען.

א מיידל האָט לאכנדיק צוגעגעבן:

—„יאָ, די־אָ, וואָס איז נאָרוואָס פארבייגעגאנגען, האָט ווייזט אויס גע־ליען דעם מאנטל ביי איר דינסט. אויף זייערע סאמעט־גלאָטע הענט — באַ־מערקט מען באלד די סמנים פון באהאלטענע ברילאנטענע רינגען, דימענ־טענע בראסלעטן. — אויך זייערע צירונגלאָזע אויערן געבן זיי אויס".

רחל קלערט צו זיך: ניט בכיוון האָט זי ניט אָנגעטאָן איר טייערן קאַראַ־קולענעם מאנטל, זי האָט גלאַט פאַרגעסן אין אים, איצט פאדריסט איר טאָקע. זי וואָלט זיך פאר קיינעם ניט געשראָקן, זי האָט אים ביי קיינעם ניט צוגענומען.

נאָר אויפן אָרט האָט איר אָנגעהויבן נאָגן איר מוטערס כל המינים מסחרים מיטן לייען געלט אויף פּראָצענט, ס'איז איר שווער געוואָרן אויפן הארצן, ווי עמעצער וואָלט זיך געכאפּט ביי דער האנט מיט א גע'גנב'עטער זאַך און זי האָט א חוצפה צו זאָגן, — „ניט איך האָב עס געטאָן".

ס'האָט געבלאָזן א קאלטער ים־ווינט, אָבער רחל האָט זיך, ווי ניט אָנ־געקערט מיט איר דורכגעפרוירענעם קערפּער, זי איז געווען פארנומען מיט צוהערן זיך צום ארום.

—„די בירזשע איז פּוסט, די סוחרים ווארטן איבער, — די מאכט וועט זיך נאָך געגוג מאָל בייטן, ס'וועט נאָך זיין צוריק ווייסגווארדייער, דייטשן, פראנצויזן און ווער ניט."

די צייטונגס־אינגלעך האָבן אויסגעשריען די לעצטע געשעענישן:

—„די קאָזאקן האָבן אָפּגעזאָגט זיך צו פאראייניקן מיט די סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן. זיי זיינען נייטראל!"

די שוך־פּוצער האָבן געמאכט שפּאסיקע וויצן איבער פּאַנקאָני:

—„וואָס ביי פאנקאָנען — איז ביים קבצן אויף די באלקאָנען ! כאָ, כאָ!
— ביליג איז געלויבט, — טייער איז פארפוילט ! כאָ, כאָ!"
איניקע פאַרבייגייער האָבן מיטגעלאַכט, אַנדערע האָבן געביטערט אויף די וויצלער און אויף דער גאַנצער וועלט.
צוויי סוחרים. איינער מיט א גאַר אַריסטאָקראַטישן אויסזען:
— „די־אָ פוסטע צעיאכמערקייט—איז א קלאָרע רעפלעקציע פון זייער רעוואָלוציע. עס באווייזט קלאָר אז דאָס זיינען נאַרישע דעמאָנסטראציעס פון היץ־קעפּ. — פּוסטע אגיטאטאָרס".
דער צווייטער מיט א גראָבן סיגאר אין מויל:
—„זייער אָרט וואָלט געדאַרפט זיין אין אַן אייביקער תפיסה. — זייער טויט וואָלט נאָך געוועכטער געווען".
— „דער המון האָט נאָך גאָר קיין שכל ניט".
זיי האָבן איבערגעריסן דעם געשפרעך. א גרופּע רויטגווארדייער האָבן פארבייגעמארשירט מיט א הילכיק, לעבהאפטיק געזאנג.
אין זייער יעדן טראָט, א נייער ערלעכער גלויבן.
די סוחרים האָבן זיך געקאָכט:
—„אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, א חרפּה צו קוקן אויף אזעלכע!"
—„אָבער, וואָס פאר א גדולה, מיט וואָס פאר א חוצפּה דאָס שפּאנט. טפו זאָלן זיי ווערן!"
פון א גרופּע באָאָבאַכטער האָט עמעצער צוגעוואָרפן:
—„טפוקעט ווינציקער, איר קאָנט נאָך אויסשפּייען אייערע גאָלדע־נע ציין".
ס'האָט א שטראָם געטאָן מיט געלעכטער, מיט פאָלקסטימלעכע גלייכ־ווערטלעך.
רחל האָט זיך ערנסט פארקלערט: די רוסישע באַפעלקערונג שלינגט פּילן. ביי ווענען זיי גליטשן זיך אראָפּ גרינגער, ביי וועמען שווערער, און נאָך ביי אַנדערע זיינען זיי געבליבן שטעקן אין האלז. אָבער ווי אזוי דער־וויסט מען זיך, צי „די פּילן" זיינען א ראיעלע רפואה?

9.

מיט א דערשלאָגן געמיט האָט רחל געוואנדערט פון גאס צו גאס אָן א ציל.
זי האָט א צי־געטאָן דאָס שווארץ־זיידן שנירל, וואָס איז אראָפּגעהאָנגען פון איר האלז. פונם קלייד־קאָרסאזש האָט זיך באוויזן א ראָז־פּערלמוטערנע זייגערל: אזוי שפּעט, האלב דריי!
זי האָט פון נעכטן בייטאָג אָן גאָרנישט געגעסן. זי איז געווען שטאַרק הונגעריק, אָבער נאָך ערגער האָט זי געפּלאָגט איר ווייטאָן סאָשען. זי האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זיין.

זי האָט זיך מיטאַמאָל פאַרגעשטעלט: איר צימער איז איבערגעפילט מיט שמעקנדיקע, קאָרענע ברויטלעך, (ווי זייער דינסט חיה באקט). זי, רחל, טיילט יעדן א ברויט, די פארשפעטיקטע גיט זי צו האלבע, צו פערטל צו רעפטלעך, אָבער פאר זיך, ניט קוקנדיק אויף דער הונגעריקער סלונע, — לאָזט זי קיין ברעקל ניט. — זי באשטראָפט זיך.

זי איז אָוועק צו זיך אויף דער קוואַרטיר.

אַנאַ מאַרקאָוונא איז נאָך אַלץ ניט צוריקגעקומען. אין צימער איז געווען פייכט־קאַלט.

רחל האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, זי איז איבערגעגאנגען פון דער קאַנאַפּע אין בעט און צוריק: זי האָט אוועקגעשיקט סאַשען, זי האָט אפשר טאקע געדארפט עס טאָן, אָבער זי איז איצט מער מיט אים, ווי ווען ער איז געווען מיט איר.

זי האָט זיך געזעצט ביים פענצטער: גרויע, שווערע וואָלקנס יאָגן זיך, איילן זיך צו פארדעקן דעם גאַנצן האָריזאָנט.

זי האָט געבלעטערט פושקינען, געלייענט דאָ, דאָרט א ליד: אָך ווען איר אָפּזאָגן זיך פון סאַשען זאָל מיט אן אמת העלפן אים צו באקעמפן זיין ציניזם, וואָס צעפרעסט דאָס בעסטע אין אים אליין.

איר גליענדיקער בליק האָט זיך אָנגעשטעלט אויפן ווינקל מיט אירע אָפּגעקליבענע ווערק פון בעסטע שרייבער, און ווי געפרעגט ביי זיי:

— „האָט עמעצער אַמאָל ארויסבאקומען „עפּעס” פון „גאָרנישט”?

זי איז אריין אין א כעס:

— „איר שווייגט ! שווייגט זשע טאקע, סיי־ווי איז אייער וואָרט נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט!”

זי האָט זיך דערשראָקן: וואו האָט זי גענומען די חוצפה אזוי צו רעדן צו מענטשן פון שיינעם און הויכן גייסט? דעם אומרו פון דער וועלט — דעם דרויסן פארשטייט זי נישט, זי פילט נאָר איין זאך — זי האָט ליב סאַשען מער ווי איר גאַנץ לעבן. ער מוז קומען צוריק.

אירע הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט, ווי זי וואָלט עמעצן ארומגענומען, און זיך צוזאמענגעשלאָסן ארום א פיינלעכער ליידיקייט. זי איז ארויס פון איר צימער, געאיילט דורכן עס־צימער, קאָרידאָרל צו דער דרויסנדיקער טיר און זיך האסטיק אויסגעדרייט אויף צוריק. איר פּנים האָט פריידיק אויפגעלויכטן פון איר וויזיע: סאשע איז אין צימער.

אָנגעשלאָגן זיך מיט דער פריערדיקער פיינלעכער ליידיקייט האָט זי ווי־דער געאיילט צו דער דרויסנדיקער טיר. איר בליק אָנגעפילט מיט דערוואַר־טונג, זי איז פול געוואָרן מיט לויפן אים אנטקעגן, איטלעך אבער פול מיט אן אימפּעטיק דערפרייען זיך.

— איר ליכטיק ארויסקוקן האָט זיך געלאָשן, זיך פארלאָשן, געוואָרן אַ פינסטערע מרה־שחורה, וואָס צעלייגט זיך אין אַ פארצווייפלט הארץ מיט אַ שניידיקער קעלט, מיט אַ פיבערדיקער היץ.

זי האָט דורכגעמאכט אַ גיהנום, הונגעריקע, אוממעגלעכע פארלאנגען. איצט איז איר קלאָר געוואָרן, זי מוז גיין צו אים.

זי איז אוועק אויף סאַשעס קווארטיר. געקלאפט אין דער טיר פון זיין צימער, נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט: לאָזן אַ צעטעלע האָט ניט קיין זין.

איר הארץ האָט האַסטיק געקלאפט: אפשר גלייכער וואָס זי האָט אים ניט געטראָפן.

זי האָט אוועקגעשמיסן פון זיך דעם געדאנק און זיך בייז געזאָגט:

„מ׳קאָן ניט גיין אויף אַ בריק, וואָס וועט קיינמאָל ניט געשאפן ווערן״.

אַ פארזאָרגטע, אַ פארטראכטע האָט זי געבלאָנדזשעט אָן אַ וואוהין, גע־שניטן גאסן, געזען: קעגן די רייכע מויערן זיינען אלע ביימער גאנץ, אָבער אויף די אָרעמערע גאסן איז פון אלע פרעכטיקע אקאציע־ביימער קוים אַ שפור געבליבן, מ׳האָט זיי אויסגעהאקט אויף האָלץ.

זי איז געבליבן שטיין לעבן איר אזוי „געליבטן״ ים, נאָר אין איר אויפגערעגט געמיט האָט זי ניט געקאָנט צוזען — ווי אלע ווילע הייבט זיך אויף אַ כוואליע, ווי פארזיך אַ זאך, און גיסט זיך צוריק צונויף מיטן ים. זי האָט געפילט ווי צו וויינען פון פארדראָס.

זי האָט געאיילט פון ים, ווי פון אַ בייזן מאָנסטער; וואָס גיכער זיך אָפּ־טראָגן און נישט ארויסוויזן אז מען אנטלויפט פון אים.

זי איז אוועק מיטן ניקאָלייעווער בולוואר. גובערנאנטקעס האָבן שפּאַ־צירט מיט באלעבאטישע קינדער. מלחמה אינוואלידן זיינען געזעסן פאראו־מערטע אויף די בענק, וואָס מ׳האָט ניט באוויזן צוגנב׳ענען און צעהאקן אויף האָלץ.

רחלס צעטראָגענע אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער בראָנזענער פּושקין־סטאטוע. מיט דאַרשטיקער הנאה האָט זי געקוקט אויף דער מייסטע־רישער סקולפּטור־ארבעט מיט זיין שטאָלצן, מאַיעסטעטיש געקרייזלטן קאָפּ, געדאכט האָט זיך, זיינע טיפע אויגן ווייסן סודות פונם נאָענטן ים.

און איר זיכרון זיינען אויפגעגאנגען שורות פון פושקינס לידער. פּלוצים האָבן אירע צווייפלען צו קריגן „עפּעס״ פון „גאָרנישט״ זיך אָנגעהויבן צע־שמעלצן, ווי דער גרויסער דיכטער וואָלט איר פארטרויט די טיפע מיסטע־ריע וועגן זיין זועלט — זיין דיכטונג.

אין מיטן וועג האָט געריטן אַן עסקאדראָן זינגענדיקע סאָלדאטן, זייער פריילעכער „איי דאַ אוכניעם!״ — טרייבט זיי אונטער.

נאָך לעבעדיקער איז געווען זייער פייפן און אונטערסווישטשען פון אַ ניי סאָוועטיש ליד. עס האָט געדרוישט מיט מאַכט און האָפענונג.

## קאפיטל צוויי

### 1.

אן אויפגעבריזט בארואיקטע איז רחל אַוועק אויף סקאָבאָלעווסקי גאַס: אפשר וועט זי אין דער „וועגעטאריאַנקע״ קריגן עפּעס עסן.

עשאַלאָנען מיט פאַרוואונדעטע, סיי פון דעם וועלט־קריג, סיי פון בירגער־קריג זיינען אָנגעקומען קיין אָדעס.

קרעכצן, ווילדע אגאָנישע געשרייען האָבן אריינגערופן רחלען אין גרויסן גימנאזיע־זאַל אויף סקאָבאָלעווסקי נומער 2.

זי האָט גְעשטוינט: די גאנצע גימנאַזיע־געביידע איז פאַרוואַנדלט אין א לאַזאַרעט פון שרעקלעך פאַרוואונדעטע זעלנער.

לעבן איינעם פון די בעטן איז געשטאַנען א דאָקטער און געבעטן דער פאַרוואונדעטער זאָל זיך לאָזן איבערבאַנדאַזשירן, איבערטאַן:

— „אָט האָט די שוועסטער א פּאָרל ריין גרעט ספּעציעל פאַר אייך״.

אָבער יענער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, ביז ער האָט, א שטאַרק נערוועזער, אויסגעשריען מיט אן אָפּגעשוואַכט קול:

—„כ׳זאָג ניין! גיט עס עמעצן אנדערש, ראַטעוועט פריער אנדערע, זיי זיי־נען פונקט אזוי בילכער״.

אויף רחלען האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט, זי איז געשטאַנען אין גרויסן זאַל לעבן אן אָפּדרוק צייכן פון א פּיאַנאָ פיסל, און אירע אויגן האָבן אין זיך אריינגענומען די געוועלבן פון אַלע צימערן אַרום זיך. דעם זיבעטן און אכטן קלאַס האָט זי פאַרענדיקט אין דער גימנאזיע: די קלאַסנע־דאַמען האָבן געהיט, איטלעך שילערנס ווייס קעלנערל זאָל ליגן גלייך אָן א קנייטשע־לע און באַשטראָפט פאַרן מינדסטן אינטערעס אין וועלן פאַרקנייטשן עפּעס אין לעבן. — „אומעסטעטיש! אוממאָראַליש״!

„אזוינע״— האָט די נאַטשאַלניצע געהאלטן א לאַנגע רעדע, — „שטערן דער גימנאזיעס ענגער פאַרבינדונג מיטן הייליקן קאָסטיאָל, שטערן דאָס גע־טריי־דינען דעם צאַר — גאָטס אויסדערוויילטן״.

און איצט זיינען די צימערן פון אַלע קלאַסן איבערגעפילט מיט צע־קריפּלטע טאָטעס, קאַליקעס ברידער.

רחל האָט געזען: מיטן זעלבן פאַרברודיקטן, פאַרקויטיקטן, פאַרבלוטיקטן, פאַראייטערטן טיכל וואַשט מען אַלע. די באַנדאַזשען זיינען פון שוין לאַנג, לאַנג אָפּגענוצטע אַלטע ליילעכער און העמדער.

ביי א שוועסטער האָט זיך צעריסן דער צעקראָכענער באַנדאַזש, אירע

הענט האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין זעלנערס וואונד און א פּיינלעך רעווען, ווי פון אן אָקס, איז אַרויס פונם מאַנס האלז.

רחל האָט פארהויבן דאָס קלייד און מיט ביידע הענט אראָפּגעריסן פון זיך איר ווייס אונטערקליידל.

ערשט ווען דאָס אויבערשטע קלייד האָט זיך צוריק אראָפּגעלאָזט און זי האָט זיך אָנגעטראָפן מיט מענערשע בליקן איז זי פארדראָסיק רויט געוואָרן: זיי מיינען זי איז א קראנקנשוועסטער, און איבער איר פארגעסן זיך — ווען זיי טראכטן שלעכטס וועגן די מיידלעך דאָ, זיי ארבעטן אזוי געטריי.

זי איז פונדאָסניי רויט געוואָרן, זיך געכעסט אויף זיך: מענשן ראנגלן זיך מיטן טויט און זי מאכט א ווענז פון א נארישקייט.

זי האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די אויגן האָבן זיך איר כמעט ווי פאר־מאַכט, מיט איילנדיקע פינגער האָט זי דורכן קאָפּטל לויז געמאכט די קנעפּ־לעך פון ליפּטשיק און איבערן קאָפּ ארויסגעשלעפּט איר העמד:

—„ביטע, שוועסטער, נאָט אייך דאָס העמד מיטן קליידל אויף לאנגע, שטארקע בענדער, ס׳איז ריין, היינט אָנגעטאָן גרעט".

אָנשטאָט אירע זיידענע שפּיצן־העמדער האָט זי געטראָגן ליינענע, נאָך אין הארבסט האָט איר מאַמע מורא געהאט זי זאָל זיך ניט פארקילן און צו־געשיקט א טוץ לאנגע, ברייטע העמדער פון טייערסטן לייַן.

דער פארוואונדעטער, פון וועמעס בעט דער דאָקטער האָט ערשט מיט גרויס צער זיך אָפּגעקערט, האָט גענומען שרייען אזוי אויפגעמונטערט, אז ווער ס׳איז נאָר געווען ביים פארשטאנד האָט אויסגעדרייט די בליקן צו אים.

רחל האָט דערזען: ער רופט זי,ווי זי וואָלט געווען זיינס א פּאני־בראט.

א דערשראָקענע איז זי אין איין אָטעם אוועק צום ארויסגאנג, אָבער דער דאָקטער איז געווען גיכער פון אירע ציטערנדיקע הענט מיט וועלכע זי האָט ניט געקאָנט אויפעפענען די טיר.

—„כ׳ווייס ניט ווי איר קומט אהער, נאָר איר מוזט מיר העלפן געזונט מאכן מיין יונגן קאָלעגע. ער האָט געראטעוועט הונדערטער לעבנס. די קאָנ־טררעוואָלוציאָנערע קוילנווארפערס האָבן אים געמאַכט פאר אויס מאנצבל, אָבער ניט פאר אויס רעוואָלוציאָנער". זי איז מיט אים צוריקגעגאנגען; יענער מיטן צע׳הרגע׳טן פּנים, מיט די ארויסגעזעצטע אויגן, ווי א וואלד־גזלן — איז הייסט עס א דאָקטער, א פיינער מענש און זי — אך די פרומע לייבער, באלד זיינען זיי חושד אין ערגסטן.

עס האָט אין איר מוח א פּלי געטאָן: זי איז ניט געווען אזעלכע, דאָס האָט זיך אין איר לעצטנס אויסגעארבעט.

און גלייך אין דעם אויגנבליק, ווי זי וואָלט געאיילט אראָפּצונעמען פון עמעצן אַן אומזיסטע באשולדיקונג, האָט זי זיך געזאָגט:

—נאָך פון איר באָבען האָט זי עס געירשנט, קינדער האָבן זיך גע־

שפּילט, געלאכט, געלאָפן כאפּן איינער דעם אנדערן. — האָט די באָבע גע־מאַכט א געוואלט —

—„א בראָך! א בחור זאָל נאָכלויפן א מוידז!" די באָבע האָט מיאוס גע־מאכט די פריילעכע שפּיל, און דאָס האָט געמאכט פון איר איניקל אן „אומ־נאָרמאַלע".

דער פארוואונדעטער דאָקטער קען זי:

— „איר זענט ראכיל פרענק, מיר זיינען געפאָרן צוזאמען אין א טעפּ־לושקע, ס'איז געווען באלד נאָך דער פעברואר־רעוואָלוציע, איך בין ד"ר סמירנאָוו, מיר האָבן גערעדט וועגן מעדיצינישער ליטעראטור, נאָכדעם האָט איר דערציילט אביסל וועגן אייערע קינדער־יאָרן אין דאָרף.

זיין דעפאָרמירט אויסזען, זיין צעמומ'טער קערפּער האָט געוואָרגן רחלען אין האלז: זי גערעדנקט א הויכן, שלאנקען, יונגנמאַן.

זי האָט זיך געצוואונגען צו זיין רואיק.

— „איר האָט מיר באפוילן אָנטאָן אייער שינעל, כ'זאָל זיך ניט פאר־קילן, א שניי איז פלוצים אויסגעפאלן אויף פּסח".

ער האָט טרויעריק געקוקט ערגעץ:

—„יאָ, יענער שינעל צוזאמען מיט מיר, האָט געזען א שלאכטפעלד מיט סאָלדאטן, וואָס האָבן געכאַפּט לאָזונגען און קיין איינער פון זיי האָט ניט גע־קאָנט איבערלייענען צו וואָס מ'רופט זיי".

זיינע פיבערדיקע ליפּן האָבן געפלאָסן:

—„אייער דערציילן פון אייערע קינדעריאָרן אין דאָרף, אייער הארציק מיטפילן, פארשטיין דעם פויער'ס שווער לעבן, אייער ממש מאָלן א בילד ווי די פויערים זיינען צעטומלט געוואָרן אין טאָג פון א ליקוי־חמה — איז מיט־געפאָרן מיט מיר אויפן פראָנט".

ער האָט געשמייכלט:

—„דערהערט אז דר. וויינשטיין איז פון אָדעס האָב איך גלייך געפרעגט אפשר קען זי אייך, און שטעלט אייך פאָר, — זי ענטפערט אז איר האָט ביי איר אויפגענומען א חודשדיקן קראנקנשוועסטער־קורס, כאָטש איר לערנט מעדיצין. — מיר פלעגן אייך אָפּט דערמאָנען".

רחל האָט ניט געגלויבט אירע אויערן: אַזוי געדענקען.

א פארמאטערטער פון די ווייטיקן איז ער א ווילע אנטשוויגן געוואָרן, אָבער זיינע אויגן האָבן ניט אויפגעהערט צו רעדן. יאָ, ער האָט עפּעס באַ־שטימט:

ראכיל, זעצט אייך לעבן מיין בעט, לייגט מיר אַפּ־און־אויף הייסע קאָמפּרעסן, מאכט מיך געזונט, זאָל זיין א געשלעכטלאָז באשעפעניש".

זיין געזיכט איז בלוי־רויט געוואָרן:

— „מ'מוז העלפן לערנען די מיליאָניקע מאסן, זיי זאָלן זיך אָנהייבן לער־

נען. דאָס לעבן פון אַלע פעלקער אין רוסלאנד מוז ווערן אַן ענדלאָזער פּראָ־צעס פון לערנען. יעדערער זאָל אָנהייבן באַגרייפן זיין הויכן ווערט און אויך דעם הויכן ווערט און חשיבות פון אַנדערע״.

ער האָט שווער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם:

—„געמיינשאַפטלעכע פאַרשטענדעניש וועט פירן צו אַן אמת סאָציאַליס־טיש לעבן״.

.2

די פאַרוואונדעטע מיטן פאַרטריקנטן קויטיקן בלוט האָבן געשריען, גע־קרעכצט, געבעטן, געגוואַלדעוועט אַלמאַי די שוועסטער זיינען ניט גענוג פאַר־זיכטיק, קומען ניט באַלד צו, העלפן ניט. מ׳האָט געקללהט, געכעסט זיך, גע־צאָרנט.

די מיט צוגעבונדענע ברעטלעך צו זייערע צעבראָכענע אָרעמס, פיס האָבן עפּעס ווי געשעמט זיך צו קוקן איינער דעם אַנדערן און די אויגן — זיי האָבן ביטער געשאָלטן, געזידלט מיט ערגסטע זידלערייען. וועמען? — איז ניט גע־ווען קלאָר.

איינער מיט אַן אַראָפּגענומענעם פוס איז אַראָפּ פון זינען, זיינע העויות, זיין לאַכן האָט געמאַכט אַלעמען וויינען.

רחלען האָט געשווינדלט אין קאָפּ. דער אַרומיקער גיהנום און איר לייגן קאָמפּרעסן צום שרעקלעך צעשעדיקטן קערפּער — האָט אַרויסגערופן אַ שטורם אין איר בלוט, באַליידיקט, ווי איר אייגן לייב וואָלט געוואָרן געשענ־דעט: אַ פיינלעכער נצחון פון שלעכטס איבער גוטסקייט, איבער ליבע, — אַ טריאומף פון דעם חיהשן איבער דער הויכער דערגרייכונג פון דער עוואָ־לוציע.

אין ענדלאָזע נאַכט האָט זיך העסלעך און שווער געשלעפּט. סמירנאָוו האָט זיך געדרייט פון זייט אויף זייט, ווי מ׳וואָלט געשטאָכן קאַלטע נאָדלען אין זיין לייב.

אַ ווײַלע, און ער האָט זיך באַרויִקט. ער האָט זיך דערפריִיט, ווי ער וואָלט געזיגט איבער זיינע ווייטיקן. ער האָט אויסגעשטרעקט צו רחלען זיין לאַנגע, דאַרע האַנט מיט די דורכזיכטיקע פינגער:

— „הערט מיך אויס : — איינמאָל, אַ מאָנטיק פאַרנאַכט, כ׳בין דעמאָלט נישט מער אַלט געווען ווי עלף יאָר, האָט מען פּלוצים דערהערט אַ קלאַפּן אין אַ פּויק.

—דאָס גאַנצע דאָרף איז געקומען צולויפן. דער עקאָנאָם איז געזעסן רייטנדיק אויף אַ גרויס, סאַמעט־גלאַטן פערד מיט אַ זעלטנגוט געמאַכטן לע־דערנעם זאָטל; ביי אונז, פּויערישע אינגלעך, האָט עס אַרויסגערופן אַ פייער אין די אויגן.

— דער עקאָנאָם מיט זיין שטאָלץ פאַרריסענעם פּנים האָט לאַנגזאַם און שטרענג געקוקט אויף אַלעמען ביז ער האָט אויסגערופן...

ד״ר סמירנאָוו האָט זיך פאַרהוסט, ס'האָבן אים אָנגעכאַפּט שרעקלעכע ווייטיקן.

נאָר ווי ס'איז אים געוואָרן אביסל גרינגער האָט ער גערעדט ווייטער:

—„דער עקאָנאָם האָט געדונערט, „דער פּריץ האָט באַפוילן, אַז קומענ־דיקן זונטיק, באַלד נאָכן אַרויסגיין פון קלויסטער, זאָלן אַלע אינגלעך צווישן צען און צוועלף יאָר, אָפּגעוואַשענע און ריין אָנגעטאָנענע קומען צום הויף!״

— פאַרשיידענע שרעקנדיקע קלאַנגען האָבן זיך געשפּרייט איבערן דאָרף, מיר אינגלעך האָבן געציטערט: מסתּם האָט דער סטרוזש באַמערקט קינדער זיך דרייען אַרום פּריץ'ס סאָד, מען וועט דערפאַר שמייסן, בינדן, קאַ־טעווען, הרגענען . . . ״

— דאָס גאַנצע דאָרף איז געוואָרן ווילד. ווי צערייצטע חיות זיך גע־וואָרפן איינער אויפן אַנדערן. איין אינגל האָט מען שיעור צום טויט דער־שלאָגן, — „ער איז דער הויפּט שולדיקער אין אַלע קומענדיקע צרות״.

רחל האָט געשלונגען זיין איטלעך וואָרט, איר האַרץ האָט האַסטיק גע־קלאַפּט: זי האָט געגנוג מאָל געזען ווי פּויערים זיינען דערשראָקן געוואָרן פונם פּריץ'ס א באַפעל.

עס האָט איר דורכגענומען א גרויל, זי האָט זיך דערמאָנט, ווי מ'האָט דעם זאַפּעוואָלע וואַסיל געבראַכט פונם הויף א צע'ממית'טן מיט אויסגע־שלאָגענע ציין. ס'האָבן זי ניט איינמאָל געשטיקט טרערן זעענדיק ווי די שמיץ אין הויף האָבן פאַרקריפּלט דעם פּריילעכן, געזונטן שייגעץ.

סמירנאָווס אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט א צאָרנדיק הייטל, די אוק־ראַיניש־פאַריסענע נאָז האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע פיבעריש־גלאַנצנדיקע באַקן:

—„זונטיק, וואָס מער מורא, וואָס גרעסער די שרעק, — אַלץ גיכער איז מען געלאָפן צום פּריץ.

די עלטערן האָט מען, ווי הינט, אוועקגעטריבן. אין אן עקיפּאַזש מיט זעקס פערד נאָשפּיץ איז אָנגעפאָרן דעם פּריץ'ס אַלטע מוטער. מיר, אינגלעך, האָבן געדאַרפט צו זעקס אויף א מאָל צוגיין ניט גאָר נאָענט צום עקיפּאַזש און די אַלטע גוטבאַזיצערין האָט מיטן שאַרפן אייזערנעם שפּיץ פון איר שטעקן אונז אָפּגעמבינ'ט:

א פיינלעכער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון סמירנאָווס ברוסט:

—„פינף, מיטן שטעקן אָפּגעקליבענע אינגלעך האָט מען אַריינגעשיקט אין הויף, אין אַרום א שעה צייט, וועלכע האָט זיך פאַר אונז געצויגן ווי אן אייביקייט, איז צו אונז אַרויסגעקומען דעם פּריץ'ס צוועלפיאָריק אַריסטאָ־קראַטל. אויף דער שוועל האָט זיין מוטער געזאָגט:

—„מיטינקאַ, קלייב אויס, וואָסערער פון די פינף אינגלעך ווילסטו זאָל וואוינען ביי אונז אין הויף״?

סמירנאָוון האָט ווידער אָנגעהויבן שטיקן, פייניקן דער ווייטיק, — ער האָט שווער גערעדט:

—„מיטינקא האָט אָנגעשטעלט זיין ביקס: „לויפט! וועמען עס וועט טרעפן די קלענסטע צאָל שרויטן — יענער וועט עס זיין״.

סמירנאָוו האָט געקריצט מיט די ציין:

— „ס׳איז אוועק א געלעכטער, חוכא־ותלולא. — איך בין געבליבן צו פארוויילן א מיטינקען, וואָס איז אנטלאָפן פון ליציי, אנטלאָפן פון גימנאזיע, געשלאָגן די לערער, זיך נוקם געווען אין דער דינערשאפט״.

סמירנאָוו האָט זיך צעלאכט:

— „אָבער נאָך די ערשטע פּאָר וואָכן פון מיין אָפּקומען א לעבעדיקן גיהנום — האָט זיך זיין באציאונג געביטן צו מיר, און דווקא נאָך דעם, ווען איך האָב, וועלנדיק מזאָל מיך הרגענען, — אים אזוי צעקלאפּט די זייטן, אז ער איז קוים א לעבעדיקער צוגעקראָכן צו זיין בעט. — ער האָט קיינעם ניט אויסגעזאָגט, וואָס צווישן אונז איז פאָרגעקומען, בלויז געפאָדערט, אז איך זאָל אָנהייבן לערנען באגלייך מיט אים״.

— די ערשטע טעג איז עס פּאַר מיר, דעם פויערישן אינגל, טאקע געווען די ערגסטע שטראָף. ביים דערזען דעם לערער פלעג עס אָנהייבן ווארפן מיט מיר אין א קדחת, און מיטינקאַ האָט זיך גאָר דערפרייט.

— זיין איבערשטייגן מיך מיט זיין ביסל קאָנען לייענען, שרייבן האָט אים שטארק אימפּאָנירט, אָבער גיך, נאָך מיין אָניאָגן זיינע מאָגערע קענטעניש, איז ער געוואָרן שטארק בייז און מיט פריצישער אמביציעזער גאווה גע־צוואונגען זיך ניט נאָכגעבן. אזוי ארום האָט ער זיך צוגעוואוינט צוצוגרייטן זיינע לעקציעס. — אויך איך האָב פאָרגעזעצט דאָס לערנען, די לערער האָבן זיך פאראינטערעסירט מיט מיר. אָבער דער עיקר, ווייל די אלטע פריצע האָט שטאָלצירט מיט איר אויסוואל.

סמירנאָווס אויגן האָבן אין זיך געזען עפּעס :

—„די אלטע פלעגט זיך יעדעס מאָל צעלאכן מיט א געלעכטער, ווי קליינע שטיינדלעך וואָלטן געפאלן אין קאָפּ אריין: — „אז מיין שטעקן שטעלט זיך אָפּ אויף א הינטל — איז עס איינס צווישן טויזנט׳..

ער האָט שווער געאָטעמט:

— „די אלטע האָט אין דער שווייץ זיך אָפּגעזוכט, ס׳הייסט געקויפט א געליבטן, האָט ער זי דאָס אויפגעקלערט, אז ס׳וועלן אינגיכן אָנקומען שטורמ־דיקע צייטן, אָבער די, וואָס וועלן פאָראויס פארשטיין צו דערנענטערן צו זיך דאָס פאָלק אזוי ס׳זאָל אָזש מיינען אז מ׳טראכט פון דעם, ווי פון א גלייכן, — וועלן דערמיט די אדעליקע זיך פארהיטן פון פיל הארץ־ווייטיק״.

א זיפץ האָט זיך ארויסגעריסן פון סמירנאָווס ברוסט:

—„און דאָס איז געווען די סיבה, וואָס פון א דאָרף, אָנגעפּיקעוועט מיט פּויערישע קינדער, האָט נאָר איינער, צוליב א ווילדער מעגלעכקייט, דערוויזן אז אויך א פּויער קאָן לערנען, אָבער אויף די אנדערע זאָגט מען — „פינס־טערע, פּויערישע קעפּ״.

פּלוצים האָט דער מענש, וועלכער האָט צוליבן אָפּגעשניטענעם פוס פאַר־לאָרן זיין פארשטאנד, זיך מאוימדיק צעשריען, געקוויטשעט מיט א שאַרף קול, ווי אן אָנגעשלייפט מעסער וואָלט געיאָגט איבער די פארוואונדעטע.

דאָקטער סמירנאָוו האָט זיך מיטאַמאָל א לאָז געטאָן צו דער זייט פון די וואנזיניקע געשרייען און געבליבן הענגען דריי פערטל אראָפּ פון בעט.

ס׳האָט זיך עפּעס איבערגעריסן אין זיין פארוואונדעטן קערפּער. מ׳האָט אים קוים דערמינטערט. אים אוועקגענומען אין אָפּעראַציע צימער.

ווען מ׳האָט אים, מיטן טאָגן, צוריקגעבראכט איז ער געווען אינגאנצן א פארביטענער. ער האָט, דאכט זיך, שוין געוואוסט, אז ער איז ניט אויף לאַנג צווישן די לעבעדיקע.

רחל האָט ניט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט, ווי זי וואָלט געווען דאָרט א צו־געשמידטע, זי האָט, דאכט זיך, באגלייך מיט אים דורכגעלעבט זיין טרויעריקע גסיסה. האָט נאָכגעפאָלגט זיין איטלעכן באוועג, זי האָט מיט שטויניגדיקער באוואונדערונג געזען: עס שטארבט אוועק סמירנאָווס גוף, נאָר ניט דער מענש, ער איז גאָר געוואָרן ענערגיש, זאכלעך, ער רעדט מיטן דאָקטער ניט וועגן ראטעווען דאָס אייגענע לעבן, — אים גייט אָן א געמיינשאפטלעכע זאך.

ער האָט געזוכט מיט די אויגן:

„אין אונטערשלאק, אויף דער פּלייצע פון זיין שינעל איז ארייגנעניית א בריוו, וואָס מען האָט געפונען ביי א זעלנער, א קאָפּיע פון דעם בריוו דאַרף פארעפנטלעכט ווערן אין דער פּרעסע״.

רחל האָט מיט אנגסטיקן ציטער צוגעקוקט, ווי עס צאנקען סמירנאָווס אברים, געהערט דאָס כאָרכלען אין זיין ברוסט, אין האלז.

אָבער ער, ווען ער האָט אויפגעהערט קאָנען קלאָר ריידן האָט ער גע־שריבן וועגן דעם פּלאן ווי די באָלשעוויקעס זאָלן זיך פאראייניקן מיט די אַנדערע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען.

דער דאָקטער איז געוואָרן שטאַרק פארכאפּט, באגייסטערט פון סמיר־נאָווס ווערטפולע עצות.

רחל האָט געשלונגען זיין באוואונדערן דעם גוסס אויסגעצייכנט קלאָר אָריענטירן זיך אין אלעם, איר הארץ האָט געקלאפּט מיט הייסער פארע־רונג.

אגאָנישע, אומאויפערלעכע ווייטיקן האָבן אים אינגאנצן אויסגעפּילט. רחל האָט אים געלייגט אָפּ און אויף קאָמפּרעסן, געמאכט אים שמעקן ס׳פירט

פון אירע הענט, געווישט זיין שוויס, געהיט זיין מינע, געפרייט זיך מיט זיין איטלעכן מונטערן באוועג, מיט א מוטערלעכער איבערגעבנקייט געשטיקט אין זיך דעם צער פאר זיינעליידן.

א פיבערדיקער וויטיק האָט זיך צעשפרייט איבער זיין גאנצן קערפּער. אריין אין מח, אין הארצן, אָבער ער האָט אלץ ניט אויפגעגעבן זיין אינטע־רעס אין דער גרויסער זאַך.

וואָס גרעסער סמירנאָווס חשיבות איז געוואקסן אין רחלס באוואונדערן אים, אלץ ביליגער איז זי ביי זיך געוואָרן: פון קליינערהייט אָן, זינט איר ברו־דער, דער וועגעטאריער, דער טאָלסטאָיוועץ האָט געהאלטן אין איין איינ־טענהן וועגן אלע אומיושר׳דיקייטן, האָט זי שטום געטרוימט — ווען זי וועט אויסוואקסן, וועט זי ארויסהעלפן דער וועלט, אָבער דאָ אין אָדעס, האָט זי אויפן שפּיץ מעסער זיך דערנענטערט צום „בונד״, צופרידנגעשטעלט זיך מיטן איינמאָל א פּורים פארשפּרייטן א ביסל ליטעראטור צווישן ארבעטער און צוריק אוועק צו אירע טויטע ביכער. ווען סמירנאָוו זאָל קאָנען אינגאנצן געזונט ווערן, וואָלט זי, אויב ס׳מוז זיין אזא זאַך ווי „געשלאָגן זיין שעה״ גערן פארביטן אים מיט זיך.

זיין רעכט אויג האָט זיך אינגאנצן פארשלאָסן, טויט געוואָרן. דאָס לינקע איז נאָך געווען פול מיט באוואוסטזיין, זיינע פיבערדיקע ליפּן האָבן זיך באַ־וועגט, זיין האנט האָט אָנגעקריצלט: „סמירנאָוו״ איז ניט מיין אמת׳ער נאָ־מען״ . . . און אויך דאָס לינקע אויג האָט זיך צוגעמאכט.

מיטן פאַרנאַכט האָט דער דאָקטער געווײנט:

—„אזא זעלטן הארץ איז . . .״

רחל האָט געפילט, ווי אַ פרומער איד, וואָס האָט מורא אויסצורעדן אָן איבעריק מאָל גאָטס נאָמען. אין איר צעווייטיקטן, מידן קאָפּ האָט זיך גע־פלאָנטערט: סמירנאָוו האָט איבערגעלאָזט ביי איר א צוואה וועגן וויכטיקע אינסטיטוציעס, וועגן דעם גאַנצן סיסטעם, וועגן דער גאנצער מענשהייט.

שלעכטע מענשן, קעגנער פון דעם, וואָס אין דער צוואה איז אָנגעזאָגט געוואָרן, — ווילן זי אויסרייסן ביי איר.

מאַכן א געוואלט מ׳זאָל איר קומען צו הילף קען זי ניט, איר האלז איז פארשטיקט זי וויל פארגעדענקען כאָטש עטלעכע שטעלן פון דער צוואה, נאָר אין איר קאָפּ איז א מוראדיקער כאַאָס, זי האָט דאָרט איר מוטערס צע־טראָגן געשטאלט בעתן זאָגן: — „נו, אז ס׳איז ניטאָ קיין מזל, האָב איך אין עושר און אין כבוד — געברענטע צרות״.

ס׳האָט רחלען אָנגעהויבן נאָגן ס׳פארפאָלגנדיקע שווערע געמיט. זי האָט געזען איר מוטער א פארזאָרגטע, א פארשעמטע, וואָס איר איינגל איסר איז צו זעכצן יאָר אוועקגעפאָרן קיין אויסרייסעניש—אמעריקע״. און דאָס זעלבע פארביטערטע געפיל גייט אָן צוליב חיימס ווערן א וועגעטאריער און חתונה

האָבן פאר אן אָרעם מיידל; און אויך איבער איר, רחלס, פּאָרן קיין אָדעס „ניט אויסצוקליידן זיך ווי עס דאַרף צו זיין, נאָר גאָר צוליב א משוגעת, — א מיידל זאָל וועלן העכערע בילדונג — צו ווערן אן עובר־בטל־ניצע״.

רחלען האָט שטענדיק געקלעמט דאָס האַרץ פאר איר מוטער, וואָס פאַר־שטייט ניט אירע קינדער און ליידט דערפון . . . ניט איינמאָל האָט זי גע־טראכט: „אפשר אויפגעבן דאָס ווייטערדיקע לערנען צוליבן בארואיקן די מוטער״.

רחל האָט געפילט שולדיק פארן טויטן קערפּער, איר האַרץ האָט געצי־טערט, די ענערגישע מוסקולן פון סמירנאָווס פּנים האָבן געפאָדערט פון איר קלאָרע פארשטענדעניש, זי זאָל אריין אין א קאַמף, זי זאָל גאָר ניט מיד ווערן צו ראנגלען זיך פארן געזאָגטן אין זיין צוואה.

זי האָט זיך אָפּגעקערט פונם פאָדערנדיקן סמירנאָוו, זי איז פארטרונקען געוואָרן פון א כוואַליע פון פארצווייפלונג: זי ווייסט ניט וואו זי געפינט זיך? זי איז נישט צווישן די וואָס ווילן פארניכטן די צוואה; אָבער אויך ניט צווישן יענע געציילטע, וואָס ווייסן וועגן אָנגעזאָגטן און קעמפן דאָס איינצופירן . . .

.3

מענער מיט רויטע בענדער אויף זייערע ברוסטן האָבן געטראָגן דאָקטער סמירנאָווס אָפּגעדעקטן אָרון. אן עולם פון סאָלדאטן, פון סתם מענער, פון מיידלעך, אַלע מיט רויטע שניפּסלעך האָבן באַזונגען זייער טויטן חבר, „וואָס איז געפאַלן צוליב דער גרויסער אָקטאָבער געשעעניש״.

צווישן די דעמאָנסטראנטן איז אויך געגאנגען רחל וואָס האָט נאָך פאר זיין טויט זיך דערוואוסט, אז ער האָט פארנומען א ביז גאָר וויכטיק אָרט ביי די באָלשעוויקעס, אז אין דעם קאַמף הינטער אָדעס קעגן די ווייסע, — איז ער געווען צווישן די הויפּט אָנפירער.

רויטע פאָנען האָבן געפלאַטערט ! א מאַרש־ליד האָט געשאַלט!

רחל האָט געטראכט: מענטשן זיינען גרייט פאַר דער גרויסער האָפענונג, פון זייערע אויגן שיינט ארויס גליק !

זי האָט געניטשערט אין זיך: פארוואָס ווערט זי ניט באַהערשט פון אַזאַ גלויבן? עפּעס א שווערע אימה דריקט איר ברוסט, אָבער ס׳איז ניט אין אַזאַ פאָרם און ניט אין אַזאַ אינהאַלט, וואָס זאָלן פירן צום פאראייניקן זיך מיט אַ־דעם האָפנדיקן שטראָם. שטענדיק נאָר עס וועגט און מעסט אין איר, אן אומענדלעכע אומרו. ווער איז זי, וואָס פאר א רעכט האָט זי אויף אַזויפיל צווייפל ?

ס׳האָט זיך דערהערט א שאָס! מ׳האָט פארוואונדעט איינעם פון די, וואָס האָבן געטראָגן דעם אָרון. מען האָט געשריען:

—„א פּראָוואָקאטאָר ! — א פאררעטער!״ — „א שפּיאָן פון אויסלאנד!״

— „א שטאָטישער וויסגווארדייער!״ — „ביין, ס׳איז א פראנצויז״. — „וואָס

רעדט איר — ס'איז דווקא אַן אוקראַינער?" — „מ'זאָגט אַ געוועזענער שרייבערל אין אַן אופּראַווע!

—„מ'ווייסט נאָך ניט אויף זיכער, צי מען האָט גאָר געכאַפּט דעם וואָס האָט געשאָסן, נאָר די דריי האָבן גראָד געווער — האָט מען זיי אָפּגעפירט אין טשעקאַ".

מ'האָט פאַרבונדן דעם פאַרוואונדעטן די האַנט, דאָס געזאַנג האָט זיך ווידער באַגייסטערט געריסן פון די העלזער.

אין גאַס זיינען אַרויס סימפּאַטיקער, גלייכגילטיקע צושויער און אפילו אַזוינע, וואָס האָבן זיך געוואונשן צו זען אַלע באָלשעוויקעס „אין קעסטל".

צווישן די פאַרביטערטע „קעסטל"־צואווינשער איז אויך געווען דאַוויד פּערלמוטער. ביים דערזען רחלען האָט ער זיך צו איר אַ לאָז געטאָן, ווי אַ פלאַם וואָס זעצט מיטאַמאָל אַרויס פון אַן אינווייניק־ברענענדיקער שטוב. ער האָט זי אַ שלעפּ געטאָן פון דער לויה.

איידער רחל האָט באַגריפן, וואָס מיט איר האָט פּאַסירט איז זי שוין גע־ווען אויפן טראָטואַר אַ באַוואָרפענע מיט דאַווידס העפטיקע פראַגעס.

— „ווי קומט איר צווישן זיי?! ווען און ווי אַזוי זענט איר געקומען צו־פאַרן?"

ער האָט זיך אַרומגעקוקט וועד עס שטייט לעבן זיי און ווידער:

—„ווי קומט איר צו שפּאַנען אינדערמיט פון דער באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע?"

זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דאַווידן: ער איז באַהאַוונט אין סאָ־ציאַלע און פּאָליטישע ענינים, אַפילו בעסער פון אירע בונדיסטישע פריינט. זי האָט אַ ווילט מיט פראַגעס אים צו שטעלן.

נאָר זיין ערנסט, זיין בייזער טאָן — „ווי קומט איר צו מאַרשירן אויף דער דעמאָנסטראַציע? הערט איר דען ניט מיט וואָס פאַר ווילדע לאָזונגען זיי הילכן". — האָט אָפּגעשלאָגן איר חשק צו רעדן צו אים, זי האָט ניט־גערן געענטפערט:

— „ס'איז געשטאָרבן אַ באַקאַנטער דאָקטער, כ'קען אים נאָך פון פאַראַ־יאָרן. זייער אַ וואוילער מענטש.

דאַוויד האָט אַ פאַרוואונדערטער זיך געגעבן אַ דרייאויס צו איר, ווי מ'וואָלט אים געזאָגט — אַ טשודנע באַשעפעניש שטייט לעבן אים, און דער־זען: איר יונגמיידלש פנים, אומשולדיק, רואיק מיט דער זעלבער צוגעלאָזע־נער פאַרטראַכטקייט.

ער האָט אינזיך אַ באַרואיקטן שמייכל געטאָן: איר פנים רופט אַרויס צוטרוי, רופט אַרויס אַ פאַרלאַנג צו רעדן וועגן ערנסטע וויכטיקע ענינים. אירע זאַפטיקע ליפּן רייצן זיין באַגער צו קושן זי.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו געזעגענען זיך:

—„כ׳וואָלט גערן פאַרהאַלטן זיך מיט אײַך, נאָר כ׳בין שטאַרק פאַרנומען, א פּאָר זייער וויכטיקע מענשן וואַרטן אין מיין קוואַרטיר. — רחל, איר מוזט מיר צוזאָגן מאָרגן אומבאַדינגט זיין אין אוניווערסיטעט. — זייער וויכטיקס וועט דאָרט פאָרקומען״.

ער האָט א שמייכל געטאָן:

— „און נאָכדעם וועל איך אייך זאָגן א באַשטימטן טאָג ווען מיר זאָלן זיך טרעפן אויף לענגער צו באַשטימען אונזער פּערזענלעכן ענין״. ער האָט א צופרידענעם, שטאַרקן דריק געטאָן אירע ביידע הענט.

זי האָט אים נאָכגעקוקט מיט א טשיקאַווע געפיל: אָט איז שוין אריבער צוויי יאָר, אז זי קען דאַווידן. צוליבן פאַרקויפן און קויפן סחורה, פון און פאַר זייערע הורטאָוונע קליטן איז ער געקומען צו זיי אין שטעטל.

א דאַנק זיין רייכקייט, א דאַנק זיין קלאָרן, שאַרפן שכל, זיין טיפער געלערנטקייט; זיין זעלטן אויסגעהאַלטענער לאָגיק — האָט מען זיך מיט אים דערפרייט, ווי מיט אן אבן טוב, סיי די שטעטלדיקע אידן־למדנים, למדנים משכילים (אריינגערעכנט איר ברודער), סיי די שטעטלדיקע אינטעליגענציע.

— ביי רחלן האָט דאַווידס מייסטעריש ריידן וועגן אלצדינג אין לעבן, דער עיקר וועגן פילאָזאָפיע פון די אידישע און גריכישע דענקער, ארויסגערופן א באַגייסטערונג. זי האָט אפילו געדענקט, אז דאָס מיינט ליבע, און זיך שטאַרק דערשראָקן.

דאַוויד האָט באַמערקט, וואָס אין איר קומט פאָר. זי, מיט איר רייכער מאַמען, ברודער־גביר — זיינען אים אויך געפעלן געוואָרן. האָט ער איר געזאָגט, אז צוליב איר, האָט ער זיך פאַרהאַלטן אין שטעטל. ער איז זייער צופרידן, וואָס זי פאָרט קיין אָדעס לערנען, ער וועט אויך קומען אהין.

אויסגעקליבן האָט ער זיך קיין אָדעס ערשט אין יאַנואַר, און גלייך פאַרטאָכלעוועט זיין גאַנצע צייט אויף איינצואָרדנען א הורטאָוונע קראָם. געזאָגט האָט ער — „ס׳איז דאָ זיכערער פון פּאָגראָמען, ס׳איז ניט ווי ס׳איז געווען נאָך 1905״.

ער נעמט אויף מאַטעמאַטיק, אָבער דעם אוניווערסיטעט באַזוכט ער צוויי מאָל א וואָך, אָדער גיכער בלויז דאָנערשטיק, ווען זיין ברודער, דער ציין־דאָקטער, נעמט אים איבער אין קראָם, ביי דער קאַסע.

רחלס אויגן האָבן אָנגעהויבן אומעטיק שמייכלען: דאָנערשטיק שרייבט דאַוויד איבער ביי א פּאָר פעאיקע סטודענטן די לעקציעס פון דער גאַנצער וואָך.

—„און נאָכדעם״, זאָגן זיי, — „קאָן ער און ווייסט אלצדינג בעסער פון אַלע סטודענטן צוזאַמענגענומען״.

רחל ווייסט: דעם טאָג לייענט ער איבער אין אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק וואו א צייט־מאַגאַזין, לייענט בכלל אריין א סך. אין דעם טאָג איז ער אויס ביי

פיל הורטאָוויניקעס, קויפט איין סחורות, רעכנט זיך אָפּ מיט זיי, שמועסט אָפּ וועגן וועלטלעכע, געמיינשאַפטלעכע ענינים, וועגן דעם ווי צו באַוואָרענען די אינטערעסן פונם גרויס־הענדלער, דערנאָך כאַפּט ער זיך אַריין צו איר אויף געציילטע מינוטן.

איינמאָל, אַ פּאָר חדשים נאָך זיין קומען קיין אָדעס, איז ער מיט איר ארויסגעפאָרן אביסל אויסערן שטאָט און עפּעס געהאַט אָנגעהויבן רעדן וועגן זיינע געפילן צו איר. נאָר זי, זיין זיבעצניאָריקע פארגעטערן, האָט פּאַר מורא, אז ער וועט ניט זאָגן, וואָס זי האָט געציטערט ער זאָל אויסרעדן — אים איבערגעשלאָגן די רייד.

זינט יענעם טאָג האָט זי זיך א סך געביטן, לערנדיק פיל פון אירע פריינט די בונדיסטן, לערנדיק פון די, מיטאמאָל אָנקומענדיקע שטורמישע געשעענישן. דערצו, דער עיקר — זי האָט זיך געטראָפן מיט דעם צוריקגע־קומענעם פון אַמעריקע סאַשען, אין וועמען איר הארץ איז פון קליינערהייט אָן פארליבט.

דאוויד האָט ניט איינמאָל געטראָפן סאַשען ביי איר און דאַכט זיך א בלינדער קאָן זען פאר וועמען זי איז משוגע, דאָך גלויבט, דער שארף קלו־גער, מיט ניין יאָר עלטער פון איר דאוויד, אז אַבי ער וועט האָבן, אין א דאָנערשטאָג, אביסל מער פרייע צייט — וועלן זיי ביידע גייען אונטער דער חופה.

רחל האָט א זיפץ געטאָן: זיין איבערגעבנקייט צום דערפאָלג פון זיינע און זיין פאָטערס קלייטן — האָט אים בלינד געמאכט צו יעדן איינעם, ווי איר מאַמען, וואָס צוליב אירע גרויסע מסחרים מיט דער זשעדניקייט נאָך מער געלט — ווייסט זי קוים וואָס עס מיינט זיין „אַ מאַמע".

# קאפיטל דריי

**.1**

דאווידן האָט זיך דאָס לערנען זיינס אין אוניווערסיטעט זייער גרינג גע־געבן. אים האָט געדרייט דער קאָפּ — עפּעס אנדערש: צו פירן מסחר אין אזא שטורמדיקער, סכנהדיקער צייט, ווען מיט א ניט פאַרזיכטיקן קויף, קאָן מען פארלירן ניט נאָר גרויסע פּארמעגנס, נאָר נאָך אויך איינשטעלן דאָס לעבן, — דארף ער לעצטנס זיין אויף א מוראדיק אָנגעשטרענגטער וואך.

— „צוליב דעם איז אזוי וויכטיק פאַראויס צו פארהיטן קעגן די נייע איינשטעלונגען וואָס די באָלשעוויקעס וואָלטן א בעלן געווען צו רעאליזירן. אָט, למשל, ווילן זיי, אז אַלע לערער זאָלן מיטגיין מיט זיי.

— דער אוניווערסיטעט איז די בעסטע פּלאטפאָרמע פונוואנען מ׳דארף אָנהייבן די קעגן אויפקלערונגען, אז יעדער ניט פאַרזיכטיקער נאָכגעב פון דער אינטעליגענציע — וועט מאכן שטארקער דעם שונא; מען האָט אונטער־שטיצט די בורזשואז־דעמאָקראטישע רעוואָלוציע און מער טאָר מען קיין טריטעלע ניט נאָכגעבן!״

---

אין אוניווערסיטעט: אויף די פּראָפעסאָרס הונגעריקע, אויסגעצערטע גע־זיכטער שוועבט ארום אן אימהדיקער אויסדרוק, זיי איילן זיך גיך אָפּצופּאַ־טערן מיט די לעקציעס.

זיי פארלאָזן דעם זאל משונהדיק צעטראָגן און אין גרויס געאייל.

אין קאַנצעלאריע האָבן זיי פאַרמאַכט די טיר, זי ווידער געפּרוּווט, גע־פלאטערט, געציטערט, דאָך באשטימט:

—„אלע לערערס דארפן ענטפערן „ניין״. מיר וועלן זיך ניט פאראייניקן מיט א בינטל נידעריקע גאסן־מענטשן, וועלכע וועלן זיך קיינמאָל ניט דערהייבן צום שענערן און העכערן, וואָס מיר האָבן דערגרייכט אין משך פון יאָרטויזנ־טער״.

דאוויד האָט שוין געוואוסט וואָס די פּראָפעסאָרן האָבן באשטימט: ער דארף זען די סטודענטן זאָלן אויך צושטימען דערצו.

דאווידס גביריש־מאט פּנים, וואָס פאלט שוין אביסל אריין אין א גרינג־לעכקייט האָט ווי אויסגעזאָגט וועגן זיין גרויס קענטעניש און אינטעליגענץ.

די סטודענטן האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן אים:

—„די פּראָפעסאָרן קוקן אים אריין אין מויל אריין, לעקן די פינגער פון אים, ווי זיי וואָלטן אָפּט געזוכט פון אים עפּעס לערנען״.

שוין ניט איינמאָל האָט דאוויד איבערצייגט סיי די סטודענטן, סיי די פּראָ־פעסאָרן, אז ער איז א זעלטענער געזעלשאפטלער, קאָן די וועלט אויסגע־בונדן, ווען מ׳זאָל אים אויפוועקן אינמיטן שלאָף — ווייסט ער ווי דער צייט־זייגער האלט.

פון זיינע אינטערעסאנטע שמועסן ווערן פארכאפּט אפילו יענע סטודענטן, וואָס ווייזן ארויס א היפשע גלייכגילטיקייט צו קולטור ענינים.

איצט האָט זיין צונג מיט עזות געוואָרנט, האָט קאַטעגאָריש אָנגעוויזן די סכנה — „אויב אונזערע לערערס זאָלן זיך אוועקרויטלען״.

נחמן, א בחור פון ניין־און־צוואנציק, ערשט געוואָרן א סטודענט, ס׳איז שוין העכסט צייט ער זאָל אוועקוואַרפן זיין אויסגעצופּט גימנאזיע־היטל, ס׳איז אויך נויטיק ער זאָל אמאָל פארזוכן א ריכטיקן מאָלצייט. כאָטש זאַטברויט, האָט אונטערגעלאָזט זיינע א נאָדל:

— „די גרויסהענדלער האָבן מורא אז א בעסער דערצויגן פאָלק וועט ביי זיי אוועקנעמען דעם מאָנאָפּאָל אויף דער קולטור!״

דאוויד האָט ווייטער גערעדט:

—„די אינטעליגענציע, וואָס האָט אלע יאָרן אזוי מסירת־נפש׳דיק גע־שטרעבט צו דערציען דאָס פאָלק — וואָלטן אין איין טרויעריקער וואָך צע־דריקט געוואָרן פון דעם נאריש־אויפגערייצטן פאָלק״.

דאוויד האָט דערויף זיינע לאָגישע, און קלאָרע אויספירן פאר איטלעכן. נחמן:

— די גרויסע פאָלקס־רעוואָלוציע וועט פאָרגעזעצט ווערן! די לערערס וועלן זיך נאָך אליין קומען בעטן, דער מאגנעטישער כח פונם גאנצן ארבע־טאָרישן פאָלק וועט זיי ציען פון אלע עקן וועלט!״

אלע רעדן, שרייען, קריגן זיך ווי די ערגסטע שונאים .

רחל קאָן ניט קלאָר מאכן ביי זיך איר אינערלעכן פּראָטעסט: די אנדערע פּאָליטישע ווידערשפּרוכן וואָלט זי נאָך פארשטאנען, אָבער דער „לערער־באָיקאָט״ — האָט ניט קיין שום בארעכטיקונג.

—„וואָס איז א לערער? — א געזעלשאפטלעכער, פאראנטוואָרטלעכער ארבעטער. ווי־זשע קאָנען זיי דערלאָזן אזא בלינדן געדאנק צום פאָלקס הויפּט־באדערפעניש״.

איר זיכרון האָט איר דערמאָנט אין פארשטאָרבענעם דר. סמירנאָוו. זי האָט א ציטער געטאָן: „פון א דאָרף אָנגעפּיקעוועט מיט פויערישע קינדער האָט נאָר איינער, צוליב א ווילדער געלעגנהייט, דערוויזן אז א פויער קאָן אויך לערנען״.

סיי דאוויד, סיי נחמן האָבן באַמערקט, אז די צאָל סטודענטן איז ניט גע־נוג גרויס. דעם ערשטן האָט עס פארדראָסן, ער האָט פארדעכטיקט די אָפּ־וועזנדיקע אין פארפירטקייט.

נחמן איז היינט געקומען גראָד צוליב, ווי זאָגט מען: „איין קראנקע שאָף קאָן אָנשטעקן אַלע״.

מיט זיין שמאָלער פּלייצע אין דעם שטארק אָפּגעטראָגענעם אָנצוג האָט ער זיך א לייג־געטאָן אויף דער ברייטער טיר, אויסגעצויגן די ביינערדיקע הענט איןביידע זייטן, צעשפּרייט די דינע פיס. זיין גאנצער אויסזען האָט אנטשלאָסן געזאָגט: האקט מיך, בראָקט מיך, נאָגלט מיך צו צו דער־אָ טיר, אָבער איידער איר וועט אויסהערן וואָס איך וועל מיט אייך ריידן — וועט קיין איינער ניט ארויס פונדאנען.

—„קאָלעגן, דער פאקט, אז דעם פּראָלעטאריאט געהערט די הערשנדיקע מאַכט איז זיכער! איז א פולער אמת! יאָ, ס׳איז א סך געגעבן אים, און מ׳וועט זייער א סך פאָדערן פון אים. — איז די אינטעליגענציע, וואָס האָט געהאָלפן שמידן די מסירת נפש׳דיקע קייט — אויפצואוועקן דעם רעוואָלוציאָנערן באַוואוסטזיין ביי די פאָלקס מאסן, טאָר אויף א רגע ניט פארגעסן, אז דער צאַרישער רעזשים האָט דורות לאַנג פארווערט די מאסן צו דענקן — און די איצטיקע פאר אונז אלע טייערע, סאָציאלע אקטיוויטעטן זיינען איבער זייערע ניט געאיבטע מחות. — די אינטעליגענציע דארף צוטראָגן איר חוב אי צום פּראָלעטאריאט, אי צום גאנצן פאָלק״.

זיסקינד׳ן טוט ווייי די צעשפּאלטונג אין בונד, נחמנס נאָרוואָס איבערגייען צו די באָלשעוויקעס קאָן ער ניט מוחל זיין.

ער האָט בייז אויסגעשריען :

—„פון ווען און פון וואנען האָט ער, נחמן, זיך אזוי שטארק איבערצייגט, אז די טובות, וואָס די באָלשעוויקעס פאָדערן — זיינען טאקע טובות פארן פאָלק? — אפשר זעט גאָר אן אנדערער, מיט א קלאָרן באוואוסטזיין און איבערצייגונג, אז ס׳וועט גאָר די ערגסטע צרות ארויסקומען!״

זיסקינד, מיט צוויי יאָר איגגער פון נחמנען, זאיז אויפן פערטן קורס פון יורידישן פאקולטעט, אים קענען די סטודענטן, ווי אן אויסגעפּרואווטן סאָציאליסט. אייניקע גלויבן:

— „אויב ער איז אפילו קעגן לענינס סאָציאלער שיטה — ווייסט ער אָבער, וואָס ער רעדט״.

נחמנען, וועמעס הויפּט אַרבעט, פאר די לעצטע דריי יאָר איז געווען אויפצוקלערן די ברייטע מאסן און ער איז אָנגענומען צווישן די ארבעטער, ווי איינער פון זיי, האָבן די סטודענטן דערזען ערשט איצט. זיי האָבן זיך גיכער צוגעקוקט צו אים, איידער געהערט זיין הארציקן אויפרוף.

דאָך האָבן זיך האסטיקע, היציקע מיינונגען גענומען ארומיאָגן:

—„ס׳איז ניט קיין פאָלקס רעוואָלוציע!״

—„די רויטע דעמאגאָגן פארנארן דאָס פאָלק!״

—„שעמען מעג זיך די אינטעליגענציע, וואָס גייט מיט די קאָנטררע־וואָלוציאָנערן, מיט דער בורזשואזיע!"

רחל וויל מאכן אן אויספיר פון די אויסגעשרייען, נאָר אָט איז אוועק א פארביסענע קריגעריי, ממש א געשלעג, צוליב נחמנ׳ס רייד: „די לערערס, די גרויסהאלטערס זיינען פארעטער, זיי העלפן דער רעכטער סאָציאַליסטי־שער צייטונג אָנצופירן געמיינע פראפאגאַנדע, געמיינע ליגנס. — זיי האָבן זיך פארקויפט צו דער בורזשואזיע".

נחמן דערווייזט שוין שווארץ אויף ווייס וועגן זייערע „געמיינע זיצונגען צו סאבאָטאזשירן די ארבעט אויף אלע געביטן, אין אלע צווייגן".

דאוויד האָט אַ לאַך געטאָן.

נחמן האָט אים באטראכט מיט ביטול:

—„זיין לאכן וועט זיך גיך ענדיקן, כ׳קען אים גוט, כ׳האָב אים געטראָפן א פאָר מאָל, „ביי א באַלעבאַטיש מיידל" (ער האָט צוגעוואָרפן א פארניכטנ־דיקן בליק אין רחלס זייט), ער איז די אויבערשטע סמעטענע פון מיטל־קלאַס, זייער אריסטאָקראטיע נעמט זיך איבער, אָבער אַלע ווייסן: פונם מינדסטן ביסל שטויב, ווערט די אויבערשטע־סמעטענע געל און גאל־ביטער, מ׳מוז זי גלייך אראָפציען, איידער זי פירט איבער דאָס גאנצע קריגל מיט איינשטעלעכץ".

אן אומהיימלעכע שטילקייט האָט באהערשט דעם זאל.

נחמנס אָפגעצערטע, ליידיקע באקן זיינען רויט געוואָרן, אויף זיין שטערן האָבן געזעצט טראָפנס שוויס, ווי ער וואָלט נאָרוואָס ארויס פון א שוויץ־באָד.

— „איך זאָג נאָכאמאָל — אונזער אלעמענס חוב איז צו העלפן מאכן די פעלקער מאָסן באוואוסטזיניק, זיי זאָלן אראָפוואָרפן פון זיך זייער פאטעטיש־קייט צום פארשקלאפט ווערן, צו לאָזן זיך פירן אין די שלאכטן, ווי די לע־מער".

דאוויד:

— „די טולמאכערס וועלן פארטרייבן, וואו אן אינטעליגענטן מענשן. די בעסטע שרייבער, דאָקטוירים, אינזשעניערן זיינען זיך שוין צעלאָפן פון רוסלאנד; הונגער, טויט וועלן די פלוטן געבן דעם רוסישן פאָלק; אז די פינצ־טערניש האָט אפילו ניט קיין איין ריכטיקן פירער, די קאַאליציע־מאכט וועט זיי צערייבן אויף אביסל שטויב".

ווידער אמאָל א טומלעריי.

—„טאָקע, די אָקטאָבער רעוואָלוציע האָט ניט קיין שום בארעכטיקונג!"

—„די אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועט פירן צו אַ וועלט איבערבוי!"

—„ס׳איז א וועלט קאטאסטראָפע!"

איניקע האָבן גערעדט צוליב דעם, מ׳זאָל זיי הערן רעדן, אָן א באַ־שטימטן אויספּיר. מ׳האָט דערקאָנט, אז זייערע מוחות דינען זיי ניט, אנדערע כאָטש שאַרפע קעפּ צו אויפנעמען וואָס מ׳האָט זיי געלערנט אין אוניווערסי־טעט, האָבן וועגן די „דרויסנדיקע ענינים" (אזוי האָבן זיי אויפגענומען די דע־באַטע וועגן רוף צו די לערער), גאָרנישט ניט געוואוסט, ניט געוואָלט וויסן.

נחמן האָט געהאמערט מיט זיין הייזעריק קול:

—„ווילן מיר אויסמיידן מלחמות — דאַרפן מיר זיך אָנשטרענגען אויס־צוגעפינען אלע אורזאכן, וואָס פירן צו מלחמות און . . ."

זיסקינד האָט צו אים א געשריי געטאָן:

— „דאָס ערשטע געפין בעסער אויס צוזוואָס וועט פירן אייער מאסן־טעראָר־"

**.2**

דאוויד איז ארויסגעגאנגען צוזאָמען מיט רחלען, ער איז געווען צו־פרידן, וואָס זי האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט, זי מעג עס פאַרגעדענקען:

—„די אינטעליגענציע וועט זיך ניט לאָזן פאַרנאַרן אפילו פון אזוינע פיינע טעאָרעטיקער, ווי לענין און מאַרקס".

רחל האָט געשוויגן, זי האָט זיך געוואונדערט: די סטודענטן, וואָס האָבן אזוי ענטוזיאסטיש אויפגענומען די פעברואַר־רעוואָלוציע זיינען איצט, ווי זיי וואָלטן פאַרקראָכן אין א טיפן זאמד, און ניט גלויבניק אין דער מעגלעכ־קייט ארויסצוקלייבן זיך אויף א גלייכן וועג, שלעפּן זיי זיך צוריק, אפילו צוריק פון לערנען דאָס פאָלק .

עס האָט זי גענאָגט א פאַרדראָס: פאַרוואָס האָט זי זיך ניט ארויסגע־זאָגט, אז דעם רוף צו העלפן לערנען דאָס פאָלק טאָר קיין שום זאַך ניט אָפּ־שטעלן. שולדיק איז נחמן, ערשט צוריק מיט א פּאָר טעג,ביים דערזען זי, איז ער אין אָנפאנג נאָך געווען, ווי שטענדיק איר פריינט, און מיטאמאָל האָט ער מיט זיין בייסיקער צונג אָפּגעוואָרפן זי צו זיינע געגנער.

זי האָט געזוכט מיט וואָס צו באַרואיקן זיך: איר מיינונג וואָלט סיי־ווי גאָרנישט געהאָלפן. נאָר עמעצער פון אייביקע־ווייטן האָט געקוקט אויף איר מיט סאַרקאזם:

— „דו, די גרויסע שילערין פון סאָקראַטאָסן, האָסט גאָר פאַרגעסן, אַז אַ מענש דאַרף זיין אויסגעהאלטן און זיך שטעלן קעגן אומגערעכטיקייטן.

שוין ס׳דריטע יאָר, אז זי טרעפט זיך מיט די היינטיקע דריי קעגנער— נחמן, זיסקינד, דאוויד, זי קען זיי דורך און דורך: — אויסגעהאלטענע מענטשן. זייער וואָרט מיינט — טאָט, איטלעכער פון זיי איז אן איבער־געגעבענער, דיסציפּלינירטער סאָלדאַט. שטאָל און אייזן אויף זיין פּאָזיציע.

— דאָס מיינט , — רוסלאנד שטייט פאַר א גרויסן, אינווייניקסטן קאַמף און יעדער איינער דאַרף זיך ערנסט אַריינטראַכטן, ווי צו האנדלען.

זי האָט אריינגעקוקט אין זיך און ס׳איז איר ענג און שווער געוואָרן. זי האָט געפילט ווי זי וואָלט אָנגערירט עפּעס א שטארק פארשטויבטע זאך, און שווערע משאות זיינען ארויפגעפאלן, אָנגעפאלן אויף איר, אויף דער גאנצער מענשהייט — די שווערע משאות — פון טראדיציעס, מאָראל, סביבה, געוואוינהייט, זיינען נאָך שטארקער פונם טויט. זיי שפּרייטן זייערע טונקעלע וואָרצלען ארום יעדן מענשן, דורות פאַראויס.

איר איז שווער געוואָרן, זי האָט געזוכט אין וואָס אָנצוכאפּן זיך. זי האָט זיך דערמאָנט אין די פארוואונדעטע אין גימנאזיע און דערציילט דאווידן:

— „איך וועל אריינגיין איבעררעדן מיטן דאָרטיקן דאָקטער, אפשר קען איך עפּעס באהילפיק זיין״.

דאוויד האָט זי געגעבן א האסטיקן שלעפּ, ווי אָט וועט מען זי איבער־פאָרן אויף טויט.

—„איר זאָלט זיך ניט דערוועגן דאָס צו טאָן! בלויז מוידן, וואָס זוכן א חתן, אלטע מוידן, וואָס באפרידיקן זיך מיט יעדן מאן — ווערן קראנקנ־שוועסטער״.

זי האָט א קלער געטאָן: זי האָט אים גאָרנישט געקענט ביז איצט.

דאוויד וויל זי ניט אָפּלאָזן:

—„איך האָב אייך א סך זייער וויכטיקס צו זאָגן, און ס׳איז שוין צייט צו איבעררייד̈ן וועגן אונז ביידן״.

רחל האָט מיט אַלע כוחות צוריקגעהאלטן א שמייכל: זי מוז זיך גלייך באפרייען פון אים . . . .

אין אירע טונקל־ביר אויגן לויכט א מילדע ווייכקייט מיט א קאָנטראָל איבערן אייגענעם ווילן:

— „דאוויד, איר האָט געזאָגט, אז פינף אזייגער מוזט איר אומבאדינגט זען צוויי סוחרים״.

—„אָ יאָ!״ — האָט ער זיך א כאפּ געטאָן ביים קאָפּ. — „א דאנק, א גרויסן דאנק פארן דערמאָנען מיך. איר וועט מיר אנטשולדיקן, איך קאָן אפילו קיין רגע מער ניט זיין מיט אייך״.

ער איז אַוועק אין איין אָטעם : ס׳האָט ער איר דערציילט א מעשה — „צוויי סוחרים״, אין אמתן דארף ער זיך טרעפן מיט אָדעסער גרויס־קאַ־פּיטאליסטן, צו באטראכטן ווי אונטערצושטעלן די רויטע אָ פּיסל, זיי זאָלן אזוי ברעכן די קעפּ, אז זיי זאָלן אפילו קיין תחית המתים ניט אויפ־שטיין.

3.

פיר אזייגער זיינען, אין א פאַראויס באשטימטן האָטעל, זיך איינ־ציקווייז צונויפגעקומען די אָדעסער פּני.

קעלנערס, אין קורצע, לוסטרינענע פידזשאקלעך, און אין היטעלעך מיט גלאנציקע דאשיקעס האָבן מיט קנעכטישער איבערגעבנקייט סערווירט די געסט.

מיט כיטרע וואונקען האָבן זיי אָנגעוויזן יעדן איינעם וואו אריינצוגיין, הכנעה׳דיק אראָפּגענומען דעם מאנטל, צוגערוקט א ווייכן שטול.

א דאנק דער נייער ליבעראלער צייט, איז די פארזאמלונג געווען פון רייכע אידן און רייכע ליבעראלע קריסטן.

זיי האָבן זיך געגריסט מיט זייערע באקאנטע. איינע האָבן פאָרגעשטעלט די אנדערע. ברייטלייביקע, שווערלעכע, בכבודיקע מענער האָבן זיך אויס־געזעצט אין די אונטערגעטראָגענע ווייכע שטולן. איטלעכנס קאָפּ, האלז־און־נאקן אויערן אויסגעזייפטע, ווי זיי וואָלטן געקומען פון באָד. די וואָס האָבן געטראָגן פענסנע האָבן זיי אַלע ווײַלע צוגעפּרעסט צו דער נאָז מיט אַזאַ איידעלער לייטישקייט, ווי זיי וואָלטן א טובה געטאָן דער גאנצער וועלט.

יעדע צוויי, דריי שכנים, לויט זייער גרויסן קאָמערציעלן־פארנעם האָבן מיט גרויס ישוב־הדעת געשמועסט צווישן זיך. דער מאגנאט פּאָזן, וועמעס זאוואָד האָט אין פרידנסצייטן פראָדוצירט לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען און זינט דער מלחמה מאכט מען דאָרט כלערליי געווער, האָט עפּעס פארהאנדלט מיטן מולטימיליאָנער פיש, דעם אייגנטימער פון א סך מילן און געהילץ־זאוואָדן.

דער מיליאָנער פונם טאבאק־פאבריק האָט לייטיש אויסגעהערט דעם פוטער מאגנאט וועגן פארשיידענע מינים פוטערס.

די רעדאקטאָרן פון „אָדעסקיא נאָוואָסטי״, „אָדעסקאיא פּאָטשטאַ״, „יוזשנאַיא מיסל״ און „אָדעסקי ליסטאָק״ האָבן גאָר פריינטלעך צוגע־שאָקלט איינער צום אנדערן.

באלעבאָטים פון גרויסע האָטעלן, מעבלירטע צימערן און גלאט שאנד־הייזער האָבן גערעדט וועגן אָפּגעשטעלטן באן־פארקער, וועלט־פאָרקער.

מען האָט זיך מכבד געווען מיט גראָבע סיגארן פון זילבערנע פּאָרט־ציגארן מיט גאָלדענע מאָנאָגראמעס, דערביי עזותדיק צוגעשמייכלט. דער שמייכל איז געגאנגען אויפן חשבון — וואָס לעגאל קריגט מען ניט קיינע סיגארן, בפרט אזוינע — די בעסטע. מ׳דארף וויסן וואו מ׳קאָן זיי קריגן און מ׳דארף אויך קאָנען באהויפּטן אזא טייער פארגעניגן.

די נישט לעגאַלע סיגארן האָבן ארויפגעפירט אויף א האלב־געשוויגע־נעם שמועס וועגן זיידן־שטאָף, אָדעקאָלאָנען, פארפומען, געוואנט, פּערל, דימענטן, פרוכט, וואָס האלטן זיך, ווי מ׳וואָלט זיי ערשט אָפּגעריסן פון בוים.

אלע ווײַלע איז אן אנדער פּאָר ארויס אין אן אנדער צימער, דורכגע־פירט א מסחר און זיך אומגעקערט, ווי זיך־באלעקנדיקע קעץ. ש. ק. פון

יואוועליר־געשעפט מיטן פוטער־מאגנאט ג. האָבן זיך אזוי צופרידן אויסגע־האנדלט, אז די צוויי גרויע מענער זיינען צוריקגעקומען האלטנדיק זיך ביי די הענט ווי פארליבטע.

א פערטל צו פינף האָט איינער, זייער פאַרזיצנדער, דערקלערט די פאר־זאמלונג אָפן, און ס'איז אוועק א שמועס וועגן דער היינטיקער לאגע, וואָס די באָלשעוויקעס ווילן אָנהאלטן.

דער מאַגנאַט פאָזן האָט גערעדט אין דער ברייט, מיט חוזק וועגן דעם ווי אָדעס גייט איבער פון הערשאַפט צו הערשאַפט :

—„אלע האָבן זיי געמיינט, אויף די נייע „מלוכה" דענקט, אז מיט איר פאַרכאַפּן אָדעס, — דעם וויכטיקן פּאָרט, איז איר מאכט שוין געזיכערט".

גערעדט האָבן זיי, ווי־וועגן אן עניין, וואָס וועט איידער עפּעס איז אָפּ־געווישט ווערן, נאָר זייער אויפגערעגטער טאָן האָט זיי באַאומרואיקט, דע־נערווירט, פארוואָסערט זייער אמביציעזן מוט.

מ'האָט זיך דערפרייט מיט דאווידן. כמעט אלע קענען אים, מ'האָט אים ארומגעשטעלט אין א ראָד.

אַלע ווילן וויסן: — „וואָס הערט זיך אין אוניווערסיטעט?" ווי איז אויפגענומען געוואָרן דער באַיקאָט פון די לערער ?

—„באנעמען די סטודענטן די ערנסטקייט?"

—„אויב מ'זאָל דארפן, — וועט מען זיך קאָנען פארלאָזן אויף זיי? געטרויען זיי?"

דאוויד האָט אויסגעחשבונטע ענטפערס מיט אַלע דעטאלן:

—„אז די לערער און פּראָפעסאָרן זיינען אונזערע, ווייסט איר דאָך. אויך די גרעסערע צאָל סטודענטן וועלן מיר . . .

מ'קוועלט פון דאווידן: — „א גרויסער חכם".

אַלטע, דורכגעטריבענע סוחרים האָבן זיך געהאלטן, ווי זיי וואָלטן גע־ווען נייגעריקע שילערס, און ער, דער אינגסטער פון אַלע, זייער פּראָפע־סאָר פון קאָמערץ. א לערער ביי וועמען מען קאָן אויסגעפינען ווי דורכצו־פירן פארשיידענע אָקציעס און אפילו אָנווייזונגען אויף פרעמדלענדישע אַדרעסן.

באגייסטערטע אויסרופן, הענט פאטשעריי האָבן באגלייט דאווידס גוט דורכגעטראכטע לאָגישע פאָרשלאָגן.

צוליב די געהויבענע געסט האָט מען אין האָטעל ארויסגעגראָבן פון באַהעלטעניש ליקערן און ווייַנען; מאַלאַגע, שאמפאניער. מ'איז געוואָרן פריילעך.

צווישן די גרויסע סוחרים זיינען אויך געווען טערקן, גריכן, זיי האָבן אויף זייער אופן רוסיש ריידן אָפּגעלאכט פון די באָלשעוויקעס:

—„אידיאָטן, אונז, סוחרים, רופן זיי „די דריטע קאטעגאָריע", ווען אין

דער אמתן וועלן זיי קריגן די דריטע קאַטעגאָריע, שוין דריי מאָל, אז זיי רייסן זיך אריין קיין אָדעס, צוויי מאָל האָט מען זיי שוין ארויסגעטריבן, דאָס דריטע מאָל — וועט מען זיי פּאַריאָגן, ס׳וועט אַזש . . . כאַ! כאַ!

די פריילעכקייט און געהויבענע שטימונג האָט דערגרייכט דעם העכסטן עקסטאז. מען האָט געטרונקען לחיים און געשמועסט : „די בענק וועלן סטרייקן; — דער אייזנבאנען־פּארקער וועט סאבאָטאזשירט ווערן, די באַאמטע וועלן צעשעדיקן די לאָקאָמאָטיוון; די קוילן־גרובן וועט מען אונטערצינדן און פארפלייצן מיט וואַסער; אָפּשטעלן דעם פּראָדוקטן־טראנספּאָרט, אויסבאהאלטן קליידער און שפּייזן.

—„דאָס פאָלק דארף הונגערן און פרירן — וועט אויסגעראָטן ווערן די רויטע מגפה״.

מען האָט אין שיכרות געלאכט:

—„אין די באַצייטנס אויסגעליידיקטע תבואה־סקלאדן, אויף דער באַלקאָווסקער — זיינען די רויטע געוואָרן קופּצי פּערוואַי־גילדיע! כאַ, כאַ!״

—„יאָ, — — יאָ . . . זיי מיינען זיי היטן מאגאזינען מיט פּראָוויאנט,— זיי מעגן קושן דעם שלאָס פון די אויסגעליידיקטע מאגאזינען און כ׳בעט איבער אלעמענס כבוד, כאָ, כאָ . . .

„יאָ, מיר האָבן עס פּונקט אין צייט דורכגעפירט — אויסגעליידיקט אַלע שפּייכלערס! א רענדל פאר א קערנדל תבואה״.

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן איילן אוועקצוגיין, צו זיין אין זייערע היימען איידער עס ווערט שפּעט אין אונט. אָבער ארויסגעגאנגען זיינען זיי ניט אלע אויפאמאָל און צעגאנגען זיינען זיי זיך אויף באַזונדערע וועגן.

4.

אין גאס האָט דאוויד באַמערקט א הונגער־פארחלשטן מאַן, וואָס האָט זיך קוים געהאלטן אויף די פיס. ער האָט פריידיק צוגעקוקט, ווי יענער וואקלט זיך: אָט וועט ער אומפאלן.

דאוויד איז געווען זיכער, אז דער מענש איז שיכור און צופרידן צוגעשמייכלט: עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן — מיר האָבן דאָס באצייטנס געזען, אז וויין, ביר, בראָנפן — זאָל ממש שטראָמען אין אלע גאסן; דער עיקר מוז דער סאָלדאט שיכורן.

יאָ, ניט אין יעדן וואקלנדיקן האָט דאוויד געמאכט א טעות, עס זיינען געווען געננוג שיכורים אין די גאסן, — פון די צעקלאפּטע און אפילו אונטערגעצונדענע וויין־קעלערס.

צולהכעיס־הענט האָבן באוויזן צו מכבד זיין מיט וויין אפילו די טראָטוארן — אויף וועלכע מ׳איז מענגעסוויז געלעגן און געזשליאָקעט, געזופט די לויפנדיקע געלע, רויטע ריטשקעס.

ביי זיך אויף דער קוואַרטיר האָט דאַוויד זיך דערמאָנט אין רחלען: נאָך גוט, וואָס זי האָט אים דערציילט וואָס זי וויל טאָן, האָט ער זי אָפּגערעדט פון דעם פּלוצומדיקן נאַרישן איינפאַל פון ווערן א קראַנקנשוועסטער. א חידוש, זי איז דאָך א קלוגע — פאַרשטייט אן ענין, אזא אומזין.

— נאָך ביי איר אין שטעטל, איז פון די ענטפערס, וואָס ער האָט ארויס־באַקומען פון דער ביז גאָר צוריקגעהאַלטענער זיבצניעריקער מיידל, — האָט ער אויסגעפונען, אז זי איז גאַנץ ווייט פון אומוויסנדיק. זי פאַרשטייט און באַנעמט זייער גוט א סיטואַציע. זי האָט געלייענט גוטע ליטעראַטור".

דאַוויד איז געווען צופרידן פון רחלען: זי געפעלט יעדן איינעם. גלייך ביי איר אָנקומען קיין אָדעס האָט זי זיך באַפריינדעט מיט א פּאָר אַקטיווע בונדיסטן, מיט דעם, איצט איבערגעגאַנגענעם צו די באָלשעוויקעס — נחמנען, מיטן בונדיסט זיסקינד און מיט א דריטן, גוסטאַוו, וואָס איז גע־הרג׳עט געוואָרן אין פּעטראָגראַד בעת דער פעברואַר־רעוואָלוציע. יענער האָט געקאָנט די דייטשישע און גריכישע ליטעראַטור אין אָריגינאַל. מיט רחלען האָט ער שטודירט פילאָזאָפיע. זי האָט פון זיי געגנאַשט א סך וויסן. וואוילע חברה, מיט שאַרפע קעפּ.

ער האָט זיך פאַרקלערט: דער בורזשואַזער קלאַס — וואָלט געדאַרפט א סך אַזוינע האָבן אין זיינע רייען. אין רחלען זיינען זיי אַלע פאַרליבט, אָבער זי איז פון זיי באַגייסטערט גאָר צוליב עפּעס אַנדערש. ער געדענקט ווי זי האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט: — „פון נאָר אויסהערן, ווי די דריי בחורים שטרייכן אונטער דעם שאַרפן חילוק פון פאַרשיידענע היסטאָרישע ווערק, וואָס זיי שטודירן יום־ולילה, — פיל איך, אז זיי עפענען אויף פאַר מיר אָ טיר אין נייע וועלטן, א נייעם צוגאַנג צום ארום".

דאַוויד האָט א ציטער געטאָן פון דערמאָנען זיך אָט־די רייד: ער וואָלט געדאַרפט אָפּרייסן מער צייט ניט צו דערלאָזן איר פאַרברענגען צו לאַנג אין זייער געזעלשאַפט.

ביי דאַווידן האָבן זיך בורזשואַזע פּראָבלעמען צונויפגעמישט מיט רחלען, זיך פאַרפּלאָנטערט. ער האָט זי אָפּגעטיילט, אָפּגעזונדערט: — גוט וואָס איר קבצן־פּאָעט סאַשע, וועלכער צוליב זיין צאָרענען אויף יעדן בחור וואָס קומט צו רחלען, — לאָזט אויס דעם כעס אויף דער גאַנצער וועלט און שפּייט מיט זיין אומריין מויל אויף אַלע פרויען.

— דער פּאָעט איז אינגאַנצן פאַרטאָן אין זיין פּאָעזיע, זעט אין זיין זיך, אז רחל איז דאָרט אן אויסנאַם, קאָן ער זיך ניט פאָרשטעלן — זי זאָל פילן אַנדערש. ער כאַפּט זיך ניט, אז רחל איז פון די האָנעריסטע פערדלעך וואָס, דאָס הייבן א בייטש אויף א צענט פערד — באַליידיקט אויך זי.

אָבער ס׳איז גראָד גוט, וואָס ער קען זי ניט. דערפאַר צאָלט זי אים

אָפּ מיט דער זעלבער מטבע, — אויך זי פאַרשטייט אים ניט. קיין קאָנקו־רענט וועט דער צעבייזערטער פּאָעט ניט ווערן.

דאָוויד האָט זיך בארויקט: דאָס אונטערבאוואוסטזיניק געירשנטע פון איר סוחרישער מוטער היט זי אויס פון מיינעט וועגן. היט זי פון די אַלע פארליבטע אין איר בונדיסטן, באַלשעוויקעס און אויך פון דעם שטור־מישן פּאָעט; — ווי א מאנצביל, איז ער א ניט געוואונטשענער קאָנקורענט. מיידלעך האָבן ליב א שטורם, זיי לאכן ווען דער ווינט רייסט זייערע היט און שויבערט זייערע קעפּלעך; קוויטשן פריילעך ווען דער ווינט פארהויבט זיי־ערע קליידלעך. אָבער ניט רחל, זי זעט ניט וואָס עס טוט זיך מיטן קליידל, זי זאָרגט עפּעס אַנדערש, — ער געדענקט אזא שטורמישן טאָג ביי איר אין שטעטל. זי איז צעטראָגן געוואָרן — „דער צווייט פון די ביימער וועט צו פרי אראָפּפאלן, ס׳וועט אויסקאָרעניען דאָס געראָטן ביסל גרינס״.

—„מיט אזעלכער ווי רחל — איז ניטאָ וואָס איבערצוטראכטן״.

ס׳האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן אין די שלייפן: היינטיקן טאָג דאַרף מען אפשר יאָ איבערטראכטן, ווייל געזאָרגט האָט זי דער עיקר פארן גרינס „פון אָרעמע פּויערים״.

ער האָט זיך דערמאָנט אין די שכורים, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אין גאס. און באשטימט: ווי גיך מ׳וועט פטרן די רויטע פעסט, — דארפמען חתונה האָבן.

ער האָט געשמייכלט : ס׳איז אומעטיק אין בעט, אפילו דער טאטע קאָן זיך ניט אָפּוואונדערן פון איר זעלטענעם, רחבות׳דיקן קאָפּ־האָר. זי געפעלט שטארק דעם פּאפּא, דער אלטער איז נאָך א גוטער מבין אויף א שיין מיידל. דער פּאָפּאָ קאָן זיך פון איר מוטער ניט אָפּליבן — וואָס פאר א „וואזשנע, קלוגע״ סוחרטע זי איז. די מאַמע איז געראָטן אין דער טאָכטער, פון ביידע האלטן קלוגע מענער.

דאוויד האָט זיך באדויערט: ער האָט קיינמאָל קיין צייט ניט ארויסצווא־ווייזן איר, ווי שטארק זי געפעלט אים.

—„אפילו די זונטיקן גיין ביי אים אוועק אויף קלייט־ענינים, כאָטש לעצטנס ציט אים שטארק צו רחלען. די בענקשאפטלעכע־פארטראכטקייט, וואָס שיינט ארויס פון אירע קלוגע אויגן, שפּילט אזוי צונויף מיט איר פיין מאָטעוון פּנים, אז ער קאָנטראָלירט זיך קוים איר ניט ארומצוכאפּן קושן אין דער אָנוועזנהייט פון אַלע אירע קאַוואליערן. — יעדן זונטיק טרעפט מען ביי איר א גאנצע מחנה בחורים. מ׳לייענט, מ׳גייט אין טעאטער און אַלץ אַלע צוזאמען. אין איין ביליגער לאָזשע קריכן אריין א פופצן שטיק און מער. רחל האָט אים דערציילט: „אכט גייען אַריין לעגאַל און די איבעריקע גיבן זיך אן עצה״.

— ער וואָלט זיך געשעמט מ׳זאָל אים זען צווישן אזא כאַפּטע. שוין צייט אויך רחל זאָל פאַרשטיין, אַז פאַר דער צוקונפטיקער מאַדאַם פערלמוטער — איז בכלל ניט שיין יענער טאַראַראַם, וואָס זיי מאכן אין איר אנוועזנהייט.

—ס׳איז ממש א געלעכטער, די הויפּט פירער פון די עקסטרעם פאַרשיידענע פּאַרטייען ווייסן אז זי חברט זיך מיט זייערע ערגסטע אידייען־שׂונאים, באזוכט די פאַרזאמלונגען פון קעגנערישע באוועגונגען, — דאָך זייַנען זיי מיט איר די בעסטע פריינט.

— אָבער ער דאַרף זי אויפקלערן, אז צו זיין א צופרידן פאַרפאָלק — גיט זיך די פרוי אינגאנצן איבער דעם מאנס אמביציעס״.

ער האָט זיך צופרידן אויסגעצויגן אויף זיין געלעגער מיט דעם שנײַ־ווייסן באַציעכץ: די אייזנבאַן־ארבעטער, די פּאָסט און טעלעגראַף באאמטע און פיל אַנדערע ניצלעכע עלעמענטן זיינען, אין ערגסטן פאל, — מענשעוויקעס, רעכטע סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן, — זייער קלאָרער פארשטאנד רופט צו יד־אחת מיט די באזיצנדיקע קלאסן.

# קאַפּיטל פיר

.1

אין גימנאַזיע האָט מען געהאַלטן אין איין אַריינבריינגען בעטן: אײַ־זערנע, הילצערנע, לײַוונטענע.

רחל האָט זיי מיט נייגעריקייט נאָכגעפאָלגט: ווייל מען דאַ מאַכן אַ פּער־מאַנענטן שפּיטאָל?

דער דאָקטאָר האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט רחלס אָנבאָט צו זיין אַ וואוילטעטיקע שוועסטער און איר גלייך אָנגעוויזן וואָס צו טאָן.

די ריחות פון קאַרבאָל, כלאָראָפאָרם האָבן געשטיקט אין האַלז, און די צעיאַטערטע וואונדן האָבן אַרויסגערופן אַן איבלדיקע נאָגעניש צום ברעכן, אָבער איידער זי האָט באַוויזן צו פאַרענדיקן, מיט אירע אומגעשיקטע הענט, אַרום איין פאַרוואונדעטן, האָבן זי צענדליקער אַנדערע גערופן.

און איידער וואָס־ווען האָט זי פאַרגעסן אין זיך, זי איז ווי דערטרונקען געוואָרן אין אַרומיקן גרויל.

---

אויב די שטאָט אָדעס האָט געמיינט, אַז פאַר די רויטאַרמייער איז גע־בליבן צו באַקעמפן נאָר די ווייסגוואַרדייער, די אויסלענדישע קאָאַליציע, איז עס געווען אַ גרויסער טעות.

אויף יעדן שפּאַן האָבן זיי געדאַרפט אַ שטאַרקע וואך, און אויך ניט קיין קלענערע וואַך קעגן די קעגנערישע פּאַרטייען.

אָט איז אויף דער זאַסטאַווע, ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע אַרמיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן פון רעכטן פליגל, און ניט בלויז אַ צוזאַמענשטויס — אַ גאַנצע מלחמה האָט דאָרט אויסגעבראָכן.

סאַניטאַר־פירלעך, מיט די ווייסע פלאַטערנדיקע פענדלעך פונם רויטן־קרייץ, האָבן אַ גאַנצן טאָג געקליבן פאַרוואונדעטע. די שפּיטאָלן זיינען אי־בערגעפילט, האָט מען אַ טייל אַריינגעבראַכט אין גימנאַזיע.

עס רינט דאָס בלוט, ווי פון געשאָכטענע קי, און די שנאה הערט ניט אויף. עס גוואַלדעוועט אַ פאַרוואונדעטער:

—„איך וועל דאָ ניט ליגן צוזאַמען מיט די באָלשעוויסטישע הינט!

— אין אַן אַנדער ווינקל שטעלט מיין בעט!

אויף דעם קוקנדיק, טומלען שוין נאָך אַנדערע: אויך זייערע בעטן זאָל מען איבערשטעלן אין יענעם ווינקל!

דער דאָקטער איז אַריין אין אַ גרימצאָרן:

— „ס'איז ניטאָ קיין מעדיצינען, ס'איז ניטאָ גענוג קראנקנשוועסטער, איך בין איין דאָקטער דאָ. די וואָס וואגן אין א שפיטאָל אריינברענגען האָס — זיינען קאָנטערררעוואָלוציאָנערן! סאבאָטאזשניקעס, פאָלקס שונאים! מעדיצינישע הילף וועלן זיי קריגן די לעצטע".

עס ברענען קערפערס פון וואונד־ווי־און־האַס. צאַרנדיקער טומל פאַר־הילכט דעם קאָפּ.

מיט א דערשראָקן־צעפלאמט פּנים האָט רחל שטילערהייט געלאָזט וויסן דעם דאָקטער, אז איינער פונם ווינקל גייט אָפּ מיט בלוט.

דער דאָקטער האָט זיך גלייך געלאָזט נאָך איר, ער האָט געאיילט אָפּ־צושטעלן דאָס בלוט. פארבאנדאזשירט א צווייטן, א דריטן פארזאָגט וואָס צו טאָן מיט די אנדערע.

אָבער דאָס ווינקל האָט ניט אויפגעהערט צו הוזשען:

—„מיר ווילן דער רויטער־קרייץ זאָל אונז ארויסנעמען פון דאנען, א ניט זאָל מען אונז שיקן א דאָקטער!"

מ'האָט פון די בעטן געליארמט:

—„אלע דאָקטוירים זיינען קעגן די באָלשעוויקעס, דער איז עפּעס אן אידיאָט, מיר ווילן א דאָקטער ! ! "

ביידע אנטקעגנדיקע ווינקלען, באטראכטנדיק זיך פאַר די גערעכטע, פאַר די מיוחסים, האָבן געשריען, געשטורמט, געבראָכן זאכן, געזידלט מיט שענדלעכסטע ווערטער דעם דאָקטער.

אָבער ער האָט זייער מבזה זיין אים ווי ניט געהערט. ער האָט זיך פאַר־אייניקט מיט דעם מאָדנעם „איך", וואָס האָט זיך אין אים אויסגעארבעט בעת זיינע דריי יאָר אָפּזיין פראָנט־דאָקטער, און אין דעם איצטיקן ארומיקן טומל האָט ער געהערט די ווייטע פאָרזעצונג פונם שוידערלעך־העסלעכן.

דעם דאָקטערס געדולדיק אָנגיין מיט זיין ארבעט אָן אונטערשייד פון פריינד און שונא, האָבן געווירקט אויף רחלען ווי שטארקע דונערן און בליצן, וואָס זי האָט ליב געהאט צוליב עפּעס א באהאלטן פרום געפיל, וואָס פלעגט זי באהערשן.

עס האָט אויך איר באווירקט צו ווערן פלייסיק און פּעאיק, ווי זי וואָלט אויך דריי יאָר גערייניקט אייטערדיקע וואונדן, געשניטן לעבעדיקע מענש־לעכע אברים.

די טומלדיקע פארוואונדעטע האָבן זי גערופן:

—„שוועסטער, ריכט ניט איין אייערע הענט אין דער באָלשעוויסטי־שער מגפה! זייט מיט אונז ! קלינגט אין רויטן־קרייץ!"

די אנדערע האָבן געשריען:

—„שוועסטער, שפּייט אויף זיי, ס'איז קערענסקיס אינטריגאנטן! רע־פאָרמען האָבן זיי צוגעזאָגט — און פארמאכט ראַדיקאלע צייטונגען!"

— „ארויסגעשיקט פון לאנד באפרייטע פּאָליטישע".

„סמאַרקאטש! — ווער עס וואגט צו רעדן פון קערענסקיס גרויסע פאַר־דינסטן!"

מען האָט געביטערט:

—„אנו, אַנו, רעכן אויס זיינע „פאַרדינסטן" — זיין שענדלעכע קאָנס־פּיראַציע לטובת דער בורזשואזיע!"

—„און זיין אריינוואַרפן אין טורמע ראַדיקאַלע פּראָפּאגאנדיסטן!"

—„געגעבן טויט־שטראָף רעוואָלוציאָנערע אגיטאטאָרס!"

אין דער כלאָראָפאָרמירטער, בלוטפּארשטיקטער, קויטיקער לופט, האָבן זיך, איבער רחלס אויסגעבויגענעם רוקן, געפּעכט אויפגעשרויפטע צונגען וועגן אידעאלן און אידייען, קלאסנשנאה מיט בלוטדאַרשטיקייט. ס'האָט גע־זשומעט ווי אין א בינשטאָק:

—שטאָט גאָלאָווא; דייטשישע אוואנטוריסטן; מעסיגע; פּראָוויזאָרישע רעגירונג; דומע; שווארצמאהניקעס; פּראָלעטארישע דיקטאטור; עסערן; מענשעוויקעס; באָלשעוויקעס.

מ'האָט פארדאמט; בארעכטיקט; באשולדיקט.

צוליבן ניט קאָנען זיך געַנוי פאנאנדערקלייבן האָבן אייניקע וועלנדיק זיך ארויסזאָגן קעגן, — זיך גאָר געשטעלט אויף דער זייט פון די באָל־שעוויקעס. און זיינען פארוואָרפן געוואָרן מיט זידלערייען, ווי נייע פארע־טער.

די צונגען האָבן זיך געפּעכט קעגן באָלשעוועקעס; קעגן די וואָס ווילן צו זיי צושטיין; קעגן די וואָס זיינען פאָלקס פארעטער; קעגן די וואָס זיינען פון זיי אפּגעפאלן און קעגן די, וואָס ווייסן ניט אויף וואָס פאר א וועלט זיי זיינען.

א געדיכטער געשטאנק האָט זיך געדרייט איבער דעם גרויסן זאל, ממש דערשטיקט צו ווערן.

אין „ווינקל" זיינען אויך געווען זין פון רייכע גוטבאזיצער, זין פון געוועזענע הויכע באאמטע, זייערע פּנימער האָבן געקראָגן א רחמנות אויס־זען, טאקע א רחמנות, אויף זיך אליין, וואָס זייערע זשענטלמענישע אויגן, אויערן דארפן פארנעמען די אלע רייד פון די „פארדעכטיקע עלעמענטן" אפילו צווישן אזעלכע וואָס האָבן מיט זיי געקעמפט היינט אינדערפרי קעגן די באָלשעוויקעס — „די דייטשע שפּיאָנען!"

עס האָט פארדראָסן אויף זייער אייגן ניט־גלויבן אין א פרייַנטלעכער פאראייניקונג צווישן באָלשעוויקעס און דייטשן.

אַנדערע האָבן זיך אָפן ארויסגעזאָגט:

—„זאָלן שוין בעסער די דייטשן זיגן, איידער די פּראָלעטארישע מגפה!"

רחל האָט זיך פארקלערט: איבער גאנץ רוסלאנד, ווי אין דער־אָ געַ־ביידע, וואו די נאטשאלניצע האָט אזויפיל יאָרן שטאָלצירט מיט איר אָפּ־שטאם, אזש ביז אין קייסער׳ס בלוט אריין, — האָט מען געשטעלט א שווערן צלם אויפן אלטן רעזשים, אָבער די מענשהייט איז געבליבן פאַרדאָרבן ווי ביז איצט. — איז ווי קאָן די רעוואָלוציע ברענגען די אמתע ישועה?

---

ניין אזייגער האָט א קראנקנשוועסטער צוגעשלייכט צו רחלען:

—„קומט אָפּעסן, ווייל ערשט עלף אזייגער וועט אָנקומען אָן אומבייט, אויב ס׳וועלן בכלל אָנקומען אנדערע שוועסטער״.

מ׳האָט דערלאנגט שיסלען שיטער־קארטאָפל־זופּ, שטיקלעך הערינג און רעפּטלעך לעקעך אנשטאָט ברויט.

א שוועסטער האָט דערציילט, אז צו ארבעטן דאָ איז ממש אן אָפּרו — ווייל די שטארק פארוואונדעטע האָט מען צעשטעלט אין די שפּיטאָלן:

—„צו גיין ארום יענע צעקאליעטשעטע קערפּערס — איז אפילו א שוועסטער אראָפּ פון זינען״.

.2

פארן אהיימגיין האָט דער דאָקטער געפרעגט רחלס געַנויעם נאָמען און איר דערלאנגט א פארשריבן פאָרמולאר פּאַפּיר:

—„דאָס איז א ציַיגניש, א דערלויבניש צו גיין ביינאכט — ווייל אָדעס איז איצט אין א באלאגער־צושטאנד.

ס׳איז שוין געווען נאָך האלבער נאכט, אָבער די וואכנדיקע פארוואונ־דעטע האָבן זיך נאָך אלץ פארביטערט געקריגט.

א שטארק דערשיטערטע פון דעם בייגעוואוינטן האס־ספּעקטאקל האָט רחל געוואָלט וואָס גיכער זיין ביי זיך אין צימער.

די שטענדיק באלעבטע גאסן זיינען געווען אָפּגעליידיקט, זאלפּן, שאָסן איינער נאָכן אנדערן האָבן פארשטארקט איר נערוועזע שטימונג; שאָטנס לויפן איבער פון הויף צו הויף, פון גאס צו גאס; שאָטנס באוועגן זיך אויף די העכערע עטאַזשן.

אומעטום איז געשטאנען א מיליטערישע וואך, מען האָט יעדן איינעם אָפּגעשטעלט.

רחל האָט געטראכט: ווען אנאַ מארקאָוונא זאָל זיין אין שטוב א וואכנדי־קע, וואָלט זי, רחל, זיך געוואָלט מיט איר אביסל דורכשמועסן. יענע איז א קלוגע, א פּראָגרעסיוו פארשטענדיקער מענש. זי איז געווען אן אקטיווע סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן ווען זי האָט זיך באפריינדעט מיט איר פרי־פארשטאָרבענעם מאַן, וועלכער איז געבליבן א רעוואָלוציאָנער ביז דער לעצטער רגע.

—ווען מ׳זאָל ביי ניט אקטיווע קאָנען פרעגן: „פארוואָס זענט איר געװאָרן אזוי פאסיוו?״ און זיי זאָלן אונז וועלן און קאָנען געבן א ריכטיקן ענטפער — וואָלט עס אפשר פארשפּאָרט א סך קאָפדרייעניש די שפּעטערדיקע דורות — אָדער מ׳וואָלט געקומען צום אויספיר, אז אידייען זיינען אפשר נישט מער ווי א גייסטיקע איבונג.

„די זאך איז א סך קאָמפּליצירטער און גאָרנישט אזוי פשוט, ווי עס דאכט זיך אויפן ערשטן בליק״.

.3

אָבער געטראָפן אין שטוב האָט רחל א גאנץ אנדערע אַנאַ מארקאָווּנא. אָנשטאָט דער שטענדיק ציכטיקער, יונגער פרוי מיט איר נעט פארקעמטן קאשטאנעווע קאָפּ, אירע בולטע, בלויע אויגן, — ווי זיי וואָלטן טריאומפירנדיק געזאָגט: „כ׳האָב נאָר וואָס, אונטער דעם באלעבאָס נאָז פארטיילט אין זאוואָד א פעקל פּראָקלאמאציעס״, — איז געזעסן אויף איר אויפגעשטעלט בעט, נאָך אן אָנגעטאָנענע אין מאנטל א שטאַרק פארעלטערטע, פארוויינטע אַנאַ מארקאָוונא, וואָס קוקט אויף דיר און הייבט דיך ניט אָן צו זען.

רחל האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס׳איז ניט צום ריידן, ניט צום שווייגן, ניט צו בלייבן און ניט צו אוועקגיין, — ווייל דו פילסט, אז אַ־די אויגן, — איז כאָטש זיי זעען דיך ניט, האָבן גוט געזען, אז מ׳האָט זיי געזען.

אַנאַ מארקאָוונא האָט זיך פּלוצים געלאָזט לויפן אין פינצטערן צימערל. ארויסגעשלעפּט פון דאָרטן א גרויסן פּאק און א שליידער געטאָן אויפן דיל. דורכן צעפּלאצטן זיידענעם טישטעך האָבן זיך באוויזן פארשיידענע זילבערנע, גאָלדענע חפצים.

אַנאַ מאַרקאָוונא האָט געכליפּעט:

—„א גבירנטע, אפילו א שוועסטער, וועט ניט געבן אומזיסט א מאָלצייט, אומזיסט וועט זי ניט לאָזן אפילו אָנווארעמען זיך ביי איר אין שטוב. דאָס איז זי פּלוצים געוואָרן גוט צו מיר, זי דארף ביי מיר אויסבאהאלטן אירע רינגען, איר גאָלד, זילבער, אירע און איר מאנס פּוטערס.

— דאָרט, אויף די בילדער, די ארבעט, פון מיין מאַן, ווען זיי האָבן געלאָזט אויסגיין ווי א הונגעריקן הונט, — האָבן זיי געהאַט די חוצפה צו באלייגן זייערע פארמעגנס.

— איך ווארף זיי שוין ארויס! איך וועל מיין שוועסטער מיט איר מאַן, מיט זייער גאנצער עקספּלואטאַטאָרישער משפחה איבערגעבן דער טשעקא״.

זי איז טויט־בלייך געוואָרן, געכאַפּט דעם פּאק און אים א שליידער געטאָן צוריק אין פינצטערן אַלקער.

גלאָז פון איר מאַנס אָנגעגלעזטער ארבעט האָט אָנגעהויבן פאַלן מיט א וויינענדיקן געקלינגער. זיינע מייסטערישע בילדער, וואָס זי האָט פאר קיין

שום געלט ניט געוואָלט פארקויפן, ניט געהאט דאָס הארץ צו צושיידן זיך מיט זיי, זיינען איינגאנצן צעלעכערט געוואָרן.

א צעווייטיקטע האָט זי זיך אראָפּגעלאָזט אויפן דיל, ווי זי וואָלט זיך געקליבן פונדאָסניי זיצן שבעה.

זי האָט זיך פארענטפערט:

—„כ׳האָב זיי געזאָגט — כוועל עס ניט נעמען צו זיך, זאָל זי מיך אפילו אויסמעקן פאר א שוועסטער.

—אָבער אז זי וויינט און ברעכט די הענט נאָר פונם געדאנק אליין, טאָ־מער וועט מען ביי איר צונעמען אירע חפצים, איז פונקט ווי דער טויט זאָל ביי איר וועלן צונעמען דעם אייגענעם מאן”.

רחל האָט ביי זיך געפרעגט — „צי זי אליין וואָלט געהאט מוט צו דער־ציילן אויף אירע אייגענע”. ס׳האָט איר אויפגעשוידערט, ס׳האָט זי אזש אַראָפּגעזעצט אפן גלאָז און שטויב לעבן דער פארצווייפלטער, און זי האָט מיט א ציטערדיק קול געזאָגט:

—„מ׳טאָר זיך ניט פארלירן אזוי, מ׳דארף זיך נעמען אין די הענט אריין. הייבט אייך אויף, בארואיקט אייך”.

דאָס האָט זי געמעגט זאָגן צוביידע, וואָס זיינען געזעסן אויפן דיל מיטן גאנצן אָנוואָרף.

---

ווי רחלס שטייגער איז געווען, האָט זי אויך דאָס מאָל, ארויסגעשלעפּט די ביינערדיקע האַרגאָדלען, גוט אויסגעבערשטלט אירע ביז די קני לאנגע האָר, פארפלאָכטן צוויי, פון אויבן ביז אראָפּ גראָבע צעפּ, זיך ארומגעזייפט און פארלאנגט איין זאַך: אנטשלאָפן ווערן ! פארגעסן אלץ!

ווי נאָר זי איז פארזונקען געוואָרן אין שלאָף, האָט זיך אין איר אָנ־געהויבן אַ פיינלעך זוכן א שטיקל פעסטן באָדן אויף וואָס זיך אוועקצו־שטעלן. אלערליי שאָטנדיקע פלאטפאָרמעס האָבן זיך אין ליידיקן חלל אונ־טערגערוקט אונטער אירע פיס, נאָר אז זי האָט אויף זיי געוואָלט ארויפ־טרעטן האָבן זיי זיך געגעבן א האסטיקן ציי־אָפּ און זי האָט שיר ניט גע־בראָכן האלז־און־נאקן.

זי האָט געפילט, אז זי וואָלט בעסער אינגאנצן ניט געשלאָפן איידער דורכמאכן אזעלכע קאָנוואולסיווע קאָשמאַרן.

נאָר דורכן אומרואיקן טאָג האָט זי דורכגעלעבט אזא מין וואָגל צווישן פּאָליטישע פלאטפאָרמעס, אז זי איז אין זיי אינגאנצן פארפלאָנטערט גע־וואָרן, אָן אַן אויסוועג.

די גאנצע וואָך איז זי ניט געגאנגען אין אוניווערסיטעט, זי האָט פאַר־בראכט פיבערדיקע שטונדן אין ביבליאָטעק. געזוכט, גענישטערט אלע צייי־

טונגען, זשורנאַלן, פאַרשיידענע אויפרופן, פּראָקלאַמאַציעס. זיך צוגעכאַפּט ווידער צו טאָלסטאָיס: „מלחמה און פרידן״.

וואָס מער זי האָט זיך אַריינגעטראַכט אין געלייענטן — אַלץ גרעסער איז געוואָקסן איר אומרו. עס האָט ליידנשאַפטלעך גערעגט איר אינטערעס צו אַלע אידייען. אָבער וואָס מער זי האָט געזוכט אין די בעסערע ווערק — אַלץ שווערער איז איר אָנגעקומען צו באַשטימען צו וועלכע אידייען זי זאָל זיך ווידמען.

.4

רחל האָט געאיילט אין גימנאַזיע: דער בירגער־קריג שטעלט צו מיט יעדן טאָג נייע פאַרוואונדעטע, און היילן איז ניטאָ מיט וואָס כאָטש צע־רייס זיך.

ביז העכער האַלבע נאַכט האָט זי געוואַשן, צעשעדיקטע קערפּערס.

מיט עפּעס אַ מיסטיש געפיל האָט זי ליב געקראָגן די פאַרוואונדעטע. זי האָט געטראַכט: זיי זיינען ווי דאָס הויכע גראָז, וואָס זי פלעג קליינערהייט באַוואונדערן אין דאָרף, בייזע ווינטן פלעגן זיי אויסבויגן, אָוועקלייגן, איינ־ברעכן זייער שטייפקייט.

זי האָט איבערגעבונדן זייערע וואונדן, דערלאַנגט וואַסער, דעם נאַכט־טאָפּ. געלייענט פאַר זיי, געטאָן אַלצדינג מיט אַ זעלטענער גרינגער פּשטות, ווי זי וואָלט דאָ און דאָרט אויסגעגלייכט גאַנצע הויפנס מיט גראָז, — וויסנ־דיק אַז איר אַרבעט וועט זיי קוים עפּעס העלפן, דאָך וועלן זיי זיכער גע־האָלפן ווערן פון דער זון, פון דער לופט.

זי האָט באַטראַכט די פאַרוואונדעטע, ווי פיינע שטיקער ערד אויף וועלכע ס׳האָט זיך צוגעטשעפּעט ווילד־גראָז. און מיט אַ געטריישאַפט, ווי אַ פויער רייניקט אָפּ פון זיין גאָרטן דעם בוריאַן, האָט זי גערייניקט זייערע אייטערדיקע וואונדן, זייערע מכות.

די פאַרוואונדעטע האָבן נאָך געדענקט, ווי זיי האָבן זיך געוואַלגערט אויף די שלאַכטפעלדער, מ׳האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט, ווי אויף גע־פגרטע הינט: „יענע מיט די עפּאָלעטן, מיט די טשינעס האָט מען געזוכט, געכאַפּט, געראַטעוועט.״

רחלס געדולד, איר געטריישאַפט האָט אַרויסגערופן ביי זיי אַ פיזישע און גייסטיקע פאַרגיטיקונג און אַ באַרואיקונג.

די פויערישע זין האָבן אָנגעהויבן גוטמוטיק לאַכן, טרוימען אין דער הויך וועגן אומקערן זיך אַהיים צו זייערע דערפער, פעלדער, שיקסעס; די שטאָטישע מענער האָבן זיך געוויצלט וועגן מיידלעך, געשפּאַסט פון פרויען, — אויף אַזאַ אופן אַרויסגעזאָגט זייער בענקשאַפט.

בראַנפן האָבן אַלע געוואָלט. אַלע האָבן געוואָלט ווערן אמת פריילעך,

אין אמתער פרייד עפּעס פאַרגעסן, מסתּם אויך די שכנים דאָ, וועלכע מ׳האָט אויף אייביק ארויסגעטראָגן פון די בעטן.

5.

אהיימקומען פלעגט רחל א צעבראָכענע, דער קאַמף צווישן מענש און מענש, דאָס פארקריפּלן, פארניכטן איינער דעם אנדערן האָט זי בשום אופן ניט געקאָנט באַרעכטיקן. אָן אומקלאָרע לאַסט האָט זי געדריקט, געשטערט איר שלאָף.

ניט קוקנדיק אויף איר געוואוינשאַפט וואָך צו זיין שוין זיבן אזייגער אינדערפרי — איז זי געלעגן אין בעט שפּעט אין טאָג אריין. פונם פערטל פונט קלעפּיקן ארבעסברויט, וואָס מ׳האָט אויסגעטיילט אויפ׳ן ברויט־קאַרטל, האָט זי געפילט, ווי שטיינער וואָלטן געוואַקסן אין איר בויך.

אָבער ווען אַנאַ מארקאָוונא האָט איר פאָרגעלייגט א רייפטל ווייס ברויט — האָט זי זיך פון דעם אָפּגעזאָגט.

ביי איר באַלעבאָסטע האָבן זיך באוויזן שטיקלעך צוקער, ביסלעך טיי, פּאַפּירלעך פון טייערע קאָנפעטן, דאָס מעסער פעט פון פּוטער.

רחל האָט געפילט, אַז דער ערשט נעכטיקער גרויסער דרך־ארץ פאַר א ווארילן מענשן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א משונהדיק געפיל. ס׳איז ממש געוואָרן שווער צו טרעפן זיך פּנים אל פּנים.

די שטונדן האָבן זיך פּאַמעלעך געטרוקט. די טיר פון קאָרידאָר האָט זיך אויפגעעפנט, האָט זיך פאַרמאַכט. רחל האָט גרינגער אָפּגעאָטעמט: גוט וואָס אַנאַ מארקאָוונא גייט יעדן נאָכמיטאָג אַוועק.

אַנאַ מארקאָוונאַ האָט ערגעץ געקראָגן א פּאָר זעק מיט מאַקוכע צו באַ־הייצן דאָס הויז, נאָר זי האָט אַזוי געקאַרגט, אַז קוים וואָס ס׳איז ווען גע־וואָרן א ווארעמער אָטעם אין די צימערן.

רחל האָט זיך געוואָרפן אין בעט א קראַנקע פון אונענדלעכער בענק־שאַפט צו סאַשען. אויסגעמוטשעט פון אומזיסטן ארויסקוקן אויף זיין קומען צוריק, כאָטש א בריוול פון אים, — האָט זי זיך געזאָגט: ס׳איז בעסער, וואָס ער קומט ניט. ער דאַרף א מיידל, א געשטעלטן מענשן, מיט א סאָלידן גע־דאַנק, וואָס וואָלט מיט דעם, וואָס זי האָט ליב, געלאָזט זיך שווימען אָן שום קליינשטעטלדיקע חקירה׳נישן.

יאָ, מיטן געדאַנק האָט זי כמעט צוגעשטימט צו זיין איבערייסן מיט איר . . . ווען זי קאָן זיך נאָר אַזוי פארשטייפן ,דער קאָפּ זאָל איר איטלעכ־מאָל ניט נעמען פונדאַסניי ווייטאָן, — וואָס דער קלונג אין טיר איז ניט סאַ־שעס; וואָס צווישן די אָנגעקומענע בריוו פון אירע באַקאַנטע; פון אָרגאַני־זאַציעס, פּאַרטייען איז ניטאָ דער טיף געגאַרטער בריוו.

זי האָט אפילו איר שיר ניט אָפּגעבן זיך אים יענעם לעצטן אָוונט, אָנ־געהויבן באַטראַכטן פאַר דער סיבה פון זיין אינגאַנצן אויפגעבן זי: ער

טראכט געווים, אז אויך זי איז ניט בעסער פון דער ערגסטער, אז זאָל אַן אנדערער זי געוועזן טרעפן אַן אויסגעטאָנענע, וואָלט איר נאקעטקייט ארומ־געכאפּט זיך מיט יענעם.

ס׳האָט איר ווייגעטאָן זיין מיאוס פארדעכטיקן זי, און זי האָט ביי זיך געזוכט אַן ענטפער: פארוואָס איז עס טאקע וואָס צו די אַנדערע בחורים איז זי גלייכגילטיק, ווי צו טויטע ווענט, און וועגן אים איז בלויז פון טראכטן ווערט זי פארברענט?

זי האָט זיך געזאָגט: ס׳איז אַן איינרעדעניש! זי מוז איינמאָל און פאר אלעמאָל זיך באפרייען פון דעם!

זי האָט פארצווייפלט געשמייכלט: ס׳איז גרינג צו זאָגן, אָבער ווי פירט מען עס דורך? ס׳איז כאָטש גוט וואָס ער קומט ניט. — וועט זי אפשר זיין אויסגעהאלטן און ניט גייען צו אים. אפשר וועט עס פאָרט העלפן זי זאָל אויך אין געדאנק אויפהערן גייען צו אים, אויפהערן זיין מיט אים.

ס׳האָט זי פאדדראָסן, וואָס זי איז ניט ווי די אלע וואָס האָבן געשטילט זייער לוסט: זי וואָלט געוועזן די גליקלעכסטע.

זי האָט זיך געכאפּט אָנטאָן: פארבלייבן לענגער מיט זיך אליין איז אומ־דערטרעגלעך. זי ווערט משוגע, זי האָט זיך אָנגעשטעקט פון סאָשען מיט זיין „זיך־פאַרשפילן״.

# קאפיטל פינף

.1

פלוצים אן עקשנות׳דיקער קלונג!

דינה! רחלס חברטע, שרעקלעך אָפּגעצערט, גאָר איר דאָרפּישע שיינ־קייט איז נאָך חנעוודיקער געוואָרן.

זי האָט זיך יענע וואָך אומגעקערט פון די שלאכט־פעלדער, וואו קע־רענסקיס אַרמייען האָבן זיך געהאט געפונען. שוין אזוי לאַנג זינט זי איז אוועקגעפאָרן זוכן א שפּור פון איר פארפאלענעם חתן.

זי איז איצט געקומען א בארואיקטע, — דער ווייטיק אין איר איז אַזוי גרויס, אַזוי אויסגעוואקסן, אַז עס וועט שוין קיינמאָל גרעסער ניט קאָנען וואַקסן.

— „איצט, ווען די רעגירונג זיינען די באָלשעוויקעס און דער פּרעזי־דענט איז לעניו, ביי וועמען פּרויען־רעכט איז צווישן די הויפּט גרויסע רעפאָרמען, — וויל זי האָבן א קינד, מיט א באדינג: נאָר זי איינע זאָל האָבן אַלע רעכט איבער דעם. זי וועט עס א נאָמען געבן „לייזער“ נאָך איר חתן.

— זי האָט עס פאָרגעשלאָגן גרישען, רחלס פריינט, איז ער געבליבן זיצן, ווי מיט א האמער איבערן קאָפּ. איז וויל דינה אז רחל זאָל מיט אים ריידן.

רחל האָט איר מיטגעפילט: די רעפלעקציע פון דער מכה, וואָס האָט צע־פרעסן דינהס גליקלעכסטע האָפנונגען, — וועט זיין דער אָפּצאָל פאר דעם, וועלכער האָט אין איר לעבן ניט געטאָרט אויפהערן זיין.

די זעלבע רחל, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם, וואָס איז איר אַמ־ליבסטן געווען, צוליב איר מורא אז איר מאָראלישע סענזיטיווקייט וועט ניט קאָנען פארגעבן זיין צופיל נאָכגעבן זיך, — האָט דאָך בארעכטיקט איר חבר־טע, און זיך פארקלערט: גרישע וואָס באנעמט אזוי ערנסט און טיף דאָס אַרומיקע לעבן; איז שטענדיק גרייט יענעם צו העלפן; דער מיסטישער גריי־שע, וואָס קאָן האמלעטן כמעט אויף אויסנווייניק. בעת ער דעקלאמירט האמלעטן, לעבט ער איבער אזוינס, אז זיינע געזיכט־שטריכן בייטן זיך, ווי דורך א כשוף׳דיקער מעטאמאָרפאָזע; ממש שאטנס פונם דערמאָנטן גייסט הויבן אָן ארומשוועבן. גרישע דער טיפער גריבלער וועגן דעם, וואָס קומט פאָר פון יענער זייט מענשלעכן געדאנק, — זאָל אזוי רעאגירן אויף דינהס ליידן...

—„יאָ כ׳וועל רעדן מיט אים“.

רחלס געדאנק האָט אוועקגעשיפט דינהן מיט גרישען איבערן רוסיקן דאָרפישן טייך (וואו זי פלעגט קליינערהייט זיך שיפן), זייערע אויגן געווענדט צו די ארומיקע פּראכטפולע בלומען־גערטנער, סעדער, לאָנקעס. זיי געפירט דורכן לאנגן, שמאָלן וואסער־פאס, פון איין זייט הויכער אָטשערעט, און פון דער אנדערער זייט אלטע מיידלש־פארטראכטע ווערבעס, און זיי געבראכט אנטקעגן געציילטע טריט צו אַ וואָלד, וואו ווילדע עפּל־ביימער בליען דאָרט צויבערלעך שיין; יעדער אויסגעשפּראָצט גרעזל לעבט זיך אין זיין באזונדערער קליינער וועלט, זיין באזונדער קליין־לעבן.

א נערוויאישער קלונג האָט איבערגעריסן רחלס פאנטאזירן.

זיסקינד אין זיין ביז ארויף פארשפיליעטן סטודענטישן מונדיר. מיט'ן אויפגעשטעלטן קאָלנער קוקט ער אויס העכער פון זיין מיטלוואוקסיקער הויך. דער קאשטאנעווער קאָפּ האָר, ווי שטענדיק, נעט פארקעמט. די אויגן צעטראָגן, אזש אין א שווארצקייט פאלן אריין די געוויינלעך גרויע אפּלען. זיין גריסן זיך:

— „וואָס זאָגט איר אויף אונזער בונדיסט נחמן? געוואָרן א באָלשעוויק! אַן אָנהענגער פון דער געמיינער באנדע, וואָס ווייסט נאָר צו צעשטערן, פארניכטן דאָס טייערסטע, דאָס הייליקסטע, וואָס דער בעסטער מענש האָט געבויט מיט אזא מסירת נפש.

— א באווייז: נחמן האָט שטענדיק געוואוסט, אז רחל איז פון א רייכער משפחה, דאָך פלעגט ער ניט לאָזן פאַלן א שלעכט וואָרט אויף אייך. פארקערט, כ'האָב עס אייך שוין אמאָל געזאָגט, — איר זענט געווען די איינציקע ביי וועמען דער משוגע־שטאָלצער, הונגעריקער קבצן, האָט געטרונקען א גלאָז טיי.

— אָבער קוים האָט ער זיך צוזויפגעשמעקט מיט די צעשטערער, — האָט ער גלייך גענומען טרעטן מיט די פיס אויף יעדער מענשלעכקייט, און יעדער פריינטשאפטלעכקייט.

— ער ווייסט, אז איר זענט ניט קיין בונדיסטקע, דאָס אָבער האָט אים קיינמאָל ניט געארט, — דאָס באווייזט אויך, אז ער האָט גאָר קיינמאָל מיטן גאַנצן הארצן ניט געהערט צום בונד, — דער פארעטער!"

דינה קאָן עס ניט ליידן:

—„ניט אמת! גראָד אַזאַ אויסגעהאלטענער ווי נחמן איז ניטאָ קיין סך. איר, זיסקינד, ווייסט אויך אז נחמן איז משוגענערווייז פארליבט אין רחלען, אָבער איבער איר מוטערס רייכקייט, האָט ער, ווי א גזלן, געשטיקט זיינע געפילן.

— קוקט ווי רחל איז דערשראָקן פארוואונדערט און שרייט „ס'א ליגן!"

רחל האָט געקלערט: פארוואָס לייקנט זיסקינד ניט אָפּ דינהס ווילד פארדעכטיקן נחמנען אין א ניט געשטויגענער, ניט געפלויגענער זאַך.

— ער שווייגט, אָבער זי ווייסט אַן אַנדער געשיכטע, איצט איז זי זי־כער, אַז ניט קוקנדיק וואָס עס האָט אויסגעזען אין די אויגן פון פרעמדע, איז נחמן, נישט וואָס ער ליבט זי, דאָס איז משוגעת, נאָר כאָטש אכטעט זי, — האָט אין אמתן געהאַסט זי פונם ערשטן באַקענען זיך.

א היפּש ביסל איז רחל געווען גערעכט: ווען זייער חבר גוסטאַוו האָט דאָס ערשטע מאָל געבראַכט רחלען צו א בונדישער פאַרזאַמלונג, — האָט עס אין נחמנען „זי״ אויסגעטיילט מיט עפּעס א נאָך קיינמאָל ניט דורכגעלעבטן געפיל. נאָר נאָכן באַקענען זיך נענטער, ס'הייסט נאָכן דערוויסן זיך ווער איר משפּחה איז, נאָכן טרעפן זיך מיט איר ברודער, דעם גרויסן סוחר, וואָס האָט פאַר געלט זיך אריינגעדרייט אין א וואָיענאָ־פּראָמישלענע זאַוואָד ווי כלומרשט א וויכטיקער ארבעטער, וואָס די רעגירונג קאָן ניט שיקן אויפן פראָנט, און דערצו דעם מיליאָנער מיט די קראָמען, דאַוויד, וואָס שדכנט זיך צו איר, — האָט ער זי אָנגעהויבן פיינט האָבן, ווי איינע, וואָס וואָלט אים פאָרגעשלאָגן איבערצוגיין צו די זאַטע, צו געניסן די פאַרשקלאַפונג און בלוט פון זיינע ברידער.

נחמן האָט מיט זיין אינווייניקן קאַמף דערשפּירט גוסטאַווס געפיל צו רחלען און זיך שטאַרק געחידושט: גוסטאַוו, אַזאַ אויסגעהאַלטענער בונדיסט, אַזאַ שטאַרקער כאַראַקטער.

ער האָט זיך געחידושט, וואָס גוסטאַוו, וועלכער גיט זיך אינגאַנצן אוועק דער אונטערערדישער ארבעט פון זייער פּאַרטיי, — וויל אפילו ניט הערן וועגן אריינציען רחלען צו עפּעס ארבעט, כאָטש ער רופט זי צו זייערע געהיימע זיצונגען. און גיט אוועק זיינע מינוטן פון א פרייען אָטעם טאָן אויף דערקלערן איר קאַרל מאַרקסן, און דערצו נאָך די גריכישע פילאָזאָפן.

נאָך דער ידיעה וועגן גוסטאַווס טויט (אין פּעטראָגראַד אין די טעג פון דער פעברואַר רעוואָלוציע), האָט נחמן פאָרגעשלאָגן רחלען צו גיין מיט אים אין זאַוואָדן פאַרשפּרייטן ליטעראַטור.

זי האָט געהערט א מאָדנעם אומצוטרוי אין זיין טאָן. זי האָט אויסגע־שטרעקט איר האַנט צו זיינער מיטן בלעטל:

—„קיין בונדיסטקע בין איך ניט, נאָר אַזוי ווי דאָס געשריבענע גע־פעלט מיר, וועל איך עס טאָן״.

ער האָט איר דערציילט וועגן סכנה, אַז דאָס קאָן מיינען איינשטעלן דאָס לעבן.

רחל האָט זיך צעלאַכט ווי א קינד, נאָכדעם באַדענקט זיך און צוגעגעבן:

—„כ'האָב געלייענט א סך וועגן העלדישע רעוואָלוציאָנערן, ווי זיי האָבן איבערגעטראָגן אַלע מאַטערנישן. קיינעם ניט ארויסגעבן, און אפילו פונם עשאַפאָט אראָפּגעשריען דעם רוף, וואָס איז אין דעם בלעטל פאַראַן״.

נחמן האָט געציטערט זי א קוש צו טאָן פאַר איר ענטפער, און אויך געטראכט:

— „זאָלן כאָטש געציילטע גבירישע קינדער פאַלן קרבנות פאר אונ־זערע טויזנטער אומשולדיקע קרבנות״.

רחל האָט געוואָלט אײן באַדינג: נחמן זאָל איר געבן זײן ערנוואָרט, אז ער וועט קײנעם פון די חברים ניט דערציילן וועגן דער דאָזיקער ארבעט אירער.

איר פאַרלאַנג איז ווי געוואונשן פאַר אים. ער האָט זי אויסגעפירט אין דער שפּל׳דיקסטער אָרעמקייט, אין דער ענגסטער שכנה׳שאפט, וואו מענשן לעבן אין ברודיקע לעכער, ערגער ווי אין חזיר־שטאַלן.

דאָרט האָבן געוואוינט ארבעטער, טאָג־לוינער; אָפּגעלעבטע גאסן־ פרויען מיט העסלעכער פארביטערטקייט אויף זייערע פּנימער.

קולות פון שיכורים, גוואַלדן, געוויין, יללות, פון ווייבער, קינדער מיט אויסגעדארטע, כמעט נאַקעטע קערפּערס האָבן איר געשטיקט אין האלז.

נחמן האָט זי ארומגעפירט און אויף יעדן טריט פאר איר אונטערגע־שטראָכן ווער עס זײנען די שולדיקע.

עס האָט איר געפלאַמט דאָס פּנים: זי וויל מער אזוינס ניט הערן! זי קאָן מער אזוינס ניט צוזען!

זי איז אָבער ווידער געגאנגען מיט אים און אָן אים. — ביז, פּלוצים, און ער האָט זי אויפגעהערט וועלן מיטנעמען, זי ניט געוואָלט שיקן, געזאָגט: „ס׳איז איצט ניטאָ מער וואָס צו טאָן״. האָט ער איר אויפגעהערט גע־טרויען?

רחל איז טויט־בלייך געוואָרן, ווי עמעצער וואָלט זי נאָר וואָס שרעק־לעך באליידיקט.

דינה א צעפלאַמטע און צערודערטע:

—„איך בין אינגאנצן איינשטימיק מיט נחמנען, — דער סאָציאליסט האָט זײנס אָפּגעטאָן, ער האָט עס דערוויזן נאָך אין אָנפאנג פון דער מלחמה״.

זיסקינד האָט זיך אָנגעצונדן!

—„וואָס ווייסט איר וויפל ענערגיע, וויפל לעבנס די סאָציאליסטן האָבן צוגעטראָגן צו דער רעוואָלוציע!״

דינה האָט אָנגעשטעלט אויף אים נאָך גרעסער געוואָרענע אויגן:

—„און אז די רעגירונגען פון דייטשלאנד, פראנקרייך, בעלגיע, עסט־רייך און רוסלאנד האָבן זיך אָנגעהויבן מאָביליזירן, — האָבן זיך די סאָ־ציאליסטן אין זשענעווע איינס נאָך איינס זיך אוועקגעלאָזט צוריק פונוואַ־נען זיי זײנען געקומען צו פארטיידיקן זייער היימלאנד.

— די דייטשישע וויסנשאַפט האָט בייגעשטייערט גיפט־גאַזן און זייערע סאָציאַליסטן פּרואוון עס אויס״.

זיסקינד האָט געטופּעט מיטן פוס:

—,,דאָס איז דעם פאַררעטער נחמנ׳ס רייד! נאָר איר זאָלט האַלטן מוילן!״

דינה איז בלייך געוואָרן:

— ,,איך האָב צו טייער באַצאָלט פאַר מיין רעכט צו ריידן. ווען די סאָציאַליסטן זאָלן געווען זיין דער כח, וואָס זיי האָבן געדאַרפט זיין — וואָלטן די מאַסן ניט געווען אַוועק ווי די לעמער אין בוינע״.

זי האָט זיך דערמאָנט אין איר חתן:

—,,כ׳זאָג ניט, אַז צווישן די סאָציאַליסטן זיינען ניט געווען אַזוינע, וואָס האָבן צוליב זייער שטאַרקן גלויבן — אַוועקגעגעבן זייערע לעבנס, אָבער וואָס האָבן יענע געציילטע געקאָנט אויפטאָן.

— איצט דאַרפן די בונדיסטן, די סאָציאַליסטן פון אַלע פליגלען צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס ווערן דער רעגירנדיקער כח.

רחל האָט זיי דערציילט, וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט פון די פּאַרוואָנדעטע, וויפל אַנטיסעמיטיזם עס שטעקט אין זייער אַנטיבאָלשעוויזם.

לויט זיסקינדן קומט אויס, אַז ביים באָלשעוויזם וואָלט דער אידישער אַרבעטער געוואָרן דאָס הויפּט כפּרה־הינדל. קיין דערקלערונגען אויף זיינע באַהויפּטונגען קאָן מען ביי אים ניט אַרויסציען.

רחל האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

—,,און לויט נחמנס מיינונג — צעברעקלט דער בונד דעם קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט. ווער זשע פון אייך איז גערעכט?״

דינה איז זייער אָפּטימיסטיש:

—,,דאָס פאָלק, — פּויער, אַרבעטער, מאַטראָסן און מיליטער גיין איבער צו די באָלשעוויקעס, אין ערגסטן פאַל בלייבן זיי נייטראַל, — שווייגן מיינט אויך צוגעבן גערעכט. ווען מען קאָן ניט פאַרכאַפּן — ,,די רעגירונג פון פאָלק!״

זיסקינד איז אַנטלאָפן אָן אַ זייגעזונט.

דינה האָט נאָך דערציילט רחלען וועגן די שטעלונגען פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג:

—,,זי האָט זיך אויסגעפּוצט אין פעדערן פון אַ קאָאַליציע מיט די אַבאָראָנצעס, אָבער אין אמת׳ן איז זי קאָנטראָלירט פון דער בורזשואַזיע, וואָס צוליב דער מלוכה־מאַכט האָט זי געשיקט מאַסן הונגעריקע, אין עגסטן פייער אַריין״.

דינה איז אַוועק, זי האָט גאָר פאַרגעסן צוליב וואָס זי איז דאָסמאָל געקומען. און רחל האָט געפילט, ווי זי וואָלט געבלאָנדזשעט איינע אַליין אין אַ געדיכטן וואַלד.

# קאפיטל זעקס

.1

ווידער קלינגט עמעצער. — „ווער איז דאָרט?"

— ר' מאיר פונם אייל־זאוואָד. ער וויל וויסן וויפל פון זיין געלט האָט רחל פארטאָן?

—„גאָרנישט ! ביסטו טאקע א לייטיש קינד. טו מיר נאָך א טובה".

ער האָט איר דערלאנגט זיין ארבע־כנפות און א שטיקל פון אן אלט העמד, זי זאָל אים ארומנייען. ס'זאָל אויסקוקן ווי אן אונטערשלאַג און איב־ווייניק ארייַנלייגן די פּאָזיטן, וואָס ער האָט ביי איר געלאָזט.

ער האָט דאָרט פארמאָגט „ניקאָלייעווער" וואלוטעס, „קערענסקיס", „גרינע טויזענטער", סאָוועטישע געלטן. ער וועט דארפן נאָך עטלעכע ארבע־כנפותן צו קאָנען אלץ ארייַנפּרעסן.

מיט קאַצאַפּעס, וואָס זיינען נאָכן אויספארקויפן זייערע סחורות גע־בליבן שטעקן אין אָדעס צוזאמען מיט זייערע פערד און וואָגנס, פאָרט ער אהיים. ער וועט זיך איבערטאָן אין קאַצאַפּישע קליידער.

—„און זאָל מיך גאָט ברענגען בשלום צו מיין באַלעבאָטישקייט".

רחל האָט אויך געבעטן פאר אים, זיין גאָט: — זאָל די מאמע האָבן א גרוס און פארשפּאָרן זאָרגן.

.2

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט רחל באשטימט ווידער אָנצוהייבן רעגל־מעסיק באזוכן דעם אוניווערסיטעט. ניט זי פארשטייט די אַלע פּאָליטישע פּראָבלעמען, ניט זי וויל זיך מישן אין זיי. ביז זי וועט פארענדיקן אויף דאָקטער — וועט זיך אלץ זיכער אויסקריסטאַליזירן און זי וועט קאָנען טאָן ניצלעכע געזעלשאפטלעכע ארבעט.

אויף דער פּרעאָבראַזשענסקע גאס האָט זי געטראָפן אָרעמע ווייבער, וואָס האָבן זיך געשלעפּט מיט זעק זעגעכץ אויז פונם פּערעסיפּ. א נייער מסחר, א ניי באהייצונג.

אין אוניווערסיטעט האָט דאוויד דערציילט, א פּראָפעסאָר האָט אים דייטלעך דערוויזן, אז די באָלשעוויסטישע מאכט וועט ניט דערלויבן דער יוגנט פון פּארמעגלעכע עלטערן פאָרצוזעצן דאָס לערנען.

—„די דריטע קאַטעגאָריע וועלן מיר ווערן".

סטודענטן האָבן געטומלט:

—„מיר דארפן טאָן אלץ אין דער וועלט צו צעשטערן זייער פּלאן צו ווערן אונזערע באלעבאָטים.

רחל: הייסט עס אזוינע ווי זי — וועלן ניט קאָנען מער לערנען. פאַר־וואָס?

—זי ווייסט זייער ענטפער: — „ביז איצט האָט געלערנט נאָר דער פריווילעגירטער, דער רייכער קלאס — דער שונא פונם פראָלעטאַריאַט״.

— דאָס איז אמת, אָבער זי וויל, אז פון איצט אָן זאָל איינגעשטעלט ווערן גערעכטיקייט פאר יעדן איינעם, אָן אונטערשייד. אויב די פראָלעטאַרישע יוגנט זאָל קריגן איר בילדונג אויפן חשבון פון ארויסשטויסן אנדערע, איז מיט וואָס וועט זי זיין יושרדיקער פון דער בורזשואזיע? — ווידער שטיפ־מוטערס מיט שטיפקינדער.

דאָוויד רעדט:

—„לייענט אין איינעם, אָדער אין אַלע זשורנאַלן, צייטונגען, וואָס איז די וואָך געדרוקט געוואָרן, — איין געשריי: „אויס מיט די אלטע מעטאָדן, אויס מיט די אַלטע טראַדיציעס, אויס מיטן אלטן סיסטעם; אויס מיטן דער־ציאונג און בילדונג סיסטעם.

— „און וואָס האָבן זיי צו געבן אויף זייער אָרט?״

נחמן האָט זיך א ריס געטאָן:

—„אונזערע סטודענטן וועלן ניט גראַדואירן צוליב רעגירונגס שטע־לעס, צוליב פיינע מאַניערן! זיי וועלן לערנען, שאפן און העלפן בויען א נייע געזעלשאפט, א קלאסנלאָזע געזעלשאפט. מיר וועלן ניט לערנען קיין טויטע שפּראַכן, מיר וועלן העלפן אויפלעבן אלע שפּראַכן פון יעדער נאַציאָנאַלי־טעט. מיר וועלן ניט מיד ווערן צו קעמפן — ביז מיר וועלן דערגרייכן!״

דאָוויד האָט געלאַכט:

—„ס׳איז ווי אן ערשט געעפנט אָרעמקרעמל, וואָס שטעלט ארויס זיינע פאפּירענע זעקעלעך־גרייפּלעך און האָפט פון זיי צו ווערן רייך״.

נחמן קוקט מיט ביטול:

—„איר, גרויס און קליין בורזשואזיע טראַכט דער עיקר וועגן „רייך ווערן !!!״ — מיר טראַכטן וועגן א נאָרמאַלן לעבן. מיר וועלן עמאַנציפּירן די פרוי, אויסארבעטן א נייע, א פרייערע מאָראַל, די הייראַט מאָראַל — וועט זיין א מענשלעכע, א נאַטירלעכע, מיר וועלען . . .

דאָוויד: האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד:

—„רוסלאַנד האָט ניט קיין פּראָלעטאַריאַט. איר פעלט קאָנסטרוקציע. בלוט פארגיסונג וועט ניט פארשנעלערן דאָס אָנקומען פון דעם סאָציאַליזם; דאָס איבערבויען פון דער געזעלשאפט וועט בלייבן א בייזער חלום.

— ניט מער, די באָלשעוויקעס מיט זייער ציווילער־מלחמה — וועלן נאָך מער פאַראָרעמען און פאַראומגליקן דאָס לאַנד.

— וואָס קאָנען זיי אויפטאָן מיט אומוויסנדיקע פּויערים, אָן א שום מאָ־דערנער אינדוסטריעלער אויסשטאַטונג; אָן טעכנישער פאכמענישקייט —

ווען דייטשלאַנד, מיט דער אויסנאַם פון אַמעריקע, איז דאָס העכסטע אינ־
דוסטריאַליזירטע לאַנד אין דער וועלט״.

נחמן:

—„מיר וועלן אין איין און דערזעלבער צייט: דערציִען דעם ארבעטערס
און פויערס קינדער; בויען די אינדוסטריע, טרענירן אינדוסטריאַליסטן;
אויסשטאָטן א רויטע ארמיי — אונזער שוץ־דינסט. און אין דער זעלבער
צייט ווען מיר בויען פאַבריקן, שולן, אוניווערסיטעטן, טעאַטערס, קונסט־
טעמפּלען״.

זיסקינד א צעצאָרנטער:

—„גליקלעך איז דער נאַר וואָס גלויבט אין נסים!״

נחמן:

—„דאָס פאָלק וועט ווערן די אומבאַזיגבאַרע, באַוואוסטזיניקע ארמיי!״

רחל האָט פאַרזיכטיק און וואכזאַם זיך צוגעהערט צו די ארויסגעזאָגטע
מיינונגען בעתן אויסטענהן זיך. אָבער פון דעם וואָס זי האָט געלערנט פון די
בונדיסטן — פון זייערע דיסקוסיעס וועגן סאָציאַלע ענינים, סיי ווען זיי
האָבן אויך זייער אופן געלערנט רוסטאָ, ספענסער, טש. דארווין, — האָט זי
ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן אזא מין מיטאַמאָליקן איבערבייט אין לעבנס־
איינשטעל.

זי האָט זיך געזאָגט: — צו לייזן אָט די אלע פּראָבלעמען איז ערנסטער,
ווי נחמן שטעלט זיך פאָר.

זינט דער אָקטאָבער רעוואָלוציע האָבן אויך קריסטלעכע סטודענטן זיך
צוגעהערט צו די שמועסן פון אידישע סטודענטן, כאָטש ס׳האָט ביי אייניקע
געגליט אנטיסעמיטישע שנאה און צאָרן אין די אויגן, האָבן זיי דאָך בלויז
פאַרביסן זייערע ליפּן.

—„נאָך א גוטע זאַך האָט אָפּגעטאָן די אָקטאָבער רעוואָלוציע״, האָט
געזאָגט א דאַרער, אידישער סטודענט. און אַנדערע האָבן שמייכלנדיק צו־
געשטימט.

# קאפיטל זיבן

## 1.

אין טומלדיקן ארום האָט רחלס צעווייטיקט הארץ געזוכט סאַשען: פאַר־וואָס קומט ער ניט אין אוניווערסיטעט? וואָס טוט זיך מיט אים, איז ער געזונט?

זי האָט געאיילט צו אים און אין געדאנק געקושט אים. זי האָט גע־צאַרנט אויף זיך פאַר יעדער רגע, וואָס זי איז געווען אָפּגעריסן פון אים.

דער בחור וואָס האָט געטיילט מיט סאַשען דאָס צימער האָט דערציילט: „אַלעקסאַנדער דאַווידאָוויטש איז מיט א רויטאַרמייאישער דיוויזיע אַוועק־געפאָרן פאַרניכטן די רעשטלעך פון די באַנדעס.

רחלען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. זי האָט ווי פאַרלאָרן ס׳לשון.

* * *

די חברישע איינלאַדונג פונם זעלנער צו ווערן מאָרגן א רויטאַרמייער האָט זיך טיף איינגעקריצט אין סאַשעס געדעכעניש: ער וועט עס טאַקע טאָן, און זאָל רחל וויסן. ער איז זיכער, אז אויך זי האָט אים משוגע ליב, אניט, איז ניט רחל וואָלט אים אַזוי אַרומגעכאַפּט, געטוליעט צו זיך, אָבער טאַקע איבער דעם „שגעון״ האָט זי אים אוועקגעשיקט פון זיך, — הער אַ מעשה: „פאַרגיב־ניט, נאָר כ׳וועל קיינמאָל ניט זיין דיינע״.

ער האָט געצאַרנט: צוליב זיין נאָכלויפן איר פון אָדעס אין איר שטעטל און פון דאָרט צוריק האָט ער דערווייל גע׳פטר׳ט די פּאָר לעקציעס זיינע, ווי ווינציק מ׳האָט אים געצאָלט, דאָך האָט ער נישט געדאַרפט אף יעדן טריט אָנקומען צו זיין פאַרביטערטער מוטער.

איבער רחלען איז ער גאַנצע, געשוואָלענע שטונדן געשטאַנען קעגן א ווילדן טויט. ער פאַרשטייט ניט, ווי אַזוי איז ער ניצול געוואָרן פון צעריסן ווערן אויף פּיצלעך, ווי מ׳האָט געטאָן מיט די אַנדערע אידישע בחורים. נאָר אז זי טרייבט אים צום טויט — איז וועט זי ליידן. אָ זי וועט וויסן אז זי האָט אין דעם א חלק, אז זי איז אינגאַנצן שולדיק.

ער האָט גערעדט צו זיך: „איך האָב דאָך שוין געזאָלט אינגאַנצן אַנט־שוויגן ווערן, האָב אוועקגעשליידערט דעם רעוואָלווער צוליב איר — ניט געוואָלט איר געוויסן זאָל זי פּלאָגן פאַר מיין טויט. אָבער איצט וועל איך זיך פאַרשרייבן פאַר א רויטאַרמייער מיט אַ תנאי — מ׳זאָל מיך גלייך שיקן מיט זייערן אַ פּאָלק ארום די קליינע שטעטלעך, זאָל איך, איידער איך שטאַרב — וויסן, אז איך האָב געהרגעט כאָטש א צענדל׳יק ווייסגוואַרדייאישע רוצ־חים פאַר אַזוי פיל אומשולדיק אידיש בלוט״.

זיין צאָרן קעגן רחלען האָט זיך צעפלאַקערט שטאַרקער און שטאַרקער, — „ווען איך זאָל שוין האָבן אַ ביקס וואָלט איך זי, די ערשטע געשאָסן! זי איז מיינע, זי טאָר קיינעם ניט געהערן. איך וועל זי שיסן, איך מוז זי שיסן".

נאָר אַזוי־ווי קיין ביקס האָט ער נאָך ניט געהאַט, האָט ער גענומען זיין קאָם און זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן שפּיגל מאַכן קנייטשן אויף זיין גרויסן קאָפּ מיט די שטייף־גלייכע האָר. ער האָט, ווי שטענדיק, ארומגעוויקלט זיך דעם קאָפּ מיט אַ האַנטעך, די געמאַכטע קנייטשן זאָלן אַזוי פאַרבלייבן נאָכ־דעם, ווידי האָר זיינע וועלן אויסטריקענען.

זיינע קרום־געשניטענע אויגן האָבן זיך צעגליט:

— „און אויב איך וועל דווקא בלייבן לעבן, וועט רחל אויספירן אירס, איך וועל ווערן אַ „סאָציאַלער" דיכטער."

די נייע געשעענישן האָבן שוין ניט איינמאָל געדופן סאַשען, געמוסרט אים פאַר זיין פּאַסיווקייט, אָבער איצט האָבן זיי אים ממש געשלעפּט, גע־רייצט:

—„מיטן נעמען אַן אנטייל אין לויף פון היינטיקע טעג — וועט זיין ליד באַלויכטן ווערן, מיט די באָלשעוויקעס גייט דאָס פאָלק, — דער מאַ־טעריאַל פאַר די לידער, וואָס ער האָפט צו שאַפן.

.3

רחל האָט געציטערט, געפלאַטערט: איז סאַשע ניט פאַרוואונדיקט ? לעבט ער ?

זי איז אַוועק צו זיין נאָנסטן פריינט: מיט יאָניען וועט זי זיך בעראַטן.

דעם זיבן־און־צוואַנציק יאָריקן יאָניעס פאַרגאַנגענהייט איז אַ רעוואָ־לוציאָנערע. געשטאַמט האָט ער פון אַן אָרעמער משפּחה. זיין פאָטער, אַן איידעלער, אויפגעקלערטער מענש האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט, אָבער אַ בוך לייענען האָט ער געמוזט, אַ אידישן, אַ העברע־אישן, אַ רוסישן.

יאָניעס דריי שוועסטער האָבן פון זייערע פאַרדינסטן זיך געלערנט, ארויסגעהאָלפן אין שטוב און נאָך געהאָלפן פרעמדע.

זייערע שטאַרק אָפּגעטראָגענע קליידער, דאָס ארעמע אלטע מעבל אין הויז, די ניט באַפרידיקטע ליבשאַפט צו שיינקייט, — האָט זיי זייער פרי געשטעמפּלט מיט אַן אָפּגעלעבטן אויסזען.

יאָניע האָט קיינמאָל קיין אַקאַדעמישע בילדונג ניט געקראָגן, דאָך פלעגט ער געבן לעקציעס צו הינטערשטעליקע סטודענטן. ער האָט געקאָנט שפּראַכן, געלייענט פליסיק די דייטישע און פראַנצויזישע ליטעראַטור. גע־ווען באַהאַוונט אין געשיכטע און זייער ליב געהאַט דאָס דאָזיקע געביט.

ער פלעגט זייער ווינציק רעדן וועגן זיין שרייבן. א טאלאנטירטער דיכטער, אָבער זייער זעלטן פאר עמעצן געלייענט זיינע לידער, — ס׳איז זיין זאַך.

זיינע גרויע, טיף־אומעטיקע אויגן האָבן אָפט געשמייכלט.

רחל האָט געזאָגט אויף זיין שמייכלען, — „ס׳איז ווי א זומער רעגנדל, וואָס צעטראָגט אין דער לופטן דעם כשוף׳דיקן ריח פון צעבליטער אקאַציע״.

א שפיק פלעגט היטן זיינע טריט, ניט איינמאָל האָט יאַניע געזען אין זיין שלאָף אָן א שיעור פאָליציייאישע־היטלען — און אויף מאָרגן איז נאָך גרע־סער געוואקסן זיין רעוואָלוציאָנערער אימפעט.

כמעט צוויי יאָר האָט ער געארבעט אין א געהיימער טיפּאָגראפיע, און קיינער פון זיינע באַקאַנטע, אריינגערעכנט סאשען, האָבן ניט געהאט דעם מינדסטן חשד וועגן דעם.

ער איז געווען ארעסטירט דריי וואָכן, און ווען סאשע איז צוגעשטאנען: „וואו איז ער פאָרט אהינגעקומען״. האָט יאַניע געענטפערט: „געווען צו־גאסט אין בעלאַ־צערקאָוו״.

סאַשע האָט זיך גאָר דערפרייט: „אהא! א מלאך, אָבער ס׳האָט א צי־געטאָן צו ליובען!״

יאַניען איז שטארק געפעלן געוואָרן זיין חבר׳ס פארדעכטיקן אים אין ליבע, ווייל פאר אים איז צוליב דער רעוואָלוציע, אפילו זיצן אין טורמע, ווי א באַגעגעניש מיט א געליבטער.

אים איז רחל געקומען בעטן, ער זאָל איר העלפן, זי זאָל קאָנען זיין צוזאמען מיט סאַשען. יאַניע זאָל זען מ׳זאָל איר געבן א דערלויבניש צו זיין א קראנקנשוועסטער אין דעם פאָלק מיט וועלכן סאַשע פאָרט ארום.

—„יאָ, זי ווייסט מיט וויפל סכנות זי וועט זיך אנטרעפן, —איז איינ־מאָל לעבט מען.

— ניין, ניט אלס באָלשעוויטשקע וועט זי פאָרן, דאָס ניט, זי דענקט ס׳איז ניט אין איר בלוט, אָפּנארן וועט זי ניט, זי קאָן אזא זאַך ניט טאָן אָפילו צוליב סאשען.

זי האָט אין זיך ארייננעגנומען איטלעך וואָרט, יעדן קלאַנג פון יאַניעס ענט־פער, ווי מ׳אָטעמט אַריין א גוטן אַראָמאט פון פרישע רויזן, און דערביי געקלערט: אָט דאָס איז אַ פּאָעט, ווערט ער פון עפּעס באַגייסטערט פאַר־וואנדלט ער זיינע ווערטער אין א כשוף, אין א חלום פון אַ גרויסן וואונדער־לעכן אמת. ווען זי זאָל דערהערן אין סאַשעס לידער אַזעלכע פיינע און באַ־גייטע געדאַנקען, — וואָלט איר די וועלט געוואָרן גרעסער און יום־טוב׳־דיקער.

יאַניע האָט זי פאַרזיכערט, אַז זי וועט קאָנען פאָרן, ער וועט איר לאָזן וויסן ווי נאָר ער וועט קריגן פאַר איר די דערלויבעניש.

רחל האָט געשמייכלט פול מיט האָפענונג:

— זאָל ער אין זיין בריוו צו סאשען גאָרנישט דערמאָנען וועגן איר.

---

זי האָט זיך געגרייט צו מאַכן סאַשען א סורפּריז מיט איר קומען צו אים. דערווייל געהאלטן, אין די געדאנקען, אין איין שרייבן בריוו: ער פעלט איר אויס, ווי די בעסערע העלפט פון איר אליין, די העלפט וואָס שאפט א פאַרכשופטע פרייד.

„דאָס וואָס איר האַרץ האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין זיינס — און ווי צוויי איבערגעפילטע בעכערס א טרונק געטאָן איינער פונם אַנדערן, — האָט זי אויף אייביק פאַרשיכורט!״ . . .

די טעג זיינען געוועזן שיינע, לויטערע, און רחלס שטימונג איז גלייך מיט דער נאַטור געוואָרן א פרילינגדיקע. יעדע מינוט, יעדער טאָג האָט געזונגען אין איר. פאַרבייגייער האָבן געמיינט, אַז דאָס שמייכלט זי אַזוי ליב צו זיי, — האָבן שמייכלנדיק צוריק־געענטפערט.

איין זאַך האָט רחלען פאַרדראָסן: אין משך פון די לעצטע צען טעג האָבן זיך איר דערקלערט אין ליבע דריי, זעקס, עלף בחורים! ווי זי וואָלט מיטאמאָל געוואָרן אַ זעלטענע קראַסאַוויצע. אפשר שטעקן זיי זיך אָן פון איר — מיט איר געפיל.

— דער צעטראָגענער, צעבייזערטער זיסקינד איז פלוצים פאַרכליאַפּעט אין איר איבער די אויערן. ער פאָרט אוועק קיין ווילנע. „ער קאָן ניט צוזען ווי פאַרפירער רעדן איין אידישע אַרבעטער, אַז די אַלגעמיינע באַוועגונג וועט לייזן אונזערע פּראָבלעמען״. „זי מוז מיטפאָרן מיט אים, העלפן דעם אידישן סאָציאַליזם״.

דאַוויד האָט שוין צוגעגרייט אַ „פרייען דאַנערשטיק״ און זיין פאָטער האָט פאַר זיי צוגעגרייט אַ „גרויס־פאַרמעגן אין אויסלאַנד״.

— דער פועלי־ציוניסט שאַץ, שמייכלט רחל, ווען זי פּגרט ניט נאָך סאַשען, איז שאַץ טאקע דער וואוילסטער, אַזאַ געטרייער, אַזאַ מיט לייב און לעבן איבערגעגעבענער איד. זי וואָלט אים אָנגערופן: „דער מאָדערנער צדיק״. ער האָט זיך פאַרשריבן אין דער וואָלונטיר דרוזשינע, ווייל מדארף קאָנען האַלטן א ביקס, און „דער עיקר מ׳דארף זיין אינווייניק צו וויסן ווי צו קעגנשטעלן זיך די שונאים פון ציוניזם״. ער און נאָך אַ פּאָר קאָלעגן אַג־ריקולטוריסטן האָבן געדונגען א שטיקל לאַנד אויף דער זאַסטאַווע און לערנען א גרופּע בחורים און מיידלעך ערד־אַרבעט.

— כאָטש רחל האָט אים שוין איינמאָל אָפּגעזאָגט, אָבער איצט, גלויבט ער, האָט דאָס לעבן איר דערוויזן, אַז נאָר אין ארץ־ישראל וועט דער איד

אויפלעבן, דאָרט וועט אויפלעבן זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַוואוסט־זיין. מ׳דאַרף צוגרייטן אַ געזונטן באָדן פאַרן אידישן פאָלק. זי, רחל מוז זיין גרייט מיט אים מיטפאָרן.

לעצטנס איז זי טאקע געוואָרן מער נאציאָנאל געשטימט, נאָר זי האָט מורא זיך אַרויסרעדן פאַר שאצן.

— די אַנדערע פארליבטע סטודענטן? א פּאָר ווילן זי ראַטעווען פון פרייער־ליבע, וואָס האַלט שוין ביי ווערן אַ וואָכעדיקע זאַך. און אנדערע לייגן איר פאָר דאָס גליק פון דערדאָזיקער וואָכעדיקייט.

רחלס קין און באק חנ׳גריבלעך זיינען טיפער געוואָרן: עס אמוזירט זי, דאָך ווען מ׳איז אַליין אַזוי אויפגעלעגט, איז נישט אַזוי אַנגענעם צו זיין ניט־גוט צו יענעם. כאַ, כאַ.

פּלוצים: אַ מורא, אַ שרעק. רחל איז געוואָרן בלייך: אפשר וועט סאָשע איר ניט מוחל זיין, וואָס טאָקע מיט אַן אמת האָט אַרויסגערופן איר ווילדע האַנדלונג? זאָל עס זיין, אַז סאָשעס פארלאנגען פון איר ווינציקער, ווי אירע באַקאַנטע בחורים האָבן איר איינגערעדט אַז זי קאָן געבן, — איז געווען די הויפּט אורזאָך וואָס זי האָט אים אַוועקגעשיקט פון זיך?

—כמעט יעדער איינער פון די וואָס האָבן זיך איר דערקלערט אין ליבע האָבן זי גערופן העלפן בויען: בויען ארץ־ישראל; בויען א אידישן סאָציאַליזם, בויען אַן אמתן וועלט־סאָציאליזם; העלפן דער רעוואָלוציעס דערפאָלג. — — —

זי האָט זיך דערמאָנט וועגן וואָס סאָשע פלעגט דער עיקר רעדן, ווי ער האָט זיך אויפגעפירט אין דער אנוועזנהייט פון אירע באַקאַנטע און בעתן בלייבן מיט איר אליין. א סך פאראיבלען אויף אים האָבן זי געטאָטשעט: דווקא ער, דער פּאָעט, איז אַזאַ גשמותדיקער, קעגן וועלכן זי האָט ווילנלאָז רע־וואָלטירט.

פּלוצים איז איר פּנים פאַרשעמט, שארלעך־רויט געוואָרן, זי איז אי־בערגעגאַן פון שטול אויף דער קאַנאַפּע, זיך אַריינגערוקט אין דער וואַנט, ווי זי וואָלט געמאכט אָרט פאַר עמעצן.

אַ קינדישער שמייכל האָט זיך געשפּילט אויף איר יונג־מיידלש פּנים: ער וועט פאַרגעבן.

אַן אומגעדולדיקע איז זי אַוועק צו יאַניען: אפשר האָט ער שוין די דערלויבעניש? גייענדיק דורך דעם מאָראַזליער פּאַרק האָט זי געזען ווי דריי מאַטראָסן, מיט זייער וויגנדיקן שפּאַן, שלעפּן א שיף־אָפיצער. זיי האָבן אים מיט זייערע ביינערדיקע קני הינטערגעשטויסן און הילכיק גע־לאַכט:

— „פּריץ, האָסט פארגעסן אויסטאָן דיינע אָנגעקראָכמאַליעטע מאַנ־זשעטן׳ — אומזיסט זיך איבערגעטאָן, אַפילו אַן אָפּגעשונדענעם וואָלטן מיר

דיך דערקענט, וואָס דו האָסט זיך טויזנטער מאָל אומזיסט און אומנישט נוקם געווען אין אונז.

— אפילו אז מיר בעטן ניט גענוג האַרציק פאַרן קייסערס געזונט איז אויך ביי דיר געווען א גענוגענדיקע סיבה צו שמייסן דערפאַר.

מיט זייערע פאַרהאַרטעוועטע פויסטן האָבן זיי געקלאַפּט דעם אָפיצער:

— „מירן דיך אָפּשיקן צו דיין פריינט, דעם צאַר־באַטיושקאַ — וועסטו דאָרטן צוזאַמען מיט אים פּרום דאַוונען".

אַן עולם איז געשטאַנען, צוגעקוקט. אייניקע האָבן הילכיק מיטגעלאַכט, ביי אַנדערע האָבן זיך די פּנימער געכמורעט און געצונדן אין ביטערן צאָרן, אָבער קיינער האָט זיך ניט אַריינגעמישט.

ביי רחלען האָט שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ פון צוזען דאָס פאַרבי־טערטע שלאָגן א מענשן, נאָר קיין רחמנות האָט עס ביי איר ניט ארויס־גערופן. זיין אויסזען האָט איר דערמאָנט אין סטראַזשניק ביי זיי אין שטעטל, פאַר וועמען זי האָט מורא געהאַט און פיינט געהאַט, כאָטש צו זיי אין הויז פלעגט ער אַריינקומען, ווי אַ כלומרשטער פריינט.

דעם אָפיצערס שרייען: „גוואַלט! ראַטעוועט!" האָט גיכער אין איר גע־זעטיקט א נקמה געפיל, עס האָט איר דערמאָנט אין די בלוטנדיקע ציין, וואָס איר קוזין האָט געליטן פון אַן אַנדער צאַרישן אָפיצער.

אויף דער באַזאַרנע האָט יאָניע פון ווייטנס דערזען רחלען און איר גערופן:

—איך האָב שוין אייער דערלויבעניש און אָקאָרשט געוואָלט גיין צו אַייך. כ'וויל נאָר א פרעג טאָן טאָמער איז פאַראַן עפּעס אַ בריוו.

רחל האָט דערקענט סאַשעס האַנטשריפט, זי וועט עס לייענען! זי קוועלט אָן: סאַשע פירט אָן מיט דער רעגיסטראַציע פון דער פרייוויליקער מאָביליזאַציע. ער שרייבט: ער האָט אַרויסגעשיקט בריוו צו פיל באַקאַנטע, זיי זאָלן צורעדן די יוגנט זיך־פאַראייניקן מיט די רויטע, זיי זיינען וואוילע יאַטן.

זי איז שטאָלץ: סאַשען האָט מען אויסגעקליבן פאַר א קאָמאַנדיר אין א פאַרטיזאַנישן אָטריאַד. זי לאַכט — זי איז די גליקלעכסטע פאַרטיזאַנקע: אויך זי וועט. —

מיטאַמאָל האָט איר פרייד קאָנוואולסירט פון סאַשעס שרייבן: „יאָניע, זיי אזוי גוט, גיב איבער רחלען, איך האָב זיך דאָ באַפריינדעט מיט א מיידל. קלוג, שיין, געבילדעט, אָנגעלייענט, הכלל מיט אַלע רחל'ס מעלות, אפילו זייער אַ צוריקגעהאַלטענע אויך, דאָך האָט זי, אויפן דריטן טאָג פון אונזער קענען זיך, מיך גערופן אין בעט אַריין. איך בין איר געפעלן — איז באַסטאַ!"

סאַשעס ליבשאַפט צו זיך איז אַן אויפגערעגט־הייסע, אַז מ׳איז אים עפּעס וואָס פּוגע־בכבוד, איז ער גרייט יענעם אַפּצואווישן. רחל האָט אים באַליידיקט, ווייגעטאָן ערגער קאָן שוין ניט זיין!

ער איז זיכער, אז זי האָט אים נאָך איצט שטאַרק ליב, — איז זאָל זי וויסן!

יאָניען רעספּעקטירן אַלע. זיין אינטעליגענץ, זיין מענערשע שיינקייט, זיינע גרויע פאַרנעפּלטע אויגן גלעטן מיט אַ ליבלעכער ערנסטקייט, און אָרנטלעכקייט. אַלץ אין אים איז געטריי, באַטירלעך. פון ווייטנס קוקט ער אויס באַפעלעריש, שטרענג, מיט יעדן איינעם העפלעך, פריינטלעך. א גוטער מוסטער פון איידלקייט.

אָבער איצט זיינען זיינע אויגן געוואָרן פינצטער, נאַכטיק, זיינע ליפּן האָבן א כליעשטש געטאָן: — „ער איז פרויען־קראַנק!"

---

דערהערט יאָניעס דיאַגנאָז — האָט זי ניט וואָס צו זאָגן. איר צאַרט טונקל־מאַט פּנים — טויט.

זי איז שוין פון יענער זייט טיר: ביי סאַשען איז דער עיקר דאָס שלאָפן מיט אים, און זי האָט געוואָלט הערן זיין ליד.— זי האָט נאָך אַלץ געמיינט אַז אַ קינסטלער איז העכער, שטאַרקער פון געוויינלעכן מענשן, הייסט עס: זי האָט געוואָלט אויסהיילן א האַפּנונגסלאָזע קרענק מיט א האָפנונגסלאָז מיטל.

פון פאַרדראָס, באַליידיקונג איז זי אַריין אין אַזאַ גרימצאָרן, אַז זי האָט אזש אָנגעהויבן פריילעך שמייכלען און אין געדאַנק אונטערגעזונגען: „אָנגע־וואוירן אַזאַ־מין־ליבע — גוט און וואויל איז מיר".

טרערן האָבן זי געגומען שטיקן. אירע געדאנקען האָבן געגראָבן אויף צוריקוועגס! פאַרוואָס פון די אַלע קלוגע, ערנסטע בחורים איז איר האַרץ שטיין געבליבן פאַרעקשנט ביי סאַשען? ער איז גאָרנישט אַזוי חריפות׳דיק־קלוג, און וועגן זיין טאַלאַנט איז נאָך אויך אַ שטיקל פראַגע, ס׳איז נאָך דערווייל ניט צו געפינען אין זיינע לידער עפּעס אזוינס, וואָס זאָל ארויס־ווייזן אַ שטאַרקע אינדיווידואַליטעט. פון שיין איז ער אויך ווייט.

זי איז געבליבן שטיין אין מיטן וועג: גאָט, ווי זי בענקט נאָך זיין ניט־שיינקייט.

זי האָט זיך דערמאָנט אין דינהן, וואָס ניט קוקנדיק אויף איר גרויסן בראָך, טראָגט זי דאָך אין זיך א טיפן גלויבן: „די דערהויבנקייט פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע וועט זיין דאָס גליקלעכסטע ליד, די העכסטע הימנע צום נייעם לעבן".

**.4**

די זון איז שוין געהאט פאַרגאַנגען. א נעפּלדיקע דעמפּיקייט האָט זיך געשפּרייט אין דער לופט. מען האָט געפירט אַ גרופּע געפאַנגענע דייטשן,

פאַרבייגייער האָבן געפּרואווט טרעפן: — מען שיקט זיי אָפּ צוריק קיין דייטשלאַנד. — מע שליסט שלום מיט די דייטשן.

אַנדערע האָבן געטראַכט: — דאָס פּירט מען זיי אויף אַרבעט.

אינגלעך האָבן געסווישטשעט די געפאַנגענע אין פּנים אַריין מיט צע־רייצטער נקמה, מיט בולטע, גיריקע אויגן אויסגעלאַכט זייער קאָמאַנדיר:
— זיך געפּאַקט ! כאָ, כאַ !

אָפּשפּרינגענדיק אויף־צוריק, האָט איינער א חברהמאַן אומגעוואָרפן אַן אינוואַליד אַן אַ פוס. דאָס אינגל מיט זיינע חברים האָבן זיך געכאַפּט אים אויפהייבן, נאָר יענער האָט זיך ניט געלאָזט, געטענהט:

— „צעהאַקט דעם טראַטואַר אונטער מיר, זאָל מיך די רויע ערד פאַרשלינגען". דאָס האַרץ האָט צונויפגעדריקט פון דעם טרויעריקן בילד.

לעצטנס האָט מען אויף יעדן טראָט באַגעגנט מלחמה־קאַליקעס: אַן א האַנט, אויף קוליעס, מיט דעפאָרמירטע פּנימער. און אין די וויטרינעס האָט מען אַרויסגעשטעלט הילצערנע גלידער־טיילן פון מענשלעכע קערפּערס. קאַליקעס פלעגן אויפציטערן ביים דערזען די טיילן גוף וואָס האָט זיי אויס־געפעלט.

איינער מיט אַן אויסגערונענעם אויג און א צעברענטער באַק האָט אָפּגע־שטעלט רחלען:

—„בארישניע, כ'שטאַרב פון הונגער, קומט אַריין אין טויער און גיט מיר עפּעס צו קויפן עסן", און זיך געלאָזט פאַראויס לויפן אין אַ הויף.

זיין גרוילעכער אויסזען און זיין אָפּגעריסענער הילוך האָט זי געשראָקן. זי האָט מורא געהאַט אים נאָכצוגיין, אָבער ניט געקאָנט ביי זיך פועלן אים ניט צו העלפן, זי האָט געפילט — זי איז עפּעס שולדיק יעדן מלחמה אינ־וואַליד: — א האַנט, א פוס, דעם־אַ — אַן אויג.

זי האָט פאַרהאַלטן איר טראָט קעגן טויער און דערזען ווי ער פאַרעט זיך מיטן פּאַסיק און רופט זי צו זיינע צעשפּיליעטע הויזן.

אַ פאַרציטערטע האָט זי זיך אָוועקגעריסן פון דאָרט: דאָס זיינען נאָך מלחמה באַשעפענישן, ווילדע מלחמה־פּראָדוקציע.

זי איז געוועזן צופרידן וואָס גרישע וואוינט אין צווייטן הויף און איז גלייך אַריין אַהין. זי איז געשטאַנען ביי זיין טיר און אָפּגעוואַרט מיטן אָנ־קלינגען, זי האָט זיך פריער געוואָלט באַרואיקן.

---

גרישע איז שוין צוויי יאָר אַ סטודענט, ער ווייסט אַז אַ איד וועט מיט אַגראָנאָמיע ניט קאָנען זיך באַנוצן, גיט ער נאָך זיין פעטער און מומען, וואָס האָבן אים אַדאָפּטירט און ווילן האָבן אַן אייגענעם דאָקטער פאַר זייער „אויסברענגען זיך".

ער נעמט אויף מעדיצין און איטלעך מאָל זאָגט ער: „עס שלאָגט צום האַרצן".

צווישן גרישען און רחלען האָט זיך אויסגעארבעט א זעלטענע, געטרייע פריינטשאַפט, וואָס קריכט ניט אַריין אין דעם צווייטנס נשמה, נאָר דערפילט דעם אנדערנס אומרואיקייט. זי בארואיקט, ווי מיט א כישוף.

רחל האָט שוין אַמאָל געזאָגט דינהן וועגן אים:

— ס'איז ווי זאָלסט מיט אַ שווער געמיט אַוועק אין וואַלד, ער פרעגט דיך גאָרנישט, ער הערט דיך ניט אויס, דו דערציילסט אים גאָרנישט. אין דער סביבה פון זיינע ביימער און בלעטער באַרואיקסטו זיך. „זיין שווייגן היילט ווי טרייסט".

גרישע איז אליין געווען אין שטוב, האָט רחל גלייך אָנגעהויבן רעדן וועגן דינהן. די ערשטע רגע איז גרישעס לאַנגלעך פּנים מיט די פּאָר קאָרענע קלייען, שטאַרק בלייך געוואָרן און באַלד איז עס בלוט־רויט געוואָרן, ער האָט זיך געשויבערט זיין געדיכטן קאָפּ האָר, און אויסגעשאָסן אַ מאָדנעם געלעכטער.

— רחל, איך קאָן עס ניט פאַרשטיין, אויך דו?! אַזאַ אויסגעהאַלטענע, אַזאַ איינגעהאַלטענע, — זאָלסטו פּלוצים בארעכטיקן אַזאַ זאַך, ביסט עפּעס א נייע געוואָרן.

זי האָט אַ ציטער געטאָן: אויך ער האָט דערזען אין איר די פרעמדע רחל. פרעמדע רחלס, זי קען זיי ניט, זייערע מיינונגען, זייערע אַנשויאונגען זיינען איר פרעמד, זיינען איר פריקרע, אָבער לויט דעם, ווי די רחלס באַרעכטיקן זיי, קומט אויס — אז זיי זיינען ניט אומגערעכט. זי שרעקט זיך פאַר זיי און עס ציט זי צו זיי.

זי האָט דערזען: ווידער האָט גרישעס פּנים געקראָגן דעם אויסדרוק אי פון אַ באַיאָרטן מאַן, אי פון נאָך גאָר אַ יונג אינגל, א קינד.

ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן איר:

—ס'איז אַזוי, כ'האָב דיר שוין דערציילט אַז כ'האָב שטאַרק וויי־געטאָן מיין פאָטער ווען כ'האָב, נאָך מיין מוטערס פּריציייטיקן טויט, אים באַשולדיקט און אונטערגעשטראָכן, ביים אָפּשיקן אים די שיפס־קאַרטעס, אַז כ'וועל אים קיינמאָל ניט מוחל זיין.

— אויף וויפל מיין פאָטער איז געווען שולדיק, צי גאָרנישט שולדיק, האָב איך צו שפּעט זיך איבערצייגט, אַז צווישן מאַן און ווייב — איז עס אַ צו־דעליקאַטער ענין קינדער זאָלן משפּט'ן

— מיין צערייצטער געוויסן, צי אפשר פּשוט צערייצטע נערוון שטראָפן אויף טריט און שריט דעם פאַרזינדיקטן זון אין מיר. געמאַכט מיך ווי א פינצטערן קנעכט אויספילן די ערגסטע נאַרישקייט. ווען כ'בין נאָך קיין יאָר

ניט אַלט געווען, האָבן מיך מיינע עלטערן פאַרקנסט צו אַ שכנה'ס ביי גע־בוירן מיידעלע.

— איז איך, אַ צוויי־און־צוואַנציק יאָריק פערד, ווען כ'האָב זיך דער־וואוסט פון דעם — בין ווי אין אַ שיגעון אַוועק אין מיין געבוירן־שטעטל. אַ פּראָווינציעל וואויל מיידל, אַ שיינע, א סך בחורים שארפן זיך די ציין, אָבער זי האָט אַרויסגעקוקט אויף איר אַדעסער פּרינץ.

— איך בין דאָרט אָפּגעווען איבער צוויי וואָכן. כ'בין יעדן טאָג גע־גאנגען צו איר מיט אַ פעסטן באַשלוס, אַז זאָל מיר אַפילו טויזנטער מאָל זיין טייער דער אנדענק פון מיין מוטער, און זאָל מיך אַפילו טויזנטער מאָל מער פלאגן דאָס פאַרזינדיקן זיך פאַר מיין פאָטער, — מיט איר קער איך זיך גאָרנישט אָן!

— פון דעמאָלט אָן, שוין צוויי יאָר, און זי שרייבט מיר נאָך אלץ ליבע־בריוו. איך ענטפער זייער זעלטן און זייער קאַלט, אָבער דאָך שרייב איך זיך מיט איר איבער. כ'ווייס ניט צי ווייל זי איז שטאַרקער פון מיר, צי ווייל זי האָט אויסגעפונען דעם סוד פון מיין שוואַכקייט. — איז ווי מיינסטו דינה'ס פאַרשלאָג פעלט מיר נאָך אויס".

גרישע איז ארומגעלאָפן איבערן צימער:

— „אַזאַ איראָניע! אַזאַ אָפּגעשטאנענקייט און פּראָגרעסיווע פאַריסנ־קייט. פאַר מיר איז עס היפש אומקלאָר און טונקל".

פינף מינוט צייט האָט גרישע דעקלאַמירט אויסצוגן פון האַמלעטן. און פּלוצים זיך האסטיק צוגעבויגן צו רחלן: ווי ער, בין איך אויך „פאַריקט", און ווייס קיינמאָל ניט וואו אמת און וואו ליגן.

ער האָט זיך געריבן דעם שטערן:

— זאָג דינהן, אַז זי פאַרדינט צו האָבן אַ קינד פון אַזאַ גייסטיק גע־זונטן, ווי זי אַליין איז".

5.

רחל איז ארויס פון גרישען אַ צעטראָגן־אַנטוישטע. ס'הייסט ניט אַזוי מיט אים גופא, ווי מיט דעם גרעסטן טייל אינטעליגענציע, וואָס איז ווי ער.

איר אויפוואכנדיקער באוואוסטזיין האָט געזאָגט:

— אזויפיל וואוילע, פיינע בחורים, נאָר פאר דער מענשהייט זענען זיי נולן, נוצלאָזע נולן, וואָס אַחוץ זייער אַרומטראָגן זיך מיט זייער קיילעכדיקן איך, קומט קיינעם פון זיי גאָרנישט אַרויס.

עמעץ אין איר האָט געשריען: „אויך דו ביסט אַזאַ".

אויף דער קליין־ארנאַאוטער גאס איז רחל אראָפּגעגאַנגען אין א קעלער־רעסטאָראַן, דאָ ארבעט דינה'ס א קרוב, אפשר ווייסט ער וואו צו געפינען דינהן. און אפשר וועט זי דאָרט אויך קריגן עפּעס עסן.

צוויי צונויפגערוקטע טישלעך זיינען געווען ענג אַרומגערינגלט מיט

טומלדיקע בחורים און מיידלעך. פון זייער שלוקעכצדיקן ריידן, תמעוואַטע לאַכן, שאָקלנדיקן זיצן — האָט מען גלייך דערקענט, אז זיי האָבן ניט איין „לחיים" געמאַכט.

רחל קען זיי אַלע, ס'איז סאַשעס באקאנטע מיט כאַזאַנען בראש, ער האָט אָן אויפהער העברייאישע משלים.

ביז זעכצן יאָר האָט כאַזאַן געלערנט אין ישיבה, זיין שארפער מח האָט אָנגעהויבן ווערן אַ שם דבר. נאָר פּלוצים איז זיין פאָטער שטאַרק רייך געוואָרן פון סאַבאָטירן די באַשפייזונג פון די אַרמייען, און ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט אַ זון — א דאָקטער, א בארימטקייט אין דער ברייטער וועלט. קיינע געלטן וועלן ניט אָפּשטעלן.

איז כאַזאַן געקומען קיין אָדעס, אָפּגעלערנט די זומערדיקע פיר חדשים ביי אַ שווארצמאהדיקן דירעקטאָר פון אַ קאַזיאָנער גימנאַזיע און געוואָרן דאָרט אַ גימנאַזיסט פון זיבעטן קלאַס. אָנשטאָט דער גימנאַזיסטי־שער פאָרמע, האָט ער אָנגעטאָן א סטודענטן מונדיר. ער איז ניט געווען קיין אויסנאַם, אין די לעצטע מלחמה־יאָרן איז צוגעקומען א וויץ: „ער איז אַ סטודענט פון „מ'קאָן" גימנאַזיע".

דער הויכער, ברייטביינערדיקער כאַזאַן מיט זיין שאַרפן, דורכגע־טריבענעם מח, מיט זיין ביסטרען, קלוגן בליק, — האָט, אינאיינעם מיט אַ גרויסער צאָל אָדעסער יוגנט, זיך אַריינגעוואָרפן אין שטראָם פון אָדעסער לעבן מיט אַלע חשים, אַלע אברים, נאָר ניט מיטן קאָפּ.

כאַזאַנען האָט רחל פיינט. ווי נאָר סאַשע האָט אים מיט איר באַקענט האָט זי באַמערקט, כאַזאַן לאַשטשעט זיך צו סאַשען ווי א הינטל, און איטלעך מאָל ווען ער האָט זיך געוואָלט אַרויסשטעלן מיט זיין פירן א פּוסט לעבן — חזרט ער איבער: „סאַשע מיט אונז זיינען געווען פאַרשניאָשקעט", „סאַשע מיט אונז זיינען אָוועק היידאַ־טראַיקאַ ! ! !"

אויף רחלס פרעגן צי מ'קאָן עפּעס קריגן עסן, איז כאַזאַן אַרויס פון הינטערן טיש און אויסגערופן:

— באַלעבאָס, שטעלט פאַר איר א פּאַרציע לעבן אונז, — איך באַצאָל!

ער האָט זיך צו איר צוגעבויגן מיט אַ שיכור־גרעבצעריי: „אונזערע גאָלדענע צענערלעך וועלן מאַכן אַפילו אַן אָקס מעלקנדיק".

רחל האָט זיך צו זיי צוגעזעצט, אין זייער לייכטזיניקער בלעבלעריי האָט זי געזוכט איר פארצוקטע פרייד.

כאַזאַן האָט, ווינקנדיק צו אַלע, דערציילט רחלען: „די גימנאַזיסטקע סאַרע לערער און די קורסיסטקע ווערע פונק, — די צוויי פרומע אידישע טעכטער, מ'זאָל זיי אָפּגילטן וועלן זיי ניט פאַרזוכן אַ פיצל חזיר־פלייש, זיינען זייער גוטע, זיי קאָנען ניט ליידן ווען מענשן האָרעווען שווער —

ווי נאָר זיי דערהערן אַז אַ בחור פרעגט זיך נאָך אויף זיי, — אַזוי כאַפּן זיי און טוען־זיך־איבער אין אַ ברייט צעעפנטן מאַרגן־ראָק.

— סאַשע, איך און נאָך אַ פּאָר, וואָס מיר האָבן געשיקט, האָבן זיך איבערצייגט אין זייער האַרציקער גוטסקייט! כאַ, כאַ!״

כאַזאַן האָט זיין איטלעך וואָרט צוגעווירצט, ביי די בחורים האָבן זיך די פּנימער געשמאָלצן פון נחת, די אייגלעך צעגלאַנצט. זיי האָבן זיך שטאַרק פּאַסמאַקעוועט, די מיידלעך האָבן געלאַכט, געקוויטשעט צום טאַקט פונם ציניזם, פאַרוואָרפן די קעפּלעך, ווי אומגערן געטראָפן אויף אַ בחורס אַקסל.

רחל, די איינציקע ניכטערע, האָט געפילט איבעלדיק פון די שלעכטע שיכורע ריחות, וואָס האָבן געזעצט פון זייערע מיילער. עס זיינען איר גע־קומען אויפן געדאַנק סאַשעס שכלדיקע, פיינע געדאַנקען און זיין פּאָעזיע, וואָס האָט באַוויזן זיין גרויסן פלייס, זיין אַרבעטן אויף זיין באַרוף דורך לייענען, שטודירן, אַריינטראַכטן זיך אין די בעסערע ליטעראַרישע ווערק. אָן אומרו אין איר האָט געשטורעמט: קיינמאָל אין לעבן פאַרגיט מען ניט אַזעלכן.

אויך זי האָט הויך געלאַכט, אָבער זי האָט געלאַכט מיט הנאה וואָס ווערע האָט געוויזן סאַשען, אַז ער מיט די אַלע אַנדערע איוואַנעס האָבן איין פּנים.

און אויפן אָרט זיך געזאָגט: אייגנטלעך, וואָס איז די נפקא־מינה צי עס ציט בלויז צו איינעם, אָדער צו אַ סך. דאָס אַנערקענען דעם נאַטירלעכן טריב באַרעכטיקט יעדנס אויפפירן זיך לויט זיין געפיל. אָט האָט זי איר פאַרבאָרגענעם ריינעם באַגער אָפּגעלייגט אויף אַ שפּעטער, איז דער שפּע־טער אומגעריכט געשטאָרבן, מאַכט מען אים אַן אל־מלא.

זיי האָבן געזונגען סטראָפן פון דער מאַרסעליעזע:

,,מירן זיך אָפּטרייסלען פון דער אַלטער וועלט,

מירן אָפּטרייסלען איר שטויב פון אונזערע פיס״.

זייער לעקעשעוואַטע לאַכן האָט דערציילט וועגן זייער ציניש אַריינ־טייטש אין די ערלעכע ווערטער.

רחל האָט דערפילט אַ שווערן עקל. עס האָט זיך איר געדאַכט: היל־צערנע העמערלעך קלאַפּן איבערן קאָפּ, פאַרשאַפן אַ שווערן ווייטיק.

זי איז אַוועק צו דער סטויקע, לויט דעם קרוב׳ס גרוס איז דינה אַוועק־געפאָרן אַרויסהעלפן אין אַ רויטאַרמייאישער קיך, נאָך דעם זעלבן טאָג וואָס זי איז געווען ביי רחלען.

דעם קרוב׳ס אויגן שיקלען מיט פאַראַכטונג צו דער שיכורער יוגנט און דאָס מויל שמייכלט:

— הלוואי האָבן מיר אַ סך אַזוינע וואוילע דינהס, אַזאַ באַקעמפּט אין

זיך דאָס קליינבירגערלעכע קיכלען זיך מיט איינגליבע און דערוויזט דעם גלויבן אין דער באָלשעוויסטישער אידייע מיט מעשים.

די פייל האָט געטראָפן רחלען אין אַן אָנגעווייטיקט אָרט, זי האָט זיך געוואונדערט: וואו נעמט מען אַזאַ טיפן גלויבן?

# קאפיטל אַכט

ארויסקומענדיק אויף דער פושקינסקע, האָט רחל פון וויטנס דערזען: פון דרויסן קוקט מען אַריין צו זיי אין הויף, ווי עפּעס אַן אומגליק וואָלט דאָרט געשען.

אויסגעלאָזט האָט זיך: פינף זעלנער זיינען אריין אין הויף.

א פּאַניק האָט באַהערשט כמעט אַלע דרייסיק שטיבער פון דער געביידע. דער הויפער, דער מאַנארכיסט, און נאָך אַ פּאָר האָבן זיך דערשראָקן; די רויטע זוכן געווער, מ׳דאַרף זיך ניט לאָזן אַרעסטירן.

נאָך אַ גרעסערע טייל האָט אויפגעשווידערט: מ׳גייט זוכן מעדיקאַמענטן . . . זיי זוכן פּראָוויזיע, זיי זוכן גאָלד.

די פּנימער טויט, די ליפּן איבערגעבריסן, מען בייסט די נעגל.

אַן עלטערע פרוי האָט געבראַכן די הענט: וואָס טוט מען? אַריינוואַרפן דעם נאַטריע־סאַליציליקאָם אין אַפּטריט — וועט מען מאָרגן דאַרפן אויסגיין פון הונגער. דאָס קליינע פּעקעלע איז זייער גאַנץ פאַרמעגן. אויך דער פעטער נחום, זייער שותף, האָט א חלק אין דעם, אָבער ווען מען כאַפּט — יענעם באשטראָפט מען.

—„דאַכט זיך מ׳גייט אויף די טרעפּ!״ א פאַרגליווערטע האַנט האָט אַ וואָרף געטאָן א פּעקל אין ליקל צו דער פינצטערער וואַנט.

„פונוואַנען איז עס אַרויס ? !

רחל האָט באַמערקט ווער ס׳האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס פּעקל, איר בליק האָט זיך גראָד צונויפגעטראָפן מיט יענערס צעשראָקענע אויגן. אין קאָרידאָר זעט רחל די פרוי אַרויסקומען מיט א ניט־שיין עלטער מיידל און ביידע שמייכלען שטענדיק צו איר.

פיר פענצטער קוקן צו דער בלינדער וואַנט, די זעלנער זיינען ארויף ניט די ריכטיקע טרעפּ. דאָרט קוקן די פענצטער אַרויס צו אַן אַנדער פינצטערניש, צו אַנדערע טויבע ווענט.

צוויי אראָפּלויפנדיקע רויטארמייער האָבן זיך געווענדט צו רחלען:

— „וואָסערע טרעפּ פירן צו דער שטוב וואָס האָט אַרויסגעוואָרפן די מעדיקאַמענטן?!

רחל איז טויט־בלאַס געוואָרן, אין קאָפּ האָט איר געפּויקט: זי ווערט מיאוס אריינגעצויגן. עס האָט איר אָנגעהויבן קלאַפּן א צאָן אין א צאָן.

— „כ׳ווייס ניט, איך וואוין דאָ ביי יענעם אין א צימער״. אירע רייד זיינען געווען פאַרשטיקט, ווי זי וואָלט געליטן פון אַ שרעקלעכער האַלדז־אָנצינדונג.

דער זעלנער האָט זיך ווי אָנגעשטעקט פון איר און צווישן די ציין דורכגעזופּט:

„אויף א וואָסערע טרעפּ גייט איר צו אייער צימער?“

זי האָט א ווייז־געטאָן מיט דער האַנט און זיי זיינען אַוועק מיט יענע טרעפּ.

זי האָט דערפילט אויף זיך פאַראורטיילנדיקע אויגן. איר האַרץ און איר פאַרשטאַנד האָבן איר גלייך אונטערגעזאָגט: איר איצטיק אַריינקומען אין הויף איז געווען אין אַ בייזער שעה, אַז אַפילו די, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן איר, האָבן ניט געהערט וואָס עס איז פאָרגעקומען.

קינדער האָבן געמאַכט א טומל:

„צוויי מענער האָבן זיך אָפּגעטראָגן! אויף דער הויפער אַנטלויפט מיט א בינטל ביקסן!“

די רויטאַרמייער זיינען צוריקגעלאָפן נאָכצויאָגן. דריי ביקסן מיט קוילן פאַר אַ גאַנצער אַרמיי האָבן זיי געפונען אין הויפערס פינצטערן אַלקער.

בלינדע וועגט האָבן געשפירט ווי מעדיקאַמענטן, גאָלד, ביקסן, קוילן גנבענען זיך צו זיי. אייניקע זיינען אָנגעקומען, אַנדערע האָט מען צוריק־געצויגן, אַלץ צוליב דער לויערנדיקער שרעק.

דעם לעצטן ביסן ברויט, גייציקייט, געהאַפּטע פאַרזיכערונג! אַלץ איז מען געווען גרייט אויפצוגעבן צוליב דער מורא פאַרן אייגענעם נפש, שלייפן האָבן געקלאַפּט אַנגעשטרענגט סיי ביי די שולדיקע, סיי ביי די אומשולדיקע.

* * *

פאַרצווייפלטע, פאַרחלשטע, האָפנונגסלאָזע נפשות וויגן זיך איבער אַן אָפּגרונט . . . עס שווינדלט אין קאָפּ, טרערן אין די העלזער: וועט מען גע־ראַטעוועט ווערן? . . . אויף וואָס פאַר אַן אופן? . . .

פאַרשיידענע מיינונגען, אַלערליי באַגריפן רייסן זיך ביי די בערד צו דערווייזן ווער עס האַלט ביים אַראָפּפאַלן אין אָפּגרונט און ווער עס זיינען זייערע רעטער.

פאָלג א גאַנג! דערשלאָגענע, פאַרצאַרנטע מענטשן אונטער א שטענדיקן יאָך — זאָל באַהערשן א גרויסע, אויפגעשטראַלטע האָפנונג . . .

— ביין! ניין! דאָס איז אַן ענין פאַר פּוסט און פּאַסניקעס, ווי די סאָ־ציאַליסטן, באָלשעוויקעס, — זאָלן זיי גלויבן אין „גלייכע באַדינגונגען פאַר אַלע“. — און לאָזן דאָס פאָלק פאַרזעצן זייער שטענדיק גרייט־זיין, אין עמעצנס מלחמות, הרגענען און ווערן געהרגעט; לאָזן אָנגיין מיט דער שטענדיקער מלחמה פון ארבעטער קעגן אַרבעטער צו פאַרדינען אויף טרו־קעניש און מאַטערניש; לאָזן שלעפּן זיך דעם פאָלקס אייביקע האָפנונגסלאָ־זיקייט.

---

פאַרן אַוועקגיין האָט איינער פון די פינף רויטאַרמייער עפּעס לאַנג געשריבן אין אַ בוך.

אויף דער לעצטער טרעפּ־אַרויף, האָט דאָס ציט־שיינע מיידל מיט אַ ביינערדיקער האַנט אַריינגעצויגן רחלען צו זיך אין שטוב:

—„איר מוזט רחמנות האָבן אויף אונז און ניט אויסגעבן מיין קראַנקע מוטער".

די אַלטע פרוי מיטן פאַרבונדענעם שטערן האָט זיך צעוויינט:

— אונזער ברויט־געבער, דער פאָטער, דער מאַן, פון אַכט יאָר אָן ביזן טאָג פון זיין טויט, קוים צוויי־און־פערציק יאָר, האָט שווער געאַרבעט אין גרויסן פּרוכט־געשעפט אויף דער דעריבאַסאָווסקע. דאָרט פלעג מען פאַרקויפן צו די גרויסע גבירים אין איין טאָג מער מאַראַנצן, ווי גאַנץ אָדעסער פּרוכט־קלייטן צוזאַמען האָבן פאַרקויפט אין אַ יאָר — אפילו אַזוינע ניט געהערטע פּרוכט ווי באַנאַנעס,אַנאַנאַסן פלעגט אויך אַהין אָנקומען.

— ווען מיין מאַן, דער אייביקער משרת, איז פּלוצים געשטאָרבן פון אונטעררייסן זיך פון די משאות איבער די מענשלעכע כחות—משוגענע גרויסע פּעק מיט פּרוכט האָט ער יעדן טאָג געדאַרפט צושטעלן צו די מאַגנאַטן, אַלץ וואָס זייערע טרייפענע מיילער האָבן אויסגערעדט. ס'זאָל מיט זיי אַלע מאַרדעווען, ווי עס מאַרדעוועט מיט מיר, — זיינען זיין ווייב און מיידל געבליבן אָן אַ קאָפּיקע געלט. אַ גליק אין גרויסן אומגליק, נאָך יונגערהייט האָט מיין מאַנס אַ חבר אים איינגערעדט אַ סטראַכאָווקע.

זי האָט זיך ווידער צעוויינט:

ווען ער איז געשטאָרבן האָט שוין פונקציאָנירט די מלחמה („פונקציאָנירט", האָט דאָס מיידל באַמערקט דער מוטער), האָט מיין אויסגעגעבענער זון, פאַר די אַריינגעקראָגענע פינף הונדערט רובל סטראַכאָווקע, אָנגעהויבן צושטעלן פּראָוויאַנט פאַר דער אַרמיי. ער איז, דאַנקען גאָט, באַגליקט געוואָרן, אַזאַ לאַנגע מלחמה.

— ווען ער האָט אָפּגעשפּאָרט אויף מיין חלק צוויי טויזנט רובל, האָט ער זיך צערעכנט מיט מיר. האָבן מיר, איך און דאָס מיידל, געלעבט פון לייען געלט אויף פּראָצענט. אָבער אין דעם־אַ ניט־זיכערן יאָר, ווען די ספּעקולאַציע האָט זיך ווי אַן עקאַדעמיע (עפּידעמיע) פאַרשפּרייט, האָט אַן עלטערער פעטער מיינער מיר איינגערעדט צו ווערן שותפות מיט אים, וואָסי, ביי מיר וועט ער קענען אויסבאַהאַלטן זאַכן ביז ס'וועט זיך אויפהייבן די פּרייז.

זי האָט זיך צעכליפּעט : — איצט האָב איך דאָס גאַנצע פאַרמעגן מיינס און זיינס אַרויסגעוואָרפן. מיר וועלן זיך דאַרפן אַריינוואַרפן אין ים אַריין. אַלע באָלשעוויקעס האָבן געמעגט דערטרונקן ווערן, איידער זיי האָבן איבערגעטראָטן די שוועל פון אָדעס.

דאָס מיידל האָט ארויפגעלייגט א האנט אויף דער מוטערס מויל:

—„מאמע, שווייג!" און ביי רחלען האָט זי זיך געבעטן: „זי איז צע־טראָגן, זי ווייסט ניט וואָס זי רעדט. זייט א גוטע — גיט זי ניט אויס".

רחל איז געשטאנען א פארשעמטע, אַ צעווייטיקטע, ווי זי וואָלט מיט אן אמת געמסורט, און ווענען? — א לעבעדיקן מת, מיט טויטע געדאנקען, וואָס דאנקט גאָט וואָס דער זון איז באגליקט געוואָרן אויפן חשבון — וואָס די מלחמה האָט זיך לאנג געצויגן; און צאָרנט קעגן מיליאָנער און קעגן באָלשעוויזם אין דער זעלבער מאָס.

* * *

ביי זיך אין צימער האָט רחל אויפגעעפנט די טיר פון שאַפע אריינצו־הענגען איר מאַנטל און פארגעסן וואָס זי וויל טאָן: אייערנעכטן, ווי נאָר דאַ־וויד איז אַריינגעקומען, האָט ער אַרויסגעשלעפט פון בוזים־קעשענע עפּעס א העפטל מיט אַן א שיעור קליינעם, נאָר פאר אים פאַרשטענדלעכן, כתב. ער האָט אַריינגעקוקט אין דעם, ווי ער וואָלט עפּעס הייליקס אַרויסגעלייענט פון דאָרט, נאָר געווען זיינען עס די חשבונות פון די פּעקעלעך סחורה, וואָס זיינען אָפּגעשטאנען פון זיינע טיפע הויזן און מאַנטל קעשענעס.

ער האָט גערעדט צו איר: „א פארקערטע וועלט וואָלטן זיי געוואָלט מאכן. דער, וואָס גיט דעם ארבעטער מעגלעכקייטן צו פאַרדינען, זאָל זיך לעגן אונטערן ארבעטערס קנאַפּל". און נאָך אַלץ קוקנדיק אין העפטל: „איך וועל אוועקלייגן ביי אייך אין שאַפע די פּאָר פּעקעלעך".

פאַרן אַוועקגיין האָט ער זיך אָבער באַרעכנט און די פּעקלעך צוריק־גענומען. א גרויל איז איר אריבער איבערן לייב: ווען מ׳זאָל זי געווען היינט אַרעסטירן דערפאַר? זי וואָלט ניט אויסגעזאָגט ווענעס זאַכן דאָס זיינען, אָבער ווי מיאוס וואָלט זי ביי זיך אַליין געוואָרן, דאַוויד איז אַזוי רייך, זיי האָבן קלייטן, הייזער, גרויסע פאַרמעגנס איבער דער גאָרער וועלט, — איז צו וואָס דאַרף ער אויסבאהאלטן זאכן, אין וועלכע מענשן נייטיקן זיך אויף יעדן טריט.

* * *

רחלס צערודערטע נערוון האָבן זי ממש געהויבן פון אָרט, זי געמאַכט גאַליק, ביטער: אַלע ליגנערן, אַלע זיינען מיאוס, זשעדנע. אַזאַ קלוגער דאַ־וויד, אָבער אויך ער פאַרשטייט נאָר דאָס, וואָס איז נוגע זיין אייגענעם איך. „די ארבעטער וואָס שאַפן אַלצדינג מיט זייער שווערער מי, — דארפן ניט אויפהערן דאַנקען די באַלעבאַטים פארן הונגערן און נויטיקן זיך, וואָס מ׳שארט זיי צו אין א פולער מאָס".

איר אומרואיק געמיט האָט זיך איבערגעגאָסן אין א בענקשאפט, זי האָט געזוכט דעם שליסל צו סאשען: איז זיין אַזוי פיל מאָל דערנידעריקן

זיך, בעטן און בעטלען איר ליבע געווען בלויז — ווייל זי האָט מיט אָנגע־שטרענגטע כוחות זיך צוריקגעהאלטן.

זי האָט געזוכט אין איר זיכרון: ניין, קיין ליגנער איז ער ניט, פאַר־קערט, ער באַנוצט צופיל דעם נאַקעטן אמת. אַזעלכער, וואָס זאָגט אזויפיל אויס וועגן זיך איז אפשר גאָר דער אָרנטלעכסטער מענש. זיין צופיל אויס־זאָגן־זיך האָט זי געמאכט שלעכט צו אים, און דורך דעם איז זי געוואָרן וואָס־אמאָל עקשנות'דיקער קעגן אים.

זי האָט זיך פארקלערט וועגן דעם, וואָס זי האָט געהערט ביי איר אין דער היים: סאַשעס פאָטער, דער וואָס איז אין אַמעריקע געוואָרן דאָקטער־פילאָזאָף, איז נאָך פריער געווען אַ גרויסער למדן. ווי א ריידענעם איידעם האָט מען אים געקויפט פאר דער צעפּעשטשעטער בת־יחידה, וואָס האָט אפילו צוויי יאָר נאָך דער חתונה געמאַכט א גוואַלט — דער מאַן פארקילט זי: „מיט אייז־קאַלטע הענט, מאַמע, איז ער צו מיר צו".

— איצט מוז זי זיך אליין מפרנס זיין און פארשווארצט ווערן אין איר אַדעסער אכסניה.

— סאשע האָט ניט ביי וואָס צו פארדינען אויף דורכצולעבן זיך, מוז ער אָנקומען נאָך הילף צו דער מוטער. און ער קאָן ניט וואוינען צוזאַמען מיט איר, זי קילט ממש דאָס פארביטערטע האַרץ מיט איר אומאויפערלעכן שעלטן דעם פאָטער, דעם אפיקורס.

— „סאַשע האָט גע'ירשנט גאונות פון טאָטן, און די קאַפריזנע נאָכגעבנ־קייט פון דער מוטער".

רחל האָט זיך פאַרגעוואָרפן: פאַרוואָס האָט זי ניט אַ טראַכט געטאָן אז אפשר איז סאַשעס ציניזם — זיין ביסל ביטערע טרייסט.

דער לעבּלעך־ווארעמער קאָליר פון אירע באקן האָט זיך צעהיצט ווי צעגליטע קוילן. האַסטיק האָט זי זיך געלאָזט אויף און אָפּ איבערן צימער, ווי זי וואָלט דערוואָרט אז אין איר גיכן אַרומשפּאַנען הין־צוריק איבערן צימער הענגט אָפּ סאַשעס פארגעבן איר די העסלעכע טפשות.

ביינאכט, רחל דרייט זיך, וואקלט זיך, זי הערט די מויזישע־גריזשען אין צווייטן אַלקערל. אַנאַ מאַרקאָווּנא קרעכצט צוזאמען מיט איר אויפגע־שטעלט בעט. זייגערס שלאָגן ערגעץ . . . א שטאַרק בענקען מיט א ניט פארגינעון יענער, ווען רחל באַטראַכט פאַר קליגער פון זיך, לאָזט ניט איינליגן.

זי האָט אָנגעצונדן איר בוימל־קאַנעצל, גענומען א בוך צום לייענען, נאָר ס'איז אומעגלעך צו זען עפּעס, עס שווינדלט אין די אויגן.

פלוצים: ניין, זי איז נישט מקנא יענער, זי איז מוחל אזא גליק ! הער א מעשה — ער שרייבט, אז יענע איז אין אלע היגזיכטן געראָטן אין רחלען. „אַן ווען ער וועט עס גאָרנישט קאָנען איבערטראָגן", האָט זיך אים

גראָד געטראָפן נאָך אַזאַ איינע, — איז דאָך וואויל און גוט ! ווען־זשע? ווען ער צעלאָזט זיך ניט אזוי וועגן יענער.

—„אַ מענש מיט א שענערער באַציאונג — שרייבט ניט אַזוי, אַ פּאָעט — אַוודאי ניט".

אין רחלען האָבן זיך געראנגלט א בייזע אויפרעגונג מיט א פארבאָר־גענער, געצווימטער ליידנשאפט: די פרוי איז ביי אים ווי גאָר קיין מענש ניט. ער, וואָס האָט אָנגעצונדן אין איר אַזאַ שטאַרק געפיל, איז אַזוי ווייניק סענזיטיוו, א רחמנות, טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן, זי האָט אינגאַנצן געציטערט פון גרויס פארדראָס, ווי מיט איר טראכטן וועגן רחמנות האָבן אויף אים, וואָלט זי אים מוראדיק באליידיקט און זי האָט באלד חרטה געקראָגן.

די נאכט האָט געזיפצט, געוויינט, זי מוז זיך אונטערגעבן דעם אָנקו־מענדיקן טאָגן. רחל האָט ניט געקאָנט אנטשלאָפן ווערן. דער תהום צווישן מאַן און פרוי האָט טיף געגאָגט; דאָס געהיימע צווישן מענש און מענש האָט זי געמוטשעט: ווען דאָס פארבאָרגן־מענשלעכע וואָלט אים פארטרויט דעם סוד וועגן זיין אייגענעם וועזן, — וואָלט אפשר אַזאַ סאַשע געזוכט ניט די פּאָליעס, ניט די ווערעס, ניט די רחלס און ניט די „נייע". זי האָט גאָליק אַ שמייכל געטאָן: אַרויסגענומען אַלעמען די אויגן, אָבער גרינגער ווערט ניט דערפון.

פארטיפט אין זיך האָט זי ווי אַ זייטיקער, ווי א פרעמדער זיך גע־פאָרשט. האָט זיך אריינגעקלאמערט אין זיך, ווי זי וואָלט געדארפט ארויס־שלעפּן א שווערע משא, און א פאַרלאָרענע, אַ געפּלעפטע זיך געטאָטשעט: די צרה איז וואָס זי האָט צופיל זייטן פון לעבן נישט קלאָר באנומען, צופיל געווייינלעכע זאכן פאַרהייליקט. סאַשע האָט שוין לאַנג איבערגעטראָטן א היבש ביסל הייליקייטן און אַ סך פון זיי אינגאַנצן צעטראָטן. אויך זי הייבט אָן איינזען, אַז ער איז ניט אינגאַנצן אומגערעכט.

זי האָט זיך באפוילן: אָנערקענען די פאקטן וואָס האָבן צעשטערט דיינע אילוזיעס, קוק זיך בעסער צו, שטודיר דאָס אַרומיקע לעבן — די היינטיקע געשעענישן, אפשר וועלן זיי דיר ברענגען געזינטערע אילוזיעס.

# קאפּיטל ניין

1.

מ׳האָט זיך געהאלטן אין איין באקלאָגן אויף דער נייער מאַכט.

— מ׳לאָזט ניט האנדלען, מ׳לאָזט ניט ספּעקולירן.

—מ׳קאָן גאָרנישט אויסבאהאלטן, זיי נישטערן איטלעך ווינקעלע אין הויז.

— וואו א פארדעכטיקט שטיקל פּאַדלאָגע רייסן זיי אויף, ווי טרעגירטע הינט דערשמעקן זיי אַלצדינג און מ׳האַלט אין איין אַרעסטירן.

אימה׳דיקע קלאַנגען האָבן זיך אָנגעהויבן פארשפרייטן פון מויל צו מויל. די זעלבע קלאַנגען האָט מען געהאלטן אין איין איבערחזרן, אָנגעטאָן זיי מורא׳דיקע הערנער און ווי געפלייסט זיך צו מאַכן יעדן קלאַנג מורא׳דיקער.

אין די אויגן, אין די געזיכטער פון די בירגער האָט געגומען ארומיאָגן פּחד און אנגסטיקע שרעק פאר דער רעוואָלוציע! זי איז געוואָרן א צו גע־וואגטער שונא.

אומרואיקייט, צווייפל, אומצופרידנקייט און שנאה צום אומבאשטימטן זיינען געוואַקסן. א פיינטשאפט צום אומפּאַרשטענדלעכן, האָס און פאַרדאַכט צו יעדן איינעם.

דאָס לערנען אין אוניווערסיטעט איז אויך געוואָרן ווי א שטענדיקער ערב שטורם. אלעמאָל איז מען געקומען אָנזאָגן, אז אן אנדער פּראָפעסאָר איז קראַנק. סיי־ווי האָבן די סטודענטן גאָר ווינציק, אָדער גיכער גאָר קיין לעקציעס ניט צוגעגרייט. אָפט האָט זיך דאָרט געטומלט ערגער ווי אויפן אלט־וואַרג־מאַרק.

דאָך האָט עס די יוגנט געצויגן אין אוניווערסיטעט, ווי עס ציט א שיכור אין שענק. דער אוניווערסיטעט איז געוואָרן די לעבעדיקע צייטונג פון טאָג־געשעענישן.

א צעהיצטער סטודענט איז אריין מיט א געשריי:

— „די באָלשעוויקעס האָבן דערשאָסן צוויי בארימטע אינזשעניערן!“

א טומל; א רעוואָלט; א פּאַרטיידיקונג מיט זיכערע באַווייזן:

— „צוליבן סאבאָטאַזשניק, דעם אינזשעניער ק. זיינען צוועלף ארבעטער דערהרג׳עט געוואָרן און איבער פופציק ערנסט פארוואונדעט!

— זיכער דארף מען אזוינע הינט, אזוינע קאָנטררעוואָלוציאָנערן דער־שיסן!

רחל האָט דערזען: ווי דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן האָט מיליאָנען פּנימער. יעדערער באַזונדער זעט אַן אַנדער פּנים און איז דערפאַר אַנדערש גערעכט און אומגערעכט.

.2

פונם אוניווערסיטעט איז רחל געגאַנגען אַרויסהעלפן די אויסגעמוטשע־טע קראַנקנשוועסטער.

געציילטע פאַרוואונדעטע האָט מען אויסגעשריבן. צו די אָפּגעשוואַכטע האָבן זיך צוגעטשעפּעט פאַרשיידענע קראַנקהייטן, וואָס האָבן געבושעוועט כמעט אין יעדער שטוב.

רחל האָט געוואוסט, ווער פון די גריפּ, טיפוס און ניומאָניע קראַנקע זיינען נאָך דערצו קראַנק אויף גאָנאָרעע, סיפיליס. אָבער ס'האָט ניט אויס־געמאַכט, זי האָט זיך שוין צוגעוואוינט, זי האָט זיך ניט געשראָקן פאַר קראַנק ווערן, זי האָט זיך שוין ניט געמיאוסט. איר איינציקע אַמביציע איז גע־וואָרן: העלפן זיי, ווי ווייט מעגלעך געזונט מאַכן זיי. אָבער מיט וואָס?

דער פאַרצווייפלטער דאָקטער האָט זיך געהאַלטן ביים קאָפּ: — קיין מע־דיקאַמענטן איז ניטאָ, ניטאָ געגוג עסן, ס'איז ענג, קאַלט, פאַרשטיקט; מ'איז אַלע אויפגעבראַכט, אויפגערעגט — איז ווי וועלן זיי געזונט ווערן פון די צענדליקער קראַנקהייטן אויף איינמאָל?!

* * *

רחל האָט זיך אונטערגענומען צו גיין אין די אַפּטייקן קריגן די נויטיקע מעדיקאַמענטן. אין אָנפאַנג האָט זי געוויזן א בריוו, אַז זי איז אַן אויטאָריזיר־טע פון דער מאַכט, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן — „זי מעג איבערקערן די גאַנצע אַפּטייק מיטן קאָפּ אַראָפּ, — וועט זי סיי־ווי גאָרנישט געפינען. זיי האָבן ניט, און שוין!" איז זי אַוועק אין די אַנדערע אַפּטייקן מיט דריי פאַר־שריבענע רעצעפּטן און שטאַרק געבעטן, אפשר וועט מען קאָנען צונויפשטעלן צוויי, צי כאָטש איין רעצעפּט.

זי איז אויסגעלאָפן אַלע אַדעסער אַפּטייקן, זי איז שוין קוים געגאַנגען אויף אירע מידע פיס, אומעטום געטראָפן פאַרצווייפלטע, וויינענדיקע:

— מיין קינד שטאַרבט!

— מיין ברודערל גייט אויס!

— קינדער בלייבן קיילעכדיקע יתומים!

— ראַטעוועט, האָט רחמנות!

די דערשלאָגענע אַפּטייקערס האָבן אַריינגעקוקט אין א לאַנגען, אויסגע־שריבענעם צעטל — און ווי אָטאָמאַטן אָנגעהאלטן זייער איינציקן מאָנאָטאָנעם ענטפער:

— „ניטאָ, נישטאָ".

געוויין, געבעט, קללות, פון פארצווייפעלטע. יללות נאָך די טייערסטע האָבן געפּויקט אין רחלס קאָפּ. אויך אין איר האָט אָנגעהויבן צו צאַרענען:

„די ערגסטע שטראָף קומט טאקע יענע, וואָס צוליב ספּעקולאַציע באַהאַלטן זיי אויס מעדיקאַמענטן און שפּילן זיך מיט מענשלעכע לעבנס".

3.

אין הויף, וואו רחל האָט געוואוינט, האָבן בייזע בליקן זי באגלייט אויף יעדן טריט. זי האָט ניט געהאַט קיין חשק צו זאָגן פארוואָס זי קומט שפּעט אַהיים, וואָס־זשע, אַזאַ וואַזשנע קראנקנשוועסטער איז זי? דרויסנדיקע מענשן פארשטיין ניט, אַז אַפילו אַזאַ, וואָס קאָן נישקשהדיק איבערבונדן א וואונד, אָדער דערלאנגן א טרונק א פארשמאכטן, צי בלויז פּאַרלייענען פאר די וואָסליידן פּיינלעכע ווייטיקן און דאַרפן זיך כאַטש עטוואָס פאַרגעסן — איז עס אויך אַ וויכטיקע זאַך. זיי האָבן איין געשריי: „א באָלשעוויק איז קיין מענש נישט".

זי איז אויך אין איינִיקע הינזיכטן קעגן די באָלשעוויקעס, אָבער דאָרט וואו זיי זיינען גערעכט — זיינען זיי גערעכט; — ווי דער הויף זאָל ניט קרום קוקן אויף איר.

* * *

ביים שיין פון טאָגן האָט רחל איבערעגלייענט א פּאָר פון סאָשעס לידער. מיט איר אמתער ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר בעסערער ליטעראַטור האָט זי באַנומען אַז זיינע לידער האָבן נאָך ניט קיין אייגנאַרטיקן סטיל. זי האָט אָבער דערשפּירט, אַז אין זיי איז דאָ א באַהאַלטענער אָנהייב פון עפּעס אייגנס.

עס האָט זי אי געפרייט, אי וויי־געטאָן, עס האָט איר דערמאָנט אין קינדער וואָס שרייען אויס פון זייער באַהעלטעניש: „איך האָב זיך שוין באַהאַלטן!" — סאָשע נויטיקט זיך אין אַ שטאַרקער זעלבסטבאַהערשונג, אַז זיין ביסל אייגנס זאָל זיך ניט אַריבערשרייען. ער דאַרף שטארק אריינטראַכטן אין זיך — און פאַרטיפונג.

די צוריקגעהאַלטענע רחל, אַן איבערטריבן עניוות׳דיקע, אין זיך א פאַרבאָרגענע, ווי א פאַרטראַכטער וואלד, האָט שטאַרק געגלויבט אין סאָשעס פּאָעטישן טאַלאַנט.

דאָס פאַרזינדיקן זיך קעגן דעם אומפאַרשטענדלעכן אין זיין נשמה האָט איר בלוטיק ווייגעטאָן. עס האָט זיך אָפּגערופן אויף איר אַלגעמיין געזונט. אַחוץ וואָס סאיז איר שווער אָנגעקומען צו קריגן שפּייז, האָט זי גאַנצע טעג פאַרגעסן אַז זי דאַרף עסן.

איר געדעכעניש האָט זי גערייצט מיט דער זיסקייט פון דער צייט ווען ער איז געווען מיט איר. זי האָט צו זיך אַליין געטענהט און תרעומות געהאַט אויף איר גרויזאַם ליב־האָבן. זיך אָוועקגעגעבן דעם אַלץ פאַרשלינגענדיקן

געפיל. צייטנווייז פילט זי עס אויף זיך, ווי אַ שטאַרקע שטראָף.

אירע באַקן האָבן געפלאַמט פון דער אויפרעגנדיקער בענקשאַפט און באַשטראַלט איר אויסזען מיט אומגעוויינלעכן חן.

זי האָט ממש מיט אַ געוויסן סאַדיזם געלאָזט אירע פאַרערערס רעדן וועגן זייערע געפילן צו איר, זי האָט ניט אָפּגעשטעלט זייערע אילוזיעס און זייערע פּלענער אויף אַ צוקונפט.

זי האָט אין זיך געביטערט: אַז זי האָט זיך אַליין ניט אויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת וועגן אירע געפילן צו סאַשען, איז פאַרוואָס דאַרף זי זיי דערציילן וועגן זיך. זי גלויבט ניט קיין איין וואָרט פון זייער פּלוצים אויסטיילן זי פון אַלע מיידלעך. עס איז איר שווער צו פאַרטראָגן זייער „פאַרגעטערן זי".

„ווייזט אויס אָבער, אַז דערלויבנדיק זיי אַלע ליגנס און לויבענישן אויף איר חשבון, האָט זי פאַרדינט די שטראָף פון זייערע לויזע צונגען".

* * *

אין הויף האָט מען געחקירהט:

— „וואָס, וואָס, נאָר רחל איז אַן אַנשטענדיקע, דאָס איצטיקע לויפעריי פון די בחורים אַרום איר, מיינען זיי ניט איר גופא, נאָר זיי ווילן עפּעס פועלן ביי איר.

— ווער קומט דען ניט צו איר? ציוניסטן, בונדיסטן, באָלשעוויקעס, שלעפּערס, שנעקעס, אלטע בחורים, און דער בחור ווי א זון, אן אמתער אַריסטאָקראַט.

— אַנאַ מאַרקאָוונא זאָגט: „אַ מאַגנאַט און ער חלשט נאָך איר".

דאַוויד איז צו קלוג, ניט צו באַמערקן רחלס שטעלונג קעגן אַלערליי היסטאָרישע דאָגמעס, וואָס זייער קלאַס טאָר ניט צווייפלען.

אויב ס'האָט אָנגערירט די בורזשואזע אַמביציע, וועט שוין זיין עקשנות ניט רוען ביז ער וועט זיגן. ער האָט זיך שטאָלץ געשעמט פאַר זיך אליין: זיין מיידל זאָל זיך עפּעס אַזוי ניט פאַנאַנדערקלייבן. ער גיט איר איין זיין גלויבן טראָפּנווייז, ס'איז א מעטאָד אַזאַ וואָס מ'ווענדט אָן צום ארבעטנדיקן מענשן. דאָס מאַכט אים זייער אומעטיק.

רחל האָט געשעצט דאַווידס חכמה, זיינע פעאיקייטן, זיין וויסן. איר־חוש פאַר אַ טיפן וואָרט איז געווען גוט אנטוויקלט, אירע געזיכטשטריכן פלעגן זיך כמעט בייטן ביים הערן אים. איר אָוואַל פנים פלעגט פאַרשאַרפט ווערן, די טונקעלע ביר־אויגן — פייער־בליצנדיק, די ברעמען העכער. — אן איידעלע שיינקייט האָט גערוט אויף איר גאַנצן אויסזען.

בעת דאַוויד האָט גערעדט, האָט ער אָפט געשמייכלט, געוויזן זיינע ווייסע געזונטע ציין. זיינע אויגן האָבן געשיינט מיט אַ שאַרפן הומאָר, און ניט קוקנדיק אויף זיין רואיק, געמיטלעך שמועסן, האָט זי דאָך געפילט זיין שטאַרקן ווילן. זי האָט געקלערט: — „ער איז, ווי אַ שטאָלענע קראָקווע, זיינע

רייד רודערן אויף דעם שׂכל, אָבער ניט דאָס געפיל, עס פעלט אים הארציקייט. אַזאַ ווי ער קאָן אפשר אינגאַנצן קיין פריינט ניט זיין. נאָך גוט וואָס ער לאָזט ניט אַרויס זיין מאַנצביל פון זאַק, אַניט וואָלט זי אים, ווי יענע אַנדערע אָנשיקעניש, געמוזט משלח זיין, און ס׳וואָלט איר מסתמא באַנג געטאָן.

זי איז אים מקנא געווען: ער איז אַזוי זיכער ביי זיך אַז ער גייט אויף א גלייכן וועג, אָבער ביי איר רופן אַרויס זיינע קלוגע שמועסן א היפוכ׳דיק געפיל, עפּעס ווי זיי וואָלטן איר אונטערשטראָכן אַ סך טעותן.

* * *

רחל האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אויך אַנאַ מאַרקאָווּנאַ איז זי חושד אין זיין עפּעס מער ווי זי איז, אַפילו אין דעם, אַז זי איז אַ כח ביי די באָלשעוויקעס: אַנשטאָט דעם, וואָס זי פלעגט פריער ברענגען פון דער שוועסטער פּעקלעך, טראָגט זי זיי איצט בגנבה אַוועק צוריק.

רחל האָט דערשפּירט; די פיינע אַנאַ מאַרקאָווּנאַ הערט זיך אונטער, שפּיאָנירט דורכן שליסל־לאָך: קאָן זיין אַז דאָס האַרץ וויינט אין איר פון זעלבסט דערנידעריקונג, דאָך טוט זי עס צוליבן חשד אַז איר קוואַרטיראַנטקע איז געוואָרן איינע פון די, וואָס וויל ביי איר אוועקנעמען איר טרויעריק אַרומפּלאָנטערן זיך אין לעבן.

כדי צו באַרואיקן זי, האָט איר רחל דערציילט, אַז זי טוט אַרבעט אין גימנאַזיע אַרום די פאַרוואונדעטע, אָבער איר אומצוטרוי האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט. זי גלויבט ניט אַז רחל וועט דערלאַנגען און צונעמען „אַ נאַכט־טאָפּ פון אַ סאָלדאַט, פון אַ בויאַן!״ . . .

אַנאַ מאַרקאָווּנאַ האָט שוין אויפגעהערט צו פאַרשטיין, דעמאָלט ווען רחל האָט ערשט אָנגעהויבן איבערלעבן דאָס אמתע געפיל פון העכערער מענשלעכקייט.

אמת, ס׳האָט טאַקע אָפּט געאיבלט פון דער אומריינקייט, פון גאָרנישט קיין „איידעלע״ מענשלעכע באַדערפעניש, אָבער די פרייד פון אַ שענערן חוב צום מענשן, וואָס ליידט, האָט געהאָלפן הויכהאַלטן דעם קאָפּ אינאיינעם מיט אַלע כלומרשטע „דערנידעריקונגען״.

* * *

ביים דערהערן רחלס טריט אויף די טרעפּ, האָט דאָס ניט־שיינע מיידל אָפּגעשפּאַרט די טיר און אָנגעהויבן רעדן אויף אַ קול, רחל זאָל זי הערן:

— „זיי האָבן פאַרשריבן דעם הויף, אויף ווען זשע וואַרט די צווייטע רעוויזיע?!״

טירן האָבן זיך גענומען עפענען און איינס נאָך איינס האָבן זיך באַוויזן אַרויסגעבויגענע קעפּ מיט נייגעריקע אויגן.

אַ דאַרע פרוי מיט אַ שטומפּיק־זעגנדיק קול:

—,,ביז וואַנען וועלן זיי שפּילן אויף אונזערע קראַנקע נערוון!?!"

פון דער אנטקעגנדיקער טיר האָט אַרויסגעשריגן אַ מאַן אין אַ צעפּיצלט העמד:

— ,,יאָ ווען וועט שוין ווידער פאַרקומען אַן אַבלאַווע?"

פון דריטן גאָרן בורטשעט איינער:

— ,,ווען קומען זיי, די סאָוויעטישע שפּירהינט?

רחל האָט דערפילט אַז שווייגן איז אוממעגלעך. האָט זי זיי איבערגעגעבן דעם גאַנצן גרויל, וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט אין די אַפּטייקן און וואָס פאַר שווידערלעכע טראַגעדיעס זי האָט געזען אין די היימען פון פאַרצווייפלטע עלטערן און קינדער צו וועלכע זי איז געגאַנגען: אפשר וועט זי כאָטש מיט עפּעס קאָנען באַהילפיק זיין.

דערויף האָט מען איר געענטפערט:

— טרעט אַריבער די שוועל צו מיר, מיין איינינקל וואַקלט זיך שוין פיר טעג — ער ברענט מיט דער אינפלוענציע.

— מיין זון ליגט שוין דריי וואָכן אויף טיפוס און נעכטן האָט זיך דאָס ווייבל זיינס שוין אויך אוועקגעלייגט.

— ווער האָט איצט ניט קיין קראַנקע? ביידע קוואַרטיראַנטקעס מיינע מעגן שוין אָפּזאָגן ווידוי.

רחל האָט זיך מען ניט געקאָנט קאָנטראָלירן:

— אָבער אַז די באָלשעוויקעס האַלטן אין איין שרייבן און בעטן אין אַלע צייטונגען, מ׳זאָל אַריינברענגען אַלע מעדיקאַמענטן, האָט מען דען אויפגע־הערט פאַרשטופּן זיי אונטער די בעטן, אין די אַפּטייקן און וואו נישט? !

די מאָגערע פרוי מיטן שטומפּיק־זעגנדיקן קול האָט זיך אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן ביי איר צו־הויך־אויפגעשוואָלענעם בוזים. אויך די אַנדערע האָבן זיך דערפילט ווי געשלאָגענע, נאָר געענטפערט האָבן זיי מיט טענות צו די אינגלעך און מיידלעך פון דער פּראָווינץ.

אָדעס גיט אַייך גימנאַזיעס, אוניווערסיטעטן, וואו אַ פאַרגעניגן אין דער וועלט: די שענסטע און בעסטע טעאַטערס, די פריילעכסטע פאַרווייַלונגען און איר נעמט און שטייט־צו צו די, וואָס ווילן אַרויסרייסן די פּרנסה ביים גרעסטן און קלענסטן.

פון אַלע זייטן כעס׳ט מען אויף רחלען.

— אַזוי דאַנקט איר אָפּ! פע, פע שעמען מעגט איר זיך אין אייערע נאַרישע קעפּ.

— מיט דרוקעס דאַרף מען אייך טרייבן, קליינשטעטלדיקע דריפּקעס; פריער פלעג עס אַייך אָנטראָגן קיין אָדעס צו ווערן סאָציאַליסטן, און איצט זינגט איר מיט די נייע קנאַקערס.

— די פּאָליציי האלט אַן אויג אויף אייך אלע. געדענקט!

זיי האָבן איר נאָכגעשריען:

— זיך אויסגעהאָדעוועט מיט די ציגן און געקומען אונז לערנען שכל, אַזאַ חוצפּה.

— איר וועט פּגרן אין די טורמעס!

רחל: ווען זי זאָל זיך קאָנען ארויסקלייבן פון דעם הויף מיט די משוגע־געוואָרענע פאַרשוינען, וואָלט זי זיך מחיה געווען. האָבן זייערע צרות אַזוי צעמישט די קעפּ?

אין שטוב איז קיינער ניט געווען. זי האָט זיך מיטן אַנטאָן אריינגעוואָרפן אין בעט און געצאָרנט אויף די שכנים: וואָס האָבן זיי זי באַפאַלן? וואָס האָבן זיי אָנצואווערן, די־אָ שלעפּערס. —

— איינער טראָגט קוישן מיט אַלערליי חפצים צו פארקויפן צו די קראַנקע אויפן כאַדזשיביייער לימאַן, קריכט אויף די בערג, רייסט זיך אָפּ ס׳געזונט, קערט זיך אום מיט טויט־קראַנקע פיס, און ניט איינמאָל אָן אַ גראָשן פאַר־דינסט. „די קאָנקורענציע איז דאָרט א גרויסע״.

— דער צווייטער איז אַן אויסגעשפּראָכענער שנאָרער, ביי לוויה׳ס מאַכט ער אל־מלא׳ס, ס׳הייסט ער בעט גאָט־ס׳זאָלן זיין גענוג טויטע יעדן טאָג, און די באַגלייטער זאָלן זיין געשטימט צו געבן דאָס בעטלער־מינץ. גאַנצענע טעג שעלט ער, וואָס מ׳גיט נאָר מעש, ניט קיין זילבער, האָט ער דערפאַר מורא — ער וועט ניט קאָנען ווייטער פירן זיין מוקצה׳דיק לעבן.

— דער קריסט איז אַ שלאָסער ערגעץ אויפן פּערעסיפּ, יעדן שבת שיכורט ער זיך אָן אין צעקלאַפּט גוט דאָס ווייב לכבוד דעם ערב־זונטאָג.

— דער גביר אין דעם הויף איז דער שמאַטניק, ער קויפט אָפּ אַלטע קליידער און פאַרקויפט זיי אויפן טאָלטשאָק. נאָר אַלע מאָל מוז ער בייטן דאָס אָרט וואו ער גייט אַרום פאַרקויפן, — ווייל צווישן די, וואָס האָבן זיך אַרומ־געקוקט אַז די געקויפטע הויזן זיינען הוילע לעכער, אַז דאָס קלייד איז צווישן די פאלדן גאָר אַן אַנדער קאָליר, אז דער קאָלנער פונם מאַנטל קריכט אויס, ווי אַ פאַרשיווע קאַץ, — ווילן אים שלאָגן, הרגענען.

— מיט אַזעלכע אומזיכערע פרנסות מוטשען זיך א סך משפּחות אלע זייערע יאָרן און ווילן נאָך איבערלאָזן זייער מוטשעניגע אַ ירושה פאַר די קומענדיקע דורות.

רחל האָט געפילט אין מויל א קלעפּיק־ביטערע היץ: ווען זי זאָל געפינען מיט וואָס אויפצוקאָכן אויפן פּרעסל כאָטש א האלבע גלאָז וואַסער. דאַוויד האָט איר געגעבן אַ קעסטעלע שוועבעלעך מיט אַ פּלעצעלע. „זיין ברודערס דינסט, זאָגט ער, „באַקט געבעקס ווי אין די געוועזענע קאָנדיטערסקע״. ער האָט געבעטן רחלען, אין זיין ברודערס און שוועגערינס נאָמען, צו קומען מיטאָג־עסן, זי האָט אָבער נישט צוגעזאָגט.

„עפּעס פילט זי זיך לעצטנס נישט גוט ביי די איבערזאַטע טישן".

פאַר איר דאַרשט האָט זי אַן עצה: איר קאַרזינע האָט א צווייענדיקן דנאָ — וועט זי פונם אונטערשטן דנאָ אַרויסציען אַ פּאָר שטעקעלעך און מאַכן אַ פולע גלאָז טיי.

אַז זי האָט אַ הייבגעטאָן די קאַרזינע, האָט זי זיך ווי אָנגעצונדן: אזויפיל שנירלעך פּערל! בינטעלעך דימענטן! פון וועמען קויפן זיי עס אָפּ?

אַן אימה: פון די ווייסגווארדייער, די פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס פּלינדערן אידישע הייזער, ראַבירן, הרגענען.

„אידן־בורזשועין העלפן פּאָגראָמירן, שעכטן אידן".

— וואָס טראַכט זיך אַנאַ מאַרקאָוונא מיט איר אויסבאַהאַלטן די פרעמדע זאכן . . . וויל זי מ׳זאָל זי פּאַקן? — עפּעס איז זי, ווי די סטאַראָווערצעס, וואָס פלעגן פאַרשטייפן זייערע לייבער אין שווערע קייטן און מיינען אז זיי טוען דערמיט אַ טובה דער ערד און דעם הימל. אויב ס׳איז איר דאָס לעבן נמאס געוואָרן — איז צואוואָס נאָך מיאוסער מאַכן?

— פאַרוואָס האָבן זיי אויסגעקליבן דאָס באַהעלטעניש אונטער דער קאַרזינע? מיינען זיי מיט אַן אמת, אַז זי וועט אַ זאָג־טאָן „דאָס איז איר קאַר־זינע" — וועט די רעוויזיר־קאָמיסיע זיך ניט צורירן.

די קאַרזינע איז געווען שווער, אָבער רחל האָט זי ניט אָפּגעלאָזט פון איר אַקסל. זי איז צוגעוואקסן צו איר און ניט געקאָנט זיך אָפּרייסן: זי וועט נאָך אַ קוק טאָן אין דעם ברייט־צעשפּרייטן פּעקל.

ס׳האָט זי באַשלאָגן א היץ צום חלשן: פראַשקעס קעגן שוויצן, אַנטידיפ־טעריט פלעשלעך . . .

ס׳האָט איר געשווינדלט אין קאָפּ. בעטן, בעטעלעך מיט טויטע האָבן זי געשטויסן פון אַלע זייטן.

מיט דער קאַרזינע אָנגעשפּאַרט אויף איר קאָפּ האָט זי געווינט אויף אַ קול. איר קערפּער האָט קאָנוואולסירט.

ווי אַן אויטאָמאט האָט זי צוריק פאַרדעקט מיט די שמאַטקאָלעך די פעקלעך, מ׳זאָל ניט דערקענען, אַז מ׳האָט אין זיי אַריינגעקוקט.

זי האָט געריבן איר צעווייטיקטן האלז: מ׳דאַרף אַנטלויפן פון דאַנען! די צרה איז אָבער וואָס קיין פרייע צימערן טאָר מען איצט ניט האָבן. אַליין טאָר מען זיך אין ערגעץ ניט איבערקלייבן, מ׳מוז דורך דער טשעקאַ, צי ווער ווייסט דורך וועמען זיך פאַרעגעסטרירן, מ׳קאָן זי נאָך נעמען אויספרעגן, פאַרוואָס זי וויל זיך אַרויסקלייבן? זי זאָל אַפילו וויסן, אז זי בלייבט אָן אַ קאָפּ, — וואָלט זי זיך דאָך ניט אַריינגעמישט אין אַט דער העסלעכקייט.

* * *

פון די אויפגעדעקטע באַהאַלטענע זאכן, האָט מיט רחלן געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. פון יעדן גיכן לויף, גיכן גיי, הויכן געשריי אין הויף, פון יעדן קלונג

אין טירגלעקל איז זי געוואָרן א פּארציטערטע, זי איז געווען זיכער אז דאָס קומט מען ארעסטירן אַנאַ מאַרקאָוונאַ.

זי האָט זיך געפּילט שולדיק פאַר קראַנקע קינדער, פאַר וויינענדיקע מוטערס, פאַר עלנטע יתומים. זי האָט געשריען פון שלאָף דעם פּיין פון די אומגליקלעכע.

אַנאַ מאַרקאָוונא האָט זיך אויפגעכאַפּט אין איין שרעק: עמעצער רעדט מיט רחלען אין איר מאַנס אַלקער!

זי האָט אויסגעשטרעקט אירע ציטערנדיקע הענט צו אירע מלבושים צו כאַפּן זיי און אנטליפן! ראַטעווען זיך!

אויפן קלאָפּ פון איבערגעקערטן שטול איז די נאָך האַלב־פאַרשלאָפענע רחל אַרויסגעקומען פון איר צימער.

אין דער ביינאכטיק־טאָגנדיקער שיין האָבן זיי דערזען איינע די אנדערע. אַנאַ מאַרקאָוונאַ האָט אַריינגערופן רחלען צו זיך, אין איר וויינענדיק בעט, און דערציילט:

— אויסגעוואקסן איז זי אין פּעטראָגראַד ביי זייער רייכע עלטערן. איר מוטערס סאלאָן מיט דער איראָפּעאישער אויסשטאַטונג מיטן סערווירן פון טייערסטן און בעסטן האָט מען געריממט. דאָס רוב באַזוכער זיינען געווען גבירים־קריסטן, אָפיצערן־שיינדלן, אידן באַנקירן, אָנגעזעענע מאַלערס, באַרימטע אַרטיסטן.

— דורך די טעג האָט מען ביי זיי געהאַלטן אין איין איינקויפן, און די נעכט האָט מען געהוליעט.

— אפילו די דינסטן האָט די מוטער שטענדיק אויסגעקליבן די שענסטע, יונגע, און באַטראַכט זיך פאַר זייער אַ נאָבעלער דאַמע פאַר איר העלפן די אָפּגענאַרטע, זיי זאָלן איידער ס׳לאָזט זיך עפּעס באַמערקן — אַרויסרייסן פון זייערע געדערים די שוואַנגערשאַפט, און ווידער קאָנען דינען ביי איר, נאָר שוין טאָן די ערגסטע אַרבעט.

— דעם פאָטער און די דריי מיידלעך האָט די מוטער געגעבן אַלע פרייהייטן און פאַר דעם פרייז געהאַט אַלע מאָל אַן אַנדער געליבטן.

נאָר אַנען, דער זעכצניאָריקער מוזינקע, איז וואָס אַ טאָג מיאוסער געוואָרן די היים מיט די אויפירעכצער פון „דער העכערער געזעלשאַפט״.

— איינמאָל, אין אַן אָוונט לכבוד דער עלטערער שוועסטערס אָפיציעלן כלה־ווערן, האָט אַנאַ געזונגען און זייער אויסגענומען. לויט דער מוטערס פּלאַן איז ביים טיש אַנעס קאַוואַליער געווען אַן אַלטער דעגענערירטער מיליאָנער, אַן עקזעמפּלאַר פון יענע פאַסקודנע אַרגיעס. אָבער דאָס יונגע מיידל האָט אויף זיין פרעכקייט געענטפערט מיט אַ פּאַטש אין זיין פּרצוף.

—דערפאַר האָבן דער פאָטער און די מוטער זיך אָפּגעזאָגט פון איר.

— א לעבעדיקן גהינום האָט זי דורכגעמאכט, ביז זי איז געוואָרן א באַוואוסטזיניקע סאָפראזשיסטקע, נאָכדעם אַן אַקטיווע רעוואָלוציאָנערקע.

אַ שטאָלצקייט האָט זיך באַוויזן אויף אַנאַ מאַרקאָוונעס פּנים:

— מיט איר מאַן האָט זי זיך באקאנט דורך א תפיסה־וואנט, ער האָט גע־קלאפּט מ׳זאָל איבערגעבן, אז אים שיקט מען אוועק קיין סיביר. אויף מאָרגן פאַרטאָג האָט זי דורכן גראַטע־פענצטערל אים געזען. אין משך פון אַ יאָר צייט האָט זי אים געהאָלפן אנטלויפן פון סיביר.

— און אין צוויי יאָר שפּעטער איז זי זיך מיט אים צונויפגעגאנגען, כאָטש ער האָט זי געוואָרנט אז די טורמעס האָבן צעפרעסן זיינע לונגען.

— ער האָט זיך געגעויטיגט אין נארהאפטיקער שפּייז, פרישער לופט, צוליבן ראטעווען אים איז זי בגנבה אַוועק צו דער רייכער שוועסטער, וועלכע האָט אויסגעהערט אַלצדינגס און באַפוילן זי אַרויסצוטרייבן ווי אַ הונט.

אַנאַ מאַרקאָוונאַ האָט אָפּגעווישט די טרערן:

— וואָלט מיין מאַן ניט געווען אַזאַ פאַרבלענדטער סאָציאַליסט, וואָלט זיין קינסטלערישע ארבעט פאַרצוקערט געוואָרן. די אנערקענסטע, בארימסטע מאלער האָבן אים געליבט, אָבער ער, מיט זיין זעלטענעם טאַלאַנט, האָט אויסגעקליבן אויסגיין פון הונגער, — איידער צו שאַפן נישט דאָס וואָס ער האָט געוואָלט און איז געווען בארופן.

—דאָס לעבן האָט מיך איבערצייגט אז סאָציאַליזם איז אַן עוואָלוציאָנע־רער טייל פון דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט און מיט גוואַלט וועט מען עס ניט קאָנען פאַרווירקלעכן. מוועט נאָך דארפן הונדערטער יאָרן ביז אַלע פעלקער, דערהויפּט דאָס רוסישע פאָלק זאָל ווערן עטוואָס סאָציאַליסטיש־באַוואוסטזי־ניק. ניין, ניט די באָלשעוויקעס וועלן דערפירן צו עפּעס א טאָלק, דער היינ־טיקער באָלשעוויזם איז אַ ווילדע אוטאָפּיע!

אַ שווייס האָט ארויסגעזעצט אויף איר שטערן פאַרן איבערכאַפּן די מאָס מיט אירע רייד. זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי זי וואָלט זיך געגעבן א נדר מער קיינמאָל קיין וואָרט ניט אַרויסריידן.

מיטאָמאָל האָט אַ בלוילעך־טאָגן אַנגעהויבן שפּארן דורך דער טיר־שויב.

רחל האָט ביי זיך געוואָלט וויסן אויף וויפל אַנאַ מאַרקאָוונא איז גע־רעכט? און האָט זיך מיטאַמאָל דערמאַנט אין לערער־באַיקאַט: אַלע, ארייג־גערעכנט די פּראָפעסאָרן און סטודענטן, זיינען באהערשט פון א קליינלעכן עגאָאיזם, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט מיטן גאנג פונם ביזאיצטיקן צאַרישן רעזשים.

זי האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— אנא מאַרקאָוונא, איך פאַרזיכער אייך, אז איך בין ניט אין דער באָלשעוויסטישער פארטיי, אָבער איך וויל אייך דערמאַנען די זאך: איר

געדענקט יענעם טאָג, ווען מ׳האָט אין אָדעס געפייערט די פעברואַר־רעוואָ־לוציע, מענטשן אין גאַס האָבן באַגייסטערט געשריען: „די רעוואָלוציע איז אונזער אויסלייזערן! שוין גענוג געשקלאַפט פאַר א מלוכה פון הוילן כאַ־באַר! אָן כאַבאַר האָט מען קיין רעגירונגס־שטעלע ניט געקאָנט קריגן; פאַר געלט האָט מען זיך אויסגעקויפט פון געשיקט־ווערן אויפן פראָנט; אָן רייכע מתנות האָבן די קינדער ניט אויסגעהאַלטן אין די קאַזיאָנע גימנאַזיעס״.

— איז זאָגט מיר, מיט וואָס וועט די סאָוועטנמאַכט זיין ערגער פאַר די קבצנים? וואָס האָבן זיי איינצושטעלן? מיר זעען דאָך אַלע, אז די סאָוועטנ־מאַכט — איז די איינציקע מאַכט וואָס זאָרגט זיך אויף אָן אמת פאַרן וואויל־זיין פון די מאַסן.

אַנאַ מאַרקאָוונאַ האָט ארומגענומען רחלען, ווי מ׳נעמט ארום א ליב, נאַאיוו שוועסטערל!

— רחל, פאָלגט מיך, האָט חתונה פאַר דאַווידן, ס׳איז אַ זעלטענער שידוך. איך רעד אייך צו — ווייל כ׳קען שוין דאָס לעבן דורך און דורך. ווי זאָגט מען „געווען אויפן פערדל און אונטערן פערדל״.

רחל האָט איר געענטפערט:

— ס׳איז נאָך פרי, לאָמיר נאָך פרואוון אַביסל איינשלאָפן. איך וויל היינט מאַכן א גענעראַלע רייניקונג ביי מיר אין צימער, די ביכער און אלצ־דינג פון דער שאַפע אויסקלופטערן. אויך די שופלאָדן מיט מיין קאָרזינקע פון דער קיך ארויסשטעלן אויף דעם באַלקאָן, די פרישע לופט זאָל עס דורכ־נעמען.

אַנאַ מאַרקאָוונאַ האָט מיט דערשראָקענע ארויסגעזעצטע אויגן גע־פאָרשט רחלס געזיכט, צי זי ווייסט וועגן די זאַכן אונטער דער קאָרזינע. ווי נאָר רחל האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, איז זי אַריין אין קיך און גענומען אָפדרייען פון דער קאָרזינעס דנאָ די דינינקע דרעטלעך מיט וועל־כע איר שוואָגער האָט צוגעטשעפּעט די בינטלעך פערל, גאָלד, דימענטן, מעדיקאַמענטן.

זי האָט געדרייט די דרעטלעך און אין איר זיכרון האָבן געשווינדלט די באַלעבאַטים וואָס האָבן זי, א זעלטן גיכע און פּעאיקע סטענאָגראַפיסטקע, איידער עפּעס איז אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע, ווייל זי האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן זייער שמוציקע תאווה׳ס.

— האָט זי געטראַכט: אפשר דאָס זיצן ביי איין טיש, זייט ביי זייט מיטן באַלעבאָס אין אָן אָפּגעזונדערטן צימער רופט אַרויס ביי די מענער אַזאַ פרעכקייט. — איז זי געוואָרן א מוזיק־לערערין. אין די גבירישע היי־זער האָט מען זיך אומפאַרשעמט געדונגען מיט איר, און זי האָט פאַר אַ שענדלעכן לוין פאַרקויפט אירע שטונדן.

— אויך דאָ האָבן די רייכע טאַטעס זי אָנגעהויבן פאַרפאַלגן, און זייערע צעלאָזענע זין האָבן זיי ארויסגעהאָלפן.

אנעס פנים איז שארלעך רויט געוואָרן: איין דאמע האָט איר גלייך אין פנים געזאָגט — „איך בין ניט אויסן געווען מיין מיידעלעס לערנען מוזיק, ווי מיין זון זאָל אָנשטאָט אָנטרעפן עפּעס א קראַנקע זונה, בעסער האָבן צו טאָן מיט דער לערערין, וואָס קוקט אויס א געזונטע״.

— אויף אָנעס אָנזידלען זי, האָט יענע קאלטבלוטיק געענטפערט: „דער סוף פון אלע אָרעמע, שיינע מיידלעך איז אַזעלכער. אויב דו ביסט טאקע נאָך אזא ריינע, ווי דו מאכסט דעם אָנשטעל, — איז דען ניט בעסער אָנצו־הייבן מיט א יונגן בחור״.

— אַנאַ איז פון יענערס העסלעכער געמיינקייט אַזוי פארשטיינערט גע־וואָרן, אז זי איז געשטאַנען ווי א שטומער מאַניאַק, און בלויז געקוקט אויף איר אָנגעפרעסענעם גוידער.

פון גרויס צעטראָגנקייט, פון די אַלע באליידיקנדיקע דערינערונגען, האָט זי ניט באַמערקט ווי פון אירע צעשטאָכענע פינגער רינט בלוט, און האָט אויך פארזען אַ בינטעלע דימענטן אין אַ ווינקל פון דער גרויסער קאָרזינע.

די נויט און הונגער, וואָס האָבן זי געשטויסן צו איר איצטיקן צו־שטאנד האָבן געגליווערט אירע אברים.

# קאַפּיטל צען

.1

דאָס וואָס רחל האָט ניט געקאָנט תופס זיין די פּרוי וועמעס איידלקייט און פיינקייט זי האָט ניט געקאָנט אויפהערן צו שעצן, האָט זי געמוטשעט, ווי מ׳וואָלט אויף איר זינען פלוצים אָנגעטשעפּעט אן אומצוטרוי צו דער גאַנצער וועלט: ווער איז זי, צו משפּטן אַנדערע.

זי האָט געפילט אן אויפגערעגטן ווייטיק, ווי מ׳וואָלט פאר אן אמת פרומען מענטשן געלעסטערט גאָט.

די שטימונג, וואָס האָט זי באהערשט איז געווען וועגן פּראָבלעמען, וואָס פאַרפאָלגן ערנסטע, דערוואַקסענע מענטשן, ניט אַזאַ יונג מיידל.

ס׳איז געווען אויך דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, וואָס זי האָט גע־טראכט וועגן אוניווערסיטעט, אז דאָרט הערשט א כאַאָס פון טעאָריעס אָן פראַקטישער דערפארונג. די באַגייסטערטע אילוזיע וועגן העכערער בילדונג איז פלוצים פון איר אויסגערונען, זי האָט פאר זיך געזען דאָס לעבעדיקע לעבן, ווי אן אָפן, פריש־געשריבן בוך: זאָל עס זיין אמת, וואָס זיסקינד האָט נעכטן געזאָגט — „ביי דער באָלשעוויסטישער רעגירונג — וועט קיינער ניט קאָנען זיין באַלעבאָס איבערן אייגענעם איך״. — ? — ? ! וויפל קאמפן און בלוטיקע קאָנפליקטן האָבן געבראכט צו דער היינטיקער רעוואָלוציע.

דורכגייענדיק די סאָבאָרנע־פּלאָשטשאד האָט זי זיך אָפּגעשטעלט קוקן ווי קליינע קינדער שפּילן זיך, לאַכן, פרייען זיך מיט די ווענטלעך און שטיבעלעך, וואָס זיי שטעלן אויף פון זאמד.

ס׳איז איר געקומען אויפן געדאַנק, ווי נחמן האָט אין אַלעקסאַנדראָווסקי פּארק פלוצים אָנגעהויבן רעדן: „די קאפּיטאליסטן האָבן אפילו באקעמפט דאָס פארזעצן דאָ די עטלעכע ביימער, די געציילטע בלומען, יעדער פּיצל ערד האָבן זיי באַטראכט פאר זייער פאַרמעגן״.

פאַרבייגייער זיינען געבליבן שטיין צוגעוואַקסן, ווי אַ שטומער פאַריבל וואָלט אין זייערע פאַרדאגהטע קעפּ אָנגעהויבן באַלויכטן ווערן, און ס׳איז אויסגעוואַקסן ארום אים א גרויסער פאַרבייגייענדיקער עולם.

רחל האָט געקוקט צום קלאָרן, ליכטיקן טאָג מיט אַן אָנגעשטרענגטן אויער, ווי זי וואָלט דערוואַרט, אפשר וועט זיך פאַרט דערהערן עפּעס דער־פרייענדיקס אין דער שנאה׳פולער און טומלדיקער וועלט.

פון אן אָנגעפּאַרענער דראָזשקע האָט מען זיך צעשריִען, געזידלט, וואָס אין מיטן־וועג האָט זי געפונען אן אָרט צו פאַרטראכטן זיך.

דאָס זידל־וואָרט איז געפאַלן אויף איר אַזוי פריינטלעך, אז זי האָט זיך אַזש מיט דעם דערפרייט. א גרימאַסע האָט זיך געגנבעט אין די ווינקלען פון אירע פארטריקנטע ליפן.

* * *

דער הונגער איז געוואַקסן מיט יעדער שעה. יעדן טאָג האָבן נייע רעס־טאָראַנען אַרויסגעהאַנגען אויף די פענצטער פלאַקאַטן — „מ׳זאָל ניט רייסן די טירן, זיי האָב ניט וואָס צו סערווירן״.

אָבער דער עולם פון דרויסן האָט ניט געגלויבט, געפאָדערט אינספּעק־טאָרס זאָלן קומען. געטענהט: „די רעסטאָראַנען האָבן ניט קיין רעכט אויס־צובאהאלטן פראָוויזיע און לאָזן מענשן אויסגיין״.

די צייטווייליק אָנגעפאָרענע קיין אָדעס זיינען געווען אין א לאגע — כאָטש פאַרצי א שטריקל ארום האלז.

פיל זיינען געפאַלן חלשות אין מיטן גאַס, פון רויטן קרייץ האָט מען גע־ענטפערט: „מ׳וועט מער ניט שיקן דעם אַמבולאנס, ווייל ס׳איז ניט קיין קראַנקע, הונגעריקע וואלגערן זיך אין די גאַסן. גאנץ אָדעס אַנהאָדעווען קאָ־נען זיי ניט״.

צוויי וואָכן פאר פסח האָבן זיך פּלוצים אָנגעהויבן שפרייטן קלאנגען: אַזוי־ווי די באָלשעוויקעס האָבן געזיגט אויף ווייטע שטרעקעס ארום אָדעס — וועט מען היינט, מאָרגן אַריינפירן גענוג ברויט פאַר אַלעמען, מ׳וועט אַפילו דערלויבן באַקן מצות.

אייניקע ווייסן שוין אַפילו זיכער, אַז מצות באקט מען שוין.

אַפילו קריסטן האָבן געזאָגט: „וועט ניט זיין קיין ברויט וועלן זיי אויך קויפן מצה״.

מצות האָט מען טאקע געבאַקן, נאָר די מאַכט האָט זיי רעקוויזירט מיט אַ תנאי, „אויב מ׳וועט אריינקריגן גענוג ברויט פאר די רויטארמייער וועט מען צוריקגעבן די מצות, אניט איז פאַרפאַלן״.

ערב פסח. ביי רחלען זיינען שוין אויסגעגאנגען די פאָר גלעזלעך שאַ־נישניק, וואָס זי האָט די פאַבריקע וואָך אויסגעביטן, אויפן „פערעסיפ״, פאר אירן א העמד ביי א פויערטע.

זי האָט געפילט צו־שוואך צו פאָרן ווידער עפּעס אויסבייטן, זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן דיל איבערצוקוקן פון אונטן אין שאפע אירע ביכער, צו געפינען עפּעס צום לייענען.

זי האָט דערזען אין ווינקל, אין אַ שפּאַלט, אַ שטיקל סעבערל, זי האָט עס מיט זשעדניקייט א כאַפּגעטאָן: מייזלעך האָבן עס פארשלעפּט אהין, ארומגעגריזשעט און ניט געקאָנט דורכשלעפּן.

די סלונע האָט זיך ביי איר אָנגעהויבן קייקלען: ס׳איז פון א גוט שטיקל חלה, מ׳קאָן עס ארומשקראַבען און אָפּוואַשן, אַזאַ פאַרדארטער סעכער פאַר־מאָגט אין זיך א סך שפּייז.

— הע, זי איז משוגע! מייז האָבן עס אויסגעסלינעט, מ׳קאָן פון דעם גיכער קראַנק ווערן, ווי פון הונגערן. זי האָט נאָך פופצן שאַנישניק, זי וועט אַרויסווארפן דאָס שטיקל שמוץ. ניין, זי וועט עס באהאלטן אין שופלאַד, זאָל עס דאָרט ליגן.

זי האָט דערהערט דאָס טירגלעקל קלינגען. גדליה יאַרמאָלינסקי איז געקומען: — „דער טאַטע האָט געבעטן איר זאָלט קומען צו אונז צום סדר. די מאַמע האָט ערגעץ געקראָגן א ביסל קוקורוזעמעל, זאָגט דער פאָפאַ „מיר וועלן פראַוועןא פסח כיד המלך״.

ס׳איז שוין אַכט יאָר, אז זיין פאָטער איז מיט דער גאנצער פאמיליע אריבערגעפאָרן פון זייער שטעטל קיין אָדעס. ער האָט איינמאָל געטראָפן רחלען אויף אַ לעקציע אין ״יבנה״-שול און געבעטן קומען צו זיי, איז זי אַ פאָר מאָל געווען דאָרט.

—אָבער איצט, — האָט רחל געקלערט, דער אלטער האָט א פולע שטוב מיט קינדער פונם ערשטן און צווייטן ווייב, ס׳וועט מסתם קוים קלעקן פאר זיי צו שטיקלעך מאַמאַליגע, — איז וואָס דארף זי נאָך דאָרט זיין.

—איר וועט איבערגעבן אייערע עלטערן מיין האַרציקן דאנק״.

— דער פאָפאַ האָט אָנגעזאָגט, אויב איר וועט ניט וועלן גיין, וועט ער אַליין מוזן קומען אייך רופן. ער איז זייער שוואַך, פארשטערט אים ניט זיין יום טוב.

זי האָט באשטימט: זי וועט פארברענגען דעם אָוונט מיט זיי, נאָר זען זיך אויסדרייען פון עפּעס עסן דאָרט.

* * *

דער אלטער יאַרמאָלינסקי האָט געזאָגט די הגדה, גלייך ווי ס׳וואָלט אלצדינג געווען ביים טיש.

רחל מיט די קינדער ארום טיש האָבן געזונגען מיט אים — „אדיר במלוכה״ . . . „אדירהוא״. ביי „אחד מי יודע״ . . . האָט מען זיך פארפלאָנ־טערט און די שטוב איז פול געוואָרן מיט געלעכטער.

נאָכן אויסזינגען „חד גדיא״ . . . האָט ר׳ יאַרמאָלינסקי פארטייטשט דאָס געזאָגטע מיט סימבאָלישע פארטייטשונגען.

דאָס ווייב זיינס האָט אויף א גרויסן פאָלומיסיק דערלאַנגט א פירעקיק מאַמעליגעלע, מיט א ווייסן פאָדעם צעשניטן עס און אויסגעטיילט יעדן איי־נעם א קוואַדראַטל. ס׳איז געווען א פריילעכע, האַרציק-יום-טוב׳דיקע נאַכט.

# קאַפּיטל עלף

.1

אינדערפרי איז רחל אהיימגעגאנגען, זי איז ביי די יאַרמאָלינסקעס גע־וואָר געוואָרן אז מען קאָן שוין איצט אויסבייטן זאַכן אויפן אלטווארג־מארק.

„דער גאנצער מסחר האָט זיך איבערגעטראָגן אויף די אלטווארג־מארקן".

די אַלטע שיך, וואָס רחל האָט צוליב נאָכלעסיקייט ניט אַרויסגעוואָרפן, האָט זי איצט אָנגעטאָן. און די כמעט נייע שיך געטראָגן אויסבייטן אויף א שטיקל ברויט, אָדער אויף אביסל שאָנישניק, ווי דאָס פריערדיקע מאָל, אַלץ בעסער ווי גאָרנישט ניט האָבן.

---

פון יענער זייט אָדעס איז נאָך אָנגעגאנגען דער פאַרביטערטער בירגער־קריג, און אויך די פארצויגענע וועלט־מלחמה איז מען נאָך ניט פּטור גע־וואָרן.

אין שטאָט גופא האָבן פאָרשטייער פון דער „רויטער באַוועגונג" ארויס־געפירט פון פריילעכע הייזלעך די מיידלעך, זייערע באַלעבאָסטעס, באַלעבאַ־טים, „יאָלדן", קונים. מיט יעדער פארבייגייענדיקער גאַס איז זייער צאָל געוואַקסן.

מ'האָט דערזען, אז די אָקטאָבער רעוואָלוציע מיינט מיט אַן אמת צו מאַכן א סוף צו דעם ביז־איצטיקן קאָרופּטירטן צושטאַנד.

צווישן די אַרעסטירטע באַלעבאַטים זיינען געווען: גרויס־רוסן, קליין־רוסן, אידן, גריכן, טאַטערן, ווייס־רוסן, פּאָליאַקן, דייטשן, פראַנצויזן, טשעכן, בולגארן, אַרמעניער, כינעזער, רומענער — ווי יעדער נאציאָנאַ־ליטעט וואָס האָט געוואוינט אין אָדעס, האָט געמוזט האָבן פאָרשטייער, פאַר־וואַלטער פון זוואַדניעס און באַרדעלן.

צוויי באוואפנטע רויטארמייער זיינען געגאנגען פון פאָרנט און צוויי הינ־טער דער „געהויבענער פראָצעסיע".

געציילטע מיידלעך, דאָס רוב עלטערע האָבן עזות'דיק געקוקט אויפן ביי־געריקן המון. די אנדערע, נאָך גאַנץ יונגע, האָבן געהאַלטן אראָפּגעלאָזט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך אויף אַן אמתן געשעמט אָנצוטרעפן מיט עמעצנס בליק.

איינער פון די זעלנער האָט גייענדיק ארויסגעלייענט אַדרעסן פון אַ לאנגען בויגן פּאַפּיר, דערביי האָט ער געשפיגן און געלאכט:

— „מיט אַזוינע צעטלען פלעגן זיך ארומטראָגן די צאַרישע געזעץ־היי־טער, מ׳זאָל, אין צייט קאָנען וואָרענען די ווייסע־הענדלער, זייערע גוטע באַלוינער״.

דער המון האָט געשאָלטן, געקללה׳ט די געוועזענע זשאנדארמעריע, געשאָלטן די מיידלעכ׳ס פארפירער, — די ווייסע־הענדלער.

איינער אזעלכער אין א ברייט, אויסגעניית קרעם־זיידן העמד, אַריינגעלאָזט אין זיינע ברייטע שוואַרצע פלודערן, מיט אַ ברייטן העלרויטן גאַרטל אַרום די לענדן, ווי צום טאַנצן א קאָזאַטשאָק, האָט אַ טויט־בלאַסער געביסן זיינע קליינע וואָנצעלעך, האָט זיך געריסן צו אַנטלויפן און מיט א וויינענדיקן טאָן געטענהט צו די פארבייגייער:

—„איך וויל ניט די „טשעקא״ זאָל מיך „צעבייטן״, ניט מיט מיין קליינעם פארמעגן וואָלט איך געקאָנט אָנפירן אַזאַ גרויס הויז. דער גלח זשוקאָוו האָט מיר געגעבן געלט. ער האָט געקראָגן דעם גרעסטן חלק פונם ריווח, גענומען פראָצענט פון מיר. דער גלח האָט אָנגעזשעבעט פעטע סומעס פון די מיידלעך, וואָס האָבן געהאלטן אין איין מיתוודה זיין זיך !

— זאָל מען אויך ארעסטירן דעם גלח! וואו איז ער אנטלאָפן דער הינטישער זון? ער איז דאָך געוועזן ביי מאַריען אין צימער״.

אַ שטאַרק באשמינקט עלטער מיידל האָט זיך כריפנדיק צעלאַכט:

— מיט וואָס מער מאַנצבילן מיר האָבן זיך איבערגעוואלגערט א נאַכט, אַלץ גרינגער איז אונז אָנגעקומען דעם גלח׳ס מחילה, אָבער דאָס גאָלד, וואָס ער האָט פון אונז געפאָדערט, האָט געמוזט ווערן וואָס אמאָל שווערער״.

מ׳האָט איר אָפגעענטפערט מיט געלעכטערס, מיט זידלערייען, מיט קללות אויף די גלחימ׳ס קעפּ.

רחל האָט געהערט ארום זיך א גאַליק שפּאַסן:

— צלמים וויינען, אַזוי פיל כלי־קודש האָבן געהאָט אַזאַ פעטן ביסן״.

— יאָ, מ׳רעדט ניט פון יענע, וואָס האָבן הינטנארומער, דורך אינטימע פריינט, סובסידירט הייזלעך, נאָר גלאָט אַזוי גלחים. פון איין זייט פלעגט מען זיי אַריינשיקן פרומע מתנות פאַר ניט זען וואָס מ׳דאַרף ניט. און פון דער צווייטער זייט זיינען די דאָזיקע מיידלעך זייער פרומע. גרויסע פארמעגנס האָבן זיי איבערגעגעבן פאַר די פארגעבענע זינד״.

ווידער א סאַרקאַסטיש געלעכטער:

— „וואָס גרעסער איינערס נאַכט־מסחר איז געווען — אלץ גרינגער איז איר אינדערפרי אָנגעקומען ביי די „גאָטס־שלוחים״ די פארגעבונג.

ווער ס׳האָט געלאַכט און ווער ס׳האָט אין הארצן געוויינט. דער מיש־מאַש פון אָדעסער סוחרים: אידן, גרויסרוסן, קליינרוסן, דייטשן, טערקן, פראנצויזן, איטאליענער, רומענער און אַנדערע האָבן געצאַרנט, געזוכט וועגן ווי צו אונטערקויפן די פאנגער, די רויטע ארמייער, צו ראַטעווען די

פרנסה פון די שאנד־אַנשטאלטן, פון וועלכע מ׳האָט געשאַרט גאָלד מיט לאָ־פּעטעס.

נאָר אומזיסט זיינען געווען זייערע גרויסע טויזנטער אויסגעציילט אין גאָלד, וואָס אלע סוחרים האָבן זיך צונויפגעלייגט. זיי האָבן געצאָרנט, געצי־טערט:

—,,נאָך ערגערס, מ׳קאָן דערפאר אריינפאלן צום טויט אין מויל אריין״.
דערפון האָט די גאַס ארויסגעדרינגען:

—,,דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער אָדעסער געשיכטע, וואָס מ׳ארעס־טירט מיט אן אמת די באַלעבאַטים פון די ,,זוואָדניעס״.

— דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, וואָס מ׳וועט די מייד־לעך געבן אן אמתע מעדיצינישע אונטערזוכונג.

— די געזונטע, שמועסט מען, וועט מען איינאָרדענען, זיי זאָלן קאָנען פאַרדינען אויף אַן אָרנטלעכן אופן. און די קראַנקע וועט מען אזוי לאַנג היילן, ביז זיי וועלן אויפהערן זיין א סכנה פאר דער געזעלשאפט.

— און נאָכדעם וועט מען אויך זיי באשטאַטן אויף אַן ערלעכן אופן״.

די מענשלעכקייט און דער אויפריכטיקער דרך־ארץ מיט וועלכן די רויט־אַרמייער האָבן גערעדט צו די ,,מיידלעך״, מיט זייער איטלעך מאָל זאָגן: ,,ביטע, חברטעס, וואַרט צו דאָ אַביסל, וועלן באַלד אַרויסקומען נאָך חברטעס מיט זייערע בלוטזויגערס״, האָט אַרויסגערופן א דערהויבענעם ציטער.

ביי רחלען זיינען די אויגן פייכט געוואָרן, זי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּ־וואונדערן פון די פּראָסטע זעלנערס דערהויבענעם צוגאַנג. עס האָט איר דער־מאָנט ביי זיי אין שטעטל, ווי זי איז קליינערהייט, יום כיפּור, געזעסן אין דער ,,הויכער־שול״ צווישן א רעדל ווייבער און פאר זיי געלייענט די מעשה פונם גרויסן צדיק רבי אמנון — ,,גרויס אין תורה און חכמה, א רייכער און א מיוחס, דערצו א גרויסער נכבד ביים פּירשט. אָבער דערפאר וואָס ער האָט זיך ארויס־געכאַפּט פאַרן פּירשט, אז ער וועט אין דריי טעג ארום אים גיבן אַן ענט־פער צי ער וועט בייטן זיין גלויבן — האָט ער געהייסן זיך אָפּשניידן די צונג״ . . . — ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן פונם לייענען האָט זי דערזען: ,,אלע ווייבער זיינען הייליקע געוואָרן״.

איצט האָט זי אויף די רויטארמייער דערזען די דאָזיקע הייליקייט.

דער ערלעכער צוגאנג צו די וואָס האָבן זיך געלאָזט אָפּנארן, באליידיקן, פאַרדאַרבן, — האָט מיטגענומען רחלען פון גאָס צו גאָס. זי האָט זיך אָפּגע־שטעלט וואו נאָר מ׳איז מיט זיי געבליבן שטיין.

דאָס נעמען זיך היילן די דאָזיקע געזעלשאפטלעכע וואונד, ווי אַן ערשטן באַדינג פון זייער ארבעט, האָט אויפגעהויבן די באַלשעוויסטישע אידייע צו דער הויך און שיינקייט פון א נייער רעליגיע, צו אַ גאָט, אין וועלכן מ׳האָט ניט־גלויבנדיק געוואָלט גלויבן. עס האָט ארויפגעפירט אויף דער מחשבה:

אפשר אָננעמען און גיין אין דעם דאָזיקן וועג אָן שום חקירות. און אפשר גייען מיר אַלע סיי־ווי־סיי דעם דאָזיקן וועג ווילנדיק ניט ווילנדיק.

ארום האָט מען געשמועסט: — „די סאָוועטנמאַכט ווייסט וואָס זי טוט".

— „ווייסט וועמען צו באשטראָפן".

רחלען האָט פארדראָסן וואָס זי פילט איצט אזוי שוואַך אין געזונט: עס שווינדלט איר אין קאָפּ, און פון א ווייטער פארהוילענער וועלט ווי אין טומאַן דרייען זיך דאָרט קרענקלעך־געל האלבע לבנות. ווען זי וואָלט זיך אריינגעטאָן מיט גרויס ערנסט אין מער ארבעט, — וואָלט זי אויך רואיקער און בעסער געשלאָפן.

זי האָט געזוכט אין זיך עפּעס א זאַך, וואָס איז איר אמטייערסטן, כדי זיך צו באשווערן איביק מער נישט געדענקען פון קיינע און קיינעמס חטאים.

— מיט סאַשעס לידער! ניין! דאָס וועט זי ווידער ניט באַפרייען פונם בענקען. וועגן זיין דיכטונג מעג זי יאָ טראַכטן, אָבער מיט אים קער זי זיך גאָרנישט אָן — זי דאַרף זען זיך נעמען אין די הענט, און ווי נאָר זי וועט קומען צו זיך — וועט זי ווערן אַקטיוו.

ביי וואָס „אקטיוו"? וואָס האָט זי געמיינט מיט איר „אַקטיוו", האָט זי נאָך ניט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף.

די גאַס האָט צופרידן געטומלט:

— „דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין דער רוסישער געשיכטע, גיכער אין דער וועלט געשיכטע, וואָס מ'הייבט אָן באשטראָפן ניט נאָר די זינדיקע, נאָר אויך די וואָס גייען צו זיי!"

רחל האָט אָנגעקוואָלן: די לופט דרוקט אין טויזנטער און טויזנטער עקזעמפּליארן דאָס גרויסע געשעעניש!

„א נייע גערעכטיקייט האָט זיך, ווי א שלאָפנדיקע פּרינצעסן, אויפגעכאַפּט און וועט דערפרייען אָן אַ שיעור הערצער!"

* * *

לעבן טויער האָט רחל געטראָפן שאַצן. וואַרטנדיק אויף איר האָט ער שוין איבערגעלייענט צוויי צייטונגען פון זיין קעשענע. זיין גרין דורכזיכטיק פּנים האָט געשמייכלט:

— נעכטן אָוונט האָט מען אויסגעטיילט יעדן איינעם פון דער „וואָלנער דרוזשינע" מצה צו דער טיי, האָב איך אייך געבראַכט א האלבע און אַ רעפטל ברויט".

רחל האָט זיך דערמאָנט דינהס זאָג: „שאַץ עסט פארזאמלונגען אנשטאָט ברויט". און איצט האָט רחלען ארומגעכאַפּט א ציטער. זי האָט געהערט אז די סאָוועטנמאַכט האָט ארויסגעגעבן יעדן וואָלונטיר א האלבע מצה.

„טייערער בחור, ער וואָלט זיך פריער אינגאַנצן אוועקגעגעבן זיין פּאַלעסטינע, און נאָכדעם וואָלט ער זיך איר אינגאנצן אוועקגעשאָנקען".

זי האָט אים ליבלעך אָנגענומען אונטערן אָרם און פלוצים דערפילט דאָס פעקל מיט אירע שיך: זי איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן אין גאס מיטן גרויסן געשעעניש, אז זי האָט פאַרגעסן אז זי דאַרף קריגן פאר זיך עפּעס שפּייז. — ניט אומזיסט שווינדלט איר אַזוי אין די אויגן.

.2

עס האָבן זיך געשלעפּט שווערע טעג, ביטערע חדשים, אָבער די באָלשע־וויקעס רירן זיך ניט פון אָדעס, פאַרקערט זייער מאַכט שטעלט זיך איין וואָס אַמאָל פעסטער, און דאָס לעבן פון די איינוואוינער האָט זיך אָנגעהויבן איינ־שטעלן אַרום דער עקשנותדיקער מאַכט.

מ׳דאַרף וואָס מער ארבעטער הענט, און יענע וואָס קומען מיט אַן ערלעכן ווילן צו ארבעטן — ווערן אייגענע מיטגלידער; מ׳קריגט מער ברויט, ביס־לעך צוקער, אַניט איז מאַנפּאַסיע, אַלץ בעסער ווי גאַרנישט.

די עלעקטראָסטאַנציע ארבעט, די גאַסן זיינען באַלויכטן, די טראַמווייען ארבעטן ווידער און זיינען שטענדיק איבערגעפּאַקט, מ׳שטופּט זיך און מען שטויסט זיך מיט עפּעס א צוריקגעקראָגענער זעלבסטווירדע.

שיכפּוצער האָבן פריילעך אויסגעקלאַפּט מיט די בערשטלעך נייע צייט־לידלעך. פונם פּריוואַז פירט מען ביסלעך קאַרטאָפל, בינטלעך פאַסאָליעס, אפילו אייער.

עס האָבן זיך אוועקגעשטעלט הויכע, לויטערע פרילינגס טעג.

מען האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו די רויטע. די שטימונג איז ווי עפּעס א באַנייטע. פויערים בעלי גופים ברענגען אָן צוביסלעך עסנוואַרג און בייטן עס אויס אויף קליידער, שיך, אויף שטיקלעך מעבל.

פון קליינע שטעטלעך, ניט ווייט ארום אָדעס, כאַפּן זיך ווייבער אריין אין צוגן און ברענגען צופירן קאַסטנס לעקאַך צו פאַרקויפן.

שמועסט פריילעך די יוגנט: „געהאַט א גאַר פיין שמחה׳לע — געגעסן הע־רינג מיט לעקעך — און נאָכדעם געגאַנגען אין טעאַטער. — די בעסטע אַק־טיאָרן פון פּעטראָגראַד, פון צאַרישן טעאַטער שפּילן איצט.

די מורא פאַר עפּעס און די האָפנונג אויף עפּעס פירן זיך ביי די הענט און פון טשיקאַווקייט צו דערזען ווער וועט וועמען און וואוהין פאַרפירן — האָט מען פאַרגעסן זיך צו זאָרגן. מ׳לאַכט אַפילו גאַנץ געשמאַק.

אין יבנה׳ר שול האָבן זיך די הייסע דעבאַטעס צו אַנטלויפן קיין ארץ־ישראל אָפּגעקילט. מ׳איז אין כעס אויף די בחורים מיט מיידלעך וואָס עסן זיך איין אין די גרגרות מיטן דולן א קאָפּ, מ׳זאָל קויפן ביי זיי שקלים.

די אַקאַציע ביימער, פאַרהיט פון אויסהאַקן אין דעם שווערן, קאַלטן ווינ־טער — באַרימען זיך שוין מיט זייער מחיה׳דיקן דופט, אָט, אָט וועלן זיי זיך אויך אַזוי שיין צעבליען ווי די פאַרשיידענע בלימלעך, וואָס די בלומען־פאַרקויפערינס האָבן אויסגעשטעלט אויף זייערע חזקה־טישלעך.

גימנאזיסטקעס האָבן זייערע אוניפאָרמירטע גרינע קליידלעך אונטער די שוואַרצע פאַרטעכער פאַרביטן אויף פאַרשיידן קאָלירעדיקע און פרייען זיך, ווי דאָס דערגרייכן פרייהייט וואָלט בלויז באַשטאַנען אין אראָפּוואַרפן די אוניפאָרמעס.

צווישן די שטענדיק צירלעך־מאַניערלעך שילער פון קאָנסערוואַטאָריע באַמערקט מען נייע טיפּן, „הוליע־קבצן"־טיפּן, וועלכע האָבן בלויז ביי דער סאָוויעטנמאַכט געקאָנט קריגן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע גאַנץ פיינע טאַלאַנטן.

אַט טרילערט אזא איינער אין מיטן גאַס, ווי אַן אמתער קאַנאַריק וואָלט זיך פאַרגאַנגען איבער א וויטן רייזיקן וואַלד. פאַרבייגייער קוועלן מיט אָפענע פאַרגאַפטע מיילער.

נאָך א פּאָר שילער זיינען זיך מתקנא אין זיין אויסנעמען ביים עולם, און באַווייזן אויך זייערע פעאיקייטן.

די גאַס קלאַפּט א הילכיקן בראַוואָ! יונג און אַלט לאַכן מיט הנאה, זינגען מיט.

אַנשטאָט אָדעסער פריילעך־זיין מיט די שרייענדיקע גראַמאַפאָנען „אך זא־טשעם עטאָ נאָטש", אָדער „כאַ־צאַ־צאַ", — הערט מען איצט אמת קינסטלע־ריש געזאַנג. די אַנטוויקלונג פון א בעסער טעאַטער, בעסערע קונסט און מוזיק גייט אַריין אין דער באָלשעוויסטישער פּראָגראַם ווי אָ טייל פון זייער בוי־אַרבעט.

אויף דער נאָוואָסיעלסקע, איבער א טויער הענגט אַן אויפשריפט „די געזעלשאַפט פון פריקאַשטשיקעס". דאָרט איז געשטאַנען א רעדל מענער און מיידלעך און זיך שטאַרק צוגעהערט ווי איינער האָט גערעדט:

— „מיר, משרתים, האָבן געטראָגן אויף אונזערע קעפּ די באַלעבאַטימס קראָמען, האָבן געוואוסט וואו עס געפינט זיך יעדע קלייניקייט, געוואוסט וויפיל עס קאָסט זיך יעדער זאַך און פאַר וויפל פאַרקויפן עס. מיט אונזערע געשליפענע צונגען געצוואונגען געוואָרן צו נאַרן די קונים, — און פאַר דעם האָבן מיר געקראָגן א שענדלעכן לוין".

פאַרנאַכט, האָבן צייטונגען צעטראָגן די נייס:

„די פריקאַשטשיקעס האָבן אַרויסגעוואָרפן זייערע מענשעוויסטישע פי־רער און זיך פאַראייניקט מיט די באָלשעוויקעס!"

די גאַסן האָבן געטומלט:

—„באָלשעוויזם איז געוואָרן א צויבערקראַפט!"

מענטשן האָבן געזען דעם קאַמף צווישן דער אַלטער און נייער וועלט. דאָס רוב האָט נייגעריק זיך צוגעקוקט צו יעדן באַוועג פון דער נייער וועלט. מען האָט זיך שטום געחידושט, ווינציק געגלויבט אין איר כח, אין איר ענדגיל־טיקן זיג איבער דער דורכגעטריבענער, „כיטרער אַלטער".

## קאַפּיטל צוועלף

.1

דער ברייט פאַרצווייגטער „ראַזדיעלנאַיאַ" וועג, וועלכער פאַראייניקט אַדעס מיט גאַנץ רוסלאַנד, — איז אויף ווייטע שטרעקעס, האָט מען געקאָנט זאָגן, באַפרייט פון די ווייסגוואַרדייער, פון דעניקינען, פון פּעטליורען מיט זייערע באַנדעס.

דער פרעמדער יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין אַדעס, האָט די סאָוועטישע מאַכט אָנגעהויבן אַרויסגעבן דערלויבענישן אַהיימצופאָרן.

רחל האָט אויך באַשטימט זיך דורכצופאָרן אַהיים: זי וועט זיך באַפרייען פון דער פאַרפאַלגנדיקער שולד, וואָס זי איז אוועק פון דער מוטער אין אַזאַ מאַוים׳דיקער צייט. זי איז אויך זיכער אַז ביי זיי אין דערהיים וועט זי גיכער קומען צו די כוחות. זי דאַרף נויטיק וואָס גיכער זיך שטעלן אויף די פיס.

און אפשר טאַקע דאָרטן וועט זי אָנהייבן ווערן אַ ניצלעך שרייפעלע אין דער נייער סאָוויעטישער מאַשין.

די וואַגאָנען זיינען מוראדיק צעשעדיקט, די פענצטער צעבראָכן, די טירן אַרויסגעריסן. אין ערשטן, צווייטן קלאַס איז יעדער פּיצל לעדער אַראָפּגעשונדן ווי פון אַ געפאַלענעם פערד, די בענק, די ווענט זיינען צעקלאַפּט, צעשאָסן, אומעטום שפּורן פון בלוט.

רחל האָט געזען אויף די פּנימער פון דער שטודירנדיקער יוגנט, אויף די פּנימער פון פּראָנט זיך־אומקערנדיקע דעזערטירן, אויף די פּנימער פון מלחמה־קאַליקעס, און אויף די געזיכטער פון די רויטאַרמייער — האָפנונג, צווייפל, גלויבן, עקסטאַז, דערוואַרטונג און עפּעס אַזוינס אין זייערע הערצער, וואָס מאַכט איר אייגן האַרץ קלאַפּן מיט אומקלאָרן וואונדער.

זי האָט זיך געחידושט און געהאַט צו זיך טענות: ווי קומט עס וואָס זי איז ניט אין די רייען פון די קעמפּערס? זי איז אַלט געוועזן אַכט יאָר, ווען איר ברודער חיים איז געוואָרן אַ וועגעטאַריער, אַ טאָלסטאָיוועץ; איר מאַמע האָט ניט אויפגעהערט אָנצושטעלן די לומדישע און קליגסטע אידן פון שטעטל, מיטן קאַזיאָנע ראַבינער, מיטן קלוגן דיין, אַז זיי זאָלן איבעררעדן חיימן צו עסן פלייש. חיימס אָפּענטפערנדיקע „גמרות" האָבן זי געכשופט מיט זייער דורכדרינגענדיקן, דורכזיכטיקן רוף פאַר יושר. זי האָט נאָך דעמאָלט געטרוימט פון העלפן דער וועלט.

רחלען האָט טיף געגאַגט: מיט די רויטאַרמייער וואָלט זי געקאָנט מיטפאָרן. פאַרוואָס לייגט זי עס אָפּ?

עס האָט איר באַנגעטאָן צו פארלאָזן זיי. זי האָט ניט געוואוסט וואוהין דער וועג, וואָס זי פארקערעוועט זיך, וועט זי פירן, אָבער מיט דעם וועג גייען היינט פיל און אמביציעזע מענשן. — וועט זי מיט זיי גיין צום אומקלאָרן ער־געץ און דאָס איז אויך איבערגעגנוג פאר אַזעלכער ווי זי. נאָר פריער מוז זי זיך א ווייז טאָן צו דער מוטער.

.2

אַמאָל אז זי איז ארויסגעפאָרן אינדערפרי, איז זי אין אוונט געווען אין דערהיים. א שעה פריער, צי א שעה שפעטער האָט ניט אויסגעמאַכט. איצט, אז זי איז אויפן דריטן טאָג אָנגעקומען אַ האַלבן ווערסט פאר זייער סטאַנציע האָט עס אויך געהייסן גוט. — ווייל וויפל מאָל בעת דער צוג האָט זיך פלו־צים געטומען רוקן צוריקוועגס האָבן אלע געמיינט: שוין, מ׳וועט ניט דער־לעבן אָנצוקומען ערגעץ, אַחוץ מיט א צעשמעטערטן קאָפּ, אַראָפּ די אויפגע־ריסענע רעלסן.

רחל האָט דערקענט איר געגנט, און ווען דער באַן־ארבעטער פונם צו־ריקגעקומענעם אויסשפיר־לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעזאָגט אז די געגנט איז אן אָפּגערייניקטע, איז זי אַראָפּגעשפרונגען — פון וואגאָן. דער באָדן איז דאָרט געווען צו־ווייט אראָפּצושטעלן די פיס.

אַרום איז שאַ, שטיל... ווי די וואָרעמע פרילינג־זון וואָלט דעם גאנצן געגנט פארשלעפערט מיט א צויבער־מעשהלע.

א גליק: א פויער האָט זיך צופעליק געיאוועט, ס׳איז איוואן טשובאָטע, א באָרוועסער, אן אויסגעקוואָרט פנים מיט אַ קאָליר פון איבערגעטריקנטער ערד.

ער ווייסט ניט צי ער וועט קאָנען אָפּפירן רחלען אין שטעטל: — די פערד זיינען צו שוואַך פון אַ גאַנצן ווינטער הונגערן.

זי רעדט אים איין, זי וועט אים גוט באַצאָלן.

זי האָט זיך מיד אראָפּגעזעצט אויף א בערגל און פארכאַפּט געוואָרן מיט די צעגרינטע, ווייט־שוועבנדיקע שטרעקעס: דאכט זיך — דאָס מעלאַנכאָליש־זיסע געזאַנג, מיט וועלכן אוקראַינע צייכנט זיך אַזוי שיין אויס — טראָגט זיך פונם רחבות׳דיקן ארום צום אומענדלעכן האָריזאָנט. דער פארטראַכטער הימל — העל־בלוי, באַוואונדערט דעם ארום. דער פויער האָט געדרייט זיין צעשויבערט־פארוואַקסענעם קאָפּ אויף רעכטס, אויף לינקס. געקנאַקט מיט דער צונג: „טאָ, טאָ . . .

— נו, איך וועל פרוואוון, אפשר וועלן זיי יאָ דערשלעפּן. — איך וועל אוועקלויפן זיי אַיינשפּאַנען און באלד קומען צוריק.

* * *

זיצנדיק אַליין אינמיטן אָפענעם פעלד האָט זי באַהערשט א בענקשאַפט נאָך אירע קינדערשע יאָרן אין דאָרף. ווען זי איז אלט געווען פיר יאָר, האָט

איר מוטער (אַן אלמנה) חתונה־געהאַט ס׳צווייטע מאָל פאַר איינעם א דאָרפס־אידן.

די צעגרינטע וועלדער, פעלדער, סעדער, גערטנער האָבן ארויסגערופן ביים פיריאַריקן קינד אַזאַ אַנטציקונג, אז זי האָט זיך אַ לאָז אַרויס געטאָן פון וואָגן, ווי זי וואָלט געהאַט פליגל.

דער אכטיאָריקער ברודער איסר האָט געזאָגט: „ווען די דינסט חיה דער־כאַפּט איר ניט — וואָלט רחלע געוואָרן א צעמזיקטע".

דער עלף־יאָריקער ברודער חיים האָט צוגעגעבן: „די שנעל־לויפנדיקע רעדער וואָלטן זי געוועזן אינגאנצן צעמאָלן".

זי האָט ליב געקראָגן ס׳דאָרף מיטן גאַנצן האַרצן:

— „אַלע שיקסלעך, גויים, גויעס, שקאַצימלעך גייען באָרוועס. גיין, זי וועט ניט שטארבן פון ארומלויפן כאָטש א קליין ביסל אָן די שיך און אָן די זאָקן".

זי איז לאכנדיק געשפּרונגען מיט אלע כחות, כדי אירע פיס זאָלן זיך וואָס טיפער איינשטאמפּן אין דער ערד, זי האָט געשפּירט א פרייד אין אירע פיס, ווי זיי וואָלטן נאָר־וואָס לעבעדיק געוואָרן.

זי האָט זיך שטארק צוגעבונדן צו סאָרען, דער קלענסטער פון אירע דריי שטיף־שוועסטער, אָבער דער עיקר איז געווען איר חברטע פאַלאשקע, וואָס האָט געהאַט א גאָרטן, און רחל איז פארכאַפּט געוואָרן פון דעם אייגנארטיקן קאָליר און פאָרם פון יעדער פלאַנץ באַזונדער.

„אַזויפיל פרייד נעמט אַרום צו באַטראַכטן דאָס אַלץ".

אויך די נעמען פון די אָן א שיעור בלימלעך האָט זיך רחלען שטארק געוואָלט וויסן.

סאָרע מיט פאַלאשקען און נאָך שיקסעלעך, שקצימ׳לעך האָבן געלאכט. זיי האָבן קיינמאָל צו קיין זאַך ניט צוגעקוקט זיך, ווי רחל האָט עס געטאָן, אָבער אירע פראַגעס, אָנווייזונגען, באַגייסטערטע אויסגעשרייען זיינען זיי זייער געפעלן.

ווען סאָרע מיט פאַלאשקען האָבן אויפגעשטעלט זייערע נאָזלעכער און אָנגעשטעלט אויג־און־אויער ווי רחל האָט זיי געעצה׳ט — האָבן אויך זיי דער־פילט, אז אלץ לעבט דאָ טאַקע אויף מיט אַן אמת.

רחל וואָלט געוועזן זייער גליקלעך, נאָר איר מאַמען, דער גרויסער סוחר־טע, דער דרייערין, — איז זיך ניט איינגעזעסן אין דאָרף, זי האָט עס וואָס א טאָג מער פיינט געקראָגן:

—„אָ, ניט דערלעבן זאָל דאָס דאָרף, אז איך זאָל אָפּפינצטערן דאָ די יאָרן מיט איינרעדן מאַריקען אויף א פאַרטעך אַן ארשין ציץ, צי פאַר דריי גראָשן באָוועל.

— די אינגלעך האַלטן אין שטאָט אויף פרעמדע קעסט, אַז אַ ליטוישער מלמד, מ׳זאָל אים אָפּגילטן, ווייל אפילו ניט שמעקן אַהער. און ער איז טאקע געזעצט וועמען ווערט ער דאָ זען? איוואַנעס. אויב איר מאַן קאָן זיך ניט אָפּ־רייסן פון זיי — איז לאָז ער זיך האַלטן מיט זיי אויף שטענדיק״.

זי האָט געגומען רחלען מיט דער דינסט חיה׳ן און איז אוועקגעפאָרן צו־ריק זיך באַזעצן אין שטאָט. איבערלאָזנדיק דעם מאַן די גרויסע מאַנופאַקטור־גאַלאַנטעריי־און באַקאַליי קלייט, וואָס זי האָט אויפגעשטעלט אין משך פון אירע פינף יאָר וואוינען אין דאָרף.

רחל האָט זיך זייער דערפרייט צו זיין ווידער אינאיינעם מיט אירע ברי־דער, זי האָט שטאַרק געבענקט נאָך זיי. אָבער ווען האָט זי זיי דען געזען? איסר איז אוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט לערנען אין גימנאַזיע און איידער וואָס ווען איז ער אוועק קיין אַמעריקע.

חיים, דער גרויסער העברעאיסט, איז פּלוצים געוואָרן אַ וועגעטאַריער, האָט אויפגעהערט דאַוונען, צו וועלכן רחל האָט אַזוי ליב געהאַט זיך צוצו־הערן. ער האָט זיך אָנגעהויבן אָפּשליסן ביי זיך אין צימער, פּראַוווען יחידות.

רחל האָט געוואוסט: ער לייענט רוסישע ביכער און לערנט ווערטער פונעם רוסישן ווערטערבוך. — לאָזט ער צו זיך קיינעם ניט אריין.

צו דער מאַמען איז שווער אויסצורעדן אַ וואָרט. אפילו חיה איז אויך גאָר אַ פאַרנומענע געוואָרן: „לאָז אָפּ קינד, כ׳דאַרף דערלאַנגען טיי מיט צו־בייס די פרעמדע סוחרים. אָט גייען מעקלערס, אָט קומען קונים, סוחרים, אַ פּאָר אורחים, נאָך סוחרים״.

איז רחלען געבליבן צו טראַגן אין זיך און לעבן מיטן גוטן אָנדענק וועגן דאָרף. אַ חוץ פאַראיאָרן, ווייל איר שטיפשוועסטער סאָרע האָט חתונה געהאַט קיין מאָהילעוו, פלעגט רחל יעדן יאָר פאָרן אויף אַ וואָך און מער אין דאָרף אריין.

כאָטש זייערע עלטערן האָבן זיך שוין פון לאַנג געג׳גט, אָבער די פריינט־שאַפט צווישן די צוויי מיידלעך איז געבליבן אויף שטענדיק, די טעג פון רחלס אויפהאַלטן זיך ביי סאָרען אין דאָרף זיינען מיטגעגאַנגען אין רחלס לעבן, און זיינען פאַר איר געווען ווי אַן ערנסטער וועגווייזער.

3.

דער פויער איז געקומען מיט זיינע שרעקלעך אויסגעמאָגערטע קליאַ־טשעס. די אויגן זייערע שיינען, ווי זיי וואָלטן עמעצן גערופן צו אַ משפט. די בייכער שטעקן ביי זיי שפּיציקעוואַטע אַרויס.

— „דאָס זיינען זיי געוואָרן אַזוי, — זאָגט דער פויער, פונם פריצ׳ס גראָז, אויף וועלכן זיי פּאַשען זיך די גאַנצע וואָך״.

ער וויל וויסן:

—ווען קומט שוין די נייע רעגירונג פון דאָרטן, פון דער גרויסער וועלט, צו צעטיילן די ערד צווישן אונזערע אָרעמע ברידער?״

זיינע צעריסענע פאָסטעלעס האָבן צוטראָגן־געבראַכט פאר רחלען ביל־דער פון פיינלעכער נויט, מיט וועלכער זי האָט זיך אזוי פיל אָנגעזען אין דאָרף. זי האָט דערפאר מיטגעפילט איוואַנס אָנפרעגן זיך און איבערפרעגן: „צי ס׳וועט זיין מיט וואָס צו פארזייען די געגעבענע ערד?״

---

זאמדיק פירט דער וועג אין שטאָט אריין. דאָס פערד־און־וואָגן גייען טראָט ביי טראָט, ווי זיי וואָלטן זיך געדארפט דורכשלאָגן א שטיק ווילדן בראשית.

דאָס איז אן איינציק פורל, דער פויער פאָרט איצט זייער זעלטן. ער איז איצט נאָך פאַראָרעמטער און נידערגעשלאָגן. אויף עפּעס וואָרט ער זייער אומגעדולדיק.

די ביימער זיינען אָנגעזעצט מיט שווארצע קראָען. וועגן וואָס קראַקען זיי? —

ווינטלעך האָבן צוגעבראַכט א שווער שטיקנדיקן ריח פון די בוינעס, א גערוך פון אָפּגעשונדענער נבלה, אידן שמאטיארעס האָבן געשלעפּט זעק מיט אַלטע ביינער, טלאָ, הערנער, וואָס זיי האָבן צונויפגעקליבן ארום דעם שלאכט הויז. „אז די וועלט וועט זיך ווידער עפענען — וועט דאָס ווערן אן ענין און מ׳וועט ווידער קאָנען ציען דאָס שטיקל פרנסה״.

אויף זייערע מיט בלוט און קויט פארשמירטע זעק שטייען אָנגעשטעלט גראָבע גלאנציק־גרינלעכע פליגן, זיי טוען זיך אַלע ווילע א הויב אין דער לופטן און זעצן זיך צוריק אויף די זעק, אויף די שמאטיארעס.

פון דער ווייטער ווייט הינטערן שטעטל שלעפּן זיי די אומריין אין זייערע נישט ריינע, ענגע, פייכטע שטיבלעך אריין.

אויפן בית־עולם ליגן די מצבות איבערגעקערט, צעוואָרפן, צעבראָכן. דער געשענדטער בית־עולם דערציילט וועגן די פּאָגראָמען אויף טויטע און לעבעדיקע אידן.

איוואַן האָט פלוצים אָנגעהויבן האסטיק שמייסן די פערד, עפּעס איז ער ווילד געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך פאר עפּעס דערשראָקן.

פארבייפאָרנדיק אָבער דעם צווינטער האָט ער זיך גלייך בארואיקט, געצלמט זיך לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט געציילט וויפל מאָל פיר איז פיר און ניט קענענדיק עס אויסחשבונען — איז ער נאָך מער תמע׳וואַטע געוואָרן.

מ׳איז אַרויס אויף א גרינגערן וועג. די פערד האָבן זיך געלאָזט געשוויג־דער און אזוי זיינען זיי אַרויף אויף דער בריק, א שמעק געטאָן צו דער מיל, אפשר פון געוואוינהייט, ווייל דעם געשמאקן ריח, וואָס פלעגט זיך זיס־טראָגן אין דער לופטן פון פריש געמאָלן מעל, האָט מען איצט ניט געפילט. די מיל־

רעדער האָבן ניט געארבעט, דער ברייטער טייך האָט געשוויגן — א פארשטומ־טער — א פארשאָלטענער.

נחמיה דער לאנגער האָט געדרימלט זיצנדיק אויף א פארשווארצט קעסטל לעבן זיין געוועלב. אָנגעטאָן איז ער געווען אין זיין ווינטערדיקן פאר־שמאלצעטן פידזשאק, אין ווינטערדיקן היטל איבער די אויערן, ווי אין א ווינטער־טאָג.

דאָס קלאפן פונם פארביילויפנדיקן פורל האָט אים אויפגעוועקט:

— „העי! הער גאָר ! האָסט עפּעס צו פארקויפן?! ווילסט עפּעס קויפן?!”

—איז ער נאָכגעלאָפן, — „ווייז נאָר וואָס האָסטו דאָרט, כוועל ביי דיר גאָר־נישט ניט אויסכאפּן!”

דאָס ווייב זיינס איז ארויס אויפן געשריי מיט א געשריי:

—„הער דו, האָסט קארטאָפל? פּאפּשוי־מעל?” און אויפן מאן שרייט זי:

— „משוגענער, וואָס גוואלדעוועסטו, זעסט דען ניט, ער פירט עפּעס אָ פריצע.

— „וואָס! ? פון וואנען האָבן זיך איצט גענומען פריצים?!”

ער האָט זיך פאַמעלעך געקראַצט זיין קליין פארשוויצט בערדל:

— „זאָל עס זיין אמת, אז ס׳האלט שוין אַזוי שמאָל מיט די האַלאָדרי־געס, די באָלשעוויקעס, אז די פריצים הייבן זיך שוין אָן אומקערן?

באלד האָט מען פון נאָך און נאָך געוועלבער און שטיבער נאָכגעשריען

—צי דער גוי האָט עפּעס צו פארקויפן? צי ער וויל עפּעס קויפן?

ער האָט אונטער דער נאָז געענטפערט: „כ׳האָב גאָרנישט, כ׳וויל גאָר־נישט”.

רחל האָט זיך געחידוש׳ט: די זון טראַכט נאָך אפילו ניט פון פארגיין, אָבער די קלייטן אין מאַרק, אחוץ די קליינע דרויסנדיקע שטעלעכלעך, זיינען שוין אַלע פאַרמאַכט.

די הונגעריקע סלונע אין איר מויל האָט זיך ווי דערפרייט! א סך הפקר־דיקע הינט דרייען זיך אַרום די יאַטקעס — א סימן אז אין שטאָט איז פאַראַן פליישׁ.

איוואן האָט געוואוסט וואו זיין פאַרשוין וואוינט, איז ער געפאָרן ווייטער ארויף מיט דער צענטראַל גאַס: פאַר דער מלחמה פלעגט ער פארקויפן לאָהן תבואה, געליען ביי איר געלט אויף פּראָצענט. און ווען זי האָט אָנגעהויבן האנדלען מיט באָמבאַק — פלעגט ער קומען מיטן ווייב קויפן די פּעדעם. די לייוונטענע העמדער, וואָס זיי אליין האָבן אויסגעוועבט, זיינען ערגעץ פאַר־פוילט געוואָרן אין די אָקאָפּעס אינאיינעם מיט זיינע צוויי זין, פון איינעם האָט מען אים צוגעשיקט זיין ליידיק קעסטל...

— און וועגן צווייטן האָט מען אים געשיקט רופן אין וואָלאָסט און אָנ־

געזאָגט אז זיין זון — וואסיל טשובאטע, איז העלדיש געפאלן פארן פאָ־טערלאנד.

איוואן האָט אראָפּגערוקט זיין צעצופּעט היטל טיפער איבער די אויגן: „ווי־אָ — וויאָ כאָליערא !״

אויפן פּלאַץ וואו עס פלעגן שטענדיק שטיין אויסגעשטעלט די באַלעגאָ־לישע, געשאפּנטע פאַיטאָנען, — שטייען אלטע באלעגאַלעס מיט זייערע לאנגע בייטשן צו פארטרייבן די אומעטיקייט. די זין זיינען געפאלן אין דער מלחמה. די פערד האָט מען צוגענומען.

פּלוצים זיינען זיי געוואָרן אימפּעטיק:

— „בארישניע פרענק, בארישניע רחל, פון באַן קומט איר?״

—„אָבער ניט פון דער סטאַנציע!״ שרייט זי צו זיי, מיט א טאָן ווי זי וואָלט זיך פארענטפערט. פארוואָס זי פאָרט ניט מיט זיי.

זייערע בייטשן האָבן זיך פארשעמט אראָפּגעלאָזט איבער זייערע אויס־געדארטע כאָליעוועס.

סוחרים, קאָמיסיאָנערן, מעקלער, וואָס פלעגן זיך אויסשלאָגן זייער ביסל פּרנסה פון דער באַן, האָבן מיטגעפילט די פארשעמטע באַלעגאָלעס.

— ניטאָ אָרום וואָס צו דרייען זיך, ניט מ׳זעט, ניט מ׳הערט קיין שום טאָווארנע — איז וואָס איז דאָס וואָרטן טאָג איין, טאָג אויס ביים וואָקזאַל.

—ס׳זאָל עמעצער הינטערשלאָגן די זייטן, ווי אברהם־בער האָט געקראָגן. פון א פארבייפאָרנדיקער באַן איז אָראָפּ א כוליגאַן, ניט געפוילט זיך, צוגע־לאָפן צו דעם גרויסן בערענעם אידן, אים צעהרגעט און אָוועק אין־איין־אָטעם כאַפּן דעם צוג. מזיקים, צווישן די הינטערשטע רעדער, אויף א קייט האָט ער זיך אָנגעהאָנגען און פאָרט, אז אַלץ איז ביי זיי כדאי צוליב נוקם־זיין־זיך אין א אידן.

„טפּפרו!״ די דאַרע פערדלעך האָבן שוין דערויף ארויסגעקוקט און גלייך געבליבן שטיין.

.4

די הייזער: דער מוטערס, ברידערס (דעם עלטערנס און דעם מיטלסטנס) זיינען נייע, ציגעלנע. דאָס פעדערשטע גרויסע צימער איז א קלייט מיט א באַזונדער אריינגאַנג פון דרויסן, נאָך א דרויסנדיקע טיר, א גלאַנציקע, מ׳דער־קענט נאָך איר נייקייט, פירט אין א פירעקיקן קאָרידאָר, וואָס ברענגט צו אַ גרויסן זאַל ווי א פעלד. העט ארויף אין זאַל איז איין גלעזערנע טיר פונם הויפּט־שלאָפצימער, און א צווייטע, די זייטיקע טיר — פונם לאנגען קאָרי־דאָר, אין וועלכן ס׳זיינען פאראַן צוויי אריינגענג צו נאָך פיר צימערן און אַן אנטקעגנדיקע טיר אין קיך אַריין. אויך א זומער־קיך איז פאראַן, נאָר זי איז שטענדיק איבערגעפילט מיט כל־המינים סחורות. און נאָכדעם א גרויסער מאַ־

גאַזין פול מיט פארשיידענע סחורות, מיט וועלכע מ׳האָט גע׳האנדלט און דאָ איבערגעהאלטן אויף א יקרות.

דער עלטסטער ברודער ברוך האָט נאָך דער חתונה געהאט א באַקאליי־גאַלאַנטעריי קראָם און אויך א שענק אין שטוב. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן ווערן רייך פון זיין וויין־פאַבריק. וויין אין פארפראָפּקעוועטע־פלעשער האָט ער צעשיקט איבער רומעניע, בוקאָווינע, פּוילן. נאָך מער איז ער באגליקט געוואָרן פונם צוקער־זאוואָד.

„אָבער דער עיקר, האָט מען געשמועסט, „איז ער א מיליאָנער געוואָרן פונם צושטעלן דער צאַרישער רעגירונג חזיר פאר דער ארמיי״.

די קלייט זיינע האָט ער אינגאנצן איבערגעבויט, מען האָט דאָרט, ווי אין שטוב, געמאַכט א פּאַרקעטנעם דיל, די ווענט אויסגעמאָלן, געביטן די דרויסנ־דיקע טיר לויט דער לעצטער מאָדע.

אָן אַקושערקע פון ווארשע האָט זיך אָנגעטשעפּעט מ׳זאָל איר פארדינגען דאָס צימער. מ׳איז געוואָרן גערן דאָס יאָר זאָל אַוועק; וואָס דאַרפן זיי אַ שכנה, בעסער זאָלן די קינדער האָבן נאָך א צימער — וואו צו פארברענגען מיט זייערע באַקאַנטע.

* * *

רחלס ערשטער קבלת־פּנים נאָך אויף דער פור, פון צוויי חקירהנדיקע אידן: — זעסט ניט, ס׳איז ברוך פרענקס שוועסטער, א מזל פון אַ גוי — אַזוי זיך אַרויפכאַפּן!״

— יאָ, אָבער ס׳איז משונה אין אַזאַ מהומה׳דיקער צייט „פאָרגעט״ זיך א מיידל היין און צוריק?״

— וואָס איז דאָ צו קלערן, אז מ׳שמירט — פאָרט מען. מיט אַזאַ מאַמען ווי לאה און אַזאַ ברודער קריגט מען שוין מלאכים איבערצופירן דעם ערגסטן וועג. מיט קליין געלט קאָן מען היינטיקע צייטן ניט אונטערקויפן. אָבער זי ווייסט, אַז זי האָט אויף וועמענס חשבון קנאַבל צו ווארפן״.

רחל האָט געצויגן מיט די אַקסל: וואָס פאר א נאַרישקייט די צוויי האָבן נאַרוואָס אויסגעטראכט, און אַ מין רעדן עס אויף א קול — א סוד פאַר גאַנץ בראָד.

זי האָט געשמייכלט: ט׳האָסטו דיר! אַזאַ ברוך־הבא!

ביי ברוכן אין גרויסן, הינטערשטן מאַגאַזין זיינען ביידע ברייטע טירן רחבות׳דיק פאנאנדערגעריקט. א טומל פון שנעלער ארבעט הערט זיך פון דאָרט. דאָס פּאקן קאסטנס־חזיר גייט דאָרט נאָך אָן ווי אין די ערשטע יאָרן פון מלחמה.

דאָ אין שטעטל איז מען זיכער אז די אויסלענדישע מלוכות האָבן ארויס־געשיקט אומצאָליקע ארמייען, און היינט, מאָרגן וועט פון דעם „פּלוצים אויפגעשוואומענעם באָלשעוויסטישן טומל״ קיין זכר ניט בלייבן.

ביים סוף ליקל, ביים זייט פון דער צענטראַל גאַס שטייט אַ געזעמל מע־נער, אין קויטיקע אַרבעט־קליידער, און בכלל אין שטאַרק אָפּגעטראָגענע מלבושים. פון זייערע מיילער הערט מען אַ ניט־דרייסטן „פּאַני פּרענק, פּאַני פּרענק", וואָס ווערט צוגעשטיקט מיט אַ ניט־וואָגן, מיט דערשלאָגנקייט, ווי זיי וואָלטן געבעטלט נדבות ביי אַ קייסער און געציטערט אים נישט צו דער־צאָרענען.

צווישן זיי האָבן זיך געפונען די אַרבעטער, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער לוין פאַר זייער נאַכט־אַרבעט; ס'זענען געווען מעקלערס, וואָס האָבן גע־וואָלט בעטן אַז „פּאַני פּרענק" זאָל זיי צולאָזן כאָטש צו איינציקע זעקלעך צו־קער. און ס'זיינען געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך דערוואוסט וועגן באַ־האַלטענעם חזיר, וועגן באַהאַלטענע בוריקעס פאַרן צוקער־זאַוואָד, — אפשר וועט מען דערווייל כאָטש עפּעס פאַרדינען, — ביז די וועלט וועט זיך צוריק איינשטעלן.

אַן אונטערדריקטער טומל, צוליב דער עוולה — וואָס איינער איז אַ מושל איבער אַלעמען.

אין רחלס זכרון איז אויפגעשוואומען דער הויף אויף באַזאַרנאַיאַ נומער איינס, וואָס איז שטאַרק באַרימט מיט זיין גרויסער אָרעמקייט, און יאַניע (אויך אַ שכן פון יענעם הויף) זאָגט: „אויפן בלוטיקן מיסט און שוואַרצן חורבן פון אונזער אַלעמענס אומגליק איז אויפגעשוואָלן געוואָרן זייער עשירות".

זי האָט זיך אין איר צעטומלטן געדאַנק פאַרשטאָפּט די אויערן: זי איז געקומען צו איר מוטער, צום ברודער, זי איז געקומען אַהיים.

זי האָט אוועקגעאיילט צו ווייזן זיך פאַר דער מוטער.

חיה, די דינסט, האָט אַזוי ווי אויפגעשטראַלט און געמאַכט אַ גוואַלט:

— „לאה, זעט נאָר וואָס פאַר אַן אומדערוואַרטער, ליבער גאַסט!" זי האָט אַן עפן געטאָן די טיר אין שלאָפצימער.

לאה האָט האַסטיק פאַרדעקט אויפן בעט היפשע עטלעכע ריי מיט אויסגע־ציילטע קופּקעלעך גאָלדענע צענערלעך, פינפערלעך, און צו דער טאָכטער האָט זי צוגעוואָרפן אַ ברוגזן „ס'קאַצל קומט".

רחל האָט דערפילט ווי צו אַנטלויפן אַהין פונוואַנען זי איז געקומען. נאָר דערזען: די מאַמע מיט די שטענדיק שיין־בליענדיקע באַקן איז זייער פאַרענדערט.

עס האָט זי פאַרקלעמט ביים האַרצן: —„וואָס מאַכסטו, מאַמע?"

— „אַזאַ יאָר אויף די באָלשעוויקעס. קיין וואָגאָנען מיט תבואות שיק איך מער ניט, זיי האָבן פאַרטריבן די פּריצים. די גוים פּוכנען אויפן פּיסק — „גענוג וואָס די מלחמה האָט זיי באַגראָבן, איז נאָך אַלע מאָל" — קלאָגן זיי זיך, „ראָבעוועט זיי אַן אַנדער כלומרשטע מאַכט". מ'נעמט ביי זיי צו די פערד, די קי, די חזירים, וואו אַביסל מעל, וואו אַ קאַרטאָפל, האָבן זיי גאָר־

נישט וואָס צו פאַרקויפן און האָבן ניט פארוואָס צו קויפן, קומען זיי אינגאנצן נישט אין שטאָט אריין. איז פון וואנען זאָל מען עפּעס פארדינען?

— און צוויי וואָכן נאָכאנאנד האָבן דאָ באַלשעוויקעס געבאַלעבאַטעוועט — „איז—אָ!" האָט זי א וויז געטאָן צום איבערגעדעקטן גאָלד, — „האלט מען די נשמה אין דער זשמעניע".

לאה האָט ווייטער אָנגעהאלטן אין סאָרטירן און ציילן איר גאָלד.

רחל איז דערווייל פארזונקען געוואָרן אין א שווער שווייגן און פּלוצים אויפגעציטערט: די גאָלדענע צורות חוזקן פון איר „האָסט זיך אזוי פיל מאָל אָפּגעזאָגט פון פּערזענלעכע אינטערעסן, פּערזענלעכע פארגעניגנס און דאָס מאָל זיך אָפּגעזאָגט אפשר פון אָנצוהייבן א נייעם וועג אין לעבן צוליבן בענקען, צוליבן חוב צו זיין מער מיט דער מוטער, ניט קוקנדיק אויף איר אייביקער פארפרעמדקייט און פארטראָגנקייט אין ווייטע, קאלטע מסחרים". די גאָלדענע צורות לאכן פון איר — „דו, רחל, ביסט ווי א פרומער אָרעמאַן וואָס איז פאַר־גלויבט אין זיין גאָט און טראכט אַפילו ניט, צי זיין גאָט קוקט זיך אויף אים אום אמאָל".

ווען לאה האָט אָפּגעריסן אירע אויגן פונם גאָלד, האָט זי דערזען: ס'האָט זיך צו איר אומגעקערט א דינער שאָטן פון רחלען!

זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן:

„ביסט דאָרט געשטאָרבן פון הונגער? ! זענאָר וואָס ס'איז פון דיר גע־וואָרן! א כלה מיידל, ווי איז מיין מזל!

קרובים, שכנים האָבן געעצה'ט:

—מ'דארף זי פארגיסן מיט אויבערשטער, זיסער סמעטענע.

— ניט צופיל פעט אין אָנפאנג.

— אוי לאָז אָפּ מיט די געבולבעטע שטיק, איין עסן וועט אראָפּשטופּן ס'אנ־דערע, מ'דארף געבן און געבן!

— אויף דעם פּוטער־און־ברויט מיט פּאָווידלע ארויפלייגן געריבענע וועל־שענע ניס.

— האָניק מיט מילך, אויב מ'דארף איז איבערזידן חזיר־שמאַלץ מיט מילך, נישקשה, זאָל מיר דאָס שאָטן, וואָס ס'וועט איר שאטן.

זייערע אַלע אויסגערעכנטע מאכלים האָבן ניט אָנגעהויבן צו רייצן רחלס פארלאָשענעם אפּעטיט. מיטן ווארעמען טאָן פון זייערע עצות האָט זיך דער־פרייט איר הונגעריקע נשמה.

זי האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די אָדעסער מורא און דעם חשד מיט וועלכן זי איז באלאגערט געוואָרן פון אַלע זייטן, זי איז אינגאנצן פריי גע־וואָרן פון דער דאָזיקער דערדריקנדיקער לאַסט.

זי האָט האַרציק געלאַכט, געגלעט ביי איינער דעם אַקסל, ביי אַ צווייטער די פּלייצע:

— „א דאנק, אַ גרויסן דאַנק פאר אייערע אַלע גוטע עצות, כ׳ווייס אז איר מיינט עס מיטן גאַנצן האַרצן.

—„כא, כא! פארוואָס נישט, ס׳איז דאָך אויף דיין מאַמעס חשבון!‟

א געשוויסטערקינד האָט זיך אָפּגערופן:

—„רחלע, אויב דו ווילסט קום צו מיר אויף א צוויי וואָכן, ביי מיר וועסטו גלייך צוקריגן וואָג‟.

א מומע מישט זיך אריין:

— „ביי מיר, צווישן מיין כאַפּטע, וואָס זיי טוען קיין עין־הרע א דריי אריין א מאָלצייט און גלאָט אַזוי א נאַשערייי, וועט זי זיך גיכער פאַפּראַווען. לאָהּ, כ׳מיין עס מיט אן אמת, לאָז זי צו מיר‟.

ביי דער צווייטער מומע בלאָזט זיך שמייכלנדיק דער גוידער איבער דעם האלז פערל:

— „און וואָס מיינען מיר? — מיט „א ליגן‟.

אַלע לאַכן גוטמוטיק. ניט נאָר עסן, אפילו פרעסן האָט איר משפחה־פרעסער איבערן קאָפּ. די משפחה זיינען סוחרים, וויין־הענדלער, וואלד־סוח־רים, מאַנופאַקטור־קרעמער. — ברכה, הצלחה שמייכלט אריין צו זיי גאַנץ ברייטלעך. אויף די צוויי פעטערס, וועמען עס גייט מיט דער פוטער אַראָפּ,— שמועסט מען אז זייערע ווייבער זיינען שלימזלדיק.

* * *

חיה איז אריינגעקומען מיט א שיסל רויטן באָרשטש ארום א גרויסן מארכביין, די געשמאַק־שמעקנדיקע פאָרע האָט גערייצט רחלס אַפּעטיט. דערצו נאָך וואָרעניקלעך מיט בייליק און קאַשע. א טעצעלע עפּל־קאָמ־פּאָט.

די עלטערע שוועגערין טראָגט פאַראויס אַ טעלער שמייכלנדיקע קני־שיקלעך.

אַ מומע האָט געבראכט געבראָטענע קאַטשקע מיט זויערן קאַווען:

— עס מיטן פלייש — וועסטו זיך דערקוויקן דאָס האַרץ.

אַ צווייטע — מיט געבאַקטע עפּל און קארטאָפּל:

— די פליטע ברענט — כאָטש בראָט אן אָקס, אין צען מינוט איז עס פאַרטיק געוואָרן.

רחל: א דאנק, אָבער איר האָט זיך ניט געדאַרפט מטריח זיין‟.

די מומע לאַכן: — ס׳איז ניט אָדעס, וואָס איין קרוב וואוינט „או־ליסי און דער אנדערער או־סטריסי‟, דאָ וואוינען מיר אַלע אין דער צענטראַל גאַס.

אַ קוזינע האָט צוגעשיקט מיט דער דינסט א טעפּל היימיש־געמאַכטן שאָקאָלאַד, און די גוישע דינסט רעדט אידיש:

— „די באַריניע געזאָגט שוין עסן, א סאַלץ אין די ביינער, ס'איז גע־מאַכט פון סליוועטשנע פּוטער מיט טייערסטער קאַקאַאָ און א סך צוקער״.

רחל בעט זיך: „ליבע מיינע, לאָזט מיך זיך אָפּרוען אביסל, כ'וועט צע־זעצט, אַלצדינג איז אַזוי געשמאַק!

---

אירע זעקס פלימעניקעס, פינף דעם עלטערן ברודערס, און דער קלענ־סטער דער פּיריאַריקער שטאַלטנער חברהמאַן, דעם מיטלסטן ברודערס, זיינען רחלס בעסטער צושפּייז, געשמאַקסטער פאַרבייס.

דער קליינטשיקער האָט א ניי וואָרט: „בורזשוי״:

„דערפאַר וואָס מיין נייער מאַנטל האָט גאָלדענע קנעפּ — האָט מען מיך גערופן — „מאַליענקי בורזשוי״.

ווען דער עלטערער ברודער האָט חתונה געהאַט, איז רחל אינגאַנצן אַלט געווען א יאָר. מיטן קליינוואַרג איז זי אויסגעוואַקסן ווי מיט אייגענע שוועס־טערלעך און ברידערלעך. זי האָט זיי האַרציק געקושט, געלאַכט.

די פלימעניצעס געפעלט רחלס אַרויפגעקעמטע האָר מיטן גרויסן בייגל אויפן שפּיץ קאָפּ: — „ווי אַ יאַפּאַנקע״.

מיט זייערע צאַרטע פינגער דרייען זיי די אַראָפּהענגענדיקע קרייזעלעך, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטערן און האַלז.

פאַר רחלען זיינען זייערע קולעכלעך מיטן צאַרטן באַריר א באַגייסטער־טע מוזיק.

ווי אַן אָפּגעשטאַרבענער בוים אין ווינטער, וואָס צעוואַקסט זיך און צע־בלעטערט זיך ווידער אין פרילינג — אַזוי האָט רחל דערפילט אַן אויפגע־לעבטקייט אין זיך. א ליבשאַפט צו מענשן און אַ צוטרוי צו יעדן איינעם אָן שום טראַכטן וועגן דעם, אָן געדענקען עפּעס, בלויז פילן גוט, סיי אין לאַכן, סיי אין וויינען.

זי איז אַוועק אויסטאַנצן מיט די פלימעניקעס א פריילעכס אַרום דעם גרויסן קיילעכדיקן טיש, אַזש דאָס געשליפענע גלאָזוואַרג אין דער גלעזער־נער שאַפע האָט מיטגעטאַנצט.

# קאפיטל דרייצן

.1

אירע אויגן האָבן זיך געקלעפּט פון ניט דערשלאָפענע נעכט, פון הונגע־ריקע טעג. זי איז אַוועק צו זיך אין צימער. זי האָט געקוקט אויף איר פאָ־טאָגראַפיע אויף דער וואַנט און אָנשטאָט זיך — האָט זי געזען איר ברודער איסר.

ער האָט מיטגענומען קיין אַמעריקע איר בילדל און שפּעטער מיט דריי יאָר צוריקגעשיקט עס אַ פאַרגרעסערטס און אַ קאָלירנדיקס.

זי האָט זיך דערמאָנט ווי איר מוטער פלעגט זאָגן — „מיינע קינדער פליען די קעפּ מיט חלומות וואָס פאַסטן גאָרנישט פאַר אַ באַלעבאַטישן גראַד.

איסרן האָט זיך פאַרוואָלט „א פידל״, — זאָל זיין פידל; „גימנאַזיע״ — האָב איך אים געשיקט אין גימנאַזיע. „ניין״, ער איז נאָך ניט צופרידן. „די וועלט איז ניט גערעכט צו אים — אמעריקע וועט עס זיין״. — איז ער אוועק מעבר לימים און מוטשעט זיך דאָרטן״.

טרערן האָבן אָנגעהויבן צו שטיקן רחלען, איסר׳ס צו זעכצן יאָר אוועק־פאָרן קיין אמעריקע האָט אין איר גורם געווען אן אייביקע בענקשאַפט.

אים האָט זי שטענדיק מיט עפּעס אַרויסגעהאָלפן. ביינאַכט ארייגעלאָזט דורכ׳ן פענצטער, מ׳זאָל ניט וויסן ווי שפּעט ער איז אהיימגעקומען; גע־וואַשן זיינע קאָלאָשן מ׳זאָל ניט דערקענען אז ער איז ניט די גאַנצע צייט גע־זעסן און געמאַכט די לעקציעס. אים אָפּגעגעבן א טייל און ניט איינמאָל אינ־גאַנצן איר וואָכן־געלט, וואָס וויפיל זי האָט געקראָגן איז איר געווען נאָך צו־פיל, און אים האָט שטענדיק אויסגעפעלט.

רחל האָט אָפּגעווישט די לויפנדיקע טרער: איסר איז געווען דער ברודער. וואָס איז מיט זיין גימנאַזיע־חבר, סאַשע, געקומען צופאָרן אין דאָרף.

„און די נאַטור מיט סאַשען זיינען געבליבן איר בענקעניש״.

זי איז געבליבן שטיין צווישן בעט און קאַנאַפּע, ניט געקאָנט באַשטימען וואו זאָל זי זיך צולייגן: זיי זיינען אירע חברטעס, ווען זי איז אַלט געווען ניין יאָר — האָט מען מיט זיי איר דעם צימער אויסגעמעבלירט.

געדאַכט האָט זיך אז אַלץ ארום פרעגט: „איז דיין שיינער גלויבן, דיין הויכער אידעאַל נאָך אַלץ געבליבן גאַנץ?

רחלס אויגן האָבן געקראָגן א נייעם גלאַנץ, זי האָט מיט א חוזק־שמייכל געקוקט אויף די באַהאַנגענע ווענט מיט גראַוויורעס: איינע „שטילקייט״, אַ צווייטע „אומעט״, אַ דריטע „איינזאַמקייט״, — און באַלשעוויזם רופט — „צו קאַמף, צו ענדלאָזן ראַנגלעניש פאַר א שענער און געמיינשאַפטלעכן לעבן״.

די קאנאפּע שעפּטשעט צום טישל, בענקל, ביכער־שראנק, קליידער שאַ־פּע, בילדער פון שרייבער: „לאָמיר זיך שטיל צוהערן, אונזער רחלס שלאָף איז פול מיט מאָדנע, נייע חלומות".

* * *

נאָכן אָפּשלאָפן א פּאָר גוטע שטונדן האָט זי זיך אויפגעכאַפּט ווי אין אן איינגעשטילטער, זיכערער שטימונג. זי האָט דערהערט איר מוטערס קול :

— „רחלען!"

ס'איז איר געוואָרן אָנגענעם־גוט פונם גלעטנדיקן רוף, איר האַרץ האָט מיט דורשטיקייט געאיילט צו דער מאַמען.

—„רחלע, דער גאָספּאָדין דאלפין וואַרט ביי ברוכן אין זאל, ער וויל ביי דיר אָפּנעמען א גרוס וואָס עס טוט זיך אין אָדעס".

רחלס אויגן האָבן אָנגעהויבן טרויעריק פינטלען, ווי דער, אין־דער־לופטן־שוועבנדיקער, רעוואָלוציאָנערער שטורם — וואָלט אין זיי אריינגע־וואָרפן זיינס א שטויבל:

„רחלע" — הייסט ביי דיין מאַמען איר איבערנעמען זיך וואָס דער גרוי־סער באנק־דירעקטאָר איז געקומען צו לאה פרענקס טאָכטער.

זי, רחל, האָט אין געדאנק עטלעכע מאָל אויסגעשפּיגן און זיך געזאָגט: עס איז נאַריש אַזוי אָפּשטעלן זיך אויף קלייניקייטן. די נערוון זיינען געוואָרן צו עמפּינדלעך, מ'דאַרף זיי אביסל איינשטילן.

זי איז אַוועק צום ברודער. דאָס הענטל פון דער דרויסנדיקער טיר — כאָטש שפּיגל זיך אין דעם. אין שטוב זיינען די פּארקעטנע פּאָדלאָגעס אויס־געוואַקסט ווי צום גליטשן זיך. דער לאנגער פּירעקיקער דעמבענער טיש אין מיטן זאָל שטייט פאַרשפּרייט מיט א שעמערירנדיקן קרעם־זיידענעם סערוועט. א פול אָנגעשטעלטער. מיט וויינען, שנאַפּסן, געבעקס ווי פאַר א סך געסט, אָבער עס זיצן נאָר דער באַנקיר דאלפין מיטן ברודער און שוועגערין.

חנה איז גביריש ברייט געוואָרן. איר העלפּאַרביק פּנים, מיט די לאַנגע דימענטענע אוירינגען ביי די זייטן, — זעט אויס זוניק־צעשמייכלט. אויף אירע פולע הענט טראָגט זי גאָלדענע בראַסלעטן באַפּוצט מיט פּערעלעך און די דימענטלעך חנדלען ארויס צווישן זיי.

ברוך איז נאָך אויך אביסל דיקלעכער געוואָרן. די אריינגעגנבטע זילבער־דיקייט ביי די שלייפן גיבן צו זיין בלאָנדן קאָפּ מער חשיבות, זיכערקייט. ער איז פעסט ביי זיך: געווינען וועט ער !

דער באנקיר דאלפין — ווי שטענדיק, א שטאָלצער אריסטאָקראַט, דערצו איז ער טאַקע אויף אָן אמת רייך.

רחלען דאכט זיך, אז די הויך־וואוקסיקע: דאלפין, דער ברודער און די שוועגערין זיינען נאָך א סך העכער געוואָרן, האָבן זיך ווי עפּעס אויסגעצויגן, פאַריסן זיך אין זייער וואוקס.

ברוך, דער שטענדיק צעיאָצטער מיט זיינע געשעפטן, וואָס האָט איר קיינמאָל ניט ארויסגעוויזן קיין וואַרעמע ברידערלעכקייט; סיידן צו אָפּלאַכן פון איר רייסן זיך צו העכערער בילדונג, — איז איצט גאָר פריילעך גע־שטימט. ער האָט זי ארומגענומען א קוש געטאָן און געכאפּט זי צום טאנצן, צווינגנדיק:

אָדעסיטקא וואָט אָנאָ קאַקאַיאַ, (אָדעסיטקע אָט וואָס זי איז.

פּילקאַיאַ, זשיוואַיאַ!״ (פלאַמענדיק, לעבעדיק!)

אַלע האָבן פריילעך געלאַכט. לאה האָט אָנגעקוואָלן! איר הויפּט טרייסט, איר עלטערער זון, ברוך זאָל לעבן, ער האָט חתונה געהאט אין צייט (צו זיבעצן יאָר) און ס׳איז ביי אים אַוועק מיט דער מזל׳דיקער האָנט, ווי ביי איר.

דאַלפין וויל וויסן:

—,,ווי קומט עס וואָס דער ראָט פון הינטישע דעפּוטאָטן זשיפּעט נאָך?״

—,,איאָ יעדער אינטעליגענטער מענטש רופט זיי ,,סאָוויעט סאָבאָטשיך דעפּוטאטאָוו״. אַלע, חוץ רחלען, לאכן אויף זיין חכמענען זיך.

דאַלפין האָט אַרויסגעשלעפּט פון פּידזשאַק־קעשענע אַן אלטן ,,אָדעסקי ליסטאָק״: — ,,אין אַלע צייטונגען שרייבט מען, אז א רעגירונג פון פויערים און אַרבייטער איז אַ ווילדער חלום, — קיינער וועט ניט אָנערקענען אַזאַ רע־גירונג, ניט די אַליאירטע, ניט די שונאים פון רוסלאַנד. אפילו ניט אין רוס־לאנד גופא. אַן אַבסורדז!״

דריי פּאַרסאָפּעטע אידן זיינען אַריין!

— פּאַני פּרענק! גאָספּאָדין דאַלפין! מ׳זאָגט אַ באַנדע דערנעענטערט זיך צו אונז. ס׳גייט אויף אונז אַ גרויס אומגליק, און אונזערע אידישע בחורים ווילן אונז צום איבעריקן אומגליקלעך מאַכן, ווידער רעדן זיי פון גרינדן אַ זעלבסטשוץ.

— אלע רוצחים פון די אַרומיקע דערפער וועלן זיך צונויפלויפן — אויב מ׳וועט חלילה פּאַרוואונדיקן עפּעס אַן ערל.

— קומט, רעדט צו זיי, אייך וועלן זיי פאָלגן.

דאלפין וויקלט זיינע קאלטבלוטיקע, געציילטע רייד :

—,,דאָס דערווייזט, אז די ,,רויטע פעסט״ ווערט אָפּגעווישט״.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אָנגעטאָן זיין רייך־איראָפּעאישן העל־גרוי־געשטרייפטן מאנטל. ניט־געאיילט אָנגעצויגן אויף די פינגער די לייקענע הענטשקעס, גענומען זיין גאָלדן־קעפּלדיקן שטעקן:

—,,איך מוז אהיימגיין, איך קאָן מיט יענע חוצפּהניקעס ניט ריידן. מיין האַלז איז צו אָפּגעשוואַכט״.

און ביי זיך האָט ער געטראַכט: ער וואוינט אין א רייכן קריסטלעכן געגנט, אַהין וועלן די באַנדעס ניט קומען. צו מאכן זיכער וועט ער מיט זיין פרוי און זון, וועלכע קוקן אַלע אויס ווי עכטע קריסטן, איבערזיצן ביים נאָטשאלניק

פאַטשטשע. — מ׳דאַרף נאָר באַצייטנס אַריינשיקן אַהין עטלעכע פּלעשער פּאָרט־ווייַן, מאַלאַגע, מאַכן אַ שמחה׳לע. און אויב אויף דער קבצניוועקע־גאַס וועט מען אַ פּאָר שלעפּערס אָנבראָכן די ביינער, וועט עס צונוץ קומען, ס׳וועט אַראָפּקלאַפּן זייער צו אַפּערדיק־ווערן.

* * *

די מאַמע איז אין כעס אויף רחלען:

— האָסט דאָך אַזוי ליב דיין אָדעס, וואָסזשע ביסטו געקומען צולויפן.

חנה מיטן גביריש־זיכערן טאָן, וואָס איז ביי זיך עלטער פונם עלטסטן, האָט געציילט אירע ווערטער:

— „שוויגער, זי וועט זיך דאָך ניט אומקערן צוריק, איז צו־וואָס די רייד. גאָט וועט העלפן און מ׳וועט אָפּקומען מיטן שרעק.

אָבער ברוך איז אויך בייז, ווי דער דערפּאָלגרייכער סוחר וואָס רעדט מיט שטראָף אויף די דורכגעפאַלענע אין מסחר, אַלמאַי זיי האָבן ניט פאַר־שטאַנען, ווי ער, וואָס ס׳וועט זיין שפּעטער. ער האָט זיך געכעסט:

— „זי האָט געמעגט וויסן אַז איצט איז נישט קיין צייט פאַר אַ יונג מיידל פּלוצים אַראָפּקומען אַהער.

נאָך שטאָט־באַלעבאַטים זיינען געקומען רופן ברוכן. ער איז אַוועקגע־גאַנגען מיט זיי. ביז שפּעט ביינאַכט האָבן זיי איינגעטענהט מיט די „הויך־קעפּ״ — אַלץ צוליבן ניט דערלאָזן צו אַ זעלבסטשוץ.

זיי האָבן אויסגעפירט: קיינער וועט די שטאָט ניט פאַרטיידיקן, אָבער די פּאָגראָמשטשיקעס וועט עס ניט פאַרגיטיקן, מען האָט זיך אײן־אָנטאָן געלעגט שלאָפן.

אין טונקל־בלאָלעכן פרימאָרגן האָט מען דערהערט פון א זייטיקן עק שטאָט גוואַלדן מיט קולי־קולות.

ברוך מיט זיין דרייצניאָריקן אינגל האָבן גענומען אויסבאַהאַלטן זאַכן, באַוואָרנט די לאָדן, די טירן. און צו דער פרוי האָט ער געשריען — זי זאָל נעמען די פיר קינדער און מיט דער מאַמען און רחלען לויפן אין דאָרף, וואו דער מאַמעס געוועזענער מאַן וואוינט.

---

אונטער דעם רושם פון דער גרויסער שרעק האָבן רחל, לאה און ביידע שניר און זייערע פינף קינדער באַוויזן איינשליכגן די אכט ווערסט צום דאָרף, נאָך איידער ס׳איז טאָג געוואָרן און זיי זיינען אַריין צו זייער אַ באַקאַנטן פּויער אַנדרעי.

דער פּויער נאָך א גאָר יונגער, קוים אַכט־און־צוואַנציק יאָר, א הויכער, נאָר צוליב זיין אויסגעדאַרטקייט איז ער אויסגעבויגן און קוקט אויס קליין געוויקסיק. זייער אַן אָרנטלעכער, פון קליינערהייט אָן אַן אַרבעטזאַמער.

זיין ווייב א ברייטביינערדיקע — מיט גלאַנציקע באַקן, פלאַקסענע האָר, בלויע קלאָרע רואיקע אויגן.

פוןביידן קומט עפּעס א שמייכלנדיקע גוטסקייט איטלעכן אנטקעגן. זי האָט געשמייכלט מיטפילנדיק:

—„אַ גאָט, גאָט, ווי האָט מען א הארץ צו הרגענען, אמת, טאקע אידן, אָבער דאָך זיינען זיי אויך מענטשן".

זי איז אַרויס פון שטוב, און פון קאָמער אַריינגעבראַכט אן עמער קאַר־טאָפל מיט דער קאָטשערע צעשאַרט אין אויוון הייסן פּריסיק און אים צעב־לאָזן.

איידער מ׳האָט נאָך גוט אָפּגעאָטעמט, איידער מ׳האָט נאָך איינגעשטילט אין זיך די פארסאָפּעטקייט, האָט זי אָנגעהויבן דערלאַנגען איינס נאָך איינס געבאַקענע קארטאָפל.

דער איינגערער שנורס פּיריאָריק איינגעלע האָט, א דערפרייטער מיט זיין באַליבט מאַכל, געבעטן ביי דער פויערטע:

— „מומע, ביטע, גיט מיר אביסל זאַלץ".

זי האָט טרויעריק געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

„זונעלע, ניטאָ קיין איין קערענדל זאַלץ".

דאָס קינד האָט צונויפגעדריקט זיינע קליינע פינגערלעך און געבעטן:

—„כאָטש נאָר א לעקעלע זאַלץ".

טרערן האָבן זיך געשטעלט אין די אויגן. די פויערטע איז ארויס אין קאָמער, דאָרט עפּעס געוואָרפן, געררוקט, געשלעפּט און אריינגעבראַכט אויפן שפּיץ־מעסער אָביסל שווארצן, זאמדיקן שטויב:

—„נא, דו ביסט נאָך א קליין קינד, וועסט נאָך קיין עבירה ניט האָבן. נאָך איין ווינטער אָפּגעטרייסלט פון א שטיקל חזיר א זשמענקע זאַלץ, טייל איך עס, איטלעך מאָל, א טראָפּעלע, כאָטש מיט עפּעס באַ׳טעמ׳ען דעם באָרשטש.

איר מאַן איז אַריינגעקומען מיט אָן עמער פריש וואסער:

—„אזוינע געסט ! מ׳דארף זיי אריינגעמען אין דער צווייטער האלבער שטוב".

דאָס צימער האלטן די פויערים פאר ניט־געוויינטלעכע צופאלן: פאר א שמחה, א חתונה, לכבוד געסט ווען עס געפאלט א יום־טוב; פארן פּריסטאַוו; אוועקצולייגן א מת אויף איינער פון די לאנגע בענק, וואָס ציען זיך פון איין ווינקל אַרויס, כמעט איבער דעם גאַנצן לאנגען חלל פון צוויי ווענט. צו איין באַנק איז צוגעשטעלט אַ לאַנגער, ברייטער טיש.

אויפן „פּיל" (אזא ברייט בעט פון רויע, ניט־געהובלטע ברעטער, פון איין זייט איינגעמויערט אין דער וואנט), זיינען געלעגן הויך ביז דער סטע־ליע, איינס אויפן אנדערן, זעקס קישן פון היגערשע פעדערן.

פונם אויפן־איווון, אנטקעגן דעם „פיל" האָבן אראָפּגעקוקט נייע שאַלן, צונויפגעלעגט ווי אין אַ קליין קרעמל.

אַנדרעי האָט דערפילט אויף זיך צעטראָגענע בליקן. אַ שעמעוודיקער שאָטן האָט דורכגעשוועבט זיין געזיכט. ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע לאַנגע, דאַרע הענט און אראָפּגענומען דאָס „קרעמל" מיט גאַלע נייע געקווייטלטע שאַלן. טונקל טערענע, ליכטיק־זיידענע, גרויסע, וואָלענע.

ער האָט געשמייכלט:

— „מיין ווייב וועט שוין האָבן צו באַטיילן ניט נאָר אירע „קומעס" (קוואַטערינס), נאָר אַפילו די אייניקלעך און אור־אור אייניקלעך. — כ'בין אריינגעפאָרן קיין טראַסטיאַניעץ, כ'זע מ'שלאָגט אידן, מ'הרגעט זיי, מ'ראַ־בירט, האָב איך זיך געלאָזט צוריק, כ'וועל דאָך ניט ראַבירן. אָבער אין מיטן מאַרק, כ'טו א קוק; אַ אידישע קראָם ברענט שוין פון דריי זייטן — וועל איך ניט נעמען. וועט עס דאָס פייער פארשלינגען. האָב איך עס אהיימגעבראכט. די צעברענטע טראָגט מיין ווייב און די גוטע באהאלט זי.

ער האָט שעמעוודיק געשמייכלט צו די אידישקעס, וואָס באהאלטן זיך אויס ביי אים. וואָס זאָל מען אים זאָגן דערויף? האַ, וואָס? —

לאה האָט אים געבעטן, אז איידער עס ווערט גוט טאָג — זאָל ער אָפּ־פירן די עלטערע שנור מיט אירע דריי קינדער צו סטעפּאַן זאַזוליע, און די אינגערע מיטן אינגעלע, צו חיימס אַ גוטן ברודער, צום „שטונדיסט".

אים האָט דאָס גאַנצע דאָרף געקענט. ער האָט אָפן געזאָגט דעם גלח, אַז אין דער ביבל, ס'הייסט אין גוטע מעשים גלויבט ער, נאָר ניט אין קלויסטער, ער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט אַהין צו גיין.

לאה מיט רחלען מיטן עלטסטן אייניקל, די פופצניעריקע סאָרע, זיינען געבליבן ביי אַנדרעיען.

די נייע שאַלן, וואָס אנדרעי האָט צוריק אַרויפגעלייגט אויפן אויוון, האָבן רחלען ארויפגעבראַכט אויפן געדאַנק אַז אַ בעסערע דערציהונג, וואָלט פאַר־היט אַזעלכע און די ערגערע טרויעריקע איבלען.

רחלס גֶעדאַנק איז אַוועק צום ברייטן מיסט־גרוב לעבן דער קרעטשמע; ער פארנעמט נאָך אַפילו אַ גרעסער פּלאַץ פון דער ברייטער קרעטשמע מיטן אַנגעוואָרפענעם, פארוואָרלאָזטן הויף. אַ דרייגאָרנדיקע שול קאָן מען דאָרט אַוועקשטעלן, ס'זאָל כאָפּן דאָס אויג.

— רחל איז אַ לערערין אין דער גרויסער, ליכטיקער געביידע, פויערישע קינדער לערנען מיט חשק, מיט פארכאפּטער באַגייסטערונג. זיי הערן אַפילו ניט, דורך די אָפענע ברייטע פענצטער, דאָס פייגל־געזאַנג.

— א שול אינספעקטאָר דאַרף קומען — ווילן זיי אויסנעמען מיט זייער פלייס און קענטעניש, כדי מ'זאָל ביי זיי ניט צונעמען די לערערין, וואָס קאָן זייערע אָרעמע היימען, פילט זיי מיט, פארשטייט זיי, ווערט ניט מיד צו דער־

קלערן ווידער און ווידער זאַכן וועלכע זייערע, דערווייל נאָך ניט געאיבטע קעפּ נעמען אויף היפּש שווערלעך.

דאָס פּאַרדומפּן שיסעריי וואָס האָט זיך דערטראָגן פון שטאָט איז, מיטן אָנקומען פון פּאַרנאַכט, דאַכט זיך, שאַרפער געוואָרן.

דער דאָרפס־איד, יאָסל, וואָס וואוינט די זעקסטע שטוב צו־רעכטס, האָט זיך אַריינגעשלייכט, דאָס פּנים זיינס מער טויט ווי לעבעדיק:

— „די גוים האָבן אָנגעראבירט אין שטאָט אָן א שיעור זאַכן און זייערע ווילדע אַפּעטיטן האָבן זיך אַזוי צעארבעט, אַז מ׳האָט ביי מיר אויך אָנגעהויבן ראבירן. עס האָט זיך מיר קוים מיט צרות איינגעגעבן צו פאַרשליסן די קלייט. כ׳וועל פונדאנען קוקן צי מ׳נעמט זיך ניט צו מיין שטוב.

— מיין ווייב מיטן קינד האָב איך אַוועקגעשיקט צו אירע עלטערן, דאָרטן קאָן מען סיידן דעם דלות צונעמען. כ׳וועל דאכט זיך אויך גיין אהין נעכטיקן.

.2

אַרום צען אין אוונט. עס איז שוין געווען פון לאנג שטיל און פינצטער איבערן גאַנצן דאָרף, האָט זיך פּלוצים דערהערט א שטאַרק קלינגעריי אין קלויסטער.

עס האָט געקלונגען אָן אויפהער. לאה מיט די צוויי מיידלעך זיינען אראָפּ פון „פּיל״, דאָס הערן לויפן און נאָכדעם די כלערליי בייזע אויסגעשרייען אויפן חשבון פון אידן — האָט אָנגעפילט זייערע הערצער מיט שרעק, מיט גרויל.

באַלד איז אַריינגעלאָפן אנדרעי׳ס ווייבל, די הענט פאַרבראָכן:

—„לאה, ליובינקע, טייערינקע כאַפּ דיינע מיידלעך און אַנטלויף, זיי גייען גלייך אַהער!״

זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן איבער א גאָרטן. הינט האָבן געבילט, פּויע־רים האָבן מיט פאַרשלאָפענע העלזער געטומלט:

— וואו איז א פייער?! ווער ברענט?! וואו, ברענט ?!

— דאָס קלינגט מען מ׳זאָל נעמען ריסקלס, גראבליעס, קאָטשערעס, שטעקנס, אויב מ׳האָט ביקסן איז נאָך בעסער און גיין אין שטאָט הרגענען אידן!״

—„מ׳מוז גיין?!״

—„אז מ׳קלינגט צוליב דעם אויף אלע גלעקער — וויזט אויס, אז מען מוז!״

לאה, רחל, סאַרע האָבן מיט אָן איינגעהאלטענעם אָטעם זיך געטוליעט צו ביימער, זיך געבויגן צו דער ערד פון יעדן דערנענטערטן פרעמדן טראָט. פּלוצים א הארצרייסנדיקער רעווע פון אַ מאָן, וועמען מען האלט אין דער־ווארגן.

א פחד איז דורך זייערעביינער, זיי האָבן דערקאַנט יאָסל׳ס קול . . . אַן אנגסט־געשריי, פאַרדומפּטע קרעצן . . . כאָרכלען פון א גוסס און א שעפּ־טשעריי פון עטלעכע.

פאַר שרעק זיינען זיי צוגעפאלן צו דער ערד און א צייט געלעגן באַ־וועגלאָז ווי די ערד אליין. מיט א קוים־צוריקגעקראָגענעם פאַרשטאַנד זיי־נען זיי אויף אַלע פיר לאַנגזאַם אוועקגעקראָכן פון יענעם אָרט. די נאַכט איז שטאָק־פינצטער, זיי האָבן ניט אָנגעהויבן צו וויסן וואו זיי געפינען זיך.

פלוצים איז לעבן זיי אויסגעוואַקסן א שייגעץ און געזאָגט:

— „זשידיוּוקי, (אידישקעס) קומט אריין אָטדאָ־אָ, אין כליוו, וועל איך אייך פאַרדעקן מיט שטעקענעס פון פּאַפּשויעס״.

— „טו עס טאקע, גאָט זאָל דיך בענטשן״, האָט לאה געשעפּטשעט, — „כ׳וועל דיר דערפאַר גוט באַלוינען.

זיי זיינען געלעגן אונטער די שטעקענעס און מורא געהאט אָן אָטעם טאָן. די הינט האָבן ניט אויפגעהערט בילן, די פּויערים — לויפן, ווער צום קלויסטער, ווער פונם קלויסטער, צעטומלטקייט, טעמפּע שנאה האָט אויפ־געריודערט די דאָרפישע פינצטערניש.

ביי סאַרען האָבן די ציין געקלאַפּט ווי אין א קדחת, זי האָט שטיל געכ־ליפּעט: „באָבע, דו האָסט ניט געדאַרפט זאָגן דעם שייגעץ אז דו וועסט אים באַצאָלן״.

זיי האָבן זי פאַרשטאַנען און זייער שרעק איז געוואַקסן מיט יעדן שאָרך פון די שטעקענעס איבער זייערע קעפּ: ער איז געוויס געגאַנגען רופן נאָך שקצים. נאָר אנטלויפן איז נאָך מורא׳דיקער, ס׳איז ניטאָ וואוהין, ס׳איז ניטאָ קיין כוח.

די באַנאַכטיקע קעלט מיט דער נעץ און שווערן איבעלדיקן ריח פון די חזירים האָט געביסן זייערע צעשראָקענע גלידער. רחלען האָט געמוטשעט דאָס געוויסן: פאַרוואָס האָט זי ניט געמאכט קיין גוואלד? אפשר וואָלטן איי־ניקע גויים געקומען ראַטעווען יאָסלען.

ס׳האָט מיט איר געוואָרפן: די מאַמע וואָלט שוין אויך געלעגן א טויטע . . . סאַרעטשקע אַזאַ יונג קינד . . . . י. ל. פּרץ׳ס מיידל האָט פאַר־שפּיליעט מיט שפּילקעס איר לייב , , , אָבער אָט ליגן זיי דאָ די גאנצע נאַכט און קיינער טשעפּעט זיי ניט. מסתמא האָט מען געקלונגען אין קלויסטער צו פאַרזאָגן, אז מ׳טאָר ניט הרגענען קיין מענשן. — נחמנ׳ס אכט־יאָריק שוועסטערל, חוה׳לע מיט נאָך צוויי הונדערט מענשן האָט מען דערהרגעט נאָך אזא קלינגען אין קלויסטער . . .

יאָסל איז זייער גאָט . . . קלויסטער־גלאָקן רעדן אָן העק, זאסטופּעס קעגן מענש, קעגן גאָט . . .

הענער האָבן געקרייעט און אָנגעזאָגט דעם פאַרטאָג. עמעצער איז צו־געקומען . . . מ׳עפנט דאָס שטאַל־טירל . .. אין זייער גרויס שרעק האָבן זיי דערהערט:

— „לאה׳כע, איר מעגט ארויסגיין, ס׳איז שאַ, שטיל״.

א פויערטע האָט אראָפּגעוואָרפן די בינטן שטעקענעס פון זייע־רע פארשטארטע אברים. ס׳איז דעם סטאראָסטעס ווייב, זי ווייסט פון דער־פארונג, אז מ׳איז גוט צו א אידן — קריגט מען דערפאַר באצאָלט מיט מזומן. זי רעדט קאָלטבלוטיק !

— דאָס זיינען ביינאכט פארבייגעגאנגען דעניקינצעס מיט פּאָוסטאנ־צעס און גערופן די מענער פון דאָרף צו גיין ראבירן און אויסהרגענען די אידן פונם צווייטן שטעטל. זיי זיינען שוין אוועקגעגאנגען.

לאה האָט געבעטן מ׳זאָל זיי אָפּפירן צו סטעפּאַן זאזוליע.

חנה האָט דערציילט, ווי זי מיט די קינדער האָבן אין שרעק און יסורים געפּרוירן די גאנצע נאכט אונטער א בוים. ערשט פריער האָט סטעפּאַן זיי אַריינגערופן, דאָס ווייב זיינס האָט שוין געהאט פאר זיי וואַרעם ברויט מיט הייסן באָרשטש, די קינדער האָבן זיך ממש מחיה געווען.

ס׳האָט זיך ווידער דערהערט א שטארק קלינגען אין קלויסטער. אויך סטעפּאַן מיט זיין ווייב זיינען דערציטערט געוואָרן, ער האָט געזאָגט:

—„גייט אלע ארויף אויפן בוידעם און שלעפּט אַרויף דעם לייטער״.

זיי האָבן געהערט א לויפעריי, א רעדעריי, נאָר באַלד איז שטיל גע־וואָרן, אָבער דאָס אומאויפערלעכע גלאָקן־קלינגעריי האָט אָנגעזאָגט אומ־גליק, גרויל, קאָשמאַר . . .

מ׳איז אַלע פארגליווערט געוואָרן: מ׳שטעלט צו א לייטער . . .. מען קריכט גיך אויף אים זיי האָבן דערהערט דער סטעפּאַנעכעס ציטערנדיק קול :

— „קריכט גיך אראָפּ און אנטלויפט ! מ׳קומט אייך הרגענען!״

זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן איבער די גערטנער צו דער אנדערער זייט ארויסן דאָרף, צו א געדיכטן וואַלד.

מיטאָמאָל א שאָס ! און א געשריי: „שטייט! שפּיאָנען, איר לויפט ארויס־טראָגן שפּיאָנאזש !

די קינדער האָבן אָנגעהויבן שטארק וויינען ביים דערזען די נאָכלויפער: איינער באהאָנגען מיט צוויי באָמבעס און א נאהייקע אין דער האנט; א צווייטער מיט א גרויס קצב־מעסער און א ביקס ביי דער זייט; דער דריטער מיט א לאַנגער פּיקע פון פּאַרצייטן, ווי אַ ווילדער פארצוקער; דער פערטער מיט א בלישטשענדיקער, שארפער קאָסע, און א פינפטער מיט א גראָב־אייזן אויפן אקסל.

זיי האָבן געפירט ר׳ בערן, לאהס געוועזענעם מאַן. ביים הויכן, שיינעם אידן, מיט זיין שטענדיק גוטמוטיקן שמייכל, — איז דאָס פּנים משונה־געל, די ליפּן אָפּגעקראָכן, ווייס בלוילעך. — אַ טויטער פון אַ ניט היגער וועלט. איין זייט, פון קאָפּ ביז דעם שפּיץ־שוך, און ביידע הענט זיינען ביי אים אינ־גאַנצן פאַרשמירט מיט קלעפּעדיקער בלאָטע. — דאָס איז ער די גאַנצע נאַכט אָפּגעלעגן אונטער דער בריק, וואו די חזירים רויען זיך.

דער נאָכיאָגער מיט די באָמבעס, האָט געשריען:

— „פאַרשיווע אידן, איר לויפט אַרויסטראָגן די סודות פון דאָרף ! ווי געפּגרטע הינט, וועלן מיר אייך שוין אָט דאָ אַלע אוועקלייגן!

ס׳איז אָנגעלאָפן דער סאָצקי, שקצים, שקצימלעך, שיקסלעך, פויערים. דער סאָצקי האָט מיטן שטעקן צעשטופּט אַלע דאָרפסלייט און זיך געמאַכט אַ פריי אָרט אַנטקעגן די פינף פרעמדע היידאַמאַקעס:

— „דער סטאַראָסטע מיט דער גאַנצער הראָמאַדע ווילן מען זאָל ברענגען בערקען מיט די אַלע אידן צו דער אופּראַווע, דאָרט וועט מען זיי הרגענען״.

דער מיט דער פּיקע גוואַלדעוועט:

— דאָ, אויפן אָרט, וועלן מיר דערשטיקן די פאַרשאָלטענע!

ס׳איז אוועק אַן אויס׳טענה׳ן: — „דאָ שיסן! — „אופּראַווע!״ — „גלייך אָפּהאַקן די קעפּ!״ — „הראָמאַדע, אופּראַווע, סכאָד!״

מען האָט זיי געפירט צום „סכאָד״. די קליינע קינדער מיט לאהן און חנהן האָבן געוויינט אויף אַ קול. דאָס פינף־יעריקע מיידעלע איז געשפּרונגען פאַר די פיס דעם באַנדיט מיט די באָמבעס, זי האָט געגלעט זיינע הענט, געוויינט און געבעטן:

— „פעטערל, הרגע ניט מיין מאַמעלען, מיין באָבעטשקען! פעטערל טייערער, טשעפּע ניט מיין ברידערל, מיינע שוועסטער, מיין מומען.

מיט „פעטערלעך ! פעטערלעך ליבינקע, טייערע, שיסט ניט מיין מאַמע! באָבע, האקט ניט מיין ברודערלס קאָפּ ! שטעכט ניט מיינע שוועסטער, מו־מעז!״ האָט זיך געהויבן דעם קינדס געוויין העכער און העכער.

פויערטעס, אפילו פויערים האָט עס גערירט, זיי האָבן געוויינט, די פינף גזלנים האָבן געשריען:

— „די זשידעס האָבן צוגענומען די גאַנצע זאַלץ. צערייסט זיי אויף שטיקלעך!״

— זיי האָבן באהאלטן אַלע שוועבעלעך — ברענט זיי אויס די אויגן! דאָס מיידעלע האָט מיט אַ הייזעריק קולכל געיאָמערט:

— „צערייסט ניט אויף שטיקלעך ! ברענט ניט אויס די אויגן!״ . . .

דער אכזריותדיקער רוצח מיט דער שפּיז האָט אַ געשריי געטאָן צו איר:

— „שווייג שטיל! דיך וועלן מיר ניט טשעפּען!״

די קינדער האָבן זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעוויינט.

ביי רחלען האָבן זיך די ליפּן פאַרקרימט מיט א שמייכל, זי האָט גע־פילט ווי זי וואָלט א גרויסן נצחון געוואונען: ער מיינט, אז מיטן באהענגען זיך מיט א רעוואָלווער, האַנט־גראַנאַט און אַ שפּיז דערצו, — איז ער שוין א גוטער אַקטיאָר צו שפּילן אויסגעצייכנט א ראָל פון א מערדער, אָבער אָט האָט ער אַרויסגעוויזן א שוואַכקייט, — דעם קינדס געוויין און בעטן האָט אים גערירט, ער האָט זיך פאַרגעסן און ניט־גוט געשפּילט זיין באַנדיטישע ראָל.

חנה האָט באַמערקט: אין דעם גרויסן צאָרן שמייכלט רחל ווי עפּעס א גרויסע גדולה וואָלט זי געטראָפן.

אַ שוידער האָט זי אַרומגענומען: נישט אַנדערש אז פון דעם שרעקלעכן איבערלעבן איז רחל אַראָפּ פון זינען . . .

זי האָט זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון אירע קינדער. איר אַנגעווייַנט קול האָט אויסגעכליפּעט: „רחל, הער אויף צו לאַכן!"

רחל האָט מיט דער האַנט געטאָן א גיכן וויש אָפּ דעם שמייכל, ווי די שוועגערן וואָלט איר געזאָגט, אז א שטיק בלאָטע, א וואָרעם ליגט איר אויפן פּנים.

רחלס בלוט האָט געיאָגט, הייסע שטראָמען פון אומבאַהאָלפנקייט האָבן זיך געגאָסן פון איר פאַרשטאַנד צו אייזערנע בריקן, וואָס רעוואָלוציאָנערן האָבן געבויט: זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונם פּערזענלעכן „איך", אים צו־בויפגעגאָסן מיטן אַלמענשלעכן איך. דאָס האָט זיי געגעבן מוט העלדיש צו באַגעגענען די אומזיסטע שטראָף — דעם טויט. ביזן לעצטן אָטעם גערופן צו קעמפן פאַר פרייהייט.

א היידאַמאַק האָט געליאַרעמט: — „הענגט זיי אויף אויף די ביימער!"

א צווייטער האָט געלאַכט: — „מאַכט פון זיי טשוטשעלעס, סטראַשידלעס פאַר וואָראָנעס.

רחל: אז מ׳וועט זי נעמען הענגען — וועט זי ניט וויינען, ניט בעטן קיין רחמים, וואָס דען וועט זי זאָגן צו די פּויערים? זי הייבט ניט אָן צו וויסן. ווען זי זאָל קאָנען מאַכן א פריילעך פּנים וואָס זאָל אויסדריקן אז עפּעס ווייסט עס אַזוינס וואָס איז פיל שטאַרקער פונם טויט . . .

א טרויעריקע גרימאַסע : מיט זייער פינצטערן אַבערגלויבן איז אחוץ א מורא, אז זי וועט קומען פון יענער וועלט זיי וואַרגן, — קאָן מען ביי די פּויערים גאָרנישט אַרויסרופן. קיין שום העכער געפיל האָט מען צו זיי ניט צוגעלאָזט.

מען האָט זיך אַריינגעדרייט טיפער אין דאָרף. די יללות פון די קינדער האָבן זיך פאַרשטאַרקט. עס האָט זיך געמערט די צאָל נאָכלויפנדיקע שקצים־לעך, שיקסעלעך. באָרוויסע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, אויסגעריזטע, ווי

קליינע טייוואַלים, האָבן זיי מיט צעשראָקענער נייגעריקייט נאָכגעפאָלגט די ווייגענדיקע זשידעס.

---

דער גיין־און־פּופּציק יעריקער רב בער האָט זיך געבוקט צו א ו״עדל פּויערים מיטן סטאַראָסטע בראש:

—„מענשן גוטע, ראַטעוועט אונז. איך גיב פינף הונדערט רובל אויפן קלויסטער.

דער סכאָד האָט באשטימט: „אַזוי־ווי בערקאָ איז כמעט א געבוירענער אין דאָרף און איז אַ וואוילער איד. — ער באָרגט יעדן איינעם סיי פאַר א „קריסטינע״, סיי אויף א „פּאָכאָראָנע״ און וואַרט אָפּט אויפן אָפּצאָל אַזש ביז נאָך זשניוואָ.

—און ניט איינמאָל אפילו ביז דער צווייטער זשניוואָ, — זאָל מען אים מיט זיינע זשידעס אַרעסטירן ביי אים אין קרעטשמע. זיי וועלן זיצן אונטער אַ וואַך, ווי אַרעסטאַנטן.

— און אויב ס׳איז טאַקע אזוי ווי די פינף זאָגן, אַז ס׳איז א באַפעל מ׳זאָל קיין איין אידן ניט לאָזן א לעבעדיקן — איז ווי נאָר מ׳וועט אויסגעפינען אז מ׳האָט שוין אומעטום אויסגעהרגעט אַלע אידן — וועט מען די אויך אומ־ברענגען״.

די פינף אומצופרידענע הייד־אמאַקעס האָבן אַוועקגעאַיילט צו פאַראַיי־ניקן זיך מיט יענע, וואָס זיינען אוועק פּלינדערן א שטעטל.

---

די קרעטשמע האָט אויסגעקוקט ווי אַן אלטע באָבע, וועמען מען האָט געקרייציגט, געשענדעט און נאָכדעם באַשריבן מיט אַ נאַרישער אויפשריפט: „זשיד כאָלאָמיי״.

אומעטום סימנים פון הפקרות. אין דער גרויסער סאָליע מיטן נידע־ריקן סופיט איז דער לאַנגער טיש באדעקט מיט צעבראָכענע וואָדקע־פלע־שער. איטלעך אויסגעליידיקטע פלאַש האָט מען געהאָקט אין טיש, ביז זי האָט זיך מיט א קוויטשנדיקן בראַזג אַריינגעבראָכן אין די עקשנותדיקע, פּאָלירטע ברעטער, אַזש אָנגעשפּאָלטן זיי.

דער ווילדער וואקכאַנאַלישער געלעכטער טרעט ניט אָפּ פון דער קרעטש־מע; ער קוקט אויף די צעהאַקטע אלטמאָדישע קאַנאַפּעס, אויף וועלכע הונ־דערטער פארבייגייענדיקע אָרעמעלייט זיינען איבערגעשלאָפן ביים מכניס־אורח ר׳ בער, און שטשירעט מיט חוזק — „אָט האָסטו, זשיד פּאַרכאַטי, פאַרן אַריינגעמען דיינע קינדער צו זיך אין בעט און אַוועקגעבן זייערע געלעגערס צו פרעמדע זשידעס״ — איז כמאָל!

כמאָל ! — און אויס פענצטער, אויס רעמל!

—דער רמב״ם מיט משה רבנו קוקן אַראָפּ פון די ווענט. „מ׳דאַרף שיסן די זשידאָווסקע הייליקע!״ איז א ביקס דאָך פאַראַן, שיסט מען אין רמבמ״ס פּען.

— „זאָל ער אויפהערן זיין א געלערנטער־זשיד!״ אלע לאכן, מ׳האָט זיך אזש באַשטוגקען.

ווילדע געלעכטערס, חוזק מיט עפּוש האָט באגעגנט דעם באַלעבאָס פון דער קרעטשמע מיט די אנדערע. זיי זיינען ארעסטירטע. צוויי שקצים מיט ביקסן האָבן געהיט, אז בערקאָ און די אַנדערע זשידעס זאָלן ניט איבער־טרעטן די שוועל פון דער קרעטשמע, אפילו ניט דערלויבט צוצוקומען נאָ־ענט לעבן שוועל:

—„פארגעסט ניט, באַרישניא, אז איר זענט ארעסטאַנטן״. זאָגט א היטער צו רחלען.

דער סאָצקי האָט צוגעבראַכט בערקעס עלטערן ברורער. אויך פון קליי־נערהייט אָן א תושב אין דאָרף. אויפן חשבון פון דעם הינקענדיקן אידן טאַנצט די גרויסע נויט אויס א קאָזאַצקע. גערעכט איז געווען זיין איידעם, יאָסל — „סיידן דעם דלות קאָן מען צונעמען ביים שווער״.

לעבן דעם הינקענדיקן אידן אין דעם גאָלע לאָטעדיקן, אָפּגעבליאַקירטן אָנצוג, שלעפּט זיך נאָך זיין ווייב, א פרומע אידישע חולנית; דאכט זיך, זי וועט אַזוי גייענדיק אויסגיין. זי האלט אונטער זייער שוואַנגערדיקע, איינ־ציקע טאָכטער, — יאָסל׳ס ווייבל, און לעבן יענערס קלייד, זיין אכטיאָריק מיידעלע פונם ערשטן ווייב, פון ר׳ בערס געשטאָרבענער טאָכטער.

דאָס אייניקל איז צו צו ר׳ בער׳ס פאָלע און זיך צעוויינט:

— „טאטע בערקאָ, איך וויל דעם טאָטן יאָסל, איך וויל גיין צום טאָטע יאָסל.

זי איז זיך פארגאנגען אין א שלוכצנדיק געוויין:

— „איך וויל זיין מיט טאטע יאָסל!״ . . .

רחלען האָט געשווינדלט אין קאָפּ, זי האָט מורא געהאָט זיך צונויפטרעפן בליק־און־בליק מיט איר מוטער וואָס ברעכט די הענט, מיט דער פלימעניצע וואָס שנייצט און שמאָרעט אומאויפערלעך מיט דער נאָז.

רחלס אויגן האָבן געברענט, אנגסטיק געשריי... קרעכצן, כאָרכלען... טאָפּטשענדיקע פיס, טאָפּטש . . . טאָפּטש — האָבן געקלאַפּט אין אירע שלייפן. קראַמפּן האָבן זי צונויפגעדרייט: וואו איז יענער גאָרטן? וויפל צייט זיינען זיי געקראָכן פון דאָרטן?

דאָס מיידעלע קלאָגט: — „כ׳וויל זיין מיט טאטע יאָסל — טאטע יאָס־לל ! !״

רחל: וואו איז אין יענעם מאָמענט אהינגעקומען איר פארשטאַנד, איר געוויסן? מען דארף זאָגן ר׳ בערן.

א גרויל: און וואָס טוט זיך מיט דער אינגערער שוועגערן מיטן קינד?!...
זי רעדט זיך איבער אין דער שטיל מיט דער מוטער; וואָס טוט מען?

איינער פון די היטנדיקע שקצים האָט אויף זיי אָנגעשטעלט די ביקס: „הערט אויף מיט אייער זשידאָווסקע גאַר, גאַר־ג־ר. — מיר פאַרשטיין ניט וואָס איר גארגארקעט", — האָט ער צוגעגעבן שוין ווייכער און אוועקגע־שטעלט די ביקס.

ר' בער'ס עלטערער ברודער, זיין גאַנץ לעבן א דאָרפס איד, קאָן קוים דאַוונען, אָבער ער האָט נאָך קיין איינמאָל ניט פאַרפעלט צו אָנטאָן טלית און תפלין, איז גאָר צעטראָגן: עפּעס ווייסט ער אז ס'איז פאַראַן א דין, אז גע'גט'ע מאָן און ווייב טאָרן ניט זיין אונטער איין דאַך, — הינקט ער ארום אן ערנסט פאַר'דאגה'טער און בורטשעט „בער מיט לאהן, ווי, ווי אן עבירה, א זינד, גאָט זאָל, חלילה, ניט שטראָפן, אַלע זאָלן, חלילה, ניט אָפּקומען דערפאַר".

רחל האָט זיך איבערגעקוקט מיט חנהן, זיך איינגעהאלטן ניט צו שמייכ־לען, דאָך געשמייכלט.

דורכן זייטיקן, ארויסגעבראָכענעם פענצטער האָבן פויערים אריינדער־לאַנגט, ווער א קריגל סמעטענע מיטן זויערמילך געמישט, ווער ברויט, גע־קאָכטע אייער, געבראָטענע קאַרטאָפל.

יעדער צוגעקומענער גוי האָט געגעבן א נעם־אַראָפּ דאָס היטל, א גיב־אַריין דאָס געבראַכטע עסן און אַוועק אויף גיך, מיט אַזאַ צעטומלטקייט, ווי זיי וואָלטן געדאנקט גאָט וואָס דאָס פענצטער־לאָך האָט זיי ניט איינגעשלונגען, זיי ניט פארשפּאַרט אינאיינעם מיט די אידן.

די קינדער האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן, די גרויסע האָבן צופרידן גע־שטוינט און געזיפצט.

פּלוצים זיינען אריינגעקומען דער סטאראָסטע מיטן סאָצקי, אוועקגערופן ר' בערן אין צווייטן צימער געקראָגן דאָרט פון „פּאַני בערקאָ" וויפל זיי האָבן געוואָלט אויסקויף פאַר אים און פאַר די אנדערע יעווריייאַ. נאָכדעם איז מען איבערגעגאנגען צוריק אין פעדערשטן צימער און דער סטאראָס־טע האָט געזאָגט:

— „מיר מיטן סכאָד האָבן זיך איבערגערעדט — מען זאָל אייך אָפּשיקן אין שטאָט אריין, ווייל אייניקע מוזשיקעס האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס פון „סאמאָהאָנקע — ווילן זיי א הוליע טאָן, אָבער דאָס דאַרף וויל ניט קיין בלוט אויף זיין געוויסן.

—וועלן אייך אונזערע כלאָפּצעס אָפּפירן אין שטאָט, — זאָל אייך אייער גאָט דאָרט היטן.

לאה איז צו צו זיי: ביים שטונדיסט איז מיין אינגערע שנור מיט א קליין קינד, ברענגט זי אויך אהער". זי האָט אריינגעשטופּט פּאָזיטלעך דעם סטאַ־ראָסטע און דעם סאָצקי אין די הענט אריין.

פאַר די צוויי היטערס האָט ר׳ בער אריינגעבראַכט פון דער האַלב צעראָ־בירטער קראָם צוויי לאַסטיקענע וואַטאָווקעס, די גלאַנציקע שוואַרצקייט האָט אונטערגעצונדן ביי די שקצים די אויגן מיט קנעכטישער פרייד.

זיי האָבן צוגעזאָגט פאַרקלאַפּן די צעבראָכענע פענצטער און טירן און זען קיינער זאָל ניט אויפרייסן.

ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין די לעצטע צוועלף יאָר, זינט דער שטונדיסט האָט זיך פאַראייניקט מיט די שטונדיסטן, וואָס ער האָט געזאָגט א ליגן: „פּקוח נפש״, האָט ער געטראַכט, „שטייט העכער פון אַלצדינג״. האָט ער געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ס׳איז ביי אים קיינער ניטאָ, קיינער ניט געווען.

נאָר ווען די טויט־דערשראָקענע גיטל האָט דערהערט דעם סימן וואָס רחל האָט געהייסן זאָגן, איז זי מיטן קינד שנעל אַרויס פון איר באַהעלטעניש און אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, ווי כלומרשט זי קומט ערשט אָן.

מען האָט זי מיטן קינד געפירט א לאַנגע שטרעקע דורכן דאָרף. די פּויערישע קינדער האָבן אָנגעהויבן שרייען: „מ׳פירט נאָך א זשידיווקע״. נאָר די פּויערים האָבן זיך כמורעוואַטע פאַרקוקט, אַריין אין זייערע שטיבער, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו זען זי.

אין סטאַראָסטעס פּורל האָבן זיך אַלע אַריינגעזעצט, אַרום וואָגן מיט די פּיס אַראָפּגעלאָזט זיינען געזעסן זעקס שקצים מיט ביקסן אין די הענט.

יאָסל׳ס ווייבל מיטן הויכן שווערן בויך האָט דעם גאַנצן וועג געוויינט:

— „גאָטעניו, פאַרשעם מיך ניט, זאָל איך ניט שוואַנגערן א נאָמען נאָך אים. וואָס וועל איך טאָן מיט צוויי אומגליקלעכע יתומים?״

דאָס מיידעלע האָט שוין קיין כח ניט געהאַט צו כליפּען און צו שלוכצן: „כ׳וויל דעם טאַטע יאָסל״.

עס האָט צעריסן יעדערנס האַרץ. רחל האָט געפילט — ס׳איז טענות צו איר פאַר ניט ראַטעווען א פאָטער, א מאַן, א מענטשן.

א משונה׳דיקער ווייטיק האָט געמאַכט ענג די לופט אַרום איר, זי האָט זיך דערפילט נישטיק, קליין. און זיך דערשראָקן, אַז די פּיין וועט קיינמאָל ניט אָפּלאָזן, ס׳גאַנצע לעבן וועט זי זיך פילן שולדיק, ווי זי וואָלט גענומען אָן אָנטייל אין דער בהלה.

# קאפיטל פערצן

**.1**

די שטאָט האָט אויסגעקוקט זוי א טויטע, אָפּגעלעבטע חורבה. פענצטער, טירן ארויסגעריסן פון זייערע פלעצער, אינגאנצן צעבראָכן. איין שטוב מיט אַן ארויסגעבויגענער שאָפע מיט נאָכשלעפּנדיקע קליידלעך, שיכלעך, לעבן א צווייטער — צעבראָכענער גרויסער שפּיגל.

פון הייזער האָבן ארויסגעקוקט איבערגעקערטע טישן, בענקלעך, צע־בראָכענע קאָרזינעס, קאַרטעס, טעפּלעך. קלייטן צעהאַקט, צעבראָכן, שטעלן און געשטעלן פון ברויט, פּרוכט איבערגעקערט, צעטראָטן, סחורות האָבן זיך געוואַלגערט אויפן מיסט.

ווי נאָר דאָס פּורל מיט די באַוואָפנטע שקצים זיינען אוועקגעפאָרן, האָבן זיך גענומען באַווייזן עלטערע אידן. זיי ווילן אז ברוך פרענק, וואָס איז אויך ערשט פריער אביסל געקומען מיט זיין אינגל, זאָל גיין מיט זיי אויסגע־פינען וויפל הרוגים ס׳איז פאַראַן.

אַכט טויטע, מיט די סימנים פון דורכגעלעבטן אנגסט, האָט מען צונויפ־געקליבן אין די גאַסן. אַנדערע הרוגים זיינען געלעגן אין שטיבער, צע־קלאַפּטע, צעבלוטיקטע. ווער פאַרשטופּט אין עפּעס א ווינקל, ווער אין מיטן שטוב אונטער א באַרג צעשליידערט מעבל.

אין אַ סך הייזער האָט מען אחוץ די גזלות ארויסגעלאָזט די פעדערן פונם בעטגעוואַנט און צוגענומען די אַנשיטן. א פרוי האָט געוואָלט צונויפ־שאַרן די פעדערן און איז געפאַלן חלשות פון שרעק, זי האָט אין באַרג־פע־דערן אַנגעכאַפּט די האַנט פון איר פאַרשטאַרטן מאַן.

דער אלטיטשקער זיידע, אַקערמאַן, איז געשטאַנען לעבן פענצטער און געהאַלטן אויף די זיך־טרייסלנדיקע הענט זיין צעניאַריק צעמזיקט אייניקל, געביטערט מיט טרערן, באַקלאָגנדיק זיך פאַר זיין צוויט צעניעריק אייניקל.

— אייער מאַמע, מיין טאָכטער פרומע זאָל זיך מיען, האָט מיך פאַרן טויט געבעטן: „טאַטע, היט אָפּ מיין פּאָרל״. — „ווי מיינע צוויי אויגן״ — האָב איך איר צוגעזאָגט, אָבער איך האָב מיין וואָרט ניט געהאַלטן״. האָט דער אלטיטשקער געוויינט מיט טרערן. „צו וואָס האָבן זיי מיר מיינע אויגן גע־לאָזט״.

דאָס קליינע אינגל איז געשטאַנען לעבן זיידן און שטום געגלעט זיין טויט ברודערל. זיין דאַר קינדערש הענטל האָט זיך געשאַרט איבער דעם טויטנס פּאַרקילטע וואונדן.

זיסל די נייטערן איז געלעגן א צוגעבונדענע צו איר ניי־מאשין, זי איז געווען באוואוסטלאָז, און אַרום איר האָט זיך געוואלגערט איר זיבעצניעריק אינגל א צעשניטענער.

ביי די אריינגעקומענע מענשן האָבן זיך די האָר געשטעלט קאפויר פון דער גרויסער מערדערישער שחיטה, מ׳האָט ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן, צי צונויפנעמען דעם אינגלס צעוואָרפענע אברים, צי אָפבינדן, דערמינ־טערן די אומגליקלעכע מאַמע. מען האָט געאיילט!

— „גיכער, גיכער, נעמט צונויף, וויקלט אים גיכער אַרום, זי וועט זיך באלד אויפכאפן, זאָל זי כאָטש ניט זען איר גרויסן אומגליק. מען דארף אים צונעמען איידער זי כאפט זיך אויף.

זעקס־און־צוואנציק הרוגים. זיסל די נייטערן אינגאַנצן א געררירטע איז נאָכגעלאָפן אַלע מאָל אַן אנדער מת, געשלאָגן מ׳זאָל איר אָפּגעבן איר קינד. זי האָט אירע אייגענע הענט ביז בלוט צעביסן, ארום איר מויל האָט געפינעט א שוים וואָס האָט אראָפּגערונען אין א לאנגער סלינע.

---

רחלס אינגערע שוועגערין האָט געשטופּט די פעדערן אין זעקלעך און געוויינט:

—„ווער ווייסט צי היים לעבט. קאַלאַניעס, ערד־ארבעט האָט זיך אים פארגלוסט. קיין הון, קיין פישל וויל ער ניט מ׳זאָל הרגענען. „די גויים”, זאָגט ער, „דארף מען ליב האָבן, זיך ברידערן מיט זיי, אזש קיין נאָוואָפּאָלטאווקע פארלאָפן . . .”

ברוכ׳ס שטוב האָט מען ניט אָנגערירט, ווי מלאכים וואָלטן זי געהיט.

דער קאָפּ האָט רחלען ווייגעטאָן פונם אָנגעשטרענגטן זוכן אן ענטפער:

„מיט וואָס האָט די אָרעמע נייטערן, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן בחצי־חנם באנייט און באלאטעט דעם אָרעמען פויער, זיך אזוי פארזינדיקט? פאר־וואָס אין איר גראָד אַזאַ בלוטיקע נקמה?

איר ברודער ברוך און אַנדערע סוחרים ווייסן!

„דאָס גזלנות קומט פון די געוועזענע סטראזשניקעס, זיי האָבן אים גע־האלטן אויפן אויג פאר זיין צו־האָפּערדיק זיך־ארומכאפן מיט די רויטע”.

א טיפע אפּאטיע האָט באהערשט רחלען, זי האָט געשפּאנט ביי זיך אין צימער איבער גלאָז פון צעבראָכענע פלעשער, סלאָיעס פון איינגעמאכטס, שמאלץ, ווישניק, און ניט באמערקט, ניט געפילט דאָס איינשניידנדיקע גלאָז אין אירע שיך.

צוויי רויטע ווינשל אויפן הערצל מיט צוויי ארבל פון איר ליכטיק הימל־גרויען קלייד האָט אויסגעקוקט ווי עפּעס א באשעפעניש וואָלט געלויערט אויף א קרבן.

רחלס בליק האָט זיך פארהאלטן אויף א בארג מיט צעפוילטע אַני־טשעס: פאר׳עפּושטע שטיקלעך־זעק, שטיקער גראָבע, רייבנדיקע זאפּאסקעס האָבן זיי פארביטן אויף אירע דינע, ווייכע וואָלענע קליידלעך. צוליב דעם האָבן זיי ארויסגעריסן די ארבל.

עפּעס טיף אין איר האָט פארמילדערט אביסל איר צאָרענען — אויפן צעווילדעוועטן המון. א צעווייטיקטע האָט זי זיך אראָפּגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע, וואָס איז געווען צעריסן און צעשניטן פון אַלע זייטן: מ׳האָט שווער געהאָרעוועט אויפצועפענען זי, אָבער בלויז א צוויי פרוזשינעס האָבן זיך באַוועגט, די אנדערע האָבן ניט נאָכגעגעבן.

ניט געאיבטע קעפּ — האָבן ניט פאַרשטאַנען בלויז א הויב טאָן דעם צו־קאַפּנס און זיי וואָלטן גרינג אַרויסגעקראָגן נאָך אביסל חפצים.

דעם שטוב־זייגער האָט מען צוגענומען. מ׳פרעגט אויב עמעצער ווייסט ווי שפּעט עס איז? איר זייגערל גייט 24 שעה, אפשר גייט עס נאָך?

זי האָט געזוכט אין קאַנאַפּע צווישן אירע זאַכן און זיך דערמאָנט — זי האָט עס פאַרגעסן אויפן טישל. זי איז געקומען איבער סאָשעס קארטעלע, א קוק געטאָן אויף דעם מיט צעטראָגענע, שטארע אויגן — ווי ס׳וואָלט זיך אינגאנצן ניט אָנגעקערט מיט איר.

זי האָט אוועקגעאיילט זען חיה׳ן. די נאכט פארן פאָגראָם איז חיה אוועק־געגאנגען אויפזיין ביים קראַנקען בעט פון אירער אַ יוגנט־חברטע.

חיה האָט אויסגעקוקט ווי די גאנצע עלטער וואָלט זיך אויף איר מיט איינמאָל אַרויפגערוקט.

רחל האָט מילד ארומגענומען חיהס איינגעהויקערטע פּלייצע און מיט הייסע ליפּן זיך צוגעטוליעט צו איר ליבן שטערן מיט די אראָפּהענגענדיקע זויבערע זילבער הערלעך.

חיה איז די איינציקע וועמען רחל גיט א קוש אפילו ווען זי דארף זיך נישט געזעגענען, די טיפע־ליבשאפט פון איינער צו דער אנדערער האָט ניט איינמאָל געפירט רחלען אין קיך אריין א כלומרשטן טרונק טאָן, וואשן די הענט, דערביי גיבן א ריר מיט די ליפּן חיה׳ס ליב פּנים און אוועקטראָגן מיט זיך א שטיק פון ביידנס אויפגעלעבטקייט, דערמונטערונג. דאָס מאָל איז עס געווען צוליב עטוואָס גרינגער מאַכן די פאַרקלעמטע פּיין.

# קאַפּיטל פופצן

.1

שוין איבער צוויי חדשים זינט רחל איז אוועקגעפאָרן פון אָדעס.

דאוויד האָט זיך אָנגעטראָפן מיט איינעם פון איר שטעטל און אָפּגענומען א גרוס, אז זי מיט איריקע האָט מען, אין צייט פון די פּאָגראָמען, ניט געשעפּעט.

דאוויד האָט זיך ניט פאַרגעוואָרפן למאי ער האָט אין די דריי יאָר, וואָס ער קען רחלען און באשטימט חתונה האָבן מיט איר, זיך געהאַלטן אזוי פרעמד:

„אַ, אַזויפיל קאָפּדרייעניש״.

אָבער איצט איז עס שוין געווען זיין אמביציע: „ער וועט זיינס דערגרייכן. דער וועג איז געוואָרן רואיק און זי איז אין איר קליין שטעטל״.

ער האָט אין זיך נצחונדיק געשמייכלט.

רחל האָט זיך דערפרייט מיט דאווידס קומען: ער האָט געבראַכט צייטונגען, זשורנאַלן, א געניועם גרוס פון אוניווערסיטעט, א גרוס פון אָדעס.

נאָר אז זי האָט דערזען ווי די איריקע זיינען געוואָרן אָנגעשטרענגט צוליב איר גאַסט און קוקן אויף איר ווי אויף א שטאַרק טייער געוואָרענער זאַך, האָט זי באַהערשט א בייזקייט אויף זיי. אַן אויפגערעגטקייט, וואָס דאוויד האָט דערציילט אז זיין פאָטער האָט אין צייט איבערגעשיקט א גרויס פאַרמעגן קיין אויסלאַנד.

—„אויב דאָס אויסראָטן די באָלשעוויקעס וועט זיך פאַרציען — רעדט מיין פאָטער מיך צו: „איבערצופעקלען זיך מיט א וואויל מיידל קיין רומעניע״.

— מיט געלט קאָן מען דאָרטן, צי אין טשעכאָסלאָוואקיע איינשטעלן גרויסע געשעפטן, און אָבי חשק, — לערנען אין אוניווערסיטעט״.

„זי וויל ניט וויסן פון זיין פאָטערס עצות, ניט פון זיינע פּלענער״.

דאָוויד האָט געבעטן רחלען זי זאָל מיט אים צוגיין צום הורטאָווניק ר׳ משה מאָטל׳ס. (פון דעם שטעטל און פון די אַרומיקע שטעטלעך, דערפער פלעגן קרעמער קויפן ביי אים). פאַר־דריי־יאָרן איז רחל געגאַנגען באַקענען אים מיט ר׳ משה מאָטלס.

ער האָט זיך גאַרנישט געביטן, דער שיינער איד איבער די זיבעציקער. א זילבער גרויע באָרד, א געלייטערט פּנים מיט בליענדיקע רויטע באַקן.

ער האָט גלייך דערקענט דאווידן, אים דערלאַנגט א ברייטן שלום־עליכם!

— „וואָס מאַכט איר גאָספּאָדין פּערלמוטער?!״

צו רחלען זיך א נייג געטאָן ווי אַן אמתער אריסטאָקראַט, די האנט ניט געגעבן, ער שמ׳ט אין שטאָט פאַר אַ חסיד.

דאַוויד טרייסלט דעם אלטנס האַנט:

— „דאָס פריערדיקע מאָל האָב איך אייך פאַרקויפט, איצט בין איך געקומען קויפן ביי אייך״.

ר׳ משה מאָטל׳ס האָט א רוף־געטאָן זיין ווייב:

„נחמה לעבן, הייס דער דינסט דערלאַנגען כיבוד! אוי, האָב איך אבי־סעלע בראָנפן, געפינט מען שוין מער ניט אזוינס. און פאר רחלען א גוט בי־סעלע ווייבערשע משקה.

— האָב ניט קיין פאַריבל וואָס איך רוף דיר נאָך ווי א קליין מיידעלע. אַלע שענסטע מיידלעך לאָז איך ניט אַרויס פון אויג״.

ער מיט דאַווידן האָבן זיך צעלאַכט.

דער אלטער האָט א וואונק געטאָן אויף זיין פרוי: — „שיינקייט איז א גרויסע זאַך ביי אידן, אָט איז ז י ביי מיר, צו לאנגע יאָר, דאָס דריטע ווייב, אָבער אַלץ אַ יפת־תואר. איז מער אַביסל נדן, איז אינגאַנצן ניט קיין נדן — —״

ער האָט צופרידן געלאַכט און נאָך ארויסגעוויזן א כמעט פול מויל מיט ציין.

— זיי זיך מטריח, נעם ארויס די גאָלדענע קעלשיקלעך, וועט מען צוזאַמען מיט די ליבע געסט זיך צוואוינשן די רויטע זאָלן גיך קריגן די מפלה. מ׳זאָל אויפהערן באַהאַלטן דאָס גאָלד און אַלע אַנדערע חפצים.

רחל האָט געפונען אויף וואָס אויסצולאָזן איר ביטער הארץ: ווען די באָלשעוויקעס דרייען זיך ניט אַרום די געגענטן, וואָלט מען געוואָלט אוועקגעבן דאָס לעצטע העמד, אבי כאָטש מיטן לעבן זיין זיכער.

זי האָט זיך אָפגעשארט פון טיש, געבליבן שטיין ביים פענצטער.

—„א דאנק, כ׳פיל ניט ווי צו טרינקן. קיין משקה אויך ניט״.

צו הערן די קינצלעך, שפיצלעך וואָס דער הויך־געבילדעטער דאַוויד באַנוצט אָנצוטאַפן וואָס פאר א באהאלטענע סחורות ר׳ משה מאָטלס פאַרמאָגט. ווי דער אַלטער ווייסט גאָרנישט וויפל צו מאָנען, מיט וואָס פאר א כיט־רעקייט ער ציט וואָס העכער די ווילדע פרייזן; מיט וואָס פאר א דריידלעך דאַוויד דריקט זיי אַראָפּ וואָס נידעריקער; ווי דער פרומער צדיק, וואָס דאַווּנט אין צוויי פאַר תפלין, דרייט, וויל כאַפן צוריק, ערגערט זיך ווען דאַוויד „פשוט צוליב נוקם זיין זיך אין אלטן״, גיט אים גלייך וויפל יענער האָט זיך אָנגעבאָטן, פארשטייט זיך פאר אן ארטיקל וואָס וועט באַטרעפן גאַר א נישטיקע סומע.

רחל — וואָס האָט שטייענדיק ביים פענצטער דאָס אלץ צוגעזען, איז געבליבן מיט א פאַראיבלדיקן איבל צו דער גאנצער מסחר׳דיקער וועלט.

זי האָט געפרעגט דאווידן צי ער דאַרף זיך נאָך לאַנג פאַרהאַלטן, זי גראָד, דאַרף שוין זיין אין דערהיים.

דאוויד האָט זיך צוגעאײַלט. ביים געזעגענען זיך, ווידער איבערגעחזרט:

— „איצט בין איך געקומען ביי אייך קויפן" און דערביי האָט ער מיטן אַלטן געקוקט אויף רחלען, ווי זי וואָלט געווען דער מסחר, וואָס זיי האָבן זיך נאָר וואָס אויסגעגלייכט מיט א שלל אומצוטרוי.

אין דרויסן האָט דאוויד אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע זיין נאָטיץ־ביכל פול מיט פיצינקע, געטאָקטע נומערן און נאָך צוגעשריבן עפּעס.

זי האָט נאָכגעפאָלגט זיינע חשבונ׳דיקע אויגן און ס׳איז איר געוואָרן אומ־היימלעך ווי זי מיטן גאַנצן שטעטלס איינוואוינער וואָלטן געוואָרן זיינע אָ צונויפגעחשבונטע רעכנונג. עס איז איר געקומען אויפן געדאַנק דער פּראָ־צענטניק מלך בייגל אין זיין יום־טוב׳דיקער שוואַרצליסטרינינער קאַפּאָטע, ווי ער גלעט זיך פּאַוואָליע זיין פריציש ברייטצוקעמטע באָרד. — צוליבן קריגן פאַר נאָך א האַלבן טאָג פּראָצענט, טוט ער זיך א גלייך אויס, גיט א ליב־לעכן, פּאַמעלעכן קלונג מיטן באַגילטן גלעקל: „די דינסט זאָל פאַרמאַכן די לאָדן און אָנצינדן דעם לאָמפּ".

מען האָט געמעגט באַקומען א פּאָפּלעקציע, קראַפּירן אויפן אָרט — אָבער באַצאָלן אַזוי פיל וויפל פּראָצענט ער האָט געמאָנט.

רחל האָט זיך געזאָגט: ווען דאוויד זאָל פרעגן וועגן אירע געפילן צו אים, צי דערמאָנען עפּעס וועגן זיינע צו איר, — וואָלט זי געהאַט וואָס צו זיין צע־טראָגן, אָבער אַזוי, איז פאַראַן אין שטעטל נאָך איינער פונם קלאָס קליינלעכע אייגנטימער.

עמעצער אין איר האָט ציניש געלאַכט: און וואָס מיינט זי? זי וועט לעבן מיט פּאָעזיע? אָט האָט אפילו איר פּאָעט איר דערוויזן אַז פּאָעזיע איז גאָרנישט די הויפּט זאַך. פאַרקערט . . . הע, בעסער ניט טראַכטן, ניט געדענקען.

דאוויד האָט זי פּלוצים אָנגענומען אונטערן אָרעם:

—„רחלע, ווי געפעלט דיר דער אַלטער?"

איידער זי האָט באַוויזן צו זאָגן א וואָרט, האָט ער מיט ערנסטקייט צו־געגעבן:

—„א גאַנץ וואוילער, אָרנטלעכער מענש, דער אַלטער".

זי האָט אויף אים א פאַרחידושטן, זייטיקן, בליק געטאָן: נו־יאָ, אַניט וואָלט ער דאָך געדאַרפט אויך זאָגן — „א גאַנץ מיאוסער פאַרשוין דער יונגער".

דערפון האָט אין איר נאָך עפּעס אויסגעדרונגען און ס׳איז איר געוואָרן מורא׳דיק־אומעטיק ביז צום צעלאַכן־זיך אויף א קול.

ס׳איז ניט אויפצוהערן, דער עיקר האָט זי געלאַכט ביים אַריינקומען מיט דאווידן צו איר אין שטוב: אַנדערע פאַרהאַנגען אויף אַלע פענצטער. דער

גרויסער קיילעכדיקער טיש פארשפרייט מיטן שענסטן שבתדיקן סערוועט. די מוטער—אָנגעטאָן אין חיה׳ס זיידענער קאַפּטע.

נאָך צוריק מיט א יאָר פיר, ווען לאה האָט זיך אומגעקערט פון איר סחורה־איינקויף פון בערדיטשעוו, צי פון ווארשע, — איז צווישן די אָנגע־בראַכטע מציאות אויך געווען צוויי קאַפּטעס. צי צוליב לאהס זיין גוט־גע־שטימט, צי ווייל זי האָט געגלויבט, אז חיה וועט ניט וואגן אויסצוקלויבן דאָס בעסערע, צי דאָס ריכטיקסטע — ווייל לאהן אינטערעסירן בכלל ניט קיין שיינע קליידער, — האָט זי געזאָגט חיהן, זי זאָל זיך אויסקלייבן וואָס איר געפעלט.

חיה האָט א שמייכל געטאָן צו דער טייערער, צו דער זיידענער.

אויף מאָרגן האָט לאה אָנגעטאָן די טשעשענטשאַטענע קאַפּטע, אָבער חיה — איר זיידענע?

— „זאָל זי ליגן, צו רחלס חתונה וועל איך זי באנייען״.

און איצט האָט זי די קאַפּטע ממש ארויפגעצוואונגען אויף איר באַלע־באַסטע און א שווערער שטיין איז אראָפּ פון איר אלט הארץ, אין אירע קוים פינף־און־פערציק יאָר.

ביי לאהן איז שיין אָנטאָן פון די קלענסטע זאכן:

—„אפילו א יונג מיידל, אָן נדן — מעג זי זיין ווי צעפּוצט — וועט וויי־ציק וואָס צוציען א קלוגן רייכן בחור. — געלט ! אוי, געלטעניו, עס רעדט, עס רופט. — געלט איז די וועלט!״

דאוויד האָט דערציילט איר מוטער וועגן דעם דורכגעפירטן „שטיקל מסחר״ מיט ר׳ משה מאָטלס.

ביי לאהן האָט דאָס פּנים, די אויגן, דאָס גאנצע ווען אויפגעלויכטן, ווי אירע דימענטענע אוירינגלעך. איר גוידערל איבער די פינף שנירלעך טייערע פּערל האָט זיך א שטאָלצן גאָנער געטאָן:

— „זי האָט פאר אים נאָך א „פּעטערן־פּגר״, איינער, עפּעס א פליכטלינג נעבעך. מיט זיין גאנצער משפחה, אכט נפשות, וואוינט אין צוויי אלקערס, איז איינער פול מיט גאלאנטעריי־סחורה, מ׳דארף נאָר ער זאָל ניט דערשמעקן אז מ׳איז גערן עס ביי אים אוועקצוקויפן — וועט ער עס פאר א שיבוש אוועק־געבן.

דאוויד האָט געגנוי אַלץ אויסגעפּרעגט, און ווידער דערציילט וועגן זיין פאַטערס שטארק האלטן פון דער מאדאם פרענק, אז זי מיט איר קלוגן־סוחרי׳שן קאָפּ קאָן פארשטעקן צוואנציק געניטע סוחרים.

רחל האָט דערזען דאווידן מיט איר מאַמען אויף איין וואָג־שאָל, — דער אונטערשייד: דער געיעג נאָך ריווח האָט דערשטיקט דער מאַמעס נשמה אָן איר וויסן, אָבער דאוויד מיט זיין טיפן באוואוסטזיין האָט פארזעצט זיין גע־דאנק ביים טייוול פון ריווחים און מטמונים.

„סוחרים, געזעמלעַן מיט סוחרים קלאַמערן זיך אין דער וואָג־שאָל, זיי זעען אויס אַזוי קלאָגעדיק־קאָמיש".

זי האָט ווידער אָנגעהויבן לאַכן.

לאה האָט געפילט: זי עקט זיך; ווער וויל עס איינהאַנדלען א נאַריש בהמה'לע.

— „וואָס פאַר א לאַכערייקע האָט דיך פלוצים באַפאַלן". איר געמאַכטער שפּאַס איז אַרויסגעקומען בייז.

דאַוויד האָט מער א פּאַטערישן, ווי אַ מענערישן, גלעט געטאָן רחלס קאָפּ:

— „דאָס האָט דער אַלטער ר' משה מאַטלס זי אַזוי פריילעך געמאַכט".

„ביין, איך לאָך דאָס פון אייך ביידע, וואָס צוליב א גרעסער פאַרדינסטל הערן ניט דער מאַמעס אויערן איר מוילס זאָגן „געבעך", און איר — אייער „אַזוי, אַ פליכטלינג?"

לאה איז בלאַס געוואָרן, דאַוויד האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— „א איד — וואָס האלט אויס סחורה וועט זיך ניט לאָזן שטאַרק אָפּ־נאַרן, פאַרפירן. דאָס רעדט זיך נאָר אנטקעגן דעם, ס'זאָל זיך איינגעבן אביסל צוקוועטשן זיינע אפּעטיטן". האָט ער געמיטלעך דערקלערט רחלען.

ער האָט א צי־געטאָן מיט דער נאָז:

— „חיה, ס'שמעקט ביי אייך קאָרענער לעקעך, איך געדענק דעם געש־מאַקן טעם נאָך פון פאַר־דריי־יאָרן.

רחל האָט זיך דערמאָנט: אַזוי איז ער זיך נוהג סיי מיט די עלטסטע משרתים, סיי מיט אַלע פאַרקויפערינס ביי זיי אין די קלייטן. מיט אלע איז ער גוטברודעריש־פריינטלעך און אויף דעם אופן מאַכט ער זיי זיך געטריי־אונטערטעניק, צוליב זיין לויב וואָרט זיינען זיי קאַפּאַבל צו לויפן אין פייער און וואַסער.

— חיה קוועלט: „כ'וועל אריינברענגען דעם זידנדיקן סאַמאָוואַר מיטן — טאָקע געטראָפן, — קאָרענעם לעקעך".

דאַוויד האָט מיט זיין קלוגן שמייכל ארומגענומען אלע דריי פרויען:

— „דאָס ערשטע מאָל האָב איך, א דאַנק אייער לעקעך, זיך פאַרליבט אין רחלען, און איצט וויל איך איר זאָלט מיך „רופן נאָר און צוגרייטן א סך לעקעך".

דער ברודער ברוך איז אַריינגעקומען, ער האָט מיט א געלעכטער אויפ־געכאַפּט דאַווידס חתונה־אָנוואונק און מיט משכיליש־תלמודישע רייד, דורך דברי תורה (ווי זיין שטייגער איז געווען צו ריידן), געגעבן א משל מיט וועלכן ער האָט געכאַפּט דאַווידן ביים וואָרט, איבערגעזעצט דעם משל אויף אידיש, צולייגנדיק א פּאָרציע גייע דברי תורה, און ווידער איבערגעטייטשט.

ער האָט פלוצים דערמאָנט זיך:

— „זיין פלונית׳טע האָט אים געשיקט רופן אלע צו אים אויף וועטשע־רע. זי אליין איז געווען נאָך אביסל פארנומען. ווי זאָגט מען עס: „א גוטע באלעבאָסטע דארף קאָנען מאכן אָנווייזונגען דער שיפחה״.

ער האָט זיך צעלאָזט מיט משלים וועגן אשה׳ס און ליבלעך צוגע־שמייכלט.

דאוויד האָט אונטערגעהאלטן דעם שפילנדיקן, תלמודישן געשפרעך מיט א צושפיל פון פילאָזאָפיע, אז א קלוגע און דערצו נאָך שיינע פרוי, העלפט פיל אַרויס דעם מאַן, דער געזעלשאפט.

רחל איז געווען אין כעס אויף אירע אויפגעפלאַמטע באקן; וואָס רויטלען זיי זיך צוליב דער אומפארשעמטקייט: אָן איר מאַכט מען איר חתונה.

זי האָט געהערט איר מוטערס צופרידן קול: די מאַמע איז שוין לאנג, לאנג ניט געווען אַזוי צופרידן, אירע אויגן שיינען, זי איז אזוי שיין. אלץ קוועלט אין איר צום „שמאלץ־גרוב״.

זי האָט געטראכט פון זיך מיט פאריבל: מיט אַזאַ איראָניע, טאָכטער, ווערסטו דיין מאַמען באגזלענען פונם יאָרן־לאנגען געחלומטן נחת, קוק נאָר, זע נאָר, — די מאַמע האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקוקט אזוי גליקלעך.

* * *

אין צענטראַל גאס איז שוין געווען דורכגעצויגן עלעקטרע. א סך פארמעג־לעכע, ניי־אויסגעבויטע הייזער זיינען געווען באלויכטן פונדרויסן.

אויף איינעם אזא ניי־הייפל האָט דאָס עלעקטראָ־לעמפל באשיינט געציגל־טע אותיות און נומערן, וואָס האָבן זיך געלייענט: „ברוך פרענק, 1916״. עס האָט ווי דערציילט פון זיין אויפגעקומענער גביר׳שאפט.

אין שטוב איז די גאַנצע אויסשטאטונג: דאָס מעבל, די ווענט־דעקאָראַ־ציע, די קינדער און דער פרויס קליידן־זיך — סאָליד־רייך. דאָך ניט פאר־שעמט צו ווערן אויפצונעמען אפילו די פערלמוטערס, אָבער איצט איז אלץ און אַלע נאָך יומטוב׳דיקער אויסגעפּוצט.

חנה איז א זעלטענע ווירטין, אפילו אין דער שווערער צייט, ווען זי האָט אַרויסגעהאָלפן איר מאן אין קלייט און געהאלטן נאָר איין שיקסל צו די פינף פיצלעך קינדער; פלעגט זי בדאי דורך די נעכט שייערן, וואשן, פוצן און „די זויבערקייט פון יעדן ווינקעלע, פון איטלעך קינד באזונדער האָבן לייט געזען״.

פון קליינוויז אָן איז רחל פארליבט אין דער שוועגערינס שיין־געַ־קנייטשטן קאָפּ האָר, אין פיינעם געבוי פון אירע באקן. ברוכ׳ס און חנה׳ס בלאָנדקייט און דאָס וואָס ברכ׳ס מילך־ראָזעווע פנים איז מאָטער פון איר העלפארביקן — איז רחלען עפעס שטארק געפעלן געוואָרן — זי האָט ליב געקראָגן דעם ברודערס ווייב, ווי א קליין שוועסטערל האלט חשוב א קלוגע און מיט אַלע מעלות אויסגעגעבענע שוועסטער.

דער איצטיקער אריבערגעכאפּטער פּוץ — האָט רחלען ווי געטאָן, ממש טיף־באליידיקט: אירע טייערע אידיאָטן!

ביים ברודער, ווען דאָס לעבן האָט יונגערהייט ארויפגעזעצט אויף א פיין גביריש פערדל, און שפּעטער אים אראָפּגעשליידערט אזוי מיאוס, אַז ער האָט געמיינט ער וועט שוין קיינמאָל קיינעם ניט קאָנען קוקן אין פּנים אַריין, און גלייך צוריק נאָך פיל שענער און העכער ארויפגעזעצט אויף גאָר א רייכן פערד. — לויכטן זיינע הימל־בלויע אויגן און זיין גאנץ וועזן מיט יראת־הכבוד.

זיין פלוצים ווערן א מיליאָנער האָט ער צוגעשריבן צו זיין חכמה, צו זיין לייטישקייט. ער איז געווען שטאָלץ מיט זיך, וואָס אין זיין פארצווייפל־סטער לאגע, נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, ווען ער איז געווען געצוואונגען מודה זיין, אז ער האָט מיאוס באנקראָטירט, האָט ער זיך געגעבן דאָס וואָרט און אויך געלאָזט וויסן חנה'ן מיט די קינדער, — אז ביז וואנען ער וועט ניט קאָנען צעצאָלן זיך אַזוי אז זיין געוויסן זאָל אים זיין ריין, אז „דורך אים זיינען ניט ניזוק געוואָרן אן אַרעמאן, אן אלמנה, צי א פארזעסענע כלה" —וועט ער ניט רעכענען קיין איין פּרוטה פאר זיינער.

— ער איז קיינעם ניט געבליבן שולדיק, ער האָט אפילו גוט באלוינט פארן ווארטן אַזעלכע, וואָס זיינען געקראָכן צו אים אין שטוב מיט די העס־לעכסטע באליידיקונגען. איצט לויבן אים אלע דערפאר.

דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט די טייערסטע שנאפּסן, מיט די בעסטע וויינען: מאַלאַגע, פּאָרטוויין, כרמל. די דינסט האָט דערלאנגט אויף א פּאָלומיסיק א גרויסן קארפּ, וואָס האָט נאָך אינדערפרי געטאנצט און זיך געוואָרפן איבערן דיל פון דער לאנגער און ברייטער קיך. געבראָ־טענע קאָטשקעס, פּאַסטראָמעס, קישקעס, געזייערטע קאווענעס, רויטע פּאָ־מידאָרן, כריין, פארשיידן געבעקס און פרוכטן.

מען האָט געגעסן און צווישן איין מאכל און צווייטן האָבן ברוך מיט דאווידן גערעדט. פּסוקים פון ש"ס, פילאָזאָפיע־ווערטלעך האָבן זיך גע־גאָסן ווי קוואלוואסער.

רחל האָט געפילט א משונה'דיקע הנאה: זי וואָלט געקאָנט א גאנץ לעבן זיך צוהערן צו אַזעלכע פיינע, טיף־הויכע געדאנקען. סיי ברוך, סיי דאוויד, אויסגעהוילטע פון דער וואָכעדיקייט, זיינען גאָר געוואָרן אנדערע מענשן.

דאוויד האָט געכאפּט א שמועס מיט די עלטערע פלימעניקעס. ער איז גאָר גוטפריינט געוואָרן מיט זיי און מיטן קליינוואַרג, און אויך מיט דעם אויסגענומען ביי רחלען: ער צייכנט זיך אויס פון דער בורזשואזיע מיט זיין אַריסטאָקראטישקייט וואָס ציט זיך אין זייער משפחה זינט לאַנגע דורות. זיין עלעגאַנץ, זיינע פיינע מאַניערן, דער אופן פון זיין שמועסן — אלץ איז יחוס, ירושה, נאטירלעך שיין.

פארן אוועקגיין האָט דאוויד, אין אלעמעס אַנוועזנקייט, זי א קוש גע־טאָן אין שטערן.

* * *

אויף מאָרגן האָבן אַלע אין שטעטל געוואוסט וועגן לאהס גויאישן מזל צוליבן מיחוסדיקן, רייכן חתן.

רחל האָט אין אלעמענס אויגן אויסגעזען נאָך געראָטענער ווי ביז איצט. רייד אָן א ברעג האָבן ארומגעטומלט אין שטאָט. ווייבער האָבן געיאדעט זיי־ערע מענער, אלמאי ביי לייטן האָט מען פארשטאנען, אז היינטיקע צייטן דארפמען שיקן מיידלעך לערנען אין דער פרעמד.

„א לייטישן חתן דארף מען פאָרן זוכן".

טאַטעס האָבן בייז אָפגעענטפערט: — „פריער דארף מען זיין א קלוגע מאַמע, ווי לאה, טעכטער זאָלן האָבן אין וועמען געראָטן זיין, — וואָלטן זיי אומעטום געוואוסט ווי זיך אַן עצה געבן".

באַלעבאַטישע מיידלעך, וואָס האָבן געזאמלט פון קליינערהייט אַן חתונה־אויסשטייער, האָבן זיך דערפילט שטארק געפאלן: ניט דעם ריכטיקן אויסשטייער האָבן זיי פאר זיך אָפגעשפּאָרט.

.2

פארנאכט האָט דער גאָספּאָדין דאלפין אָפּגעשטעלט רחלען מיט דא־ווידן:

— „זיי מוזן קומען צו אים אויף וועטשערע. דאווידס פאָטער האָט מיט אים דורכגעפירט א סך באנק־אָפּעראציעס, — וויל ער זיך דערפרעגן ביים זון, וועגן אן אלטן פריינט.

—און ס'צווייטע האָט אים מאַריא לוואָוונא אָנגעזאָגט: „ער מוז איינ־לאדן צו זיי ראכיל גריגאָרעוונא מיט'ן גאָספּאָדין פערלמוטער. „אניט", טענהט זי. „איז א סימן אז איך מיין, זי ווערט אלט". כא, כא, די פרויען זיינען געוואָרן א קאפריזנע פאָלק, מ'דארף אויך וויסן ווי צו עסקן זיך מיט זיי".

אין סאמע צענטער פון אפטייקער־גאַס, אין דער ריי פון זעקס אידי־שע הייפלעך, דאלפינס ,ווי די אנדערע מיט בלומען־גערטנדלעך, שטאָלטנע בעז־ביימלעך פאר די גלעזערנע וועראנדעס, און אין דער רעכטער זייט פון שטוב אַן אַקאַציע בוים, ארומגערינגלט מיט גרין, סאמעטן גראָז.

דאָ וואוינט די סמעטענע פון שטעטל, די גרעסטע גבירים, אין שטוב איז א רחבות, אַלץ אין אייראָפּעאישן סטיל. פון אויסלאנד האָט מען אויס־געשריבן די טייערע טעפּיכער, די שווערע גארדינעס, שעמערירנדיקע קרישטאָלן, באַרימטע מאָלערייען.

אַלץ האָט געשמעקט מיט א לאנגיאָריק נאָכטאָן דער אייראָפּעאישער אריסטאָקראַטיע מיט איר גרויסארטיקן פארנעם.

מען האָט געשמועסט: „וואו עמעצער, סיי אין שטעטל, סיי אין דער אַרומיקער סביבה האָט א פאבריק, א זאוואָד, איז דער באנקיר דאלפין א שותף, און דאָס שותפות ברענגט אים אריין א גאנץ היפּשע הכנסה".

מען האָט שטאָלצירט מיט אים, געהאלטן פאר א גרויסן כבוד צו האָבן דעם באנק־דירעקטאָר פאר א שותף און אים צוגעשיקט גרויסע ריווחים, ווי ער וואָלט א טובה געטאָן נעמענדיק די פעטע סומען. דער עיקר איז זיין עשירות געשטיגן זינט די וועלט מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. דורך דער באנק האָט מען געקאָנט דורכפירן אלערליי דריידלדיקע אָפּעראציעס, „קיין האָן זאָל אפילו ניט קיין קריי טאָן".

גאָספּאָדין דאלפין האָט איינגעלאדן דעם גאָספּאָדין פּערלמוטער צו זיך אין קאבינעט. מאַריא לוואָוונא האָט אַוועקגעפירט ראכיל גריגאָרעוונע צו זיך אין בודואר, דאָרט זיינען שוין געווען פארזאמלט די פינף אידישע שכנות פון די אַנדערע הייפלעך, מיט דעם פּאָסט־נאטשאלניקס ווייב.

לויטערע פּנימער, בריליאנטענע אויערינגען, רירעוודיקע קערפּערס מיט מעכטיקע בוזימס אין טייערע זיידענע קליידער באפּוצט מיט ברילי־אנטענע שפּילקעס, ברעלאָקן. אויף די געקאַליעטע הענט ברייטע בראס־לעטן פון גאָלד, פּלאטינא אָנגעזעצט מיט דימענטן. די קעפּ מיטן דרייגאָרנ־דיקן ארויפקאַם, באשטעקט מיט דימענטענע קעמלעך. דער שארף־ראַפּע־נירטער פּארפום האָט פארשיכורט.

אַרום דער „נאַטשאלניצע" זיינען זיי געזעסן, אין איר, „אלס א קריסטין", האָבן זיך אלע „געשטרייכט". האָבן מיט דרך־ארץ געשלונגען איר איטלעך וואָרט, איר אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד.

די הויפּט לאכערין איז דאָ געווען רחלס א קוזינס צווייטע ווייב. א שיינהייט, א פלאַם־פייער, זי איז געווען די איניציאטאָרשע — „אזוי־ווי מ'קאָן איצט אין ערגעץ ניט ארויספאָרן, — איז זאָל מען זיך בייטן, פון צייט צו צייט, מיט די מענער, וועט דאָס לעבן דאָ ווערן קאָלירפולער, פריילע־כער".

מ'האָט אויסגעפרעגט איינע די אנדערע: — „ווי געפעלט דיר מיינער?" און אָנאויפערלעך הנאה'דיק געלאכט.

זיי האָבן ארויפגעבראכט רחלען אויפ'ן געדאנק: „אָט דאָס זיינען די אומפאַרשעמטע, איבער זיי האָט דאָס געזעץ קיין שליטה ניט".

מ'האָט געלאכט און זיך מכבד געווען מיט די אָנגעשטעלטע טייערע נאַשערייען. נאָכדעם איז מען אַריבער אויף א געשפּרעך וועגן די צרות מיט היינטיקע דינסטן. — מ'האָט אזש געמוזט פארטרינקן מיטן שארפן געטראנק.

זייערע מענער זיינען געקומען, מ'איז אריבערגעגאנגען אין גרויסן סא־לאָן. מאריא לוואָוונא האָט אויסגעקוקט נאָך זייער יונג, ווי פאר די דרייסי־

קער. זייער זיבעצניעריקן אינגל, פּעטיאַ, איז פאַרבאָטן געוואָרן ארויפצו־ברענגען אויף זיינע ליפּן דאָס וואָרט „מוטער". זי האָט אים געשיקט אריינ־רופן „דעם גאָספּאָדין דאלפין מיטן גאָספּאָדין פערלמוטער פון קאבינעט".

ס'האָט זיך אריינגעשטעלט דער הויכער, ברייטביינערדיקער פּאָסט־נאַ־טשאלניק, מיט אים דער זשוואוער, דארגופּיקער קאזיאָנע ראבינער און דער ציינדאָקטער וויינשטיין. אלע זיינען געווען בייגעריק צו הערן דאווידן.

ער האָט אויף זיין פילאָזאָפיש־רעאליסטישן אופן געפּאלמעסט די באַל־שעוויסטישע ממשלה; פריער באטאפּט דעם פּולס, נאָכדעם געמאכט דעם אויפשניט, ארויסגענומען דאָס הארץ, אלע זאָלן עס באקוקן פון אַלע זייטן, בעת זיין פאָרטראג וועגן דעם, וועגן דער לעבער, גאל, בלוט, געדערים און ווידער וועגן פּולס.

דעם פאקט, אז דאוויד איז א ממחה אין פילאָזאָפיע און פון זיין דער־קלערן קאנטן, ספּענסערן, שפּינאָזען עפּענען־זיך ממש א בלינדן די אויגן, האָט מען געדענקט נאָך פון זיין ערשטן מאָל אראָפּקומען אין שטעטל.

אָבער דאָס וואָס מ'האָט איצט געהערט פון אים וועגן קארל מארקסן — קומט אויס, אז מ'דארף זיך הייסן שלאָגן מלקות פארוואָס די בורזשואזיע האָט ניט שטודירט גריננטלעך דעם קארפּן־קאָפּ.'

— „מ'זאָל געווען איינפירן אין די שולן אזא שטודיום, ווי פערלמוטער פירט ארויס — וואָלט מען קיינמאָל ניט געקומען צו די היינטיקע צרות".

דאווידס פּנים: מאָט, קוים באלעבט, בלויז אין די אויגן א פארשארפט ענערגיש פייערל. ער איז אלעמען שטארק געפעלן געוואָרן. דאָך האָבן זיי פאראיבל, דאָס הייסט, ניט אויף אים, נאָר אויף זיינע אביסל־צו פּעסעמיס־טישע אויספירן; קעגן זיינע צו־שווערע וואָרנונגען.

—„ניין, זיי באטראכטן ניט די מאָמענטאלע מאכערס פאר אזא „שטארקן", פאַר אַזאַ „ערנסטן שונא".

רחלען האָבן שווערע געדאנקען אומברחמנותדיק גענאָגט: די צייט, די אומשטענדן האָבן דערוויזן, אז דער־אָ קלאס איז א טעות, ווער ס'וועט יאָ איינשטימען, צי ניט, נאָר אזוי איז עס געשען „א פאקטישער טעות".

בעתן טרינקען בראָנפן זיינען די פרויען ניט אָפּגעשטאנען פון די מענער.

מען האָט גראטולירט רחלען מיט דאווידס „וואזשנעם שכל", מיט זיין דורכדרינגנדיקן מח. מ'האָט זיך געשמייכלט צו איר, אז „זי האָט אויך דער גוטער יאָר ניט גענומען, זי האָט איר מוטערס קאָפּ אויף זיך".

זי האָט געהערט אויך זאָגן: „איצט איז פארשטענדלעך איר אזוי אי־בערגעבן־זיך צום לערנען און אפילו זיך אריינלאָזן אין פּאָליטיק".

א קול פון דערינערונגען האָט אין רחלען געשעפּטשעט: „די קייט פון דער פארגאנגענהייט, די קייט פון דער מאַמעס נעכטן און היינט — פאר־

בינדט דאוויד מיטן היינט און היינטיקן־מאָרגן. הייסט עס: אויף שטענדיק ניט באַפרייען זיך פון דעם פאַרהאַסטן צוים . . . צוליב וואָס? פאַרן צוש־מייכלען פון די־אָ, וואָס זי האלט אזוי ווינציק פון זיי. די, וואָס זיינען ווי די פאַרהאַקטע קאַסע, — אינווייניק פול מיט געמיינקייטן, זשעדנעקייט, און פון דרויסן א שיינע, אַפּגעהיטע שאָפּע.

דאוויד האָט זיי ווידער דערקלערט אין וואָס עס באַשטייט די צוציהונגס־קראַפט פון די האָלעדראַנצעס.

מען האָט זיך גענומען אויסטענהן מיט אים:

—„די באָלשעוויקעס האָבן ניט קיין אינטעלעקטואלן״.

האָט ער זיי דערוויזן, אז דאָס הויבט ניט אָן צו שטערן דעם פאָלק זיי נאָכצופאָלגן. ער האָט פאַר זיי אַנטדעקט דעם סוד, אז צו מאָביליזירן קעגן די רויטע א זשמעניע סאָלדאַטן — קומט אָן מיט גרויס גרימעניש.

ער האָט זיי דערציילט וועגן די רעזולטאטן פון דער קאָאַליציע מיט די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן:

— אויב מ׳וועט די רויטע באַצייטנס ניט אויסראָטן, וועט מען ניט נאָר האָבן זיי צווישן די רעגירער, נאָר נאָך ערגערס — זיי וועלן ווערן א כח, אן ערנסט מיאוסער כוח. לעניִן וועט דיקטירן, ווער ס׳זאָל אריין אין דער רעגירונג.

— איצט, ווייל זייער פויערן־קאָנגרעס זשיפּעט קוים, דאַרף מען אויס־נוצן דעם פויער קעגן זיי. דער פויער איז פינצטער, דערשלאָגן. מיט אן אָרגאַניזירטער פּראָפּאַגאַנדע וועלן זיי אַרויסטרעטן אפילו קעגן טייוול.

— די אינדוסטריעלע ארבעטער אליין וועלן ניט קאָנען לאַנג אויס־האלטן״.

רואיק, אָן צופיל אָנשטרענגונג, אָן נערוועזיטעט האָבן זיי זיך איבערגע־רעדט מיט אים. זיך בעראַטן מיט אים.

אויף זיין קלאָרן שכל און טיפן וויסן גאַפן אפילו פּראָפעסאָרן. און זי, רחל, וואָלט אים אויסגעקליבן פאַרן קיניג אין דער וויסענשאַפט; אָבער מיט וואָס האָט ער איצט אויסגעלאָזט. אפילו זיינע הערשעריש־דורכדרינגנדיקע אויגן האָבן באַקומען דעם אויסדרוק פון א מאָדנער בייזוויליקייט.

זי האָט דערזען: אויב זי וועט נאָך מאכן א שפּאַן נעענטער צו דאווידן, וועט זי פאַרזינקן אין א שטענדיק גערייד וועגן קליידער, דימענטן, ראַסקאָש, רייד וועגן ניט געהאַרכיקע דינסטן, וואָס עסן צופיל.

„אָרעמע מיידלעך גיבן אוועק זייער געזונט, זייער לעבן פאַרן גע־קאַרגטן ביסן״.

זי פרעגט זיך: וועט זי זיך אָבער ארויסרייסן פון איר סביבה? זי דאַרף ניט פאַרגעסן אז אַזעלכע ווי דאוויד זיינען ניט פאַראַן קיין סך, איר גליק וואָס זי האָט מזל. — זי געפעלט אים.

די אנדערע רחל׳ס אין איר האָבן זי געוואָרנט: דאווידס טיף געלערנט־קייט און נאָך טיפערער שכל — וועט דיר דינען ווי א טרויעריקע קאָמעדיע, וועסט האָבן די דערהויבענע געלעגנהייט צו זען דאָס לעבן אין אלע זיינע פאזן, וועסט זיך נאָך קאָנען באלאכן מיט יאשטשערקעס.

רחל האָט זיך דערפילט ניט גוט: וואזשנע האָפענונגען! איר מאמע מעג זיך שטארק פרייען.

זי האָט אונטערגעאיילט דאווידן: „ס׳ווערט שפעט״.

* * *

א טונקעלע נאכט מיט געציילטע, שטומפיק־פארשארפטע שטערן.

דאוויד האָט זי שטייף ארומגענומען, „מיין נחת, מיין . . .

רחל האָט זיך אָפּגעטיילט פון אים:

—„ס׳איז אזוי פינצטער. צי אפשר ווייל די אויגן זיינען געוואוינט אין א צו גרויס ליכטיקייט״.

זי האָט גערעדט כדי ניט צו טראכטן. אומזיסט איז אָבער איר וועלן זיך איבערקליגערן, זי מוז זאָגן וואָס עס בויערט איר מח:

—„דאוויד, כ׳ווייס ניט, צי מיין גורל איז שלעכט צו מיר, צי איך בין שלעכט צו אים, אָבער אז איך טו ווי יעדן איינעם וואָס רירט זיך אָן אין מיר — איז א פאקט. איך באדויער עס זייער, נאָר איך קאָן זיך ניט העלפן, ס׳איז שטארקער פון מיר. — דאוויד, פארגעסט אין מיר, ס׳וועט זיין בע־סער פאר אייך״.

ער איז איבערגליקלעך: זי האָט זיך דערשראָקן פאר זיין גרויסן שכל. אזא פארערונג וועט אים אינספירירן, וועט אים ברענגען צו די גרעסטע דערגרייכונגען.

ער האָט ברייט געשמייכלט:

— „גוט, מיין מיידל, דו האָסט געטאָן דיין פליכט, — מיך געוואָרנט, אָבער איך באשטיי אויפן ערגערן פאר מיר״.

ער האָט זי ווידער ארומגענומען:

— „רחל, אייער פארכישופן אזוי פיל בחורים, מיך ארייגערעכנט, איז ניט נאָר מיט אייער דרויסנדיקער שיינקייט, ווי דער עיקר מיט אייער אינווייניקן זעלטענעם חן״.

אין זיין קרעפטיקן מאנצבילשן שטעל און אין גלאט־געראזירטן פּנים זיינען אירע ליפּן אויך הייס געוואָרן: „זאָל גערעכטיקייט און אומגערעכטי־קייט זיך פארדרייען זייערע אייגענע קעפּ״.

זי האָט צוגענייגט דעם קאָפּ צו אים און זיך גלייך אָפּגעקערט, ווי א מיטליעריקע פרוי, וועמעס באוואוסטזיין דיקטירט איר, מיט עפּעס א פאַר־זיכטיקער מורא, צו פארשטיקן אין זיך א יונג געפיל.

—„ס׳איז מיר איצט געקומען אויפן געדאנק, אז פון זינט איך געדענק זיך, האלט מיין מאַמע אין איין אריינזאָגן מיר: „עס פאסט ניט פאר א מיידל אין דיין גראד״, — דאוויד, זאָגט דעם אמת, איר וועט מיר אויך מאכן זיך איבערנעמען מיט א „גראד״ וואָס איז איבלדיק־קרום?״

ער האָט זיך שטאַרק פאַנאנדערגעלאכט:

— „איר האָט בעסער געדאַרפט פרעגן אייער מוטער, צי איז זי א גאָ־טעכע, אויב זי סטראשעט אזוי איר מלאך״.

— „איר פארשטייט מיך ניט, ביי מיין מאַמען איז העכערע בילדונג ניט פאר מיין גראד״.

דאוויד האָט געשוויגן. איר האָט עס פארדראָסן: ער טראכט מסתם אז די מאַמע איז גערעכט.

— „האָב איך ארויסגעהאָלפן א פּאָר שטונדן באקן מצות פאר אָרעמעלייט, וואָס האָבן געבאקן פאר דער גאַנצער שטאָט, נאָר פאר זיך אליין האָבן זיי שוין ניט געהאַט ניט קיין כח, ניט קיין צייט. — האָט מיין מאַמע ניט אויפ־געהערט „גראדן״.

—„ווייל איר האָט עס טאקע ניט געדאַרפט טאָן. איך בין זיכער אז אייער מוטער און ברודער האָבן געגעבן א גענוג פעטן מעות חיטין, — אויך איך וועל זיי געבן מיינס, אָבער מיין פרוי זאָל זיך פּלוצים אוועקשטעלן ער־געץ מיט אַלע שלעפּערס — איז אוודאי נישט.

אַ ווילדער צאָרן און א ווילדע פרייד האָבן אָנגעהויבן יאָגן אין רחלען: זי האָט זיך ניט טועה געווען — אויך ער איז פון איר מאַמעס שניט.

נאָר ווער איז זי צו בייזערן זיך אויף דאווידן. בכלל איז עס ניט אין איר נאָטור צו רעדן צו עמעצן שאַרף. זי האָט געטראכט ביי זיך:

„איינער האָט א סך מער וויפל ער באדאַרף, — גיט ער זיין „טובה״. אנדערע האָבן א סך ווייניקער וויפל זיי באדארפן, — נעמען זיי די נדבה. אָבער אחוץ רחמנות אויף זיי, קאָן מען זיי ניט רעספּעקטירן דערפאר. מ׳דארף באגריסן, העלפן די וואָס האָבן אָנגעהויבן פּראָטעסטירן, רעוואָל־טירן״.

פון גרויס אויפרעגונג האָט זי אירע געדאנקען ארויסגעזאָגט אויף א קול, ווייל די געדאנקען האָבן דורכגעקרייצט איר פארשטאנד ניט מיט ווערטער, נאָר מיט אויסגעמוטשעטע, מיט זיך־פּלאָגנדיקע ארבעטער, צו וועלכע נחמן און יאָניע האָבן זי געפירט. דער גרויל וואָס זי האָט דורכ־געלעבט זעענדיק מיט די אייגענע אויגן זייער מיזעראבעל, שוצלאָז לעבן, — האָט איצט ארויסגערעדט פון איר.

דאוויד האָט געקוקט אויף איר מיט פאטאלן יאוש:

—„א טרויעריקער פאַקט, אייער פאָרן לערנען קיין אָדעס האָט אייך קיין גוטס ניט געטאָן. א שאָד, א שאָד״.

„ער איז גערעכט, איר פערזענלעך האָט עס קיין טובה ניט געטאָן. אָט וואָלט זי איצט מסתם געווען א זייער צופרידענע".

די אנדערע רחל אין איר האָט ניט דערלאָזט צו לאנג פארטראכטן זיך:

„נאָך א קעלבערנער צופרידנקייט טוט דיר באנק. ווען מ'זאָל דיך ניט געווען אויסלערנען באנוצן זיך מיטן אייגענעם געדאנק, — וואָלטן דאווידס און די אַלע אנדערע רעזאָלוציעס, אז „מ'דארף דעם ווילן פון פאָלק, צו לעבן ווי מענשן דערדריקן מיט וואָס עס קומט נאָר אין דער האנט", געווען בארעכטיקט.

איציק, בערל שוסטערס זון, מיט מאניע, דער מאָדיסטקע, האָבן באַ־מערקט צוויי שאָטנס:

— „אנו, אויף טשיקאַוועס, וואָס רעדט א פּאָרל צו וועלכע אַלע גביר'ישע אויערן האָבן זיך אויפגעשטעלט?"

אויף מאָרגן, האָט עס זיך ווי א רעגן צעשפּרייט איבער דער שטאָט:

—„רחל האָט אָפּגעזאָגט דעם חתן, דעם מאגנאטו!"

תיכף נאָכדעם ווי דאוויד מיט רחלען זיינען ארויס אין גאס, איז דאל־פין, אויסנוצנדיק די פינצטערניש, זיי אביסל נאָכגעגאנגען, ער האָט גע־מיינט אז דאָס חנדל'ט זי זיך אזוי, און מורא האָבנדיק מ'זאָל אים ניט באַ־מערקן, האָט ער זיך באלד אומגעקערט אהיים! גיי ריכט זיך . . . דערצו האָט נאָך דער רוח אָנגעטראָגן דעם פּארהאסטן „רויטן" איציק, ער זאָל האָבן וואָס צו צעפּויקן און א שוסטערישער קאָפּ זאָל אזוי געדענקען איר, יעדנס וואָרט: „כ'האָב געמיינט אז נאָר ביי מיין מאמען, די גבירנטע שלאָפט דאָס געוויסן, איצט האָב איך מיך איבערצייגט, אז ביי אַלע קאפּיטאליסטן, אפילו ביים פיינסטן — איז דער סאָציאלער געוויסן טויט".

דאלפין האָט געזאָגט: זיין און מאריא לוואָוונעס בזיון וועט ער ניט מוחל זיין דער צעדרייטער רחלען. מ'וועט דארפן דערקלערן יעדן איינעם אז פון גרויס גליק — איז זי פּשוט אראָפּ פון זינען. יאָ, ער קאָן איר צושטעלן א משוגעת־לעמפּל, ס'זאָל זי באשיינען אפילו נאָכן טויט.

שטארק צופרידן מיט זיך — האָט ער א ברייטן שמייכל געטאָן מיט זיין שמאלציקן פּנים. נאָר באלד זיך באדענקט: די בענק וועלן זיכער גאָר אין גיכן אָנהייבן צוריק ארבעטן, נאָך מיט א פארשטארקטן אימפּעט. איר ברו־דער איז א מיליאָנער געוואָרן, די מוטער איז רייך ווי קורח; מ'דארף זיין פאָרזיכטיק צו אָנהייבן מיט אַזעלכע. דערצו גלויבט זיך אים ניט, אז די איריקע זאָלן דערלאָזן זי זאָל מיט אן אמת ארויסלאָזן אַזאַ פערלמוטער.

* * *

איידער לאה האָט זיך נאָך דערוואוסט וואָס ס'האָט פּאסירט, איז זי שוין אַריין ניט מיט קיין פראַגע, נאָר מיט א טענה:

—„פאַרוואָס איז דאוויד אוועקגעפאָרן אָן א זייגעזונט?!"

זי האָט זיך געבייזערט:

—„ביי לייטן ווייסן קינדער צו פאַרדעקן זייער נאַר, מיינע פאַרקערט— באַרימען זיך נאָך מיט אים; דער רוח כאַפּט זיי אוועק: „מ'וועט עמעצן אָפּ־נאַרן".

— וואָלסטו געמיינט אז זיי ווילן מיטן הוילן־הינטן לויפן אין די גאַסן, — איז ניין! גיב דווקא שווערע טויזנטער צו בויען נייע מויערן; צו לערנען אין אָדעס; אנדערש שטייט זייערן צו־פיר־און־דרייסיק יאָר געשטאַרבענעם טאַטן ניט אָן.

—„מקלאפּט מיט די מיילער: „ערלעך, שמערלעך". א וויסטע מאמע פאַרבייסט די ליפּן און שא, אירע טפשים. אָבער א פרעמדער — טוט א שפּיי און גיי זוך אים".

אויב רחל האָט זיך געהאַט אָפּגערוט, פאַרבעסערט איר געזונט, און אליין מיט זיך אין איר צימער, זיך פאַרטיפט אין בעסערער ליטעראַטור. — האָט איצט, דורך דער פאַרמאַכטער טיר, איר מוטערס אומצופרידענער בליק, איר זאָרגן וואָס איר טאָכטער איז ניט געראָטן אין איר, — געבריט, ווי זי, רחל, וואָלט זיך געפינען אין א גיהנום.

א חוץ די סאַמעטענע, טונקעלע ביר אויגן (וואָס זיינען ביי לאהן נאָך זייער אויפגעלעבט) און די פעך־שווארצע, פיין געקנייטשטע האָר (לאהס שוין אביסל פאַרגרווילעכט), איז רחל גאָרנישט געראָטן אין איר מוטער, וואָס איז צופרידן מיט זיך און מיט איר חכמה.

זי איז ביי זיך עקשנות'דיק אנטשלאָסן. איר נישט לייענען מיינט ביי איר — אָפּהיטן דאָס געזונט פון די אויגן, ניט ווערן אָן עובר־בטלניצע. „אויך רחל", טענה'ט זי, „וועט עס ווערן, אויב זי וועט זיך ניט באַדענקען באַציטנס און אוועקוואַרפן דאָס איבערליגן איבער די ביכער־ריכער".

אָבער רחל, וואָס מער זי האָט געלייענט, אלץ גרעסער איז געוואַקסן איר אומרו: זי איז שלעכט דערצויגן געוואָרן, זי איז ניט אנטוויקלט ריכ־טיק, זי באַנעמט שווער, זי פאַרשטייט גאָרנישט.

זי האָט זיך נאָך מער ארויפגעוואָרפן אויף די ערנסטע ביכער, אפשר...

ניט איינמאָל, הערענדיק ווי איר מוטער פאַרדרייט די קעפּ די סוחרים, די פּריצים די קונים אלץ פון איר טובה וועגן, פלעגט רחל שטאַרק באַדויערן וואָס איר מוטער האָט ניט געקראָגן קיין בילדונג: מיט איר שאַרפזין, מיט איר ענערגיע — וואָלט זי זיכער א סך דערגרייכט.

דער קאַזיאָנע ראַבינער, מיט זיין גרויסן כבוד, האָט אָפּגעשטעלט רחלען, זי שאַרף אַ מוסר געטאָן אויפן חשבון פון די אַלע קלאַנגען, וואָס גייען אַרום אין שטאָט וועגן איר באַנאַרישן זיך, און אויסגעלאָזט:

— „אויב ס'איז אמת דיין אביסל צעהאַמפּערן זיך מיט פּערלמוטערן, איז ווי אַ פאָטער — עצה איך דיר, דו זאָלסט זען — אַז פון דער זאַך זאָל זיך אויסלאָזן אַ ליגן".

זי האָט מיט ווייטיק אים אויסגעהערט:

„צו לעבן בשלום מיט איר סביבה דאַרף מען דאָס „אמתע" אויסבייטן אויף „ליגנס".

# קאפיטל זעכצן

.1

אין שטעטל האָבן סוחרים געגאפט, ניט פארגינענדיק לאהן.

—„א הצלחה פון אן אלמנה! אין די ערגסטע צייטן האָט זי נאָך קיין איין טאָג ניט געגעסן קיין גרייט־געלט.

—אז די דייטשן האָבן געקויפט א וואלד צום האקן, — איז עס אירער, און באצאָלן באצאָלט מען איר, און דווקא מיט גאָלד, ניט מיט זייער שמאטע־געלט.

— דארף מען לייוונט אין שפיטאָלן און אויף אנדערע צרות, — צאָלט מען איר אין טאָג אריין.

— די פארדינסטן לויפן איר ממש אנטקעגן".

אידן פון ארומיקע דערפער; אידן פון צעראבירטע שטעטלעך. היימ־לאָזע מיט ווייב און קינד, מיט זייער קויטיקן געפעק, קרענק, טיפוס — האָבן זיך געצויגן צו דעם שטעטל, און ענגשאפט, נויט, שמוץ, אויסגעמוטשעט־קייט האָט געמערט די צאָל קראנקע איינוואוינער און אָנגעלאָפענע.

רחל איז אוועק מיט אירע פאפירן צום דאָקטאָר אין שפיטאָל: — „זי האָט אויפגענומען א זעקס־וואָכיקן קראנקנשוועסטער קורס; א יאָר גע־לערנט מעדיצין. זי האָט אויך אביסל ארויסגעהאָלפן די פארוואונדעטע".

דער דר. פּאוולאָוו האָט זיך שטארק דערפרייט:

— „איר קאָנט ביי אונז פארנעמען כמעט א דאָקטער־שטעלע".

ער האָט פון שאפע ארויסגענומען זיינעם א ווייסן פריש געפרעסטן כאַלאַט: — די ברייטקייט נעמט איין מיטן גארטעלע, די ארבל וועל איך צושפיליען מיט סעקרעטקעס".

ער האָט זי געפירט פון בעט צו בעט. פאָרגעשטעלט רחלען און צו יעדן קראנקען באזונדער געזאָגט די זעלבע זאך: „פון היינט אָן וועט ראכיל ארויס־געבן באפעלן צו מאַכן אייך געזונט, ווייל אפילו פון בלויזן קוקן אויף איר קאָן מען געזונט ווערן".

מען האָט אריינגעטראָגן א שיקסל פון א יאָר זיבעצן. איר קערפּער איז געווען גרויס צעוואקסן, לאנג. מיט אירע דערשראָקענע אויגנווינקלען האָט זי געקוקט אויפן טערמאָמעטער — ווי אָט וועט פון אים ארויס א ניט־גוטער. און טאקע גלייך, די ערשטע רגע, האָבן פון אונטער איר אָרעם אָנגעהויבן אַרויסלויפן קוועקזילבער־קייקעלעך און דאָס שיקסל האָט געקוויטשעט ווי מ׳וואָלט זי געקוילעט.

רחלס פּנים האָט זיך פארקרימט ווי ביים איינגעמען א ביטערע מע־דיצין בעתן אָנפאַל פון א שארפן ווייטיק.

די טעג ווי אָנגעשטעלטע אויערן צו זייער א שלעכטער בשורה: וויפל נאָך וועלן אוועקשטארבן? ווערסט אזש אויפגעצאָרנט אויף דער ליכטיקער זון: — א נארישע שטיפערקע. פארוואָס שפּילט זי זיך ניט, בעסער, מיט זיי אין זייערע היימען צו פארהיטן זיי פון שווינדזוכט, פון אנעמיע — אין שפּיטאָל, ווען ס׳איז שוין צו שפּעט זיי צו ראטעווען, טאנצט זי איבער די בעטן.

די זון ווארפט אָפּ די באשולדיקונגען:

—„די קעפּ, פון די איבערגעשטרענגטע, אויסגעמוטשעטע קערפּערס, קאָן זי ניט פארטראָגן: זייערע מידע אברים פארדייען ניט גוט. באשולדיקט מען די זון, אז זי מאכט זיי בויך־גרימעניש. — איז ווי־זשע קאָן זי פאר־ברענגען מיט זיי.

אין רחלס גרויסע, טונקל־ברוינע אויגן ליגט א פארזאָרגטע טיפקייט, די אומבאהאָלפנקייט, אומוויסנקייט, אָרעמקייט פון דער גרויסער צאָל האָט געוועקט אין איר אן אומהיימלעכע אומרו און א באליידיקונג.

.2

לאה האָט זיך ארומגעקוקט: דאכט זיך אז רחל ווערט פארפאלן אויף גאנצענע טעג. מיט וועמען האָט זי זיך אזוי סניוכעט? אלץ די חברטע ליזע?

יענעם טאָג האָט לאה געבראָכן די הענט:

—„גאָט, פארוואָס שטראָפסטו מיך אזוי? וואָס שיקסטו מיינע קינדער אין אלע עפּושן, וואו א הינטער־די־הרי־חושך וואקסן זיי אויס, — חיים איז אַוועק — א פעלדמענש ווערן, און די בת־יחידה — א וואוילטעטיקע שוועסטער״.

לייטישע שיינע באלעבאטים פון צענטראל גאַס האָבן מיטגעפילט לאהן:

—„ס׳איז טאַקע ניט פאר א מיידל פון אַזאַ גראַד צו שלעפּן גאַטקעס פון עפּעס א פארפוילטן גוי, צי פון א פארפארשיוועטן סאָלדאט. — וועמען ברענגט מען דען ניט אין דעם שפּיטאָל.

— ס׳איז א מיאוסער ביישפּיל פאר די אייגענע קינדער, מ׳טאָר ניט דערלאָזן אזא הפקרות״.

יענעם טאָג, זיינען ביי דר. פּאוולאָוו איבערגעוועזן זעקס שטאָטישע באַ־לעבאַטים, די רייכסטע, אָנגעזעענסטע אידן. און אַלע ווי איינער האָבן פאַר־לאַנגט פונם דאָקטער, ער זאָל ניט דערלויבן רחלען ארבעטן אין שפּיטאָל.

אַלע זיינע דערקלערונגען: „זי ראטעוועט צענדליקער מענשן״. אויף זיינע באווייזן: „אָט איז איר ברודער קראַנק געווען אויף טיפוס אין א שטוב — א פאלאץ״.

— יאָ, זיי ווייסן אז ביי היינטיקן טאָג איז ניטאָ קיין זיכער ווינקל וואו אויסצובאהאלטן זיך פון די אָנגעשלעפּטע קראַנקהייטן. אָבער דאָ איז אינ־גאנצן אנדערש, ער, אלס דאָקטער, ווייס עס אפשר ניט פארשטיין, אז פאר א אידיש מיידל, וואָס קומט אַרויס פון אַזאַ באַלעבאַטיש הויז ווי לאה פרענקס, — איז זיין א קראנקנשוועסטער א בזיון.

פון זייערע רייד האָט דער דאָקטער געפילט אז ער ווערט בייז ווי א הונ־געריקער טיגער !

דאָך, ווען דער זעקסטער באַזוכער, דער פּראַצענטניק מלך בייגל האָט פארלאָזט דעם קאבינעט, האָט דער דאָקטער געשיקט רופן רחלען.

זי איז אריין מיט א פול מויל, מיט פולע הענט באריכטן: ווער עס בעט־סערט זיך, ווער ס'איז היינט אראָפּ פון בעט, ווער מסתּם מאָרגן . . . און פּלוצים דערזען אין דאָקטערס אויגן — ווי א בייזער צאָרן וואָלט זיך פאר־וואנדלט אין פארצווייפלונג.

—„אָן אייך וועל איך זיך גאָר קיין עצה ניט קאָנען געבן, דאָך מוזט איר שוין זיך איבערטאָן און מער ניט קומען אין שפּיטאָל".

אירע אויגן זיינען פייכט געוואָרן, זי האָט קוים צוריקגעשטויסן דאָס שטיקנדיקע אין איר האלז:

— „אַזאַ זאַך טאָר מען בשום אופן ניט נאָכגעבן".

אָבער עס האָבן ניט געהאָלפן אירע דערקלערונגען, איר ווענדן אים אי־בעררײדן, איר בעטן. דאכט זיך: ער איז פון אירע רייד געוואָרן שטארק קעגן איר.

ער האָט געצויגן מיט די אקסלען:

— „איך האָב איצט מיט מיינע אייגענע אויגן געזען ווי אידן זיינען פאראייניקט, ביז פארנאכט וואָלט די גאנצע שטאָט אידן געווען דאָ.

— איך האָב געמיינט זיי האָבן מורא איר וועט קראנק ווערן, האָב איך זיי אָנגעוויזן אויף זיך פאר א ביישפּיל, אז איך בין שוין אכצן יאָר דאָקטער. האָבן זיי דערויף געענטפערט: „קראנק, צי געזונט זיין איז א גאָט זאך". אָט א פּאָלק, אָט א געמיינדע"!

רחל איז מיט גיכע טריט ארויס פון שפּיטאָל, דער ווייטיק: — „אידן זאָלן אזוי אומענשלעך דענקען", האָט איר געשפּיגן אין פּנים, געיאָגט זי ווי מיט שטעקנס. „די פיינע לייט „פאָרשטייער" פון דיין בעל־רחמימדיק פאָלק זיינען געקומען זאָגן, אז העלפן ראטעווען מענשן איז א בזיון".

— דער אנטיסעמיטישער דאָקטער וועט שוין ניט דארפן האלטן אין איין איבערדערציילן: „א אידענע האָט זיך געשעמט צו ווייזן דעם קינדס אומריינע ווינדעלעך. האָט דער מאן דערויף געזאָגט — „בהמה, ס'איז דאָך דעם דאָקטערס ברויט".

— איצט וועט ער דערציילן יעדן איינעם ניט קיין מעשה, נאָר א העס־לעכן פאקט.

פאַרדראָס האָט געקערעוועט מיט רחלס יונגמיידלשע פיס ניט צו איר היים, וואו זי וועט אין צענטראל גאס זיך אָנטרעפן מיט איר מוטערס שלי־חים און אין שטוב זיך אויסטענה׳ן פארן אָנשטעלן זיי, נאָר צו איר חברטע ליזע.

דער וועג פון שפיטאָל אין שטאָט אריין איז א לאנגער. רחל האָט גע־קוקט אויף די נידעריקע, איינגעהויקערטע שטיבלעך און געפילט ווי צע־קריגן זיך מיט דער גאנצער וועלט: דער מאַמען געפעלט ניט דאָס חבר׳ן זיך מיט ליזען. גיי דערצייל אן אייגענער, רייכער מאמען, אז דער עיקר וואָס עס ציט צו דער קלוגער ליזען — איז איר אָרעמע מאַמע.

ליזעס מאַמע איז א קליינינקע, שמאָלינקע אידענע מיט א קליין פאריקל אויפן קאָפּ. גאנצענע טעג איז זי פאריאָגט, העלפט ארויס אין דער פרנסה דעם פארהייראטן זון, ביי וועמען זי מיט ליזען וואוינען. (ס׳הייסט ער האלט זיי אויס).

פון גרויסן פארטאָג אָן שטייט זי אין קראָם, טויג זיך זייער אויס צו כאַפּן א קונה. זי פּאָרט אויף די יארידן, ווי פארפרוירן, מיד, צעבראָכן זי קומט צוריק, אָבער שטענדיק מיט א ליבן שמייכל.

— א גאנץ שבת׳דיקן טאָג לייענט זי דעם גראָבן קרבן־מנחה, תחינות, דאָך איז דאכט זיך, ניט צו געפינען נאָך אזא איינע, אין די עלטערע יאָרן, מיט אַזאַ שיינער יונגער נשמה. זי דערציילט מעשה׳לעך מיט שיינע בייש־פּילן און משלים; לאכט צוזאמען מיט דער יוגנט וועגן גאנץ יוגנטלעכע ענינים.

— צו האָבן אזא הארציקע, טייערע, פארשטאנדיקע מאמע־פריינט, איז א גרויס גליק. אָבער די אייגענע מאמע? נאָך דער וואָך מסחרן, נוצט זי אויס די שבתים אין טענות צו אירע קינדער: „אלמאי זיי לויפן ניט, דרייען זיך ניט אויס די מאָזגעס ווי זי, זיי זאָלן ווי זי, ניט שלאָפן דורך די נעכט פון טראכטן צו אויפכאפּן זיך, אויפרייסן זיך ווען דער טייוול שלאָפט נאָך; צו זיין די ערשטע (פינף ווערסט פון שטאָט) ביים עקאָנאָם און אים אזוי ארייג־נעמען אין די הענט, אלע אַנדערע סוחרים זאָלן נאָכדעם אפילו וועלן אים אָפּ־גילטן — וועט שוין א חוץ איר דעם פריצ׳ס תבואות קיינער ניט קריגן״.

רחל האָט זיך פארקלערט: קלוגע, געלערנטע אידן, אמת, דורכאויס סוחרים, קומען אלע מאָל — „מיט לאהן זיך האלטן אן עצה״. „מיט לאהן שמועסן״. זי ענטפערט, אָן א רגע טראכטן, דאָך קומט עס ארויס שארף, וויציק.

— קומט עס אויס: די גרויסע, פון גאנצער וואָך געריממטע חכמות, — ווערט אין די שבתים א נארישע וואָכעדיקע אידענע, וואָס טענהט: „ביי לייטן

העלפן קינדער ארויס. אין יאריד־טעג אזא חיים, איסר, רחל זאָלן אכטונג געבן מ׳זאָל ניט צעטראָגן די קלייט״. אז זי איז אמאָל בעסער געשטימט זאָגט זי: „צולקח׳ענען עפּעס״.

רחל ווייסט: די טייערע סחורות לאָזט מען ניט ארויס פון די הענט. הייסט עס, אז צוליבן אפשר ווען אן אָרעמע פּויערטע איינמאָל אין א פּורים צונעמען אן ארשין ציץ — דארפן קינדער אויפגעבן דאָס לערנען.

די בארימטע לאה, וואָס האָט אין איר גאנץ לעבן קיין איין ביכל ניט געלייענט, ווארפט אויס: „אז מ׳איז ביי מיר גאָלע אוטשענע!״

— ביי איר איז רעדן מיט א בחור וועגן וועלט־ענינים, אויב דער בחור איז ניט קיין פארמעגלעכער, „פּוסטע בלעבלעריי״. — ווען אויסהערן דאָס פּוסטע בארימערייי פונם רייכן אלטן בחור וועגן זיין קונציק אויסהאנדלען זיך, וואָלט געוווען דאָס גרעסטע נחת: „ווען רחל זאָל דערביי ניט זיצן ווי א פריטשמעליעטע, א פאראומערטע, ווי אַלע שיפן וואָלטן איר אונטערגעגאנ־גען״.

א קליין מיידעלע פון א יאָר זעקס, מיט אן אויסגעריסט פּנימל ווי א פארחושכ׳ט שד׳ל, זי האָט מיט א גרויסן פּאַלאָניק געקראצט פון אַ שטאַרק אָפּגעקלאָפּטן טשוהונענעם טאָפּ עפּעס שטאַרק אָנגעברענטס און געקוויקט זיך דערמיט. האָט איבערגעריסן רחלס געדאנקען:

— „אייער חברטע ליזע איז ביי אונז אין שטוב, זי וויל, מיין מאמע זאָל איר צושניידן א קליידל פון איר מאמעס קלייד״.

דעם קינדס פאָטער און נאָך דריי בחורים האָבן געשפּילט אין קאָרטן. און דאָס ווייבל מיט ליזען האָבן געפּלאנעוועט, געמאָסטן א ברייט אלטמאָ־דיש קלייד.

ליזע האָט פאַרגעשטעלט איר חברטע.

דעם בלאָנדן בחור, שלמה שיר, מיט די גרויסע קרומע ציין קען רחל: ער פירט זיך ארום מיט טאַניע גרין. די לערער פון דער היגער „אוטשיליש־טשע״ האָבן זי געלערנט אומזיסט. און מ׳זאָגט, אז זיי האָבן איר אויך ארויס־געהאָלפן מיטן לערנען אין אָדעס אין גימנאַזיע.

רחל האָט אים אָפּגעגעבן א גרוס, אז טאַניע וואָס ליגט איצט אין שפּי־טאָל קראנק אויף פלעק־טיפוס שרייבט זיך שוין מאָרגן אויס.

ער האָט קאַלט אָפּגעדאנקט און פּלוצים געפרעגט ביי ליזען:

— „אויף וואָס לערנט אייער חברטע?״

— זי וויל זיין א דאָקטער״.

רחל האָט א ציטער געטאָן. זי האָט ווידער דערפילט ווי צו וויינען. זי וואָלט גערן אוועקגעגאנגען, נאָר איידער צו דערלאנגען יעדן איינעם די האנט — איז זי געזעסן און געשוויגן.

ווען שלמה איז קוים אלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט דער זיידע זיינער זיך פארטראכט: דעם איידעם שיקט מען נאָך ניט צוריק פון דער מלחמה, די טאָכטער מיט די קינדער שטארבן פון הונגער. ווי העלפט מען זיי כאָטש מיט עפעס ארויס?

ער האָט גע׳פועל׳ט ביים דירעקטאָר פון „סודאָ סבערעגאטלנע״ באנק אריינצונעמען זיין אייניקל און געבראכט א נייע יארמעלקע, צו טראָגן אין באַנק.

מיט פינף יאָר שפעטער איז שלמה דאָרט געוואָרן אן אונטער־בוכהאל־טער. ווען די בענק האָבן אָנגעהויבן עפענען קאָאָפעראטיוון, האָט שלמה א שטיקל צייט געחשבונט אין א קאָאָפעראטיווער קלייט.

אין די פּאָגראָמען־יאָרן האָבן זיך די קאָאָפעראטיוון פארמאכט. ער האָט אָנגעהויבן לערנען אידיש מיט מיידלעך. שפעטער געוואָרן בוכהאלטער אין אַ קלייט פון דריי רייכע שותפים.

דעם ווינטער, א פּאָר טעג איידער די באָלשעוויקעס זיינען אריין אין שטעטל, האָבן די שותפים מיט דער הילף פון די דריי קלייט־משרתים, וואָס שפּילן איצט מיט שלמהן אין קאָרטן, איבערגעפירט די גאנצע סחורה אין א גרויסן קעלער מיט א טיפן ליאָך.

די שפּילער האָבן געהאלטן אין איין איבערחזרן וועגן דער כיטרעקייט פון זייערע באלעבאטים, ווי זיי האָבן דערשמעקט אז די באָלשעוויקעס קו־מען. געביטערט וואָס זיי האָבן ארויסגעשטעלט די משרתים א לאנגע פייג, — „זיי איילן זיך ניט, עד היום, צו מאכן קלאָר צי מ׳איז נאָך אויף דער שטעלע, צי ניין, זיי איילן זיך ניט צו עפענען די קראָם, כאָטש די באָלשע־וויקעס זיינען נאָך אויף דער צווייטער וואָך אוועק פון שטעטל״.

זייער „כאָטש״ האָט רחלען נערווירט. זי האָט זיי דערציילט אז אין אָדעס האָבן די פריקאשטשיקעס פארביטן זייערע מענשעוויסטישע פירער אויף באָלשעוויסטישע.

זי איז נאָך מער צערייצט געוואָרן זעענדיק, אז אירע רייד ווערן פאר־לאָרן אין זייער אויפגערעגט קאָרטן־לשון.

זי האָט זיך האסטיק אויפגעהויבן, א פּאָכע געטאָן מיט דער האנט אין דער לופטן:

—„זייט אייך אָלע געזונט״. און געלאָזט זיך צום ארויסגאנג.

—„מעג איך אייך באגלייטן?״ האָט שלמה געפרעגט. ער האָט געעפנט די טיר און ארויס מיט איר.

רחל פארשטייט: ער וויל אויספרעגן איינצלהייטן וועגן טאניעס געזונט ווערן. אלע באטראכטן זיי פאר חתן־כלה. זיי פירן זיך ארום שוין פיר יאָר.

נאָר שלמה גייט און שווייגט. זי פילט בכלל ניט אויפצועפענען דאָס מויל. פלוצים:

— „רחל, קאָן איך האָפן אויף א דערלויבניש צו קומען צו אייך ? כ׳וואָלט זייער געוואָלט זיך באקענען נעענטער מיט אייך, לייענען ביכער צוזאמען און דורכשמועסן זיך אביסל".

כאָטש סיי אין איר נאטור, סיי אין איר געוואוינהייט איז רחל געווען זייער א פארשלאָסענע: פאר קיינעם, קיינמאָל ניט ארויסגעבראכט אויף אירע ליפּן, וואָס אין איר קומט פאָר. האָט איצט, אין איר פארצווייפלונג, ניט טראכטנדיק א מינוט, אויסגעגאָסן פאר אים איר אָנגעווייטיקט הארץ.— ווי איר מוטער מיט דער צענטראַל גאָס האָבן איר ערשט פריער אָנגעטאָן א העסלעכן צוים. אויך וועגן אירע השגות צו שטודירן אויף דאָקטאָר און די שווערע שטערונגען.

שלמה האָט ארויסגעזאָגט זיין מיטגעפיל און צוגעגעבן:

— „טורגעניעווס „טאַטעס און קינדער" איז א זייער טיף, כ׳האָב מורא, אַן אייביק פּראָבלעם. ווי קלוג און אפילו מאָדערנע די עלטערן וועלן ווערן, אָבער איינפארשטיין זיך מיט זייערע קינדער וועלן זיי ניט".

ביי רחלען האָבן זיך די ברעמען אונטערגעהויבן.

שלמה האָט פאַרגעזעצט.

— „אָבער ערגער איז מיט אָרעמע עלטערן, אָט האָב איך זיך אלע יאָרן געריסן אין דער גרויסער שטאָט צו לערנען, נאָר צוליב מיינע עלטערן, וואָס האָבן זיך שטענדיק גענייטיקט אין מיין הילף. — האָב איך ניט געקאָנט ביי זיך פועלן אויפצוגעבן זיי צוליב מיינע העכערע השגות און פארלאנגען.

— איצט דערגיין זיי מיר די יאָרן, זיי זיינען גרייט אויף אלץ: זיך בייטיקן, הונגערן, אבי איך זאָל זיך באפרייען פון זיי. דאָס הייסט „חתונה האָבן".

— דאָס איז געוואָרן זייער הויפּט־דאגה, זיי האָבן מורא כ׳זאָל ניט פאַרזיצן אַן אלטער בחור. אָבער קיין אנדער טראגעדיע אין מיין לעבן זעען זיי ניט. זיינען מסתם ניט דערוואקסן צו פארשטיין מער".

ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט, ווי ער וואָלט אוועקגעטריבן א זיך צועסנדיקע פליג: — „קומט בעסער זיך זעצן דאָרט אויפן ברונעם".

ערשט איצט האָט רחל דערזען, אז זיי זיינען פארגאנגען אויסערן שטאָט. זי האָט זיך ארומגעקוקט, טיף אריינגעאָטעמט די פרישע לופט און א פרייד האָט דורכגענומען אירע גלידער.

—„אייער מוטער, ווי איך פארשטיי, וויל שוין אויך נחת אין אייך. חתנים פעלן אייך געוויס ניט אויס. אייער מוטער מוז ציטערן, פלאטערן איר זאָלט ניט אָפּשפּאָרן אַן אָרעם סטודענטל.

— אָה, זאָל איך אויסטייטשן אייער שמייכל, אז אויך דעם אומגליק האָט איר געבראכט?"

רחל האָט ארויסגענומען די ניט־אוועקגעשיקטע בריוו צו סאשען:

— „נאָט, לייענט נאָר דאָס איבער, וועט איר וויסן אלץ וועגן מיר, מער פארמאָג איך אין זיך גאָרנישט".

ער האָט לאנגזאם געלייענט, זיין פנים איז געוואָרן פונץ־רויט, זיינע קליינע פייגלשע, גרויע אויגן נייגעריק־אויפגעלעבט.

זי האָט באטראכט זיין אויסגעדארטן גוף און קוים צוריקגעהאלטן א שמייכל: ער קוקט אויס ווי א כאָרט אויף קורצע פיסלעך.

זי האָט זיך דערמאָנט איר ברודער חיימס איבערריידן: „שלמה שיר האָט זיך „געצויגן" צו קריגן א בלויען בילעט. אָבער איטלעך מאָל האָט אים דער פריזיוו געגעבן א גרינעם בילעט אויף זעקס חדשים, ביז ערשט אויפן פינפטן מאָל, ווען ס'איז שוין ניט געווען אויף וואָס א קוק־טאָן, אזוי איינ־געשרומפן איז ער געוואָרן, האָט מען אים געגעבן א ווייסן בילעט".

— פאר דעם־אָ כאָרט האָט זי זיך אינגאנצן אויסגעשיילט. איז דאָס דער כוח פון קיינמאָל ניט פארלאָזן דאָס שטעטל? אמתער, אָפנהארציקער צוגאנג צו מענשן רופט ארויס צוטרוי.

אפשר געציילטע, פינף, צי זעקס מאָל האָבן זיי זיך געביטן מיט א וואָרט: נאָך אין 1912 ווען זי האָט, צוליבן איבערבויען זייער שטוב, געוואוינט ביי דער אָרעמער פייגען, די דריטע שטוב פון שלמה'ס וואוינונג, האָט ער איר געליען די „הצפירה", אין וועלכער זי האָט ליב געהאט לייענען דעם „פליטון קטן".

ער האָט זיך דעמאָלט שוין געדארפט שטעלן צום פריזיוו. ארומגעגאנגען דורך די נעכט, און גאנצע מעתלעתן געלעבט אויף שאַנישניק מיט וואסער, ס'זאָל אים גוט אויסמוטשען.

— מיט א פּאָר יאָר שפּעטער האָט טאַניע געוואָלט עפּעס אויספרעגן וועגן אָדעס, האָט ער זי אָפּגעשטעלט.

—„רחל, איר קוקט אויס ווי א גרויסע, איר זענט זייער שיין געוואָרן!"

—„דאָס קאָמישע אינגל איז שוין אלט מסתם א זיבן־און־צוואנציק יאָר".

ביי שלמהן שפּיזלען זיך די אויגן:

— „אז איר ליבט אזוי שיין און, ווי איך פארשטיי, קוקט ער שטארק אַרויס אויף אייער א גוט וואָרט. — איז צו וואָס האָט איר מיר געגעבן לייענען דעם בריוו, אנשטאָט זאָגן אז אייער הארץ איז פארנומען און שוין!"

—„איר דארפט ניט זיין בייז". האָט רחל געלאכט מיט פּיין. — איר האָט א ברירה צו פארגעסן וואָס איר האָט געלייענט און פּטור. אָבער ביי מיר איז עס ניט אזוי „שטארק" און ניט אזוי „שיין", ווי אייך דאכט זיך. „אָ, קיינער וועט מיך ניט פארשטיין, איך פארשטיי זיך אליין אויך ניט".

ס'האָט זיך פּלוצלונג דערהערט א לויפן. שלמהס פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט שרעק, ער האָט א שלעפּ־געטאָן רחלען:

— קומט גיך פונדאנען!"

זי איז צעטראָגן אראָפּ פון קרענעצע, נאָר אים האָט זי געזאָגט:

— „ס׳איז צו ווייכע טריט פאַר א באַנדע״.

באַלד האָבן זיי זיך ביידע צעלאַכט, זיי האָבן פונוויטן דערזען צוויי שקצימלעך נאָכלויפן איינער דעם אַנדערן.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל שווייגנדיק, מיט א געפיל: עפּעס טייערס האָט מען נאָרוואָס ביי זיי אוועקגענומען און מ׳קאָן זיך ניט באַנוצן מיט ווערטער ביז דער פאַרדראָס וועט אביסל געלינדערט ווערן.

זיי האָבן זיך געזעגנט. ער האָט אָפּגערעדט מיט איר מאָרגן פאַרנאַכט צו פאָרן אויף א שיפל.

—„אויב ס׳וועט זיך ניט רעדלען, ס׳הייסט מ׳וועט ניט דערוואַרטן קיין נייעם פּאָגראָם״.

4.

לאה האָט זיך קוים דערוואַרט אויף רחלען צו אָפּזאָגן אַלץ וואָס אין איר איבערטראַכטנדיקן, אויפגערעגטן מוח האָט אָנגעזאָמלט.

—„מאַמע, ווען דיינעם א פאַרוואונדעטן זון זאָל א קראַנקנשוועסטער איבערטאָן דאָס פּוילנדיקע העמד און אָפּוואַשן זיין קרעציק־געוואָרן לייב — וואָלסטו ניט געשיקט זאָגן, אַז עס איז אונמאָראַליש, ניט שיין, ניט לייטיש פון איר זייט״.

—קינד, דערויף זיינען פאַראַן גענוג אָרעמע מיידלעך וועלכע קאָנען זיך נעבעך ניט העלפן. איידער צו הונגערן אין זייערע פינצטערע היימען, זאָלסט קיינמאָל ניט וויסן וויפל צרות ס׳איז פאַראַן אויף דער וועלט, מוזן זיי טאָן אַלצדינג אבי צו פאַרדינען א שטיקל ברויט. בפרט אין א שפּיטאָל, וועלן זיי נאָך קריגן א גלאָז מילך, א שטיקל פּוטער. דו טאָרסט עס ניט טאָן אפילו אין דער היגיענע: צונעמען דעם ביסן פון א נויטבאַדערפטיקער, פון אַן אָרעם מיידל״.

רחלס פּנים האָט זיך אומעטיק פאַרקרימט:

—„ווייסטו דען ניט, אַז די אָרעמע האָבן ניט די מעגלעכקייט אפילו אויף דעם ווינציקן לערנען, צו קאָנען פאַרדינען דעם ביסן, וואָס דו שאַרסט זיי צו מיט אַזאַ געטריישאַפט״.

—„נאַרעלע, וואָס ווערסטו מאַכן מיט דיין אויפרעגן זיך, מיט דיין בייזערן זיך אויף מיר. ס׳איז אוודאי א רחמנות אויף זיי. איך באַצאָל יעדן וואָך פייגע־לען, דער בעקערן, פאַר ברויטן, וואָס זי צעטיילט אויף מיין חשבון. אָבער זייער גרויסע אָרעמקייט איז א גאָט זאַך״.

רחל האָט ביטער א טראַכט געטאָן: ווי די פּריווילעגירטע ווילן זיך באַ־פרייען, באַפרייען זיך פון זייערע פאַרשיווע געוואָרענע געוויסנס.

### 5.

מאָרגן פאַרנאַכט איז שלמה געקומען גאָר אויפגעלעבט:

—„איר זענט מיר געווען מזלדיק. נעכטן, נאָכן אוועקגיין פון אייך, בין איך אריין צו איינעם פון מיינע באַלעבאַטים, געטראָפן אַלע דריי און היינט האָב איך שוין געחשבונט זייערע ביכער א גאַנצן טאָג. זיי זאָגן מיר צו: שפּע־טער צו העכערן מיין געהאַלט.

—ס'איז כמארגע, ס'וועט רעגענען, איז אנשטאָט שיפן־זיך האָב איך גע־בראַכט י. ל. פּרצ'ס דערציילונגען".

דער אופן ווי ער האָט פאַרגעלייענט פּרצ'ס פאָלקסטימליכע געשיכטן, ארויסגעזאָגט מיינונגען וועגן דעם וואָס דער גרויסער קינסטלער איז אויסן,— האָט אָנגעפילט רחלען מיט א דערהויבענער שטימונג.

אין א פּאָר טעג ארום האָט ער געבראַכט אחד העמ'ס א בוך. דאָ איז ער ממש געשוואומען ווי א פיש אין וואסער. ער האָט געקאָנט אויסנווייניק א סך אויסצוגן, ער האָט דאכט זיך דעם גאַנצן בוך געקאָנט אויסנווייניק.

א צווייטמאָל האָט ער איר דערציילט וועגן דעם פּועלי־ציוניסטישן פּי־רער, באָראָכאָוו, וואָס פאַר א גאונישער מענש ער איז.

זי האָט שוין געהערט אייניקע מענשן רעדן מיט גרויס באַגייסטערונג. נאָר אַזא גלויבן, וואָס האָט געשיינט פון שלמהס גאַנצן וועזן, האָט זי נאָך קיינ־מאָל ניט בייגעוואוינט. אידעאַלן וועגן אידישע פּראָבלעמען און וועגן דער ארץ ישראל־פּראַגע נעמט ער אריין אין די גאָר גרויסע סאָציאַלע וועלט־אי־דייען אַזוי ליכטיק, אזוי קלאָר.

רחל איז אים געווען דאנקבאר: איר צעווייטיקט געמיט איז גרינגער געוואָרן.

זי האָט אים געבעטן קומען, זיין נאַאיווער ענטוזיאַזם איז איר געפעלן.

נאָר אויף דער דריטער וואָך, איז ער עפּעס מאָדנע צעטומלט געווען; ער קאָן עס ניט האַלטן אין זיך, ער מוז עס איר זאָגן:

—„ווען איר ווילט, רחל, וואָלטן מיר חתונה געהאט און ביידע אוועקגע־פאָרן קיין אָדעס. איר וועט אָנגיין מיט אייער מעדיצינישן קורס. איך וואָלט דאָרט גלייך געקראָגן א שטעלע, מיינער א קוזין פאַרנעמט זייער אַן אָנגעזען אָרט ביי די באָלשעוויקעס, זיין רעקאָמענדאציע איז ווי ביי מיר אויף דער האַנט.

— און אין די אוונטן וואָלט איך געגאַנגען זיך לערנען, אָדער איר וואָלט געוואָרן מיין לערערין. אַזוי אַז די צוקונפטיקע דאָקטאָרשע זאָל זיך ניט דאַרפן שעמען מיט איר פריינט".

עס איז איר מיטאָמאָל ענג געוואָרן, זי האָט ניט געוואוסט וואו זיך אהינ־טאָן:

—,,איר האָט דאָך געלייענט מיין בריוו צו איינעם״.

— ,,איר האָט מיר דערלויבט צו פארגעסן דאָס געלייענטע״, — האָט ער געלאַכט, — ,,און די בריוו האָט איר ניט אַוועקגעשיקט״.

— ,,כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט, אז כ׳טו עס ניט, ווייל כ׳גלויב אז ס׳איז בעסער פאר אים ניט צו וויסן וועגן מיינע געפילן, נאָר דאָס מיינט ניט, אַז אַ דריטער זאָל מיר געטרויען מיין באשלוס״.

ער האָט געשמייכלט:

—,,דאָס גאנצע לעבן איז אַ קאָרטן־שפּיל. אמאָל געווינט מען אויך. — אויב איר האָט מורא פאר ניט זיין ערלעך צו מיר, נעם איך פון אייך אראָפּ יעטוועדע פאראנטוואָרטלעכקייט״.

— ,,ניין, איך בין פאר קיינעם קיין געווינס ניט. איר דארפט מיך לחלוטין ניט, בשום אופן ניט!״

**6.**

לאה פרענק איז געקומען פון גאס אן אויפגערעגטע, דאָך זיך אַנגע־שטרענגט ניט ארויסצואווייזן איר שלעכטע שטימונג:

,,רחלע, ס׳האָט מיך פריער אָפּגעשטעלט מיינער א גוטער פריינט און געפרעגט: ,,ס׳איז אמת אז דיין טאָכטער איז א כלה געוואָרן פאר מענדל דעם געלנס בחור?״ — האָב איך אַנגעשטעלט אויף אים מויל און אויערן.

— זאָגט ער: ,,כ׳ווייס, מיינע קינדער האָבן צווישן זיך אזוי געשמועסט״.

— נו, פארשטייסטו דאָך אליין — מ׳דארף זיך היטן פאר לייטישע מיילער. דארף מען אים א פּאָר מאָל זאָגן, אז דו ביסט ניטאָ אין דער היים, וועט ער אליין אויך איינזען אז ער איז ניט דיין גלייכן און אויפהערן קריכן אַהער.

— פארקערט, וואָלסטו געוואָלט טראכטן פון א תכלית, גייט מיר נאָך...

— ,,מאַמעלע, פּאַוואָליע, כאַפּ נישט. שלמה מעג נאָך קומען און דיין נייער שמאלץ־גרוב זאָל נאָך רינען״.

—,,חיימל מיט די ברעקלעך. ער האָט חתונה געהאט, אָן א פרוטה. אפילו קיין לייטיש קליידל האָט זי נישט געהאט אויף זיך. — כ׳וועל דיר קיין גראָשן נדן ניט געבן!

— איך זאָל, מיט מיין לאנג־יאָריקער האָרעוואַניע, זיך אונטערנעמען האָדעווען שלעפּערס! זיין גאנצע משפחה זיצט אויף זיין האלז; זיי עסן אויף זיינע משטיינס געזאָגט פארדינסטן, נאָך איידער ער זעט זיי אפילו״.

—נו, איז ער דאָך א גוטער״.

—,,יאָ, א זון, איז ער, אזא יאָר אויף מיר, אָבער אז מ׳האָט ליב די מאמע, האָט מען ניט־ליב דאָס ווייב. ער איז א קבצן אין זיבן פּאָלעס, ס׳איז נישטאָ, גאָט זאָל ניט שטראָפן פאר די רייד, אפילו מיט וואָס דאָס לייב צו פארדעקן״.

—„מאמע, מ'דארף ניט אַזוי ברעכן די הענט און מאַכן דערפון א טראַ־געדיע. אָט גייט ער. זאָל ער פון גאָרנישט ניט וויסן. און דו זיי רואיק. איך בין נאָך בכלל זייער, זייער ווייט פון טראכטן וועגן א תכלית".

—„איך וועל אים ארויסטרייבן!"

—„וועל איך גיין מיט אים". ס'האָט איר אָנגעהויבן שווינדלען אין קאָפּ פונם אייגענעם זאָג. די מוטער איז צעפלאַמט:

—„קיין צעבראָכענע פּרוטה וועסטו ניט קריגן!"

שלמה האָט דערשפּירט דעם שווערן אָטעם אין שטוב און פארשטאַנען: ער דארף דאָ איצט ניט זיין. ער האָט אָפּגעגעבן רחלען דעם „ראַזסוועט" און זיך געלאָזט אוועקגיין.

זי האָט זיך איינגעשניטן מיטן מעסער.

— „בלוט!" האָט שלמה אויסגעשריען. ער האָט געקוקט ווי זי וויקלט אַרום איר פינגער און זיין צונג האָט גיך געמאָלן: „דאָס איז איבער מיר. פּלוצים האָט עס מיך געדארפט אָנטראָגן אזוי פרי. סך־הכל אייל איך זיך, כ'דארף היינט איבערקוקן אַלע ביכער".

לאה איז געשטאַנען גרייט צום אויסשיסן, דאָך זיך איבערגעהאלטן ביז ער איז אַרויס פון שטוב:

— א הילוך, א העמדל פון א גרויען, גראָבן לייוונט ווי דער ערגסטער גוי, ווי א קאַטאָרזשניק, און נאָך אויף א זייטל געשפּיליעט.

רחל שמייכלט: — „די סטודענטן טראָגן אויך אַזעלכע העמדלעך. איז וואָס ?

לאה בייז:

—„יאָ, איז פון גוטן סאטין, כ'האָב אפילו געזען זיידענע".

—„ווער דארף זיי מיט זייער זייד! איך האָב זיך מיט זיי געשעמט דורכ־צוגיין די גאַס. טשוואַנקעס, זיידענע באַלוואַנעס!"

— רחל, דו רעדסט פון היץ! אויף מיינע שונאים'ס קעפּ. האָסט שוין גע־הערט אזוינע נארישע דיבורים! די גאנצע וועלט זאָגט: „זייד", „וויפל פלעקן א זיידן קלייד זאָל ניט האָבן — בלייבט זייד פאָרט זייד". — וועסט דאָך ניט זאָגן, אז די וועלט איז משוגע. באטראכט זיך גוט, מאך זיך ניט צום נאר".

רחל האָט ארומגענומען די מוטער, ווי זי וואָלט געווען איר קינד:

— מאַמעטשקע, ווען דו ווייסט ווי קליין דיין זיידן וועלטל איז אין פאַר־גלייך מיט דער גרויסער, אמתער ראיעלער וועלט.

— וואָלסטו געקאָנט לייענען מארקסן, וואָס עס דערוואַרט דיין קאפּיטאַ־ליסטישער וועלט, — ווערט מיר אזש קאלט און הייס פון דעם, וואָס דו וואָלסט דערפילט".

די מוטער שמייכלט ביטולדיק.

—,,אז דיינע ביכער זיינען יאָ אזוינע חכמים — איז דערקלער מיר טאקע: נאָך דער וויסטער בשורה, אז מ'האָט אראָפּגעוואָרפן דעם קייסער, און איך בין ניזוק ונהרג געוואָרן מיט צענדליקער וואגאָנען תבואה, נאָר דיר מיט דיין ברורער חיים גייט דאָך ניט אָן מיין ברעכן דעם קאָפּ, — איז אין יענע טעג אראָפּגעקומען א סטודענט, צונויפגעטומלט דאָס גאנצע אביונימשאפט: פון דער דאָלינע, ירושאלימקע, טאָרהאָוויצע; אויך גוים פון דער פליאָרינע און פון די ארומיקע דערפער.

— אין א יאריד־טאָג האָט עס אים אָנגעטראָגן. ארויפגעקראָכן אויף א טישל, אין מיטן מאַרק האָט ער עס זיך געהייסן שטעלן. און איבער דריי שטונדן, אוועקגעהרגעט דאָס גאנצע ביסל לייזונג, האָט ער געהאלטן אין איין —,,טאָק קאָק, קאָק, טאָק . . .

— ניט ער האָט געוואוסט וואָס ער וויל ארויסברענגען, ניט עמעצער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין זיין האָקן אין קאָפּ אַריין מיט זיין געבולבעט לשון. נאָכדעם האָט ער א פאָכע געטאָן מיט צוויי פריצישע הענט —,,אלע זאָלן אים נאָכזינגען!''

— דער קייסער האָט זיך דערשראָקן — האָט ער געגעבן א מאניפעסט:

—די טויטע אויף דער פרייהייט, די לעבעדיקע אונטער ארעסט . . .

און :—,,ביי דער קייסערינע אונטערן קישן האָט מען געפונען דריי אָכט־לעך פודרע!''

לאהס פנים איז ווי אויסגעהאָקטע עקשנות:

—,,פרעג איך דיך, צוליב די משוגענע לידלעך, וואָס קלעפּן זיך ניט אַ וואָרט צו א וואָרט פּטר'ט מען א מאַרק־טאָג?!''

רחל האָט זיך אזוי צעלאכט, אז ס'האָט זי אַזש אָנגעהויבן שטעכן אין ברוסט: איר מאמע, די חכמות, וואָס קאָן אלע דריידלעך אין דער מסחר־וועלט, צו טאָן די בעסטע געשעפטן פון איר טובה וועגן, — איז א פאַרשטייערן אין די גרויסע קאמפן פון דער וועלט.

לאה האָט זיך אומגעקערט צום הויפּט־געשפרעך:

— ווען דו זאָלסט איינמאָל איבערטרעטן די שוועל אין דער שטוב — דעם גרוב וואו שלמה וואוינט; באַטראכטן דעם גרויסן דלות וואָס הערשט דאָרטן, וואָלסטו פארזאָגט א צענטן ווי צו שעצן דיין מאַמעס רייד. וואָלסט ניט גע־ענטפערט ווי אן אָפּגעריסענער נאר —,,גיי איך מיט אים''.

— ער האָט אליין ניט וואו אהינצוטאָן זיך. ער איז אוודאי א קלוגער, ער וויל ארויס פון דאָרטן, לאה פרענק האָט ברייטע פּלייצעס, ס'וואָלט אים צונוץ געקומען.

— ווען דו טוסט אומיסטן איין קוק דאָרטן, וואָלט איך שוין ניט געדארפט זיין די שלעכטע. — וואָלסט אים ארויסגעוואָרפן אויף צוויי שפּענדלעך''.

**.7**

אין אָוונט האָט שלמה עפּעס געליוענט, נאָר רחל האָט עס קוים געהערט, זי האָט ניט געקאָנט צוריקהאלטן איר צעטראָגנקייט. זי האָט ארויפגעפירט אויף א שמועס וועגן זיין גאַס.

— „איז פייגע, אייער שכנה, ביי וועמען איך האָב צוריק מיט זעקס יאָר געוואוינט, נאָך אלץ אזא ציכטיקע בריה? איך קאָן קיינמאָל ניט פארגעסן ווי ריין, ווי זויבערדיק זי האָט געפירט איר אָרעם באַלעבאַטישקייט".

שלמה האָט זיך צעשמייכלט:

— „מיר וואוינען לעצטנס פיר גאסן נידעריקער. יענע וואוינונג און יענע גאס אנטקעגן דער איצטיקער איז גאָלד. דאָ רעדט שוין אלץ פאר זיך אליין.

— איר ווילט קומט מיט מיר מאָרגן צו אונז — וועט איר זען וואָס עס הייסט פאלאצן אין דער ערד". כאַ, כאַ, כאַ! האָט ער זיך ברייט פאנאנדער־געלאַכט.

— „גוט, פארנאכט, ווען איר וועט גיין אהיים, רופט מיך. כ'וויל זען צי איך וועל דערקענען פייגעס שטוב מיט די אנדערע ארומיקע שכנים. און מער, מער גאָרנישט". האָט זי פארשולדיקט צוגעגעבן.

— „און מער גאָרנישט", האָט ער איבערגעחזרט מיט א פארלאָרענעם טאָן.

---

לאה פרענק האָט פאַרגעזעצט איר אלטע טענה, „אלמאי רחל איז ניט־לעבעדיק, ניט־פריילעך, פארוואָס זי פוצט זיך ניט ווי א מיידל אין איר גראַד.

— „גאנצענע טעג אין גרויען גַעבעכל. אפילו דיין חברטע ליזע, וואָס קומט ניט צו מיין מיסט, דאָך ציט זי פון דער אָרעמער מוטער די קליי, אָבער גייט ארויס אין גאַס מיט א קנאַק!"

ליזעס געשמאַק צו שיין קליידן זיך געפעלט רחלען זייער, אָבער זי אליין האָט בעסער הנאה פון זיך אין א פשוטן קליידל.

נאָך פון קליינערהייט אָן האָט זיך אין איר אויסגעארבעט א ווידערגעפיל צו טייערער הלבשה. זי האָט געוואוסט: איר מוטער איז זייער א קאַרגע. דער עלטסטער ברודער האָט ניט איינמאָל איבערגערעדט, אז אין טאָג פאר זיין חתונה האָט ער מיט טרערן געבעטן א פאָר נייע שליקעס, נאָר די מאַמע האָט זיך איינגע'עקשנ'ט: „ס'איז אָן עברה די אלטע אוועקצוואַרפן". אין די אַלטע, צונויפגעקניפּטע שליקעס איז ער געגאַנגען צו דער חופה.

אויך צום אינגסטן ברודער איז די מוטער געווען שטיף מיט יעדער קאָפּיקע.

— און דאָס וואָס זי האָט פאר חיים'ן געעפנט אַן אייזן־קראָם און נאָכדעם (נאָך זיין פּלוצים איבערגעבן די גאַנצע סחורה אַן אנדער קרעמער און אוועק־געפאָרן קיין אמעריקע און צוריקגעקערט זיך, ווייל אויף דער שיף האָבן אלע

פּאַסאַזשירן זיך אָנגעשטעקט מיט טראַכאָמע), אַריינגעזעצט אים אין א תבואה־קלייט, האָט זי געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן זיך: „איך לאָז זיך קאָסטן צו פאַרשטעלן זיין וועגעטאַריאַניש משוגעת". — „רחלען מוז מען אויספּוצן — א מיידל און נאָך א „גרינצע" דערצו".

וואָס מער טייערן זייד, טול, שיפאָן די מוטער האָט צוגעשיקט צו געבן נייען ביים בעסטן אַדעסער שניידער, אז לאה פרענקס טאָכטער זאָל אויסנעמען מער פון אַלע רייכסטע מיידלעך אין שטעטל". — אַלץ גרעסער איז געוואַקסן רחלס ווידערגעפיל צום „פּוץ".

איר ניט צוליבטאָן דער מוטער האָט זי פאַרענטפערט פאַר זיך: זי פילט זיך אומבאַקוועם אין רייכע קליידער צוליב א סך נישט וואָזשנע זאַכן.

היינט אָוונט, פאַרן דערוואַרטן שלמהן, האָט זי זיך שטאַרק אויסגעפּוצט. זי האָט עס געטאָן מיט א כיוון: זאָל ער זען, אז זי איז ניט פאַר אים.

פאַרבייגייענדיק פייגעס שטוב האָט אין רחלס זיכרון אויפגעלעבט די אויסגעדעוועטע פייגע, איבערגעבויגען איבער איר אַכטיאַריקער דבורהן, וואָס האָט שווער געשלוכצט אין שלאָף פון דער מוטערס אָנקנייפּן און אָנשלאָגן פאַרן ניט וועלן עסן א „פאַרפוילט הערינג־ווײדעלע, נאָר „גאָר סאַרדינעס מיט סמעטענע, ווי לאה פרענקס קינד".

רחלען האָט, ווי אין יענעם אָוונט, אָנגעהויבן שטיקן אין האַלז. בילדער פון מוראַדיקער נויט, פּיין, יאוש, וואָס זי האָט זיך אָנגעזען, אָנגעהערט און אַליין דורכגעפילט, האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם איצטיקן שווידערלעכן אויסזען פון די דאָרטיקע אָפּגעריסענע קינדער און דערוואַקסענע.

א שווער געמיט האָט געפּרעסט איר האַרץ, אין איר מוח האָט זיך געמישט: „זיי דאַרפן א הייסע באָד ס׳זאָל גוט אויסוואַשן זייערע קעפּ, אויערן, קערפּערס; זיי דאַרפן ריין אונטערוועש; ריינע אויבערקליידער צו קריגן א מענטשלעך אויסזען; זיי דאַרפן מער און בעסער עסן, בעסער לעבן".

פלוצים האָט שלמה אָנגערירט איר האַנט:

—„רחל, היט זיך, בייגט אָן דעם קאָפּ, אונזער נידעריקער טיר־אַריינגאַנג איז אין אייער זייט נידעריקער. די געביידע, מחילה, איז שוין מסתם עלטער פון אונזערע עלטער באָבעס, כאָ, כאָ!"

קיין טיר איז דאָרט ניט געווען, אָבער זען עפּעס אינווייניק איז געווען אוממעגלעך. דורך א געדיכטן שטויב האָט זיך געהערט א הייזעריק קול:

— „איין מינוט, כ׳וועל נאָר אָוועקשאַרן דאָס מיסט — וועט איר קענען אַריינקומען.

ביים אַריבערטרעטן די שוועל אין קאַמער האָט אַרומגעכאַפּט א שטיקנדיקע קעלט ווי אין א פאַרדומפּענעם קעלער. מיט רחלען האָט עס אזש א וואָרף געטאָן, איר טולן־קלייד האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַלטע, פאַרזשאַווערטע זאַכן.

—„זעסט, רחל לעבן, וואָס פאַר א בריה שלמה׳ס מאַמע איז, פון פאַר־טאָג אָן האַלט איך אין איין ראַמען און קאָן גאָרנישט ארויס“.

—„אין א שטוב איז פאַראַן אַ סך אַרבעט“. — האָט רחל געזאָגט בכדי צו פאַרגרינגערן איר.

שלמה האָט געגעבן א שלעפּ א קליאַמקע און א טיר האָט זיך צעסקריפּעט. ווי קעץ וואָלטן זיך צעקוויטשעט. ווידער האָט ער זי געוואָרנט זי זאָל זיך ניט צעקלאַפּן דעם קאָפּ.

זיי זיינען אריין אין א שמאָל קיכ׳ל. דער אויוון, טאַפּטשאַן און א פּאָר אַלטע, אָנגעברענטע טעפּ האָבן זיך געשטיקט אין אַן ענגער פינצטערניש.

זיי זיינען איבערגעטראָטן נאָך א שוועל אין אַן אנדער צימער: א פון מילבן־צעגעסענער שטארק צעדראַפּעטער שווארצער טיש; א ברוינער בופעט אָן טירלעך; בענקלעך מיט איינגעבראָכענע זיצפּלעצער און עפּעס א גרויס הילצערן שטיק מעבל, וואָס האָט רחלען אויסגעקוקט ווי צוויי צענויפגערוקטע בענק.

צוויי מיידעלעך האָבן זיך געריסן ביי די האָר.

שלמה׳ס מוטער א קורצע, בּרייטע אידענע, אינגאנצן איינגעטונקען אין שטויב מיט א קאָמיש אויסגעריסט פּנים איז אריין צענעמען די קינדער. אָנגעשריען אויף זיי.

זי האָט אָנגעוויזן רחלען זיצן אויפן משונהדיקן שטיק מעבל.

כאָטש רחל האָט זיך זייער גרינג צוגעזעצט, זי האָט אָבער דערפילט אז עפּעס בייגט זיך אונטער איר. זי האָט זיך האסטיק אויפגעהויבן און דערזען: אויף די קעגנדיקע זייט הויבט זיך. ס׳האָט זיך איר געדאכט: די גאַנצע שטוב באַוועגט זיך, בייגט זיך אין אַלע זייטן.

שלמהס צוויי קליינע שוועסטערלעך האָבן זיך צעלאכט, ער — מיט זיי.

די מוטער האָט א רייב געטאָן איר פאַרקיסנעט אויג:

— „מסתם איז דאָס טירל פון דער קאַנאַפּע געווען ארויסגערוקט פונם אָרט, גייט רופט אריין דעם טאַטן וועט ער עס צורעכט מאכן“.

דער פאָטער איז אריין. א לאַנגער, דאַרער איד מיט א געל בערדל:

— „לאָזט, לאָזט!“ ער האָט אויפגעהויבן פון דערמיט א לאַנגע ברעט און זי געוואָלט גוט צוריקלעגן. נאָר דאָס ווייב האָט אים אָפּגעהאלטן.

—„ווארט, אז דו האָסט שוין יאָ אַראָפּגענומען די דעק, וועל איך עפּעס ווייזן רחלען“.

טיף פונם דנאָ, צווישן א בארג אָנגעוואָרפענע זאכן, ווי א וואָגן אלט־ווארג, האָט זי ארויסגעשלעפּט עפּעס פארבונדן אין א צעלאָקשנט קאָפּטיכל.

— „אָט וועסטו באלד זען, טאָכטער“, האָט זי געשמייכלט צו רחלען, — „וואָס איך האַלט פאַר מיין שלמהלעס כלה“.

זי האָט אויפגעבונדן דאָס קאָפּטיכל, כאָטש מ׳האָט אזוי אויך געקאָנט אַרויסנעמען דאָס ארויסקוקנדיקע חנוכה־לעמפּל און אָן אָפּגעגילטן, פאַר־גרינגטן בעכער פון וועלכן זי האָט ארויסגעטרייסלט א קליין בינטעלע.

מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי איילנדיק צעריסן דאָס שמאטקעלע און איבערן טיש האָבן זיך א לאָז געטאָן דריי פארשווארצטע רינגלעך.

— „מ׳דארף זיי, פארשטייט־זיך, אפּרייבן. ס׳איז ריין גאָלד, פונם ליגן אין דער דעמפּקייט זיינען זיי טונקל געוואָרן. מ׳קאָן זיי איבערמאכן נאָך וואַ־סערער מאָס מ׳וויל. זיי וועלן אויסקוקן ווי ניי״.

זי האָט געשיקט דאָס עלטערע, נייַן־יעריק מיידעלע, אין טשיינע צו קויפן פאר א גראָשן „אָקרעפּ״, איר אָנגעזאָגט: זי זאָל זיך ניט לאָזן אפּנארן און זיך ניט אָפּבריען טאָמער וועט דער טשייניק זיין צו־פול.

אחוץ צווינגען זיך צו טרינקען די טיי פונם טשייניק, פון וועלכן ס׳האָט געקערט די גאל, האָט רחל נאָך אָנגעשטרענגט געזוכט ווערטער צום רעדן, ס׳זאָל אויסקומען אז זי באמערקט ניט ווי איינס נאָך איינס ווערן דורך די שוועסטערלעכס הענטלעך פארשוואונדן די געציילטע פּלעצעלעך.

לויט דעם ווי די מוטער האָט זיך אויף גיך ארויסגעריקט פון שטוב, זיך געזאָמט און אריין א פאַרשוויצטע, שוואַר־סאָפּנדיקע מיט די פּאָר פּלעצע־לעך אין פארטעך האָט רחל פארשטאנען, אז זיי זיינען אויסגעבעטענע, אָדער אנטליענע. ביי וועמען האָט זי זיי גענומען? וואָס האָט זי דאָרט געזאָגט? צוליב וועמען דארף זי זיי אַזוי נייטיק?

רחלס באקן זיינען געוואָרן צוויי רויטע מאָן־קווייטלעך. זי האָט ווידער געהערט ווי די קראנקע אין שפּיטאָל בעטן זיך ביי איר: „שוועסטער, גייט ניט אוועק״. „באַרישניע, האָט רחמנות, מיר וועלן דאָ אויסשטארבן אָן אייך״.

א כעס אויף דער אייגענער מוטער האָט זיך געצונדן אין איר: צוליב לאה פרענקס נארישן שלעכטן שטאָלץ — איז זי אוועק פון די קראנקע, ווי א פארדאָרבענע „באַרישניע״ צו זיצן דאָ. צוליב וואָס, צוליב ווען ?

די ברעט אין דער קאַנאַפּע האָט זיך ווידער א וויג געטאָן. דאָס צענומע־נע שטיק מעבל מיטן בארג פארשימלטע שמאטעס און די רינגלעך האָבן דער־מאָנט רחלען אין א שכנה פון זייערע הייזער, ווי יענע שרייט צו איר דינסט בעת׳ן צו־קינד־גיין: „פּראדל, גיב מיר מיינע דימענטענע רינגלעך!״ — „אוי, מיינע בריליאנטענע אוירינגען! איך וויל ניט לאָזן זיין צווייט ווייב זאָל זיי ירשנען!״ שלמה׳ס פרוי וועט ניט דארפן מורא האָבן שטארבן.

—„א לעבן אויף דיין קאָפּ״, האָט שלמה׳ס מוטער מיט ליבשאַפט א גלעט געטאָן רחלן, — „זעט נאָר ווי טייער זי שמייכלט, א גאָלדענע נשמה האָסטו, רחלע״.

שלמה האָט זיך צעלאכט, די קינדער — מיט אים און רחל — מיט זיי.

זי האָט באוואונדערט שלמהס דערהויבנקייט צו קאָנען מיט אַזאַ שיינעם שטאָלץ אַריינלאָכן דער טויט גלייך אין פנים אריין: ווי פּראַכטפול איז זיין פּייפן אויפן פייפנדיקן דלות דאָ.

שלמה איז אין אירע אויגן געוואָרן א העלד. זי האָט אים דערמאָנט ער זאָל א זוך טאָן דעם „ראזסוועט", וואָס האָט אויסגעפעלט.

ער האָט געצויגן דאָס וואָרט — „ראז־סוועט", געגלעט מיט ביידע הענט די קעפּלעך פון זיינע צוויי שוועסטערלעך:

— „צוליב זיי דארף איך טאָן אַלץ אין דער וועלט, כאָטש זיי ארויסשלעפּן פון דער פינצטערניש אין עפּעס א ליכטיקייט".

געדאַכט האָט זיך רחלען: יאָניעס גרויע, אומעטיקע אויגן רעדן צו איר — „אָט האָסטו דאָס פּנים צו יענע אלע דערקלערונגען, וואָס האָסט געפרעגט ביי מיר. פאַרשפּיי עס ניט, דו וועסט זיך קיינמאָל ניט קאָנען מוחל זיין".

---

דאָס נאפט־לעמפּל מיטן פאַרויכערטן פינפער גלעזל האָט געטשאַדעט דערשטיקט צו ווערן, נאָך ערגער האָט געדריקט דאָס שווייגן, דעם גאַנצן אָוונט, פון שלמהס פאָטער.

דער פאָטער, פון קליינערהייט א קיילעכדיקער יתום, האָט זיך געכאָוועט ביי א באָבען. צו פינף יאָר האָט זי אים אריינגעגעבן אין דער „ישיבה", וואו מלמדים האָבן געקנעלט מיט א צוויי הונדערט קבצנישע קינדער און ארויס־געקוקט אויף קצבה געלט — שכר לימוד, וואָס מ'האָט פאַר זיי געזאמלט ביי די נגידישע פיינע באַלעבאַטים.

ניט איינמאָל האָבן די קינדער געקראָגן מיטן קאַנטשיק, ווייל דעם רבין איז געווען ביטער אויפן הארצן.

מענדלען האָבן די לאַנגע טעג אין „ישיבה" גיך דערעסן. — דאָס אייבי־קע זיצן אין דעם נידעריקן, חושכדיקן חדר, וואו דרייסיק אינגלעך זיינען אויף די לאַנגע, הארטע בענק אריינגעוואקסן איינס אין אנדערן איבערן ספר, אָדער אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צום הקדש מיט די קראנקע און אַרעמעלייט — איז געווען פאַרן ענערגישן אינגל א גרויס אָפּקומעניש.

ער פלעגט זיך אָפּט אוועקגנבענען צום טייך. אז מ'טוט א וואָרף א שטיינדל אין וואסער קומט ארויס א ברייטער רינג. זיינער איז שטענדיק געווען דער ברייטסטער, דערפאַר האָט אים די באָבע ניט אויפגעהערט צו יאָדען, זי וויל ער זאָל פאַרענדיקן די היגע „ישיבה" און אם ירצה השם אוועקפאָרן אין דער גרויסשטאָטישער ישיבה און באַקומען סמיכות אויף רבנות.

ער איז אויסגעוואקסן א קרעפּטיקער בחור, נאָר די היגע ישיבה ניט פאַרענדיקט און פון פאָרן עסן „טעג", נאָכדעם וואָס ער האָט זיך אזויפיל אָנ־געהערט וועגן די „טעג", האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט הערן דערפון.

זיין באליבט פלאץ איז געוואָרן שמערלס קאָוואלניע. אז ער האָט גע־פּועל׳ט מ׳זאָל אים לאָזן צעבלאָזן דעם בלאָזאק — איז ער געווען אין זיבעטן הימל. זיינע גליקלעכסטע חלומות זיינען געווען וועגן העלפן דעם קאָוועל שמידן. ער וואָלט געקאָנט שעהנווייז צוהערן זיך ווי עס אָטעמט דער בלאָזאק, ווי עס צישען די קוילן, ווי עס שפּרינגען פינקען. ער האָט ממש געציטערט פונם געדאנק, „מיט דער גרויסער אָבצווייגגע ארויסנעמען פון פייער א רויט אָנגעגליט שטיק אייזן און קאָוועון עס אויף וואָס די וועלט שטייט!״

דערפאר האָט די באָבע געמאכט גוואלדן, געשריען: „מענדל שייגעץ! גוי! גראָבער יונג! קאָוואל! קאָוואל! עס איז איר א בזיון, א ווייטיק, א חרפה״.

אין מארק, וווּ די באָבע האָט געהאט א קלייטל האָבן אלע ארומיקע קרע־מער אָנגעהויבן מאכן פון אים ליצנות, לאכן: „אָט קומט מענדל „דער געלער גוי״! געלאָפן צו די שוועלן קוקן, הערן ווי די באָבע קריגט זיך מיט אים, אַליין ארייַנגעזאָגט עפּעס א נארישן וויץ אויף זיין חשבון, געמוסרט אים, זיין לעבן איז אים וואָס א טאָג נמאס׳ער געוואָרן.

פּלוצים, האָט מען אים חתונה־געמאכט. געשמועסט האָט מען, אז לויט איר יחוסדיקער משפּחה קומט מענדל ניט צו איר. אָבער — דערויף האָט דאָס שטעטל פיל געחקירהט.

נדן האָט מענדל געקראָגן א הילצערנע קלייט אין מארק און 150 רובל מזומן. דערפאר האָט ער געגעבן די האנט, אז קיין בעל־מלאכה וועט ער קיינ־מאָל ניט זיין. א קרעמל וועלן זיי אויפעפענען.

אים האָט מען צוגענומען פאר א סאָלדאט. זי איז געבליבן מיט א קינד אויף די הענט. דאָס קרעמעל איז געגאנגען צו גרונט. ביז ער איז געקומען פון דינסט, אין פיר יאָר ארום, איז דאָס ביסל באקאליי־סחורה שוין פון לאנג געווען אויפגעגעסן; די קלייט האָבן צוגענומען בעלי חובות. דערצו נאָך א סך אַנדערע, זייטיקע געלט־מאָנערס זיינען אים באפאלן.

און די אלע שיינע צונעמענישן וואָס די באָבע ע״ה האָט אים פון קינד־ווייז אָן געריפן — זיינען איצט בייז און פארביטערט געפאלן אויף אים פון אַלע זייטן. כאָטש נאָך אַזאַ איבערגעגעבענעם פריינט, ווי די באָבע איז אים געווען, איז שווער צו געפינען. זי האָט מיטן גאנצן הארצן געשריען: „מע־ע־ענדל ג־ו־ו־וי! דער ראש ישיבה אליין זאָגט, אז ווען דו זאָלסט אוועקפּאָרן אין א גרויסער ישיבה און איבערגיין גאנץ ש״ס, וואָלסטו געוואָרן א רב״.

מ׳האָט אים פאר זיין ווייבס חובות געשריען אין פּנים אריין: „מענדל גע־לער גו־ו־וי, מענדל שייגעץ, מענדל שאָס!״

„מענדל דער געלער״ איז געוואָרן א צונאָמען פאר יעדן שלעכטן בעל חוב׳עניק. כאָטש מיט וואָס האָט ער געקאָנט באצאָלן? מיט די פיר יאָר אומ־זיסט דינען פאָניען.

„מענדל דער געלער" האָט מען גערופן אַזעלכן וואָס וואַרפט אַוועק אַ ווייב און קינדער אויף הפקר. סיידן ער זאָל געוועזן זאָגן פּאַניען, מ׳זאָל אים ניט נעמען פאַר קיין סאָלדאַט, ווייל די באָבע האָט אים חתונה געמאַכט.

איידער ער האָט באַוויזן זיך עפּעס אַרומצוקוקן, האָט מען אים מאָבי־ליזירט אין דער מלחמה קעגן יאַפּאַן. הכלל, ס׳איז געוואָרן, אַז אָנרופן איי־נעם „מענדל דער געלער" האָט מען שוין פאַרשפּאַרט שעלטן אין טאַטנס־טאַטן אַריין.

איצט איז ביי דעם הויכן פּאָטער, וואָס איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען אין אַ פּאָר צעריסענע שטיוול מיט דאַרע כאָליעוועס, אויסגעבויגן די פּלייצע, דאַכט זיך, פון אָרנטלעכקייט. זיין אָרנטלעכקייט ליגט אויף אים ווי אַ שווע־רער יאָך, וואָס שטערט אים זיך אויסצוטויגן צו זיין אַ „גוטער דרייער". ער טויג ניט דערצו. דערפאַר דערקענען אָבער די אַנדערע, יאָ דרייער, אַז אַזעלכן קאָן מען ווייזן אַ פּראָבע טיטון, וואָס שיינט ווי די זון, און אין די פּעקלעך זאָל זיין אַ שוואַרצע, טוכלע מאַכאָרקע פון וועלכער דער אָרעמסטער פויער שפּייט דריי מאָל אויס, און נעמט זיך צוריק צו איר, פּשוט צוליב זיין גרויסער נויט, וואָס רעדט אים איין: „ס׳איז דאָך כמעט אומזיסט."

קויפט ער פעדערן צו פאַרקויפן, שוין פון זונס פאַרדינסטן און נאָך אַ פּאָר צוגעליענע רובל, ווייל ער איז זיכער אין אַ גוטן פאַרדינסטל, לאָזט זיך אויס, — די גבירנטע זאָגט אים: — „איד איינער, אויפן פוד זאַמד שלאָפט אליין, פאַר מיין געלט קאָן איך קריגן פוכאָווע איבערבעטן". גיי ריכט זיך אַז אין פעדערן זאָל מען גאַר אַריינטאָן זאַמד.

ווען ניט זיין נדר, וואָס ער האָט געגעבן דעם פאַרשטאָרבענעם שווער, וואָלט ער ניט געוועזן אויסגעהאַלטן — ער וואָלט געוואָרן אַ קאָוואַל, און אַ שפּיי געטאָן אויף די שיינע פּרנסות, וואָס די אידן מיט די שוואַרצע און גרויע טשעשעונשאַנע, ליסטרינענע קאַפּאָטעס נעמען זיך איבער אַזוי קעגן דעם אָרנטלעכן בעל־מלאכה.

דער פּאָטער איז געזעסן אויף אַ בענקל, וואָס איז געשטאַנען מיט איין פיסל אין דעם צימער און די אַנדערע דריי פיסלעך אין אַלקער, פונוואַנען מ׳האָט אַרויסגעזען צוויי הילצערנע בעטן, איינס פאַרשפּרייט מיט אַ גרויער קאָלדרע און דאָס אַנדערע מיט אַ צעריסענעם שאַל.

דער מאַן, וועמען ס׳איז שטענדיק געגאַנגען שלים־שלימזל האָט געשוויגן, ווי אַ פאַרביטערטער וועמען גאָט אליין מעג שוין זאָגן: „מענדל, דאָס מאָל איז עס מיט אַן אמת אַ גליק, נעם עס". — וועט דער פאַרצווייפלטער ניט געפינען פאַר נויטיק אַפילו אָנוועקמאַכן מיט דער האַנט. ער רעאַגירט ניט אויף קיין זאַך — און דאָס איז עס.

אָבער איצט האָט ער געקלערט פון זיין זון, וועמען ער האָט ליב מער ווי זיין אייגן לעבן. די קינדער זיינען דער גאנצער אינהאלט פון זיין בעטן גאָט, פון זיינע האָפענונגען.

— ער גופא וואָלט אנטלאָפן פון די גבירים אין עק וועלט אריין, אָבער שלמה איז געראָטן אין דער מוטער זיינער. געירשנט פון איר דאָס יחוסן זיך, דאָס איבערנעמען זיך מיטן אָנקערן־זיך מיט יחסנים. ער איז ווי די מאמע זיינע, וואָס איז ווי די גאָר גדולדיקע, וועלכע ווילן ניט און קאָנען ניט אפילו א קראצטאָן זיך אין אייגענעם אחור.

דעם פאָטערס שוויגן האָט געשטיקט רחלען, ווי דער גאנצער טשאד פון דעם לעמפל, וואָס האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן שטארק רייכערן, וואָלט אריין אין איר יעדן אבר.

זי האָט זיך געאיילט אָוועקגיין פונדאנען, זי האָט געדאַנקט פאר טיי־און־צובייס און צוגעגעבן: — „ס׳איז אָנגענעם צו קענען אייך״.

די מוטער האָט פריידיק געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

—„אוודאי אזוי, ווידען ווערט מען אייגענע״.

רחל האָט געפילט ווי מ׳וואָלט איר נאָרוואָס אונטערגעשריבן א טויט אורטייל. ערגערס: אן אורטייל צו טייטן איר אייגענע מאמע מיט אַלע אירע נאָענטע.

זי האָט געגנישטערט אין זיך מיט וואָס צו ראטעווען אירע אייגענע און געענטפערט מיט א געמאַכטן קאַלטבלוט:

„יאָ, אַלע אידן זיינען ברידער״.

אַ שנאה האָט געברענט פון רחלען אויף שלמהן: אַזאַ אָנשיקעניש, זי האָט אים גאָרנישט צוגעזאָגט, זי איז אים און זיי גאָרנישט שולדיק.

.8

אויף מאָרגן איז דאָס שטעטל שוין געווען איין קאָך־קעסל, ווי אָן א שיעור קריוודע, אָן א שיעור שנאה קעגן לאה פרענק און קעגן איר זון ברוך, — דעם „פון שיע, פיע געוואָרענעם מיליאָנער״, וואָלטן זיך קוים דערוואַרט צו קאָנען כאָטש מיט עפּעס אָפּקילן די ניט־פאַרגינערישע הערצער.

אין צענטראל גאַס האָבן באַלעבאָטישע הייזער געשמועסט:

— לאהן וועט דער רוח ניט נעמען אזוי אויך, זי מעג אַביסל צושנורע־ווען אירע זעק מיט גאָלד.

— וויפל איז דער שיעור, אז אַלע גליקן: אַזאַ נחת פון א זון, אַזאַ עשירות ביי זיך, — נאָר אין איין טאָפּ אַריין״.

— אז לאה ווייסט ניט פון קיין איין טאָג אָן פארדינסטן, — איז איר בת־יחידהקע, אָן איבערגעזעטיקטע פון שטענדיקן וואוילטאָג, ווילט זיך א שפּיל טאָן מיט קבצנישאפט.

אין מארק ביי די פיש האָבן זיך ווייבער געשושקעט:

—ער האָט זי פארכשופט.

— די מאַמצע זיינע האָט מסתם געהאט אַזוינע קרייטעכצער. אריינגעטאָן אין דער טיי. „אַזאַ טייער מיידל, אזא ליבע מיידל".

זיי האָבן דריבנע געשפיגן: „פטו, פטו! גאָט זאָל אָפּהיטן.

— די מאַמע זיינען, יעדן איינעם כאפט זי אָן אין מאַרק מיט א לאנגער מעשה, וואָס שלאָגט צום האַרצן, וואָס זי האָט שוין הונדערט מאָל איבערגע־קייט.

— פונקט א מחותנתטע פאר דער דורכגעטריבענער לאהן.

סוחרים האָבן דערפון געדרונגען:

ס'איז איצט געוואָרן א וועלט, וואָס איין חכם ביי קינדער. אָט האָט זיך ר' ישראלס לייבל געשניטן אויף א גרויסן סוחר, אריבערצושטייגן דעם טאַטן זיינעם, און פלוצים איז ער נעלם געוואָרן מיט די רויטע.

— און הלוואי זאָל מען ליגן זאָגן, ס'איז דאָ נאָך א פּאָר באַלעבאַטישע זין וואָס מ'איז ניט זיכער מיט זיי.

— וואָס איז דאָס פאר א פארגלייכעניש, רחלען ווילן דאָך גבירים־אדי־רים! די אַלטע וועט צעזעצט ווערן.

— לאהס צעשפרונגען ווערן — איז מילא, אָבער פארוואָס קומט א יונג קינד, ווי א לויטערע קרישטאָלענע כלי, אָפּקומען פאר דער מוטערס זינד.

וואָס! קינדער קומען אָפּ פאר עלטערן? !א שרעק האָט ארומגענומען, עס האָט אָנגעוואָרפן אָן אימה:

דער מאנופאקטורניק בעני „אָקס", וואָס האָט דריי מאָל דורכגעמאכט די שפיל פון א זייער געלונגען אָנזעצן, האָט זיך דערפילט שולדיק פאר זיין אָפּגעצערטער ביילקען, צו ווענען קיין איין באלעבאַטישער בחור וויל ניט אַ שמעק טאָן אין איר וועג; כאָטש זייערע טאַטעס זיינען רייך געוואָרן אויך ניט פון אָפּריכטן חצות.

בעני „אָקס" האָט אָנגעהויבן דאווענען אין צוויי פּאָר תפלין, אין סאליע, וואו זיין ביילקע האָט געשלונגען ביכלעך: „וואָס דען זאָל זי נעבעך טאָן". צוליב אויסקויפן זי, נישט אָפּצוקומען פאר זיינע מעשים, — וואָלט זיין פּאָ־טערלעך הארץ געדאווענט אין צען פּאָר תפלין.

משה־לייב פון שוך געשעפט, אויף ווענען מען האָט געמורמלט, אז זיינע פארמעגנס וואקסן פון יד־אחת מיטן נאַטשאלניק סטאַנציע — אזוי אז ערגעץ אָנגעקומענע קאסטנס מיט שמאַטעס, און ערגעץ ניט דערקומענע זיידענע, וואָ־לענע שאלן — שטעלן זיך אָפּ אין קעלער פון זיין שוך־קלייט, כלומרשט קאסטנס מיט שיך. — האָט אָנגעהויבן מורא האָבן פאר זיינע צוויי אלטע מוידן, אין וועמעס מויל אריינצופאַלן האָט מען שוין קיין גיהנום ניט געדארפט.

און אז טובע גראָס, וועלכע איז ממש געזעסן אין תפיסה (פאר פּאַקן זי מיט זעק פון זיינע טרייפענע מעשים טובים), איז אים פלוצים איין טאָג אנט־

קעגן געקומען, האָט ער, פון גרויס צעטראָגנקייט, יענעם פאַרנאַכט מגדר גע־
ווען פינף גאָלדענע צענערלעך אויפן לינת הצדק.

אויך די פּאָר געציילטע טעלעפאָנען אין שטעטל האָבן ניט גערוט, זיינען
גאָר אַקטיוו געוואָרן. זייערע באַלעבאָטים האָבן דערזען אין רחלס גיין צו
שלמהן אין שטוב, — דעם דערשרעקנדיקן צייכן: „אָרעם וויל ווערן גלייך מיט
רייך".

— מ'טאָר עס בשום אופן ניט דערלאָזן".

מאַדאַם דאַלפין האָט געשנערעוועט איר פּיסקל:

— „איך פאַרשטיי ניט, ווי האָט ראַכיל גריגאָרעוונאַ געקאָנט אויסזיצן אין
אַוונט דאָרטן?! מיין דינסט מיאַוסט זיך צו שטיין אין מאַרק ביי א שטעל א
מינוט לעבן שלמהס מוטער. זי שפּייט: „עס עפּושט אויף צען מייל ווייט".

מען האָט מיט גרימעניש און מיט הנאה געחוזקט פון רחלען:

— אירע אַטעסטאַטן מיט די אויסצייכנונגען וועט זי אויפהענגען ביי איר
שווער אין פּאַלאַץ.

— יאָ, מ'זאָגט טאַקע אַז צווישן די קבצנים אויף דער ירושעלימקע איז ער
דער קעניג. כאַ, כאַ.

—נו, איר ברודער, ברוך פרענק, רופט מען „דער קעניג פון זאַוואָדן":
פון צוקער, וויין, שטשעטינע, — איז אים צוגעקומען ווי א מחותן — א מלך
אביון. כאַ! כאַ!

— „געלעכטער אין א זייט, מ'טאָר דעם שידוך ניט דערלאָזן!"

## 9.

פריידע, איינע פון די דריי שוועסטער, וואָס אַרבעטן אין איינפאָר־הויז
און זיינען דאָרטן „וואָס אין דער קאָרט", האָט, פון דער זייטיקער טיר אין
ליקל, כמעט א נאַקעטע, גערופן רחלען צו זיך און איר דערציילט „בסוד",
לאַכנדיק אויף א הויך קול:

— א סוחר, וואָס שטייט איין אַלעמאָל דאָ, ער קען כמעט די גאַנצע שטאָט,
האָט נעכטן אַוונט גערעדט פון אייך מיט א פּאָר היגע סוחרים. זיך געוועט, אַז
אייער מוטער וועט זיך לאָזן קאָסטן אין טאָג אַריין און וועט זיך אַן עצה
געבן קעגן דעם כישוף וואָס די ירושעלימקער שלעפּערס האָבן אייך, באַרישניע
רחל, אָפּגעטאָן.

— אָבער דער מאַן האָט נאָך געזאָגט: „ווען מ'גיט אים איבער דאָס שטיקל
אַרבעט, וואָלט שלמה פאַר א פינף־און־צוואַנציקער, דער עיקר מיט א ריכטיקן
דרייגאָרנדיקן אין זיין מאַמעס־מאַמען־אַריין, — ווי א טייבעלע זיך געבעטן
ביי אייך, איר זענט צו גוט פאַר אים". כאַ, כאַ, כאַ!

רחל האָט געפילט ווי עמעצער מיט גרויסע שטיוול, מיט אַרויסשטעקנדי־
קע טשוועקעס טרעט אויף אירע שלייפן. זי האָט זיך דערפילט מוראַדיק שפּל־

דיק און פארלאָרן, ווי זינקענדיק אין א העסלעכן אָפּגרונט: זיי צווינגען ארויף אויף איר א מיסיע, וואָס זי איז ניט בכח דורכצופירן. זי איז א קליינבירגער־לעכע עגאָאיסטקע, און אויך דאָס פארהיטן איר מאַמע פון טרערן איז איר טייער.

— „וואָס פאַר אַ רעכט האָבן זיי צו מישן זיך אין איר לעבן?"

ווי פארזשאווערטע טשוועקעס האָבן די פאר'סמ'ענדיקע מחשבות ניט אויפגעהערט שטעכן אין איר מח: „פאר א „פינף־און־צוואנציקער", דער עיקר מיט א דרייגאָרנדיקן אין זיין מאָמעס־מאַמען־ארייַן".

„מ'דארף דעם מיאוסן פארשוין אָפּפאַרן זיין נידערטרעכטיקע צונג!'

עמעצער אין רחלען האָט מיט ערנסטקייט איר אויפמערקזאם געמאַכט: „דאָס איז די מאָראַלישע מאָס מיט וועלכער די פארמעגלעכע מעסטן דעם נויטבאדערפטיקן, דעם וואָס האָט קיין געלט ניט, — מען באצאָלט אים, מען נארט ביי אים אויס די בכורה פאר אַ טאָפּ לינזן".

דער עמעצער האָט דערמאָנט רחלען, דאלפינס אזוי לאנג קומען און רעדן: „אין א צייט ווען די רויטע הינט זיינען נאָך אומעטום פול, איז בעסער ניט־אויפצורייסן די אויגן", ביז ער האָט איינגערעדט ברוכ'ן אריינצונעמען דעם באנקיר דאלפין פאר א שותף אין צוקער־זאוואָד. נאָכדעם האָבן זיי זיך גע־האמפּערט: ברוך האָט געטענהט — „מ'דארף צוואווארפן א ביינדל, העכערן אביסל די שכירות די אָנגעשטעלטע. ווען זיי וועלן האָבן א פרייען גראָשן — וועט זייער שטימונג ווערן פריינטלעכער, זיי וועלן מער אריינארבעטן".

— דאלפינען אָבער האָט עס אויפגעבראַכט: „מיט אזוינע הינטערשטו־פּערלעך האָט מען איבערגעפירט דעם ארבעטער, אַליין געמאכט אים אומ־פארשעמט, העזה'דיק, חוצפה'דיק!"

פּלוצים האָט זיך פריידע צוגעבויגן צו דער פארקלערטער רחלען:

—„בארישניע, א זעלנער האָט מיר געזאָגט, אז די נייע וולאסט נעמט זיך אָן פאר אַזוינע מיידלעך ווי איך. איז עס טאַקע אמת?'

רחל האָט, אין געציילטע ווערטער, דערציילט וואָס זי האָט געזען, גע־הערט אין אָדעס.

א גליקלעך געלעכטער, ווי פון א קינד וואָס דערפרייט זיך זייער מיט א לאנג־געגאַרטער מתנה, האָט אָפּגעקלינגען פון פריידען.

— „איז וועט דער באלעבאָס מער ניט קאָנען אונז צווינגען צו שלאָפן מיט שמוציקע, אלטע שלעק? וועט ניט קאָנען פארשרייבן אויף אונז מער ווי מיר האָבן מיט אן אמת אָנגעבאָרגט: — איז ווען קומען צו אונז די באָלשע־וויקעס? טאקע צו בלייבן דאָ".

זי האָט זיך פאַרטראַכט און צניעות'דיק צוגעשמייכלט:

— „ווען די באָלשעוויקעס זאָלן קומען, ווי א וולאסט, און אונז באַ־פרייען פונדאנען, — וואָלט איך פארן אוועקגיין אָפּגעלאָזט מיין קארליקעוואטע באָלעבאָס א טראסק, ער זאָל זיך אַזש באסמארקען איבער זיין לאַנגער באָרד.

— דאָס, וואָלט איך אים געזאָגט, איז פאר דער סטראדאניע פון מיין דבורהן, מיין אינגסטער שוועסטער.

—כ׳ווייס, די וולאסט וועט מיך ארעסטירן פארן שלאָגן זיך. איז וואָס! — אָבער אים וואָלט איך כאָטש איינמאָל צוגעטיילט ווי עס קומט אים״.

געדאכט האָט זיך רחלען: פון אלע ווינקלען רופט מער איר ארויסצוהעלפן אין קאמף פאר גערעכטיקייט — „דו מוזט, מוזט . . .״

* * *

ווען לאה האָט דערהערט רחלען זאָגן: „אָרעמע מענשן זיינען אויך מענשן מיט נעזער, מיילער און פאַרלאַנגען״, האָט זי פארבראָכן די הענט ווי פאר אַ מורא׳דיקן אומגליק.

—מ׳וועט לאכן פון מיר ס׳גרעסטע געלעכטער, — „די קלוגע לאה מיט איר געראָטענער בת־יחידה האָט זיך משדך געווען מיט אן עני ואביון, וואָס האָט אפילו ניט מיט וואָס א טאָג דורכצולעבן״.

זי האָט עס ארויסגעזאָגט מיט אַזאַ הארבן טאָן, אז אויב רחל זאָל דאָס חלילה דורכפירן, — וואָלט עס געווען ווי אן איבערפאל אויף דעם גאנצן מיטלקלאס, וואָס איז אַזוי כאראקטעריסטיש מיט זיין געלטגייציקייט.

רחל האָט געפילט ווי מ׳וואָלט פאר אירע אויגן באליידיקט, מבזה געווען אָן א שיעור מענשן. זי האָט זיך געשעמט אויפהייבן דעם קאָפּ, קוקן אין די אויגן: מיט די גאָלד־זעק נעמען זיי זיך אזוי איבער, קעמפן אז זייערע קינ־דער און קינדסקינדער זאָלן ירשנען די פארשווארצטע פּנימער.

# קאפיטל זיבעצן

### 1.

מיטאמאָל האָט זיך פונדרויסן דערהערט א טומל.

דאָס שטעטל האָט א ציטער געטאָן, ווי אין א פּלוצלונגדיקן איבערשרעק, נאָכדעם קוקט מען זיך ארום: איז טאקע פאַראַן וואָס צו שרעקן זיך?

ניין פרעמדע מענער מיט א פרוי זיינען אָנגעקומען פון ערגעץ. זייער אָנטאָן, ווי זיי וואָלטן חוזק געמאכט פון זייער משונהדיק מיליטערישער אויסשטאַטונג. ביי איינעם איז בלויז דאָס היטל א מיליטעריש, אויף אנדערע א מיליטערישער שינעל און אויפן קאָפּ עפּעס א קאָמישע קעפּי, א קאַשקעטל מיט אַ צעקרימטן דאשיק, א גרויע פּאָפּאַכע, אָבער איטלעכער מיט א רויט שטערנדל.

אויף יעדנס פּלייצע א רוקזאק. א ביקס ביי דער זייט. אויף זייערע לענדן פּאטראָנטאַש פול אָנגעשטאָפּט מיט קוילן. און אין די הענט האָט יעדערער געטראָגן א פּאק אין א זאק.

דאָס שטעטל האָט זיך צערעדט:

— „גיב זיי די פעדערשטע, שענסטע צימערן אוועק, זיי דארפן איינאָרדענען א „רעווקאָם"". — זיי זיינען די באָלשעוויסטישע מאכט, די רעגירונג.

— אז אָך און ווי צו אזוינע הערשער, אָן א פּאָר גאנצע הויזן — מיט אויסגעקרימטע, צעריסענע שטיוואָליעס, שטיבלעטן, צעיאכמערטע ווייבערשע פּאנטאָפלען.

— איציק, בערל שוסטערס כל־בוניק, פירט זיי ארום, גייט גלייך מיט זיי מיט די פינגער אין דרויסן. אים פּאסט עס כאָטש: — „א שוסטער גייט באַרוועס", כאַ, כאַ!"

— אַז־ווי איז אונזער געלעכטער. — פיר פון זיי דערקענט מען גלייך — זיי זיינען אידן.

— אונזער בלוט און פלייש האָט זיך אויך ארייינגעלאָזט אין רויבעריי; גיין מיט גראבעזשניקעס א גלייכן קאָן. אויך זיי באפאלן דאָס אידישע שטעטל: — שיק זיי אריין דעם גרעסטן טיש, שיק זיי בענקלעך; מעל ווילן זיי אויך, און קארטאָפל אוודאי. זיי וועלן אונז טאָן א טובה, — צאָלן מיט „סאָוועטסקע טויזנטער".

— זאָלן זיי זיך אליין אונטערוויישן. אפילו דער גוי שפּייט אויף דעם מכלומרשטן געלט.

— איציק גייט שוין מיט א ביקס אין דער זייט, ער איז זייער „מיליציע”.
— דער גנב'עץ איז אַ „מליץ יושר געוואָרן”.
' גראָד איז ער אַן אָרנטלעכער, נאָר דער קאָפּ האָט זיך אים ווייזט אויס צעמישט, ער קלעפּט „דעקרעטן” און רופט צו זייערע משוגענע „רעטשעס”.
— מ'וועט זיין ערגער פון זיי צו גיין הערן אזוינע אָפּגעריסענע רעדל־פירער.
— די גאנצע וועלט האָט געמאכט קעגן זיי א . . . ווי רופט מען עס? . . . אַ „בלאָקאַדע” — ס'הייסט מ'וועט גארנישט ניט צולאָזן. צוליב זיי וועלן אויך מיר דארפן אויסציען די פיס פון הונגער”.

.2

אין ביבליאָטעק, דורך דער אָפּגעשפּארטער טיר פון צווייטן צימער, האָט רחל דערזען זיצן דעם באנק־דירעקטאָר דאלפין, דעם בונדיסט באַראַץ, (דער געוועזענער אָנפירער פון די געוועזענע קאָאָפּעראטיוון און איצט האלט ער אַליין א „קאָאָפּעראטיווע קראָם”) און בלינדער, דער לערער פון תלמוד תורה; זיי פירן כאָטש אין דער שטיל, אָבער דאָך א צו הייסע דעבאטע, ס'איז ניט צו פארזאָרגן די וועלט, נאָר די אייגענע קעשענע. רחל ווייסט: איצט זעט מען דורכפירן א מסחר אין אַן אומפארדעכטיקט פלאַץ.

זי האָט זיך געיִשובט: זאָל זי ארייַנגיין אהין, צי ניט? זי האָט באקומען אַ קאלטן ענטפער אויף איר גריסן זיך. זייער פארדעקן אויף־גיך די אָנגעפילטע צעטלען מיט אַן א שיעור נומערן האָט באשטעטיקט אז זיי פירן ניט קיין כשר'ע חשבונות.

זי איז צוגעגאנגען צו א פּאָליצע מיט ביכער. זי האָט געוואוסט וואו וועלכער בוך געפינט זיך, פיל פון די ביכער האָט זי אליין געשאָנקען דער ביבליאָטעק. זי האָט געשפּירט: הינטער אירע פּלייצעס רעדט מען פון איר. בלינדער כריפּעט עפּעס אויס.

ניט אומקוקנדיק זיך האָט זי דייטלעך געזען זיין געזיכט: א לענגלעך קעסטל צום קין פארשפּיצט. יעדן באטראכט ער, ווי מ'וואָלט געווען זיין איי־ביקער תלמיד, צו וועמען זיינע אריינדרינגענדיקע אויגן זאָגן — „אַ — האַ! כ'האָב דיך געכאַפּט ביי זייער ניט קיין שיינער עבֿרה!”

זי האָט געשמייכלט: זיין קול איז שטענדיק הייזעריקלעך, אומעטום שטופּט ער זיך ריידן — „איך וויל מאכן בלויז א באמערקונג”. דערויף שעפּטשעט דער עולם: „מ'דארף זיך צולייגן אויף א פּאָר שטונדן, מיטן טאָגן וועלן מיר זיך אויפכאַפּן און אַלץ געוואָר ווערן פון זיין „רעזומע”.

— אזוי איז ער זיך נוהג: רעדט, רעדט ס'ווערט אזש ניט גוט, און צום ענדע מאכט ער „אַן אויספיר פון דעם, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן”. ביים סוף ציט מען מיט די אקסלען, מ'ווייסט ניט וואָס עס האָט אים געקוועטשט, צי איז ער אויסן בלויז אנדערע א קוועטש צו טאָן.

זי האָט דערהערט בלינדערס מלמדישן טאָן:

— רחל, איר זענט געווען, א שטיקל צייט, מיין תלמידה, א פלייסיקע תלמידה: אַי שפּעטער האָט איר מיך אַביסל איבערגעוואקסן, ס׳הייסט געוואָרן א סטודענטין, און איך בין אין אוניווערסיטעט קיינמאָל ניט געגאנגען״. ער האָט זיך צעלאכט, ווי עמעצער וואָלט אים געקיצלט: כי, כי, כי . . .

—נו, איז וואָלט איר געווען א הינטעראויוון מיידל — איז מילא, גענוג אומווויסנדיקע, שמאַלקעפּיקע ווערן היינטיקע טעג אָנגעדרייט אויף א פאלשן וועג. גלויבן אין א פאלשן משיח — אָבער איר, דורך אייך פלעגן מיר געוואָר ווערן אַלע גרויסע וועלט־נייס, — ווייסט איר דען ניט, אז אמעריקע, ענגלאנד, פראנקרייך, יאפּאן, באטראכטן דעם באָלשעוויזם פאר א משוגעת, פאר א משוגענעם הונט. זיי וועלן אים צערייסן איידער ער וועט באווייזן א ריכטיקן ביל־טאָן״.

בשעת זיין רעדן האָט זיין מויל געשפּריצט איבערן גאנצן טיש:

— זיי, די ציוויליזירטע, קולטורעלע לענדער באגרייפן דורכאויס די ווילדקייט פון די דאָזיקע אויסוואורפן.

רחל האָט אים געקוקט גלייך אין פּנים און איראָניש א זאָג געטאָן:

— יאָ, צוליבן ראטעווען פאר אייערטוועגן רוסלאנד, לאָזן זיך די פאר־אייניקטע לענדער קאָסטן אין טאָג אריין. איר ווייסט עס אויך: זיי האָבן בדאי אויסגעשטאָט מיט די בעסטע מיליטערישע כלי־זיין, אפילו מיט אוניפאָרמס די דעניקינס, קאָלטשאקיס, פּעטליורעס, יודעניטשעס, אַלע פּאָגראָמשטשי־קעס״.

בלינדער האָט זיך יעכידנע פארקרימט:

— איר וועט מיר אנטשולדיקן, רחל, איך . . . כע . . . איך פארדעכטיק אייך חלילה ניט אין באָלשעוויזם, נאָר פארוואָס ניט פארהיטן זיך, אז די סלונע פון א משוגענעם הונט זאָל ניט באַרירן א געזונטן מענטשן״.

רחל האָט זיך געוואונדערט: זאָל ער עס אויך מיינען שלמהן? אמת בעת איר ארויסזאָגן זיך סימפּאטיש וועגן באָלשעוויזם, האָט שלמה אין אייניקע הינזיכטן איינגעשטימט מיט איר, דאָך איז ער גיכער א פּועלי־ציוניסט.

בלינדער האָט איר דערקלערט דאָס אומקלאָרע:

— די פּועלי־ציוניסטן, ס׳הייסט „די לינקע״, ווי יעדערער רופט זיי, זיינען, ווי זאָגט דער גוי: „ני מעני, ני טובי״. — „ניט פאר מיר, ניט פאר דיר״. די אָרנטלעכע ציוניסטן, די אויסגעהאלטענע צוניסטן, די אמתע ציו־ניסטן פארשטייען ניט וואָס די „לינקע״ מעקען. — זיי ווילן, זיי ווילן, וואָס ווילן זיי? נישטאָ קיין קלאָרע דיבורים, אז זיי ווייסן אליין ניט וואָס מ׳דארף וועלן״.

ער האָט זיך ארומגעקוקט צי מ׳הערט זיך צו צו אים און שמייכלנדיק צום בונדיסט האָט ער פאַרגעזעצט:

— „פארן אמת־אידעאַליסטישן ציוניסט, אפילו פארן באוואוסטזיניקן סאָציאַליסט — זיינען זיי טרף שבטרף. ס׳איז יעדערן באוואוסט: מ׳לינקט זיך אויס א פוס — איז מען קרום, מ׳קאָן ניט גיין גלייך. אז ס׳איז עפּעס אויסגע־לינקט אין קאָפּ — ארבעטן די קעפּ קרום. און ווער, מיינט איר, וועט אויס־נוצן די טיפּשות, די „לינקייט" פון די פּועלי־ציוניסטן? — די באָלשעוויקעס.

דאלפין האָט אים איבערגעשלאָגן דאָס חקירהן:

— וואָס האָט מען צו ריידן, אלע ווייסן אז דאָס גרויסע מויל, כ׳בעט אי־בער אלעמענס כבוד, וואָס דער באָלשעוויזם האָט געעפנט — וועט אים אליין פארשלינגען מיטן קאָפּ און מיט די פיס . . . כא, כא.

רחל האָט געקוקט אויף דאלפינס געלבלעך־פעט פארוועלקטן פּנים : די זשעדניקייט נאָך די געלטן, וואָס האָבן יאָרנלאנג געשוועבט פארן באנקיר, האָבן אויפגעגעסן דעם לעבעדיקן גלאנץ פון זיינע אויגן. — און אויב ביי די ציוניסטן איז א פּועלי־ציוניסט — „סלונע פון א משוגענעם הונט" — זיינען אָלע ציוניסטן ערגעץ אין זייערע קעפּ עפּעס קראנק. סיידן דער בלינדער לע־רער האָט זיך אליין גענומען א דערלויבעניש צו רעדן אין נאָמען פון אלע ציוניסטן.

זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם פּועלי־ציוניסט שאָץ: זי וואָלט ניט פאר־ביטן טויזנט „בלינדערס־ציוניסטן" פאר דער איבערגעגעבנקייט צו די אי־דישע אינטערעסן פון איין שאָצן.

.3

איינער מיט א ביקס האָט געבראכט א צעטעלע: „לאה פרענק זאָל דריי אזייגער קומען אין מיליציע".

— אונטערגעשריבן, האָט ברוך געזאָגט, — איז א מאכער פון „רעוו־קאָם". א טויט־שרעק האָט אַלעמען באַפאַלן. מיט קלאַפּנדיקע ציין, ווי פון פיבערדיקן קדחת, האָט לאה קוים ארויסגעזיפצט צו איר זון ברוך:

— „זאָלסט זיך ניט דערוועגן צו ווייזן אויף דער גאַס".

חנה האָט געבראָכן די הענט:

— „זיץ־איבער אין „סעקרעט".

מיט א פּנים ווי ביי א טויטן האָט ברוך אָנגעשטרענגט זיינע ליפּן צו שמייכלען, צו אויסלאכן די ווייבער. אָבער די שטענדיקע גלאַטקייט פון זיין רעדן האָט זיך באוועגט ווי אויף שפּיציקע שטיינדלעך.

לאה איז אוועקגעגאַנגען פון שטוב, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעזעגנט מיטן לעבן אירן .

ברוך האָט זיך געכעסט:

— „ווען מ׳דאַרף רחלען איז זי ניטאָ אין דער היים. זי וואָלט געדאַרפט גיין מיט דער מאַמען. קיין מיידלעך באַליידיקן זיי דאָך ניט, א יונג מיידל קאָן

באווירקן — זיי זאָלן דאָך זיין אביסל מילדער — ס'האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אין האלז.

אין צענטראל גאס, האָט מען גלייך באמערקט: „לאה אין מיטנוואָך אָן דעם גרויסן רייזע־טאש אויפן קורצן גרויען יאקל".

אַלע האָבן אָנגעשטעלט דערשראָקענע אויערן מיט פארשטומטע מיילער.

לאה האָט געפילט ווי זי, איינע אליין, וואָלט נאָכגעגאנגען נאָך איר אייגענער לויה, און זי האָט זיך באקלאָגט: אָפּגערש'ט, אָפּגעפּילדערט די בעסטע יאָרן; איינגעריסן מיט דער גאנצער וועלט, אפילו מיט די אייגענע קינדער, — אלץ צוליבן מאכן גרעסער און גרעסער די „קניפּלעך". זיך איינגאנצן פאר־לאָרן אין מסחר־אייפער, שטענדיק נאָר געשפּאָרט, פון זיך, פון די קינדער, — און איצט וועלן פרעמדע רוחות זיך ווארגן מיט אירע, אזוי שווער פאר־האָרעוועטע גרויסע פארמעגנס.

טראָפּנס שוייס האָבן ארויסגעטראָטן אויף איר אויפגערעגטן שיינעם פּנים: „ניט געוואוסט ווי צו לעבן".

מיטאמאָל איז צו איר געקומען דער אמת, אז אייגנטלעך האָט זי גאָרניט געלעבט: — אזוי פארהאָוועט געווען מיט אירע פארדינסטן, אז זי האָט איינ־גאנצן פארגעסן אין זיך, פארגעסן צו ליב האָבן די קינדער ווי א געטרייע, רואיקע מאַמע האָט ליב. — אין טומל'דיקן „הו האָ!" ווי אין א טיפן ים, איז אלץ דערטרונקען געוואָרן.

זי האָט באלעקט אירע פארשמאכטע ליפּן און איז אריין אין רעוואָקאָם.

**4**

ביי ברוכן אין שטוב איז געוואָרן ווי נאָך א לויה, וואָס דערמאָנט און מאכט צו טראכטן וועגן אייגענעם טויט.

מ'איז אריין אין הינטערשטן אַלקער, ווי צו באַהאַלטן זיך פון א מלאך־הבלה, פונם מלאך־המות. פאר די אויגן האָט געשווינדלט: אָן ארעסטירטע מאַמע — קייטן אויף די אייגענע הענט — עס שטיקט מ'קאָן אפילו ניט אראָפּשלינגען דאָס געשמאַקע געבראָטנס.

די פינגער האָבן זיך פון זיך אליין גענומען ברעכן, די געזיכטער בלאסן: מ'האלט שמאָל. מ'וואָלט געדארפט ערגעץ נעלם ווערן, אָבער ווי אזוי? וואוהין?

דער בוידים איז ביי ברוכן געוואָרן אונטער די פיס. דאָס טירל פונם „סעקרעט" האָט חנה אויפגעהויבן און עס פארמאכט איבער זיין קאָפּ. און מ'האָט צעשארט סטרושקעס — מ'זאָל גאָרנישט דערקענען.

חנה האָט געווארט מיטן אראָפּגיין פון בוידים ביז די דינסט איז ארויס פון קיך, זיך אָנגעריבן די באקן מ'זאָל אויף איר גאָרנישט דערקענען; גע־

ביסן אירע בלוי געוואָרענע ליפּן און בשום אופן ניט געקאָנט איינהאַלטן דאָס ציטערן פון איר גאַנצן קערפּער.

ביי ברוכן איז דער קאָפּ געוואָרן א שטיק פאַרגליווערט בליי אויף וועלכן עס ליגט א שווערע דעק. דער גאָלדענער זייגער אויפן האַרצן רעדט כסדר: „מ׳וועט דיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ״ . . . די ענגע ווענט רעדן נאָך . . . דער דרויסן חזרט עס איבער . . . עס שפּרייט זיך איבער שטעטלעך און שטעט...

— „ניין ! ער, ברוך פרענק, וועט ניט לאָזן זיך־גלאַט נעמען און אים אָפּווישן . . . ער וועט פאָדערן מ׳זאָל אויסהערן וואָס די שטאָט האָט צו זאָגן אויף אים. — אין 1905, נאָך די קעשענעווער פּאָגראָמען, וועלכע האָבן אים בדיל־הדל געשטעלט, האָט ער גלייך זאַיאַוועט צו אַלע זיינע קרעדיטאָרן, זאָלן זיי אים נאָר גיבן צייט, איז שווערט ער, אז ביז וואַנען ער וועט זיך ניט צעצאָלן ביז איינעם, — וועט ער קיין איין גראָשן ניט פאַרעכענען פאַר זיי־נעם . . . . און ניט פון טראָגן ווייסע הענטשיקעס האָט ער געהאַלטן וואָרט, ער איז באַגלייך מיט די אַרבעטער געשטאַנען און אָנגעפּילט, געפּראָפּקע־וועט פלעשער מיט וויין פון די פּאַר געראַטעוועטע ווייַנשטאָקן.

— ער איז ניט פון די ירושה־גבירים, וואָס קאָנען ניט א האַנט אין קאַלט וואַסער אַריינטאָן, וואָס ווייסן ניט וואָס עס הייסט „ליידן״, וואָס ווייסן ניט אַז אַן אַנדערער דאַרף אויך לעבן, אַן אַנדערער האָט אויך א נשמה.

„יאָ, אַזוי וועט ער זיי זאָגן״.

עס האָט זיך אים פאַרגעשטעלט: מ׳נעמט חנהן פאַר א משכן אז ער זאָל קומען אין רעווקאָם. די קינדער וויינען. — פאַרוואָס קומט חנהן מיט די קינדער דורכצולעבן אַזא שרעק און לסוף וועט ער סיי־ווי זיך איבער־געבן צו זיי.

ער האָט געוואָלט אויפהייבן דאָס דעקל, — זיינע הענט זיינען געווען ווי געליימט . . . ער איז הילפלאָז געבליבן שטיין אויף א טרעפּל: וואָס איז ער שולדיק אין זיין ווערן, ווי זיי רופן עס אָן „א בורזשוי״? געהאַנדלט האָט ער מיט דער צאַרישער העכערער נאַטשאַלסטוואָ — מיניסטאָרן, גענעראַלן, אָפיצערן,אַלץ וואָס ער האָט געטאָן — האָט ער נאָר אויסגעפאָלגט זייערע באַפעלן.

ברוך האָט א ציטער געטאָן: : עס גייט אים נאָך איצט דורך א גרויל פון דעם קוק וואָס דער גענעראַל האָט אים געגעבן, ווען ער, ברוך, האָט א פרעג געטאָן — „טאָמער וועט מען איבערוועגן די קאַסטנס חזיר און זען אז ס׳פעלט אַזוי פיל?״ האָט מען אים געגעבן א קוק אָן און אָן ענטפער אים דורס צו זיין, „יענע וואָס קריגן די קאַסטנס — וועגן ניט ! און די צעטלען מיט דער וואָג קומען ניט אָן צוזאַמען מיט דער סחורה ! אידן, מאַשעניקעס דאַרפן אַזוינס ניט פרעגן !! !״

— „ווען ער זאָל געווען אויסרעדן דאָרט נאָך א וואָרט — וואָלט ער שוין פארשפּאָרט צו טראכטן, אז ער איז געצוואונגען צו זיין ניט אָרנט־לעך״.

---

כאָטש לאה האָט זיך מיט קיינעם ניט אָפּגעשטעלט, צו קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, האָט מען זיך דאָך גלייך דערוואוסט וואוהין זי איז געגאנגען. און צוריקוועגס, שוין אביסל א בארואיקטע, האָט זי, מיט אן אינ־וויניקן שמייכל, באמערקט צו זיך: מ׳מיידט זי אויס, ווי א מגפה־וואָגן.

אין הינטערשטן אלקער, האָט לאה, הינטער א פארשלאָסענער טיר, דערציילט ברוכן מיט חנה׳ן:

— „מ׳האָט איר געזאָגט, מ׳ווייסט אז זי און איר זון זיינען די גרעסטע סוחרים אין שטאָט. איינער האָט א בורטשע געטאָן — „די גרעסטע שאַ־כערס״ — אָבער דערוויל דערלויבן זיי צו האנדלען״.

— „דערווייל?״

— יאָ, אַזוי האָט ער געזאָגט: „דערוויל דערלויבן מיר אייך צו האנד־לען, אָבער מיט א באדינג, — זיין אָרנטלעך צום ארבעטער, צום פאָלק. ניט נאַרן און ניט באַרייסן!״

ברוך האָט זיך ארייַנגעטראכט אין די פּאָר געציילטע ווערטער און גע־זאָגט דער מוטער און חנהן:

— מ׳דארף קיינעם גאָרנישט ניט דערציילן, מ׳איז ניט זיכער וואָס דאָס גאַנצע רופן מיטן אָנזאָגן באטייט״.

היפּשע עטלעכע טעג איז ניט געווען ווען עפּעס אויסצוזאָגן, סוחרים, מעקלערס האָבן אויסגעמיטן לאהס און ברוך פרענקס טירן.

האָט לאה אויסגעלאָזט ס׳ביטערע הארץ צו רחלען:

— „אזוינע־אָ, ווי דו, וואָס קאָנען, אין דיין גראד, זיך ארומפירן מיט א מענדל שלעפּערס יורש, האָבן געבראכט אַלע אומגליקן אויף דער וועלט״.

רחל האָט אין זיך געשמייכלט: ער וועט ירשנען שלעפּעריי.

אָבער לאה איז ערנסט בייז געוואָרן:

— וואָס קוועלסטו ווי א באָקסער, איך מוז מאַכן א סוף, אן ענדע! זיי ווילן דאָרטן לאה זאָל באַצאָלן א פינף־און־צוואנציקער פאר דער גלאָז פישעכץ־טיי, וואָס ס׳טעכטערדל מיינס האָט זיך דאָרט געקוויקט, איז וועל איך זיי געבן, און מער זאָל איך אים אויף מיין שוועל ניט זען!״

דער מוטערס איבערחזרן: „ס׳איז מיר א בזיון צו ווייזן ס׳פּנים פאר מענשן, איך שעם זיך איבערצוגייַן די גאס״, האָט דערמאָנט דער שווער אויפגערעגטער רחלען, אז אויך מיט איסרן, צוליב גאָר ניט־וויכטיקע זאַכן, האָט די מאמע אויך אזוי איינגעטענהט.

„ביז ס׳האָט אים פארטריבן קיין אמעריקע״.

ביי רחלען האָבן די אויגן געגליט: איצט, איז ניט קוקנדיק אויף איר ספּעציפישן ווידערגעפיל צו רעכענען זיך מיט דער גאס, א ווידערגעפיל, וואָס האָט זיך נאָך פון קליינערהייט אָן אויסגעארבייט אין איר, צווינגט זי, די זעלבע גאס, צו גיין קעגן אירע פערזענלעכע געפילן, גיין אפילו קעגן וועלן פארהיטן דער מוטער פון זאָרגן.

זי האָט זיך פארקלערט וועגן געזעלשאַפטלעכער דערוואקסנקייט: פאר־וואָס טרעט עס צו איר צו אזוי פאַרזיכטיק, אזוי פאַמעלעך? וועט זי אמאָל רייף ווערן?

זי האָט אין איר זיכרון געזוכט עפּעס צוציענדיקס אין שלמהן. קרבנות־גרייטקייט צוליב וואָס ? קאָן מען דען דאָס לאנג אויסהאלטן? צוליב וואָס? אפשר איז עס גאָר אינגאנצן נישט קיין קרבן.

אירע באַקן האָבן רויט געפייערט, זי האָט געפילט זיך אויסצוזידלען, זיך שארף אריינזאָגן: וואָס נעמט זי זיך אזוי איבער. פארקערט, ער וועט איר ארויסהעלפן, אָנהייבנדיק פון . . . פון ? . . .

די פארב פון איר פּנים איז אוועק: זי האָט נאָך פון זיך גאָרנישט צו־געטראָגן. ווען עס האנדלט זיך נאָר אין רייך צי אָרעם, — איז זי נאָך אָרע־מער פון שלמהן. מיט איר מוטערס פארמעגנס קער זי, זיך גאָרנישט אָן. א חוץ איר קליין נאַריש לעבן פארמאָגט זי גאָרנישט.

פּלוצים איז שלמה אריינגעקומען. ער האָט דערזען: רחל איז זייער א בלייכע און זייער שיין.

— „איך בין היינט פרי פריי, די באַלעבאַטים זאָגן: „עס לוינט זיך זיי צו צאָלן אונז און האלטן די קראָם פאַרמאַכט". ספּעקולאנטן אויפן פאָלקס חשבון, זיי ווייסן שוין — זיי וועלן דערפאר שפּעטער בעסער אויסמאַכן.

רחל ציטערט: איר מאַמע וועט אריינקומען, וועט זי אים באַליידיקן מיט איר ווערטער באַצאָלן אים דעם „פינף־און־צוואַנציקער".

— קומט אביסל שפּאצירן.

ער האָט זיך פריילעך פאנאנדערגעלאכט:

— „ווי איר וואָלט געלייענט מיין פארלאַנג".

## 5.

זיי זיינען שוין געווען העט־אַרויף אויף דער אפּטייקער גאס, האָט טאַ־ניע גרין א רוף געטאָן: „שלמה, קומט אהער, איך דארף אייך עפּעס האָבן".

רחל איז פאַמעלעך געגאַנגען אראָפּ דער לאנגער אפּטייקער־גאס. מ'האָט זיך איר געגריסט, מיט נייגעריקייט נאָכגעקוקט, געשושקעט זיך. ביז זי האָט זיך דערזען ביי דער צענטראל גאס. עס האָט אין רחלן א כוואַליע גע־טאָן: טאַניע האָט גערופן שלמהן צו איבערבעטן זיך.

א שטיין איז אראָפּ פון רחלס האַרץ. זי איז געשווינד אוועק אהיים אומ־קערן דער מאַמען א „סטאַטעטשנע" מיידל. זי האָט זיך שטאַרק געפרייט, וואָס זי וועט דער מוטער ניט דאַרפן אָנטאָן קיין יסורים. עס האָט אין איר געזונגען: „זי איז פריי!"

עס האָט אין איר טריאומפירט א פריידיקער נצחון: שלמה איז פון איר אוועק, ניט זי פון אים! אוועק איז ער פון א רייך מיידל צו אן אָרעמער. אוועק ניט צוליב געלט, נאָר צוליב ליבע. און האַלט זיך לאה פרענק מיט דיין שווערער „פּויטיקע נדן".

זי איז אַריין צו אירע פּלימעניקלעך מיט א קלינגענדיק געלעכטער:

— קינדער, קומט טאַנצן!"

זיי האָבן געטאַנצט, געלאַכט און געבעטן:

— „מומע רחל, דו האָסט שוין לאַנג ניט דערציילט אונז קיין מעשה־לעך".

זי האָט זיך ניט געלאָזט בעטן און גלייך גערעדט:

„א מיידעלע איז געגאַנגען אין וואַלד קלייבן יאַגעדעס, אויפן וועג האָט זי דערזען א בין איז אַריינגעפלויגן אין א בלימעלע.

— דאָס מיידעלע האָט זיך דערשראָקן: דאָס בינעלע וועט לאָזן א גיפט דעם קווייטעלע.

— האָט זי גענומען אזוי שטאַרק טרייסלען דאָס דינינקע שטענגל, אזש אַלע שייניניקע, ראָזעווע בלעטלעך זיינען אראָפּגעפאַלן" . . .

די פּלימעניקלעך האָבן אַלע אויף אַמאָל איר דערמאָנט:

— „דו האָסט דאָך געזאָגט, אז בינען זויגן אויס בלויז אביסעלע זיסן זאַפט, פון וועלכן עס ווערט אין זייערע בייכעלעך האָניק פאַר גוטע קינ־דער".

רחל שמייכלט צופרידן פון זייערע גוטע זכרונ׳ס:

— „ס׳איז אמת".

א קליינער פּלימעניק שרייט אויס: „איז דאָך דאָס מיידעלע א נארישעו!"

רחל הייבט דעם פּעמפּיק ביז דער סטעליע און זאָגט אין זיין טאָן: „זייער א נארישעו!"

זי האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט און די קינדער מיט איר.

זיי האָבן שוין לאַנג ניט געשפּילט זיך אזוי פריילעך מיט זייער רחלען.

* * *

מאָרגן פאַרנאַכט, רחל האָט שוין כמעט פאַרגעסן אין שלמהן. פּלוצים, ער איז דאָ ! זי קלערט: — ער איז עפּעס שענער געוואָרן, א פרישׁ אָפּגע־וואַשענער, צי וואָס ? זיין אָפּגעריבענער גלאַנצנדיקער פּידזשאַק שטאַרק אויסגעבערשטלט. אַלץ גיט אַרויס זיין צופרידן האַרץ. מיט איר וואָלט ער

— קיינמאָל ניט געווען אזוי גליקלעך . . . אָבער וואָס דרייט ער א מוח? „פרעמדע נשמות — פרעמדע סודות".

— כ'רעד עס אנטקעגן דעם, וואָס איך פיל זיך שולדיק פאר אייך, כ'האָב אייך איבערגעלאָזט אליין אין גאס".

רחל פילט אויסצושיסן א געלעכטער:

— „מ'דארף זיך ניט פארענטפערן, כ'בין ניט פארלאָרן געוואָרן".

ער קנייטשט זיין צעקנייטשטן הוט:

— כ'האָב געמיינט כ'גיי מיט טאַניען נאָר אויף א ווײַלע, נאָר זי האָט אָנגעהויבן צו טענהן אז ס'איז איר א שטארקער פארדראָס, פארוואָס איך, א פריינט פון אזוי פיל יאָרן, בין ניט געקומען איר דערציילן.

די פארב פון זיין פנים האָט זיך אָפּגעצויגן און ער איז געוואָרן א געלער אויסגוס:

— פרעגט גאָרניט מיט וואָס בערדיקע אידן און אידענעס קהל'ן זיך אין קליינעם שטעטל. און אַלע ווייסן עס שוין, אַז אייער גלאָוונע גאס דינגט זיך מיט אונזערע חורבות. מ'האָט אָנגעהויבן פון צען רובל, ארויף אויף א פינף־און־צוואנציקער כ'זאָל זיך אָפּזאָגן פון אייך.

זיין פנים האָט זיך געמינעט: בלאס, רויט, טויט, ווי מ'וואָלט פון דעם אין־און־אויס געפּאָמפּעט דאָס בלוט.

— „טאַניע האָט ממש געוויינט, וואָס איך בין ניט געקומען צו איר ווי אַן אויסגעהאלטענער פריינט צו א פריינט".

ער האָט זיך א גלעט געטאָן זיינע געלע קוטשערלעך:

— כ'האָב איר אָפן געזאָגט, דאָ אין שטעטל בין איך בכלל א געבענטשטער, צי א געשטראָפטער — אַלע דערציילן פאר מיר אויס ס'ביטער הארץ. זי — איר יעדע פרייד, אירע מינדסטע יסורים. אָבער האָט זי כאָטש איינמאָל א טראכט געטאָן, די געלערנטע טאַניע, אז איך דערצייל איר גאָרנישט פון זיך.

ער האָט אָנגעשטעלט זיינע שמייכלנדיקע, פייגלשע אויגן:

— „אנדערש, האָב איך איר געזאָגט, איז מיט רחלען: מיט יעדן מאָל וואָס כ'גיי אוועק פון איר, — פיל איך ווי גאַנצע משא'ס פון מיין געדריקט, פארצווייפלט געמיט פאלן פון מיר אַרונטער. — און פון זינט אלע טומלען וועגן אייער מוטערס וואָרענען אייך, אז זי וועט קיין גראָשן נדן ניט געבן, און איר, רחל, פארטרייבט מיך ניט. — איז אויפגעגאנגען א גרויסער, העלער יום־טוב אין מיר".

ער האָט אינגאנצן געציטערט פון באגייסטערונג:

— „רחל, די שווערסטע ארבעט אין דער וועלט וועט ניט זיין צו שווער פאר מיר צו אָפּדאנקען אייך. איר וועט מיר העלפן ארויסשלעפּן אויך מיינע שוועסטערלעך".

ס׳האָט זי געדריקט עפּעס אַזוינס וואָס האָט ניט קיין נאָמען ? ? . . .
חובות אזעלכע: —א חוב צו דער אייגענער סביבה, א חוב צו דער גערעכ־טיקייט. איז וועמען זאָל זי צאָלן? ביידע אין דער זעלבער צייט ווילן אינ־גאנצן, און זי איז נאָר איינע.

זי האָט מיט שטומע אויגנווינקלען אים באטראכט: זיין שמאָל לענגלעך פּנים דריקט אויס תמימות און גוטסקייט, כאָטש זיינע פייגלש־פארצויגענע גרויע אויגן זיינען ניט אזוינע מילדע. דער קאָפּ קינדעריש קליין, העל־געלע האָר. נאָך געלערע, געדיכטע ברעמען מיט א פּאָר לענגער־ארויסגעוואקסענע האָר, זיי האלטן זיך אין דער לופטן, ווי בויגנס; זיי היטן די אומגעזעענע וויעס. — א ברייטע נאָז, די ליפּן, — אינדערמיט גראָבע, די אויבערשטע פאריסן איבער אויסגעקרימטע ציין. אינאלגעמיין אָבער ניט העסלעך. פאר־קערט אָט האָט ער דאָך מער מיידלעך חברטעס ווי חברים. אָבער איר מאַ־מע שפּייט פון אים: „דער גאנצער מאן אין אים, — איז איין בלאָז פון א ווינטל״.

סאָשעס הויכער, שלאנקער קערפּער מיטן גרויסן שיינעם קאָפּ, מיט דער טיפקייט אין זיינע קרומלעכע, ארייננדרינגנדיקע אויגן — האָט גערופן און געטריבן רחלען: „איר בייזער גאָט״ . . . שא, אפשר וויל שלמה זיין גרויס געפיל צו טאָניען פארטומלען מיט א רחל?

שלמה האָט געפיבערט אין זיין אומזיכערקייט:

— „רחל, מעג איך אייך א קוש טאָן?״

עפּעס פרעמדס האָט זיך צעשטיפּט אויף איר אָפּגעצערט פּנים: אויף צו־להכעיס דארף מען צוזאמען זינדיקן. יאָ, ווער דארף א שטענדיקע צנועה. איר יוגנט מיט אַלע אירע ניט־אויסגעלעבטע חלומות מעגן קראַפירן צוזא־מען מיט די פאסקודנע צענטראל גאסניקעס.

זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים ווי אן אָפּגעלעבטע אידענע: — ווי לייכט־זיניק זי איז, זי פילט גוט ווען ער קושט איר שטערן. ווי גרינג זי גייט אי־בער פון איין געפיל צום אנדערן. איז זי ביים קלאָרן זינען? יאָ, אזוי דארף מען זיין. אזוי וועט עס גיין.

זיין נאַאיווע־ריינע ליבשאַפט צו איר האָט אויפגעוועקט אין איר בענק־שאפט. אן אָנגענעמע אומרואיקייט האָט זי געוואָרנט: „געדענק, האלוצינאַ־ציע איז א קראנקהייט״.

— „שלמה, כ׳מוז אייך זאָגן דעם אמת, אין אייערע פיינע רייד — הער איך אן אנדערן״.

זיין פּנים האָט זיך צעשטראלט, די פייגלשע אויגן צעגלאנצט:

— „בין איך טאַקע זייער צופרידן, וואָס איך מאך אייך פילן גוט, — פאר אייער אזוי גוט־זיין צו מיר״.

אירע אקסלן האָבן געצוקט: א גליקלעכער מענש, פון אלצדינג איז ער צופרידן.

זיין קאלטבלוטיקע רואיקייט, וועלכע האָט איר אזוי אויסגעפעלט, האָט זי אָנגענומען ביי דער האנט און געפירט צו אים: פון סאשען האָט זי גע־וואָלט ער זאָל ליב האָבן די וואָס זי איז געווען, ניט גלאט זיך צונויפקומען מיט יענער, וועמען ער האָט זיך אפילו ניט באַמיט צו קענען. — שלמהס ניט קענען זי, מאַכט ניט קיין אונטערשייד.

ס׳האָט איר אָנגעהויבן האַקן אין די שלייפן, זי האָט געפילט זי ווערט מסוכן נערוועז: אָט, אָט און עס וועט אין איר געבוירן ווערן א שנאה צו אים און זי וועט אים קיינמאָל ניט אויפהערן פיינט האָבן.

זי האָט האסטיק געזאָגט: —

— א גוטע נאכט, שוין ניט פרי, צייט צו זיין אין דער היים״.

זי האָט זיך קוים אָפּגעהאלטן פון נאָכשרייען אים: „איר זאָלט צו מיר מער קיינמאָל ניט קומען, קיינמאָל ניט!״

* * *

די חברטע ליזע וואָלט געוואָלט ארויפזעצן אויף רחלען איר קאָפּ מיט אירע דורכגעלעבטע יסורים פון ניט קאָנען דערגרייכן וואָס מען וויל, פון ניט האָבן וואָס מ׳וואָלט געדארפט האָבן:

— „הייס שלמהן גיין פונוואנען ער איז געקומען. אָרעמקייט, נויט צע־שטערט די רו, צעשטערט די געמיטלעכקייט, מאכט בייז, פארדארבט דעם מענשן. שרייב א בריוו צו דאווידן, ער איז דיין גלייכן״.

— „פארוואָס, ליזע טייערע, האָסטו תמיד געלויבט שלמהן און געזאָגט, אז ער מיט טאניען זיינען א זעלטן פּאָר. מיט וואָס בין איך ניט ווי טאניע?

ליזעס גרויסע, קלוגע אויגן זוכן עפּעס זייער אָנגעשטרענגט:

— „אויך א פארגלייכעניש. טאַניע האָט זיך געלערנט א דאנק איר באַ־דינען אירע לערערס, זייערע משפחות. טאקע אויף אן אינטעליגענטן אופן, דאָך געניאנטשעט זייערע קינדער. אלץ דורכגעגאנגען פארן געשענקטן ביסל וויסן. דערצו דאָס לעבן ביי איר אין שטוב, און דער עיקר — דער כאראק־טער אירער איז אינגאנצן אַנדערש״.

רחל וויל וויסן: — „מיט וואָס איז איר כאראקטער אנדערש פון מיי־נעם ?״

ליזע האָט זיך געשויבערט אירע קרייזעלעך וואָס קוקן אויס ווי איר קאָפּ וואָלט געווען באהאנגען מיט ברוינע גלעקלעך:

— „טאניע האָט שכל, זי וועט טאָן אלצדינג, אָבער זי צילט צו איר טובה. — דו, ביסט עפּעס א מאָדנע, א טשודנע, זייער אָפט איז דיך זייער שווער צו פארשטיין. דו האָסט ניט ליב שלמהן, און כ׳בין זיכער אז האָסט מורא אים ווייטאָן. אָבער טאניע איז שוין פון אַזוי לאַנג צוגעוואוינט צו

שלמהן, דאָך וויל זי אים ניט. זי זאָגט אויסדריקלעך — „זי זוכט א רייכן פריינט, אן אינטעליגענטן מיט מעלות און — רייך״.

ליזעס פּנים איז מיטאמאָל רויט געוואָרן:

— „כ׳וועל ניט פארלייקענען ניט פאר דיר, ניט פאר שלמהן. — איך, די ערשטע, האָב דערציילט דיין מאַמען וועגן זיין שדכנען זיך צו דיר״.

רחל האָט אין די געדאנקען געקושט די חברטע: ליב מיידל, צוליב גרויס איבערגעבנקייט האָט זי אַנגעטאָן דעם שפּל׳דיקן, העסלעכן בגד פון א מסור. דאָס געמיינע לעבן האָט דערפירט, אז אפילו אזוינע וואוילע ווי ליזע, טאָגיע זאָלן קוקן אויפן מענשן און אים אָפּשאצן לויט זיין פארמעגן.

א בייזקייט, א צאָרן האָט באהערשט רחלען: אויף צעזעצעניש אלע געמיינקייטן, וועט זי חתונה האָבן מיט שלמהן.

6.

אַנשטאָט דעם רעליגיעזן אידנס גיין אין שול צו זיין נענטער מיט גאָט, דערהויבן זיין נשמה, איז פאר די משכילים די שול געוואָרן א פארוויל־אָרט. מ׳פלעג א זינג טאָן מיטן עולם דאָס שבתדיקע דאוונען, און נאָכדעם האָט דער בעל תפילה אַליין געדאַוונט, אָבער זיי האָבן בשעת מעשה געשמועסט, זיך געוויצלט, געפילאָזאָפירט, זיך איבערגענומען מיט זייערע קענטעניש, זיך באַרימט מיט זייער וועלטלעך וויסן.

אין דער היים, האָט מען דערציילט פארן ווייב: ווי ער האָט אויסגע־נומען, ווי ער האָט אויף זייער א חריפות׳דיקן אופן דערוויזן שמערלען, זרחן, אז זיי ווייסן ניט פונדאנען אהין, אז זיי זיינען אָפּגעשטאַנענע פארשוי־נען. אָלע האָבן געהאַלטן מיט אים, אז בערל פוקס טייטשט נאָך אויס זאכן, ווי דער פארשלאָפענער רבי ביי וועמען זיי האָבן צוזאמען געלערנט.

אַנשטאָט טשאָלנט, האָט מען געגעסן א פריש דערוואַרעמטע יויך. קאָכן אום שבת האָט מען זיך נאָך ניט דערלויבט. אָבער פונם דערוואַרעמען אליין האָט מען אויך געהאַט גרויס הנאה, און איטלעכס מאָל איבערגעחזרט: „א הייסער מלאך אונזער ספּירטאָווקע״.

די לעצטע מלחמה־יאָרן, איבערהויפּט אין די פּאָגראָמען־יאָרן איז דאָס צונויפקומען זיך אין משכיל׳ישן „שולכל״ געוואָרן וואָס אמאָל זעלטענער, סיידן פּסח, שבועות, ראש־השנה און יום־כּפור. אויב ס׳איז אויסגעקומען ערב א פּאָגראָם — האָט מען אויך די יום־טובים געדאַוונט אין א שטוב, וואו מען האָט זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן.

שבת אינדערפרי. פון הינטערן שטעטל האָט זיך געטראָגן א קאַנאָנאַדע, דאָס שטעטל האָט געגרוילט, געלאָפן זיך באהאַלטן אויף די בוידימער, קע־לערס, „סעקרעטן״, אָבער ארום צען אזייגער האָט מען זיך גענומען ארויס־יאָווען פון די באַהעלטענישן.

זעקס רייטערס מיט א רויטער פאָן, מיט רויטע שניפּסלעך זייגען אריין אין שטאָט און גלייך אוועק צום רעווקאָם און דאָרטן אָנגעזאָגט א בשורה:

— „די באָלשעוויסטישע אַרמייען זיגן אויף אלע פראָנטן! ! !"

דאָס שטעטל האָט זיך אי באַרואיקט, אי שטארק אומרואיק געוואָרן: די האָפענונג, אז מאָרגן, איבערמאָרגן וועט מען פּטור ווערן פון די רויטע, איז געוואָרן וואָס אמאָל ווייטער און צווייפלהאַפטיקער.

כמעט יעדע שטוב אין צענטראַל גאַס, אפילו אז זי האָט נישט קיין קלייט אין זיך, קער זי זיך אָן מיט א קראָם אין מארק גופא. אלע האָבן גע־טראַכט אז די טייערע ריווחים, וואָס זיי האָבן געהאַט ביז איצט, וועלן גאָר קיינמאָל ניט אויפהערן.

דער פלוצלומדיקער גערודער, פּלוצלומדיקער געברוויז איז זיי ניט קלאָר, זיי קאָנען אים ניט פארשטיין, זיי ווילן אים ניט פארשטיין: „קיינער האָט נאָך ניט פארזאָרגט די וועלט און קיינער וועט זי ניט פארזאָרגן. יע־דערער מוז זאָרגן פאר זיך, פאר זיינע עסקים. פארדינט מען מער, — האָט מען מער".

איז מען ארומגעגאַנגען אין גאַס פאר׳דאגה׳טע:

— „אמת, די „גדולים" האָבן פארטריבן די רוצחים, נאָר וואָס קומט אַרויס, אז זיי אליין זיינען נאָך ערגער פון רוצחים, — זיי הרגענען אויף טויט דעם מסחר".

* * *

אז ס׳איז ניטאָ וואָס צו טאָן איז ברוך אריינגעגאַן זען וואָס די מאַמע מאַכט.

דורך דער אָפּגעשפּארטער טיר פון איר צימער, הערט די באַוועגלאָזע רחל, ווי איר ברודער טרייסט די מוטער:

— „זעסטו, מיט א האַלב יאָר פריער, וואָלט איך אויך געזאָגט: „מ׳דארף טאָן אַלץ אין דער וועלט ניט צו דערלאָזן דעם שדוך". אָבער היינטיקן טאָג, ווען מיר מוזן צוגעבן אז געלט פארלירט צוביסלעך דעם ווערט, און יחוס האָט מען שוין פון לאַנג אָנגעהויבן פארקוקן. זיין מוטער קומט דווקא אַרויס פון די ראַפּאָפּאָרטס, אַי דער פאָטער, דער עיקר שלמה אליין, ער איז אַן אָרנטלעכער, א שטילער און קוקט אויס צו האָבן א גוטן כאַראַקטער, אָט האָט ער אויסגעהאַלטן זיין משפּחה.

— „צו האָבן שנאָרערס אויפן קאָפּ — איז ביי דיר א מעלה!" האָט לאה אים בייז איבערגעשלאָגן, — האָסט זיך שוין אויך אָנגעשמעקט פון די משו־געים?

ברוך האָט געלאָזט אייף זיך פאַלן דער מוטערס צאָרן אָן א שום ענט־פער: ער פארשטייט איר אויפגערעגטקייט, ער קאָן איר ניט זאָגן, אז ס׳קאָן זיין טאָמער וועט חלילה דאָס באָלשעוויסטישע אָנשיקעניש לאַנג אָנהאַלטן,

— וועט דער שדוך נאָך אפשר זיין א טובה. ווי א שטייגער אז מ'טרעט אריין אין טינוף, זאָגט מען פארשטעלטערהייט — „אריין אין א געדיכטן יחוס". אזוי קאָן זיין וועט מען זיך נאָך דארפן באַרימען מיט די מחותנים, כדי נושא־חן זיין ביי די וואזשנע מושלים, וואָס רוסלאנד האָט זיך דערלעבט.

לאה האָט זיך באקלאָגט:

— „מענדל, דער קבצן, וועל איך דארפן זאָגן, איז מיין מחותן, פארוואָס קומט עס מיר ? ! קאָן מיר אפשר עמעצער פאָרווארפן, אז כ'האָב ניט גענוג געהאָרעוועט, אז כ'האָב אן איבעריקן גראָשן פארטאכלעוועט. — כ'האָב אָפּ־געשפאָרט אוצרות צו געבן איר נדן".

רחל'ס טיף באהאלטענער נקמה־געפיל האָט געפונען א וועג זיך נוקם זיין אין איר מוטער פאַר אלע אונטערדריקונגען, שטערונגען און יסורים וואָס זי האָט פארשאפט אירע אייגענע קינדער. זאָל עס אפילו איר, רחלען, ברענגען דעם גרעסטן שאָדן, זאָל עס אפילו זי, ווי א טאָכטער, פיינלעך וויי־טאָן, — ווייל ניט קוקנדיק אויף אַלע שווערע חשבונות האָט זי שטארק ליב איר מוטער, און דאָס דאָזיקע געפיל האָט זי ניט געקאָנט ארויסרייסן פון זיך. פארקערט, זי האָט עס געהאלטן זייער טייער. ווען עמעצער וואָלט עס גע־וואָלט ביי איר צונעמען — וואָלט זי מיט יענעם פארפירט א פארביסענע מלחמה.

— „פארוואָס זשע פארוואונדיקט זי איר מוטערס הארץ?" דערויף האָט רחל ניט קיין ענטפער. דאָס איז א געהיימניש פאר דער ניט רעליגיעזער און ניט אבערגלויבערישער מיידל.

— זי ווייסט בלויז: באגעגנט האָט זי זיך מיט שלמהן אין דער בייזער שעה, ווען איר מוטערס אומבאגרינדעטער פארלאנג האָט ארויסגעריסן זי, רחלען, פון שפּיטאָל און עפּעס א בלינדער כוח, מיסטיש באשטראָפט דורך דער טאָכטער פאר די ניט געראטעוועטע, אומגעקומענע לעבנס.

רחל האָט אריינגעקוקט אין זיך: און זי איז א קרבן פאר גאָר אן אנדער חשבון — פארן וועלן דערשטיקן אין זיך א גרויס געפיל. און אפשר אויך פאר ניט ראַטעווען יאָסלען . . . זי פארשטייט שוין גאָרנישט !

איר הארץ האָט געבלוטיקט צוליב צוויי קעגנזייטיקע געפילן. א נאָגע־ניש מיט פיינלעכן מיטלייד. זי האָט געפילט ארומצוכאפּן איר מוטער און איר פארזיכערן, אז זי וועט קוקן אויף דער וועלט מיט דער מאַמעס אויגן: וועט אפשר אפּגיין פון איר די אומרו, די צעטראָגנקייט. די מרה־שחורה.

דער קאָנטראַסט צווישן איר קלוגער, ציכטיקער, שיינער מוטער און שלמהס שטארק באגרענעצטער, חושכדיקער מאַמען מיט דער דאָרטיקער אָפּגעלאָזנקייט, נויטבאדערפטיקייט — האָט געשטיקט רחלען מיט אומפאר־געבלעכן פארדראָס אויף זיך, אויפן אייגענעם עקזיסטירן:

— „זי האָט דערפירט איר מוטער צו באמת־שווערע איבערלעבונגען".

נאָך נאָך עמעצער אין רחלען האָט פּראָטעסטירט: — „מה רעש? פאַר־וואָס דאַרף שלמהס משפחה און אַלע פון יענער גאַס זיך שטיקן אין חשכות, נויט ? און פאַר די אַרויפגעקראָכענע אין די העכערע גאַסן — איז בלויז דאָס אנקערן־זיך מחותנים א קאַטאַסטראָפע".

רחל הערט זיך שטאַרק איין אין די צווייענדיקע, סתירותדיקע טענות אין זיך: „אָנו לאָזן זיך די צוויי מאַמעס בייטן מיט זייערע לאַגעס".

רחלס ליפּן בייסן אויסצושרייען: „ס'איז א חוצפּה!" נאָר עפּעס פאַר־קרימען זיי זיך אין א צוריקגעהאַלטענעם געלעכטער, וואָס איז ביי איר גע־בליבן שטיין, ווי א געשמאַקער ביסן אין דער לינקער כלי.

.7

„מאַמע, פאַרוואָס זאָרגסטו אַזוי פיל? וואָלט דען געווען בעסער כ'זאָל געווען נעמען דיין „גאָלדגליק" טראַכטענבערגן און אצינד, ווי מאַניע מיטן גרויסן בויך, זיך וואַלגערן דורך די נעכט אין זיידענע קליידער אויף פּליושע־נע סאָפעס און אויסווייינען די אויגן, אַרויסקוקנדיק ווען וועט דער מאַן — דער שיכור, קאַרטיאָזשניק און שיקסעניק קומען אהיים:

לאה איז פול מיט צאָרן:

— „אָבער שלמה זוכט יאָ א רייכע כלה!"

— „ניין, ניט אמת, ער וויל מיר געבן געלט צו פאָרן קיין אָדעס צום אָנהייב יאַנואַר, און ער וועט ביז יאַנואַר אָפּשפּאָרן גענוג צו קאָנען אויך קומען אהין".

— „אַזא לעקעשעוואַטע בחור, אָבער ער ווייסט ווי אריינצונאַרן, גע־דענק רחל, וועסט זיך פאַרשעלטן דיינע יאָרן".

— כ'האָב עס שוין געהערט הונדערט מאָל, און איך האָב שוין גענוג צייט אוועקגעגעבן אויף גריבלען זיך אין זיך.

— מאַמע, דו, א חוץ דיין שטענדיק צעטראָגן זיין צו פאַרדינען וואָס מער און מער, האָסט קיום א באַגריף — „וואָס הייסט פרייד". אָבער איך, אפילו לעצטנס, אין טעג ווען כ'בין געווען טויט הונגעריק, בין פונם ליכ־טיקן פרילינגדיקן טאָג אין אָדעס געוואָרן פול מיט שמחה, כ'האָב געדאַרפט באַנוצן דעם געדאַנק צו דערשטיקן די פריילעכקייט אין מיר.

— מאַמע, א וואַרעמער זומער טאָג — איז א מחיה, די זון גלעט אַזוי סאַמעטן אויף דער נשמה ! א שטאַרקער פראָסט — קרעפטיקט אויך דעם מוט. יעדע רגע פון לעבן קאָן מען נעמען, און אויך אוועקגעבן פון זיך, א סך פרייד. אַז איך וועל ענדיקן אויף דאָקטער, וועל איך . . . וועל איך שוין וויסן וואָס איך האָב צו טאָן. ניט וועגן א מאַן טראַכט איך איצט.

— מאמע טייערע, זאָרג גאָרנישט, איך וע דו קוקסט אויף מיר ווי אויף א נארישער ציג, נאָר לאָז מיך גיין מיין אייגענעם וועג, כ׳קאָן ניט אנדערש.

— נאָך מיט א סך דורות צוריק האָט דער מענש געפירט מלחמה מיט דער נאטור, און איצט ווען ער האלט אין באזיגן אביסל די נאטור, און ער קאָן שוין אָנווענדן זיין געדאנק אויף עפעס העכערס ווי בלויז די זאָרג פאַרן עסן, פרעסן און פארמעגנס.

— מאַמע, איך זע דו באשאָקלסט מיך, ווי איך וואָלט געווען אן אָפּגעריסענער נאר, אן אָנגעדרייטע מאשינקע. איך פארשטיי זייער גוט פארוואָס דו באטראכסט מיך.

— מאַמע, עס טוט מיר ווי וואָס דו קאָנסט ניט אויפנעמען דעם זין פון אמת־מענשלעכן־גליק.״

אָבער לאה׳ס מוח האָט אויף־גיך צונויפגערעכנט און אויסגעחשבונט וואָס ס׳קאָן חלילה זיין דער סוף פון רחלס פאָרן קיין אָדעס אויף שלמהס הוצאות: מ׳זאָגט טאקע אז די באָלשעוויקעס זיינען אונטערפירערס פון אויסגעלאסנקייט. זיי פסקנען אָפּ דאָס געזעץ צו ווערן מאן און ווייב, קיין רב דארפן זיי אוודאי נישט.

ניט ווינציקער האָט זי געמוטשעט דער געדאנק: אזא ווי רחל קאָן זיך פארלערנען ביזן גרויען צאָפּ — זי איז פארציטערט געוואָרן און אויסגעלאָזט:

— חימל מיט די ברעקלעך ! אנשטאָט צו נעמען א כלה מיט גראָבע טויזנטער, האָט ער צוגעשטימט צו צוויי הונדערט שמארבאָווינצעס. וואָס איז ? זי האָט אים דערפאר צוגעזאָגט — נאָך דער חתונה וועט זי אויך ווערן חסר־דעה — וועט ניט עסן קיין פלייש.

— א משוגעת גייט אַרום צווישן מיינע קינדער, פריער האָט עס חיימ׳ן באפאלן, נאָכדעם איסרן, און איצט רחלען. נו, איר פירט דאָך אויס, ניט איך, איז אָפּגעשטימט און געשטעלט א חופה״.

רחל רעדט צעטראָגן:

— ניין! דאָס לערניאָר הייבט זיך אָן אין צען טעג ארום און איך פאָר אוועק קיין אָדעס.

לאה שטרענג !

— „איז פריער פארטרייב שלמה׳ן און זאָל נעמען אן ענדע צו מיין שעמען זיך פאר לייטן! אניט וועט אייך דער רב געבן חופה קדושן קומנדיקן דינסטיק״.

די בלוט־פארב איז פון רחלס פנים ערגעץ אוועק, א שרעק פון גאָר דער וועלט האָט זיך באזעצט ביי איר אין די אויגן.

# קאפּיטל אכצן

.1

פאַרלאָזט אָדעס האָט סאַשע, ווי א צעבאַלעוועט בן־יחידל, וועלכן עס געפעלט שטאַרק ס׳מאכל, נאָר צוליבן אָנטאָן דער מוטער יסורים האָט ער אוועקגערוקט דעם טעלער און דערפון איז זיין הונגעריקע שטימונג מיט יעדער רגע געוואָרן מער אויפגערעגט.

זיין בלוט האָט בייז געקאָכט פון כעס סיי אויף רחלען, סיי אויף זיך — וואָס ער האָט ניט אויפגעהערט איר נאָכלויפן, און וואָס זי וואַרפט זיך מיט אים: וואַרפן זיך מיט אים וועט ער קיינעם ניט דערלויבן! ער קאָן ביי זיך זיין פונקט אַזוי גרויס, ווי די גאָר באַרימטע דיקטאַטער, פיל פון זיי האָבן אין זיינע יאָרן כמעט גאָרנישט אָנגעשריבן. די איצטיקע פייערבליצנדיקע עפּאָכע וועט אים באַווירקן צו עפּעס אַזוינס, וואָס גרויסע מייסטער וועלן זיך ניט קאָנען אָפּוואונדערן.

נאָך א טרייסטנדיקן געדאַנק האָט ער, בעת ער איז דאָס לעצטע מאָל אוועק פון רחלען, מיטגענומען אין זיין מוח: „זי וועט זיך נאָך צו אים קומען בעטן״.

ער, דער פרייוויליקער סאָשע שטערן, איז געפאָרן מיט די רויטאַרמייער פול מיט האָפענונג: „א דאַנק זיין גיין מיט די אויפגעוואַכטע מאַסן אין איין טראָט, וועט ער קריגן א טיפערע אינספּיראַציע פאַר זיין גרויס ליד״.

זיין פאַנטאַזיע האָט געקאָכט: „ער וועט אוועקוואַרפן זיין גאָט־זוכנדיק־ליד. ער וועט דינען מיט זיין ליד דער רעוואָלוציע — דעם נייעם גלויבן. דעם גאָט פונם מענטשן, דעם גאָט פון דער ערד״.

די ערשטע טעג האָט דאָס שוואונגיקע לעבן מיט די גרויזאַמע איבער־פאַלן אויף שטאָט און שטעטל פון באַנדיטישע פּאָלקן, — דעניקינס, מאַכ־נאָווצעס, פּעטליורעס אַזוי באַליידיקט אין אים דעם אידן און דעם מענטשן, אַז ער האָט זיך אַזש איינגאַנצן פאַרגעסן, פאַרגעסן אַלע מינים געטער.

נאָר איידער וואָס ווען, צי זיינע מיליטערישע אומפעאיקייטן האָבן אים דערעסן, צי ער האָט זיך איבערגעזעטיקט מיט די ענדלאָזע אידישע און מענשלעכע באַליידיקונגען, — א שווערע אַנטוישונג איז אים באַפאַלן: דער שטראָם פון דער שטורמדיקער צייט האָט אים איבערגעוואָרפן די גרענעץ פון זיין אינדיווידואַליזם, אָבער פאַראייניקט מיטן פאָלק האָט עס אים ניט. מיט וואָסער פאָלק? זאָל עס זיין, אַז זיין אָפּגעזונדערטקייט קומט דערפון וואָס דער איד איז פרעמד, צעוואָרפן און לעבט עפּעס זייטיק לעבן אַלע אַנדערע פעלקער? תירוצים! גיכער קומען זיינע צווייפלען דערפון — ווייל א פּאָעט

איז אפשר אין תוך נישט קיין פּאָליטיקער, און קיין בלוטפאַרגיסער אוודאי ניט. אפילו ניט דעם שונא׳ס בלוט.

סאַשע האָט אריינגעאָטעמט די פרישע לופט פונם פּאַרק מיט׳ן טייך און פונם פאָנטאַן: דאָ האָבן פּריצים דורות לאַנג געהוליעט אויפן פּאָלקס חשבון. אָבער דער מענש קאָן ניט דערהויבן ווערן דורך קריג, דורך בלוט.

דער קלוגער פּריצישער פאָנטאַן מיטן ברייטן טייך האָבן געשמייכלט צו אים וועגן אָדעסער ים, וועגן רחלס דערפילן און קוויקן זיך מיט יעדער גע־ראָטענער שורה אין זיין ליד: גוט וואָס ער איז אַזוי יונג, פינף־און־צוואַנציק יאָר, זיין וואָרט וועט נאָך אמאָל קלינגען איבער גאַנץ רוסלאַנד, זאָל עס הייסן סאָוועטנלאַנד. רחל וועט זיך קיינמאָל ניט פאַרגעבן איר ניט פאַרשטיין א גרויסן פּאָעט.

אַ שטאַרקע בענקשאַפט האָט צעשמעלצט זיין שטאָלץ, זיין בייזקייט און אים געמאַכט נאָכגיביק: אירע רחבותדיקע לאַנגע האָר צונויפגעדרייט אין א בייגל, הויך אויפן קאָפּ, גיבן איר צו גראַציע. אירע זאַפטיקע, יונגמיידלשע ליפּן קאָנען לעבעדיק מאַכן א טויטן. מ׳דאַרף איר אָנשרייבן א בריוו.

עס האָט אים פאַרדראָסן אויף זיך: געדאַרפט אין אָדעס איר אוועקשיקן א פּאָר ווערטער, זי וואָלט אים זיכער געוועזן אָפּגעהאַלטן פון פּאָרן. ער וואָלט איצט געוועזן מיט איר, מסתם געלייענט זיינס א ניי ליד. פאַר דער צייט וואָס ער איז אוועק פון אָדעס, האָט ער קיין איין גאַנץ ליד ניט אָנגעשריבן. ניט צוליבן שלאָגן זיך מיט ווייסגוואַרדייער האָט ער פאַרלאָזט זיין גאַונישן פאָ־טער אין דער שקלאַפערישער אמעריקע.

א צעטראָגענער האָט ער זיך אוועקגעלאָזט צו זיין טשעמאָדאַן וואָס שטייט ביי אים אונטערן בעט.

פאַרבייגייענדיק די אָפּגעשפּאַרטע טיר פון קיך, וואו די דיזשורנדיקע מייד־לעך האָבן זיך געפּאָרעט ארום אַ גרויסער פּליטע אָנגעשטעלט מיט הויכע קעסלען, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק און זיינע קרום־גע־שניטענע אויגן האָבן זיך פאַרשניטן אין דער פּליטעס זייט מיט טשיקאַווער נייגעריקייט: יענע אין העל קאָלירענעם פאַרטעך איז עפּעס גאָר א צאַצקע, מ׳דאַרף זיך באַקענען מיט איר.

ער האָט זיך פאַרקערעוועט צום וואַשצימער: א גוטע זאַך וואָס די לעצטע צוויי וואָכן וואוינען זיי אין א פּריצישן הויף. שפּיגלען איז דאָ פאַראַן אויף יעדן שפּאַן.

ער האָט אויסגעווישט די ברילן, געגוי עקזאַמענירט זיין אויסזען: ווי ליגט אויף זיין שלאַנקען, הויכן קערפּער די מיליטערישע טוזשורקע?

ער איז אוועק צו זיין רענצל שוין ניט צוליב פּאַפּירן, לידער, בריוו. ער האָט ארויסגענומען דאָס קעסטל מיט שניפּסן און אויסגעקליבן דעם ראַ־שיקסטן.

סאַשע האָט ניט געוואוסט, אז אין אים גופא, ווען מע ס לעבנס־ציל איז צו ווערן „א דיכטער פון גרויסן פארנעם״, זיינען די געפילן פאר פארגעניגן נאָך שטאַרקער. און אין אָט דעם אומבאוואוסטן דואליזם אין אים — ווערט זיין געדאנק גיכער פארכאפט פונם תאווהדיקן, לייכטן שפיל.

---

— „ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט א זעלטן וואויל מיידל, אָן אמתער געניוס, אזוי האָט ער געגלויבט, אַפילו געשריבן יאָניען צו איבערגעבן וועגן דעם רחלען״.

ער האָט געפילט, ער ווערט צעריסן פון פארדראָס, פון ניט קאָנען צוריק־כאַפּן יענעם בריוו; יאָניע, דער מילכיקער, האָט עס איר געוויס איבערגע־געבן. נאָר וואָס איז יאָניע שולדיק, די צרה איז אין אים אליין: זיין לייב־און־לעבן איז באלד געוואָרען מיד. מיד ווי ביי איין איבערגעפרעסענער שלאנג.

איצט איז אים געווען מער צום גוסט פושקינס שטאַרקע, מעכטיקע טע־נער: נאָר עפּעס פעלט אים אויס. — ? — א שטארקע אינספיראציע פון אַן איינציק מיידל, רחל.

ער האָט אריינגעקוקט אין זיך: ער פארשטייט זייער גוט ווי ליב צו האָבן און צו שעצן רחלס ריינקייט, ניט סתם ווי עפּעס א נאַאיווע ריינקייט, זי איז פרוילעך אין איר מיידלשקייט און שיין אין איר צניעותדיק זיך פארחלומען. אין איר אנטפּלעקט זיך די נייע פרוי.

זיין קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן וויטאָן, ער האָט אריינגעדריקט זיין צע־קנייטשן שטערן אין זיינע לאנגע פינגער און אין נאָגנדיקער פארצווייפלונג: ער וועט קיינמאָל ניט קאָנען אויפהערן טראכטן פון רחלען.

ער איז ארומגעלאָפן איבערן געוועזענעם פריצישן בודואר: דינה, זייער א באוואוסטזיניק מיידל, שיין, שאַרף־קלוג, מיט אלע, מעלות, דאָך האָט עס אים ניט אָנגערירט. ס׳איז אלץ דרויסנדיק, מינוטנדיק פארגעסן זיך.

ער האָט ארויסגענומען זיין לעדערנע טעקע מיט זיינע לידער און גע־טראכט: רחל איז די גאנצקייט וואָס פעלט אים אויס.

ער האָט לאנג געשריבן, געמעקט, געזוכט אין ווערטער בוך, געזוכט ווער־טער אין רייכן וואָקאבולאריום אין אים גופא און צום סוף געלייענט זיינע צוואנציק שורות.

„אָ־דאָס״, האָט ער זיך געזאָגט, — „וועט זיין דער אינהאלט פון ליד וואָס ער וועט איר שיקן, ער דארף זיך נאָר בארואיקן צו קאָנען עס אויס־ארבעטן ווי געהעריק״.

פּלוצים איז אריינגעקומען דינה, זי האָט אים געגעבן אָנצוהערן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים א טשמעליע געטאָן ווי מיט א דובינע איבערן קאָפּ.

אויף מאָרגן האָט דינה פאַר אים איבערגעלאָזט א בריוול: זי איז אוועק־געפאָרן, זי וועט אים מסתם קיינמאָל ניט זען. ער זאָל גאָרנישט זאָרגן, זי אַליין וועט שוין אַלצדינג פאַרזאָרגן.

---

ער איז דאָרט אָפּגעווען נאָך דריי חדשים, געטאָן בלויז קאָנצעלארישע ארבעט. געשראָקן זיך פאַר א שלעכטער בשורה פון דינהן, ארויסגעקוקט אויף א בריוו פון אַדעס צו דערוויסן זיך וואו איז רחל?

קוים דערוואַרט זיך: כאַזאַן, זיין פריינט, האָט אים געלאָזט וויסן אז רחל איז נאָך אין אָנפאַנג זומער אהיימגעפאָרן.

סאַשע האָט ביי דער ערשטער מעגלעכקייט זיך אוועקגעלאָזט אין אירע מקומות: זאָל נאָר רחל אים דאָס מאָל פאַרשטיין, וועט ער דעמאָביליזירן זיך פון דער רויטער ארמיי און זיך אומקערן צוריק קיין אַדעס, טאַקע מיט רחלען.

.2

אַן אלול׳דיקער נאָכמיטאָג. די פאַרטראַכטע רחל האָט געזאָלט פאַרבייגיין איר פעטערס הויז. פּלוצים אַן אייגן קול האָט א גלעט געטאָן איר צעוויטיקט הארץ און געמאַכט עס פריידיק טאַנצן: „סאַשע רעדט!"

זי האָט זיך פייערדיק געלאָזט צו אים, נאָר אויפן אָרט זיך באַדענקט און אין איין אָטעם געאיילט צוריק, איידער ער, צי פעניע, וואָס רעדט מיט אים, באמערקט זי.

איר בלוט האָט גערופן: „סאַשע! קום מיט מיר, איך דאַרף דיך, איך וויל ניט וויסן, איך וויל פון גאָרנישט וויסן! אָן דיר איז ניטאָ קיין זין אין היינט, מאָרגן. סאַשע, איך דאַרף דיך".

— נו און שלומה? ס׳איז איצט א יקרות אויף בחורים, זאָל אַן אנדער מיידל געהאָלפן ווערן, אָבער ער אַליין? זיין מאַמע און מלכה די קורעלאַפּ־ניצע, וואָס האָט א טופּע געטאָן מיטן הינקענדיקן פוס: „אָבער רחלע, לאָה פרענקס טעכטערל, איז געוואָרן אונזערע", און שלמהס שוועסטערלעכס שמייכלען: „זעסט, רחל, מיינע בעקעלעך גלאַנצן, כ׳האָב זיך אָפּגעוואַשן דאָס פּנים און די הענט, ווייל רחל, דו רחל, וועסט קומען צו אונז".

נאָכדעם האָט רחל אין יעדן שאַרך און ניט־שאַרך געהערט גיין, קלינגען, קומען. זי האָט געציטערט, איר הארץ האָט אים גערופן, זי האָט אויפגעשוי־דערט איטלעכס מאָל, אירע ליפּן האָבן אומרואיק און אויפגערעגט געבעטן: „זאָל עס זיין ניט ער . . . זאָל דאָס מאָל זיין ער, ניט ער . . . ער . . .

זי האָט געוואָלט וויסן: איז ער געקומען אין שטעטל ניט צו ווייזן זיך צו איר? צו באשטעטיקן, וואָס ער האָט געשריבן וועגן מיידל אין יאַניעס בריוו.

זי האָט אויפגעעפנט א בוך און אים מיט כעס פארמאַכט. זי האָט געפירט מיט דער פען איבער פּאפיר און עס מיט צאָרן פארדראקעט. זי איז אריין אין א גרימצאָרן: „ער קומט ניט ! א מערדער שלעפּט צום געמאָרדעטן, נאָר צוגיין נאָענט האָט ער קיין מוט ניט. זאָל ער זיך פארנעמען פונדאנען!״

### 3.

אין אכסניה האָט מען סאשען גלייך דערקענט, ער איז ווינטער דאָרט איינגעשטאַנען א פּאָר טעג. און נאָך איידער ער האָט אוועקגעשטעלט זיין רענצל, האָט מען אים דערציילט : — „רחל, דער גבירנ׳טע לאה פרענקס בת־יחידה, האָט די וואָך חתונה פאר אן אָרעמען בחור״.

סאַשע האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע זאַכן אין אָנגעוויזענעם צימער און אוועק־געאיילט צו פעניען, רחלס קוזינע.

די אכט־און־צוואנציק יאָריקע פעניע, וואָס האָט פריער צופיל געקליבן — ס׳איז איר קיינער ניט געפעלן געווען, און שפּעטער האָט זי אָנגעהויבן ניט געפעלן ווערן פאר איר צופיל ניט־איבערקלייבעריש ווערן, האָט שוין לאנג געטראָגן א הארץ אויף רחלען.

ווען רחל איז געוואָרן אַלט זעכצן, זיבעצן יאָר האָבן זיך מיט איר אָנגע־הויבן אינטערעסירן פעניעס באקאנטע בחורים. פעניעס מוטער האָט מיט הארצווייטיק און גיפט געזאָגט:

— „ביי די מענער איז א מיידל ווי א האנטעך״.

פעניע האָט געוואוסט, אז זי איז קלוג, געלייענט א סך, קאָן פירן אן אינטערעסאַנטן שמועס און האָט זיך שטארק ליב געהאט דערפאר. זי האָט זיך דערפרייט מיט דעם צערודערטן סאשען און אויסגענוצט די געלעגנהייט צו אָנציען וואָס שטארקער די סטרונע פון א פארליבטן אין רחלען.

סאַשע האָט געזוכט רייד צו פארדעקן זיין פיינלעך ליידן. האָט ער דער־ציילט וועגן זינדיקן, וועגן א רויטער סאָניע, שווארצער סאָרקע און וועגן וועמען ניט. וואָס דען האָט ער געקאָנט טאָן? אפשר ארויסווייזן אז ער, דער גרויסער קנאקער און מיליטערישע בגדים, האלט ביים צוזאמענברעכן.

אין האָטעל־צימער, האָט זיין מאָט פּנים, מיטן פארשלאָפענעם, פאראו־מערטן אויסזען זיך געקנייטשט, געקרימט פון ווייטיק. טרערן זיינען געלאָפן איבער דעם: ער איז זיכער אז רחל האָט אים ליב. זי מיט איר דינער, בויגי־קער פיגור, וואָס איז גרייט יעדן איינעם צו העלפן, מוז פארשטיין זיין ליידן.

ער האָט זיך בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעלן אז זיין שייכות מיט רחלען איז איבערגעריסן.

נאָר פון יענער זייט טיר האָט מען גערעדט: „אין פיר טעג ארום וועט זיין רחלס חתונה״.

ער האָט געכאַפּט זיין רענצל, געזאָגט, ער מוז איילן מיט דער פאַרביי־פאָרנדיקער בריגאדע". און אוועק פון שטעטל, וואָס האָט אים נאָכגעיאָגט מיט: „פיר, פיר טעג". —

4.

פעניע איז אריינגעקומען גאָר א צופרידענע:

— „רחל, וועסט קיינמאָל ניט טרעפן ווער ס'איז היינט געווען ביי מיר. סאָשע שטערן איז פאַרבייגעפאָרן אונזער סטאַנציע, איז ער אראָפּגעקומען מיך זען".

— „וואוהין פאָרט ער?"

— ער זאָגט, ער זאָגט — „ער ווייסט אליין ניט וואוהין, נאָר וויל מייד־לעך לויפן חתונה האָבן, איילט ער זיך צו צו אריינכאַפּן פונם לעבן".

— מעגסט גלויבן אויף אים, ער האָט צען פאר איינער, זאָלסט הערן וואָס ער דערציילט, ווי זיי הענגען זיך אים אויפן האלז".

פעניע האָט זיך אוועקגעלאָזט באַפּוצן, וואָס ער האָט איר דערציילט. ווען זי האָט דערזען, אז רחלס אָפּגעצערט פּנים איז שוין אינגאַנצן א שטיק פייער, האָט זי אויסגעלאָזט:

— „אויף דיר האָט ער דווקא געזאָגט: „דאָס בעסטע עפּעלע עסט אויף דער חזיר".

פעניע האָט זיך יעכידנע צעלאַכט:

— „זעסט, ליבע אפילו ווען זי ווערט פאַראָסטעט, איז נאָך אלץ ליב־שאַפט".

א ביר־פליושענע ווייכקייט אין רחלס ברייט צעעפנטע אויגן האָט זיך גע־מיניעט געשווינד, אין קאָפּ האָט געפּויקט: אָ אָה! פאַרוואָס האָט זי זיך ניט געזען מיט אים. פון איר מויל דאַרף ער הערן דעם אמת, זאָל עס זיין דער ערגסטער.

זי איז אַרויס אין גאס און געפילט אין האַרבסטיקן ווינט סאָשעס בייזער.

אין אכסניה האָט מען אָנגעשטעלט קלוגעטשקע מויל און אויערן.

נאָר רחל דערציילט פאר אַלע:

— „עס טוט מיר האַרציק באַנג וואָס כ'האָב אים ניט פאַרכאַפּט איידער ער איז אוועקגעפאָרן, כ'האָב אים נייטיק ווי אין לעבן געדאַרפט זען".

ס'האָט אָפּגעלאָשן אלעמענס אויפגעפלאַמטע נייגעריקייט. מ'האָט ניט געוואוסט וואָס זי מיינט מיטן „נייטיק ווי אין לעבן", מ'האָט אָבער דערפילט א דרך־ארץ פאר דעם „נייטיק ווי אין לעבן".

מ'האָט העט שפּעטער, נאָך איר אוועקגיין, נאָך אלץ זיך דערמאָנט אין איר צעטראָגנקייט און געחקירה'ט:

— „מסתם האָט זי געהאט עפּעס אַן עצה פאַר אים. ער זאָל זיך ניט דארפן אַרומשלעפּן מיט די רויטע. — מ׳זאָגט, אז די ווייסע קומען איבער א געלערנטן צווישן די באָלשעוויקעס שאַנעוועז זיי שוין קיין איינעם ניט״.

— „אָ, זיכער איז עס עפּעס א זייער ערנסטער ענין. ווען ס׳איז בלויז א פּערזענלעכע, ווי זאָגט מען עס מיידל־בחור־ליובאָוו — וואָלט זי ניט געקו־מען פאַר אַלע דערציילן עס.

פאַרן אוועקגיין האָט מען איר צוגעוואונשן, אז אין פיר טעג ארום זאָל זיין מיט מזל איר חתונה.

צוריקוועגס האָט רחל געהערט אלע גאסן שעפּטשען: „פיר . . . פיר״. זי וויל וויסן — „וויפל איז „פיר?״ וואָס איז פיר?״

זי מוז פאַרגעסן אין דעם וואָרט „פיר״. ס׳איז ניט קיין וואָרט, פיר, ס׳איז א נומער „4״. סיי געדרוקט, סיי געשריבן האָט דער נומער „4״ דעם זעלבן אויסזען.

„דער איינאונדערזעלבער אויסזען קאָן האָבן ביי יעדן איינעם הונדער־טער, טויזנטער אויסזעענס. פּע, זי וויל פון קיין שום „4״ ניט וויסן״.

זי האָט זיך אָפּגעוואָשן דאָס פּנים מיט קאַלט וואסער, דער עיקר דעם שטערן לאַנג גענעצט: וויפל איז סאַשע אָפּגעווען אין שטעטל? מסתם א פיר שטונדן.

פאַרוואָס פּלוצים „פיר״? זי דאַרף זיך גוט אויסשלאָפן.

זי האָט געדרייט דעם זייגער און געקייכט פאַר געלעכטער פון חיהס דער־שראָקן פרעגן:

— „רחלע, וואָס פּלוצים האָט ער געקלינגען פיר?״

זי האָט אַרומגענומען חיהן:

— „ס׳האָט געקלונגען דרייצן, ניט פיר״.

חיה איז אַזוי גליקלעך פון רחלס אַרומנעמען זי, אז אפילו דאָס מיינען אויף איר — זי ווייסט שוין ניט קיין אונטערשייד צווישן 13 און 4, האָט אויך ניט אויסגעמאכט:

—„זאָל זיין ניט פיר״.

דאָס לאַכן האָט אביסל באַרואיקט רחלען, זי איז אנטשלאָפן געוואָרן מיט א נאַרמאַלן שלאָף.

מיטאַמאָל האָט זי אויפגעוועקט סאַשעס קול: „רחל, אין „פיר״ טעג ארום — וועל איך פאַרוואונדעט ווערן״.

א פאַרשלאָפענע, מיט פאַרשלאָפענע גלידער האָט זי ארומגעכאפּט דאָס קישן און זיך געטוליעט ווי צו סאַשעס ווייסער ברוסט, פון אירע אויגן זיינען געלאָפן שטומע טרערן:

— „טייערער, איינציקער, טו עס ניט!״

איר פארשטאנד האָט אָנגעהויבן אויפוואַכן, זי האָט זיך געהאַלטן אין אײַן דערקלערן: — דער חלום איז צוליב אירע צערודערטע נערוון, צוליב די משוגענע ווינטשעוואַניעס אין אכסניה.

זי האָט איבערגעלייגט דאָס קישן צופוסנס, צוריק צוקאָפּנס, ס׳איז ניט איינצוליגן.

דאָס סידורל, פון וועלכן חיים פלעגט, ביז זעכצן יאָר, יעדן אינדערפרי דאַוונען און וואָס איז נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן א וועגעטאריער, געבליבן ווי אָ פארשעמט יתומ׳ל, האָט רחל איבערגענומען צו זיך אויף דער עטאַ־זשערקע. איטלעך מאָל, ביים אָפּווישן דעם שטויב, האָט זי עס געגעבן א גלעט.

איצט האָט דאָס זעלבע סידורל, וואָס זי האָט פאר די לעצטע צוויי יאָר אינגאנצן פארגעסן אין דעם, אויסגעוואקסן אין אירע הענט. זי האָט געמישט די בלעטלעך: — „אין כאלוהינו״ — ניטאָ נאָך אַזעלכער ווי איר גאָט״ . . . צו „שיר השירים״ האָט זי געשמייכלט דורך א נייעם שטראָם טרערן.

דאָס סידורל האָט איר דערמאָנט מיט וואָס פאר א פארערונג סאַשע האָט גערעדט וועגן טאָלסטאָי׳ס מייסטערווערק. זי האָט אויך געדענקט סאַשעס מיי־נונג וועגן טאָלסטאָי — דעם מענשן. — „דאָס ארײַנשלינגען דעם גיפט, וואָס א הונדערט טייוואָלים האָבן צוגעטראכט, האָט פולער געמאַכט טאָלסטאָי׳ס דערגרייכן די העכסטע, מענשלעכע שטופע״.

זי האָט געדענקט א צווייענדיקן סאַשען און געפילט: אלע טעג פון איר לעבן געהערן אים.

עמעצער אין איר האָט זי געפּרואווט טרייסטן: „ווען סאַשע זאָל זיין צו־זאמען מיט דיר, וואָלט דיין טיף און הייס געפיל צו גיך אויסגעברענט״.

אָבער אין רחלען האָט געוויינט דאָס הארץ: וואָס טויג עס אזא „נר־תמיד״.

## קאַפּיטל נײַנצן

.1

געלע אָפּגעפאַלענע בלעטער, פון ארומיקע גויאישע סעדער און פון דעם געוועזענעם פּריצישן פּארק האָבן זיך מיט אומעט געשפרייט איבער די גאסן. ווינטן האָבן זיי געטריבן, ווי מיט עפּעס א בייזער וואָרנונג.

— „אלול לאָזט זיך פילן" — האָבן אידן געקרעכצט, געשראָקן זיך פארן אָנקומענדיקן יום הדין.

— „אַן אימהדיקער יום הדין קאָן נאָך ווידער באפאלן דאָס שטעטל היינט, מאָרגן".

— אידן, מ׳דארף בעטן גאָט! קיינער ווייסט ניט וואָס ס׳איז אונז אָנגעשריבן געוואָרן, וואָס עס וועט פאר אונז אָנגעשריבן ווערן.

— פארשריבן, פארשמיבן, ס׳איז קלאָר — די פּעטליורעוועס וועלן אונז באַפאַלן. פון רעווקאָם דאָס זינגען איז שוין ניט אזוי בגילופנדיק.

—יאָ, כ׳האָב אליין געזען, מ׳איז פון דאָרט געלאָפן צום טייך, געוואשן די בגדים, משטיינס געזאָגט, דורך איין לאָך איז דאָס וואסער אריין, דורכן אַנדערן אַרויס. — הערשער אָן הויזן.

— זאָלן זיי ניט זיין קיין נאראָנים ! מ׳האָט זיי דען ניט געוואָלט פּאַשען ווי דעם אמאָליקן פּריסטעוו, נאָך בעסער.

— כע, אז רעדן צו זיי וועגן אויסהאנדלען זיך ווי אין די אמאָליקע יאָרן מיט אן אוריאדניק — איז ווי זאָגן דעם מלאך־המות: „לחיים, ברודער!"

— מיט די שלעק איז שלעכט, און אָן זיי וועלן פּעטליורע׳ס מלאכי־הבלהניקעס אויסקוילען דאָס שטעטל.

מיטן גרויסן פארטאָג האָט מען שוין געוואוסט אז אין רעווקאָם איז קיין לעבעדיקער נפש ניט געבליבן. זיי האָבן אלץ פארנומען, פארברענט איטלעך פּיצל פּאפּיר, קיין זכר פון זיך ניט איבערגעלאָזט.

א טויט־פּחד האָט באַהערשט אלעמען:

— „אומזיסט אנטלויפן זיי ניט".

ברוך פרענק האָט דערציילט דאלפינען:

— „אין זאוואָד האָט איינער פונם רעווקאָם עפּעס איינגעקנעלט מיט די ארבעטער, אָבער כאָטש שיס אין ערגסטן פרידורקוואָטע שייגעץ — קיין וואָרט, קיין אָנוואונק איז ניט ארויסצוקוועטשן".

דאַלפין מיט צעגלאָנצטע אויגן:

— איר זעט, פּאני פרענק, איר מיינט אז איר שטייט און ארבעט גלייך מיט זיי, האָבן זיי אייך ליב, אָבער א נעכטיקער טאָג. די באָלשעוויקעס זיינען

נאָך פיל ערגער פון די, וואָס לויערן איצט אויף זיי. יעדער רויטער הונט איז דער אָנפירער פון גאַנצע שייקעס".

אין גאַס האָבן אַלטע אידן געַרופן:

— אידן, קלייבט אייך צונויף אין די בתי־מדרשים, בעט גאָט, א גרויסער צאָרן רוקט זיך אויף אונז!"

מאַמעס האָבן אָנגעפעלצט די קינדער: „טאָמער וועט מען חלילה ווידער דאַרפן לויפן אין די קעלערס, זאָלן זיי האָבן נאָך א העמד, נאָך א קליידל אויף זיך".

ווייבער האָבן פרום געבעטן: „גאָט, אין זכות פון קליינע קינדער, אין זכות פון פאַסטנדיקע כלות — טו דיין גוט גנאָד מיט דיין אויסגעקליבן פאָלק ישראל."

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיך מיט שרעק צוגעהערט צו דער פינצטערער שטילקייט. מ'האָט מיט פאַרקלעמטע הערצער, צעבראָכענע גלידער, זיך־קלעפּנדיקע אויגן באַגעגנט דאָס שאַריען אויף טאָג, דעם נייעם טאָג.

דאָס בלוט אין די אָדערן האָט געיאָגט ווי אין א געוועט, א בייזן געוועט.

מיט אַ שאָס זיינען צען באַנדיטן אויף הויכע פערד, אריין אין שטעטל. איינער פאַרויס און נאָך אים דריי רייען, צו דריי אין יעדערער. זיי האָבן גע־האַלטן אויסגעצויגן לאַנגע שפּיזן. זייערע רעקלעך אויסגעמאָלטע מיט סקע־לעטן, האָבן געטראָגן אויפשריפטן:

„בעי זשידאָוו", (שלאָג אידן).

— „ספּאַסאַי ראָסיוּ!" (ראַטעווע רוסלאַנד!)

* * *

רחל האָט ניט דעם מינדסטן באַגריף וואָס אין דרויסן טוט זיך! „היינט פיר אַזייגער דאַרף זיין איר חופּה".

אויף איר קאַנאַפּע ליגט א ווייס קלייד, ס'איז אויפגעגנייט פון אירן שוין א געניצטן ליינען־ליילעך. „אַזאַ זיידענעם ליין איז גאָרנישט צו קריגן מער". — אַזוי האָט געזאָגט דער דאַמסקי שניידער אַלטמאַן. ער האָט עס געגעבן אַזאַ עצה, ווייל ער האָט שוין פאַר א סך רייכע כלות אויפגעגנייט אַזעלכע חתונה קליידער. — „ס'איז ניט צו ראַשיק, אָבער שיין, כלה'ש".

רחל איז געשטאַנען לעבן ווייסן קלייד אין א תפילה'דיק געמיט. זי איז געווען פול מיט אומזיכערקייט: — קלייבט זי זיך אָן אומרעכט מנצח זיין? שלמה איז איר ניט דערווידער, מסתם ווייל זיין געפיל צו איר איז אָרנטלעך, אָבער אין דערזעלבער צייט איז זי ניט פריי פון איר אומגעוואונטשענער בענקשאַפט.

א בייזער ווינט האָט געוואָיעט וועגן סאָשעס בארימען זיך פאר פעניען וועגן זיין „זינדיקן מיט א סאָניען, א סאָרקען און מיט וועמען ניט". רחל גיט זיך ניט נאָך דעם ווינט: ווער עס רעדט א סך, טוט ווייניק.

דאָך האָט געקלעמט א טיפע באליידיקונג: ווי עס זעט אויס, האָט איר אינסטינקט דערפילט סאָשעס גרינג קאָנען אויסקומען אָן איר. כאָטש ער האָט זיך אזוי פּאָטיש געצאפּלט.

יאָ, אַלצדינג, וואָס האָט מיט איר ביז איצט פּאסירט — דאָס איבעררייסן מיט סאָשען, דאָס משלח זיין דאווידן איז אויסגעהאלטן, איז בארעכטיקט. נאָר דעם אומנייטיקן חתונה־טאנץ מיט שלמהן זי זאָל קאָנען אויסלאָזן, וואָלט זי . . .

אפשר איז דאָס אויך צום בעסטן, עס וועט איר אי מאכן ארויסקריכן פונם כריין, אי זי וועט ניט האָבן קיין צוריקוועג — וועט עס זי שטויסן פאָראויס צו א ניי און גערעכט לעבן, וואָס זי חלומט פון קליינוויז אָן.

„זי וועט אָנהייבן פון סאָמע אָנהייב".

פלוצים האָט זי דערהערט א גערעדעריי, א טומלען אין שטוב, די מוטער איז אַריין מיט שרעק־איבערגעקערטע אויגן:

— נעם אלע דיינע קליידער און קריך אַריבער צו ברוכן אין „סעקרעט", א באַנדע איז אין שטאָט".

רחלס פאראומערטער קוק האָט זיך אָנגעפילט מיט האָפנונג — „א באַנדע!" זי האָט אָפּגעקערט דאָס פּנים, די מוטער זאָל ניט זען איר פרייד: ס׳איז אַ גוטע בשורה, אַ דאַנק דער באַנדע וועט קיין חופּה ניט זיין.

לאה כעסט זיך: „וואָס שטייסטו"?

רחל: „כ׳גיי באלד".

— „וואָס וויינט איר, קינדער? וואָס ברעכט חנה אזוי די הענט ? מאמע, וואָס איז מיט דיר? וואָס האָט פּאסירט?!"

— אָ! ברוך איז צווישן די שטאָט־פאָרשטייער צו אויסגלייכן זיך מיטן אטאמאַן און די אנדערע קוילערס".

רחל וויל: היינט זאָל מען זיך מיט זיי ניט אויסגלייכן . . . זי איז משוגע! וואָס וויל זי — א פּאָגראָם . . . אין א סך שטעטלעך איז דער ערשטער קרבן געווען די קהלה . . . ניין! נאָר . . . ניין . . . יאָ, זאָל זיין א חופּה, א חופּה, אבי ניט קיין אומגליקן אויפן שטעטל.

זי האָט אויף זיך גרויס פאראיבל: אָט האָט זי שוין באוויזן א שוואכקייט. וואו איז איר אויסגעהאלטנקייט וואָס זי האָט זיך פאָרגענומען.

---

מען האָט געזאָרגט א שעה . . . צוויי . . . מ׳האָט שוין ניט געהאַט קיין כח צו זאָרגן, צו איבערטראַכטן. דער קאָפּ, ליפּן, האלז זיינען געוואָרן איין

שטיק בלייאיקער פּחד. אין מוח האָבן געשווינדלט בלוטיקע בילדער — משוגע צו ווערן.

„מ׳שליסט אויף שטילערהייט די זייטיקע טיר״.

— „ברוך איז געקומען!״ זיין פּנים, אויגן, העגט געל ווי וואקס, אויף די ליפּן א פּארקרימטער שמייכל:

— די רוצחים זיינען דערוויל אוועק פון שטאָט. מיר האָבן מיט זיי אָפּ־געמאכט פאר צוויי הונדערט פּאר שטיוול, הונדערט קוטשמעס און צען טויזנט מזומן. דאָס אלץ מוז צוגעגרייט ווערן ביז אכט פארנאכט, אניט וועט, חלילה, זיין א שחיטה״.

פון בוידים, פון קעלער־„סעקרעט״ האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסיאָוועןדי „חיובניקעס״ וואָס באהאַלטן זיך איטלעכס מאָל ביי ברוך פרענק. ער האָט גערופן צוויי פון זיי, צוויי אָנגעזעענע באלעבאטים, זיי זאָלן העלפן צונויפ־שטעלן די ווילדע „קאָנטריבוציע״.

ברוך איז געווען שטארק בייז:

—איצט, צו געבן געלט, האָבן זיך אידן־פּארכעס צעחקירהט — „דאָס וואָס די היידאמאקעס האָבן פארלאָזט די שטאָט ביזן אָוונט, איז א סימן אז זיי שרעקן זיך פאר די רויטע ערגעץ ארום דאנען״ — איילן זיי זיך ניט ארייג־צושטעקן די האנט אין קעשענע.

—מ׳וועט מוזן ממש גיין אין די הייזער, שלעפּן שטיוול פון די פיס, זאמ־לען קוטשמעס און ארויסרייסן יעדן רובל, ווי ביי הינט פון די ציין.

— „יאָ״, האָט זיך ברוך אומגעקערט, — „קיין חופּה טאָר מען ניט אָפּ־לייגן, זאָל מען זי שטעלן אין פארמאכטן טויער, לעבן דער זייטיקער טיר, און אנשטאט אים מיט חנה׳ן זאָל עמעצער אנדערש נעמען אונטערפירענס.

שלמהס משפּחה איז ארייננעקומען. רחל האָט באמערקט די אָפּחוזק׳נדיקע בליקן, וואָס מ׳האָט זיי צוגעוואָרפן, און זיי זיינען ביי איר געוואָרן די מיליאָ־נען באוולהטע פון טויזנטער דורות; די פארקנעכטע, די אויסגענוצטע, די ביז איצט באהערשטע, וואָס דארפן ווערן די באַלעבאַטים; דער קלאַס, וואָס האָט א סך געליטן און ווייסט ווי צו שעצן א יושרדיקן וועלט־איינשטעל.

זי האָט אָנגענומען שלמה׳ס מוטער ביים עלנבויגן און מיט די אויגן גע־רופן אויף דעם פאָטער מיטן פעטער און מומען:

— קומט זעצט אייך, רוט אייך אָפּ״.

זי האָט עס ארויסגעזאָגט מיט אַזאַ איבערצייגונג, אַז די אָנוועזנדיקע האָבן זיך אזש פארגעסן, זייערע בייזלעכע בליקן זיינען געוואָרן ווייכער, מילדער, גאסטפריינטלעכער. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפרוקן, מאכן מער אָרט. דריי העגט מיטאמאָל האָבן אנטקעגנגעטראָגן שטולן.

די מחותנתטע האָט לכבוד איר זונס חתונה אָנגעטאָן א גרויסן בלאָנדן פּארוק אויף אירע ארויסקוקנדיקע, שיטערע גרויע הערלעך. אויפן פּארוק א

שוואַרץ, פון אַלטקייט פאַרגרינט, באַרעטל וואָס האָט נאָך בולטער אויסגע־טיילט איר פרי־פאַרוועלקט ברייט פּעט פּנים מיט די רויט־אָנגעשוואָלענע וויעס, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט אירע אַמאָליקע גרויסע העלבלויע אויגן אין גרוי־אָפּגעקראָכענע שפּאַרונעס.

אויף איר ברייט צעשפּרייטן קערפּער האָט זי געטראָגן אַ קריטאָנען קלייד מיט אַ האַלב־שלעפּ און אַ קורץ געפּאַסט זשאַקעטל מיט אַ שליאַרע ביי די היפּטן, נאָך פון פאַר כמעלניצקי׳ס צייטן.

די געדיכטע שימל־קלייען אויף אירע מלבושים האָבן ניט געמאַכט קיין סוד פון זייער באַלעבאָסטעס טוכלע, נאַסע ווענט, וואָס אַפילו דער זומער באַוויזט ניט אויסצוטריקענען.

אָבער אירע גרויע, אָפּגעבליאַקירטע שפּאַרונעס האָבן געשמייכלט זייער קאָנטעט. איר מויל האָט נאָכאַנאַנד געמאָלן:

— „דער פּאַרוק איז פון מיינע אייגענע האָר, וואָס מ׳האָט מיר אָפּגע־שוירן נאָך מיין חתונה, ניין! — צו דער חתונה. דער שווער האָט געזאָגט . . . ניין, די שוויגער האָט זיך אויף אים צעבייזערט. איך וועל דערפאַר, רחלע, זיין אַ גוטע שוויגער.

זי האָט גערעדט אָן אויפהער און אליין געלאַכט פון איר איטלעך וואָרט און באַלד פאַרגעסן דאָס נאָרוואָס אַרויסגעזאָגטע.

— „ווען האָב איך ערשט אָנגעהויבן טראָגן אַ פּאַרוק, ווען האָב איך אים בכלל געטראָגן. — וואָס איך האָב דורכגעלעבט, ווען איך בין ס׳ערשטע מאָל געקומען אין שול מיט דעם פּאַרוק, — וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. כ׳האָב געצויגן דאָס באַרעטל און געפילט צו באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט אין דער ערד אַריין. נאָר כ׳האָב זיך אויסגערעכנט: — זאָלן די ווייבער פּלאַצן! מילא, אויב זיי זיינען מקנא די נגידות׳טעס וואָס קומען אויסגעפּוצטע אין טייערע פּערל, דימענטענע אוירינגלעך און גראָבע גאָלדענע קייטן אויף זייערע העל־זער. אָבער וואָס איז צו גלאָצן מיט זייערע קוקערס אויף מיר? וואָס האָב איך ביי זיי צוגענומען, זיי זאָלן מיר ניט פאַרגינען איין שטיקל פּאַריקל, כאַ, כאַ.

איר לאַכן איז פון צופיל רעדן געוואָרן אַ כריפּנדיק, מענעריש געלעכטער. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן לאהן ביי דער האַנט:

— מחותנתטע, כ׳מיין ניט חלילה אייך, איר זענט בכלל תמיד אַזוי קיין עין־הרע פאַרעש׳ט, אַז אַחוץ ראש השנה און יום כפור האָט איר קיין צייט ניט צו גיין אין שול אַריין.

לאהן האָט זיך געעקט: אַ נאַרישע פּלאַפּלערין, דאָך אויף אַריינצוזאָגן האָט עס שכל, זי מעג עס טאַקע זאָגן, אָט האָט זי אויסגעבעטן מיט איר גייען אין שול. אָבער וואָס האָט לאה אַריינגעקראָגן פאַר איר שטענדיק אַז — האַ!? „פאַר־שטונקענע פּיש״.

אויף לאהן האָט געברענט די הויט: קיינמאָל האָט זי זיך ניט פאַרגונען א חיי־שעה.

ווען די שלעפּערקע האָט הנאה געהאַט פון איר זיצן די שבתים אין בית מדרש, האָט לאה ניט אויפגעהערט זיך דרייען דעם מוח ווי־ארום אריינצוכאַפּן נאָך, נאָך. און פרעג דעם רוח צוליב וועמען? צוליב וואָס פאַר א שווארץ יאָר?

מיט א פיבערדיק־האַרץ האָט רחל געהערט די פרעמדע מאַמע רעדן, אָבער דער עיקר האָט זי געהערט איר מוטערס שווייגן. זי האָט זיך דערמאָנט דער מוטערס גלייכווערטלעך, קלוגע אויסדרוקן וואָס ציען אזוי צו די קונים, די סוחרים, און גראדע די קליגערע פון זיי. מע׳קומט צו לאהן, ווי אָן איר סוחריש וויצלען זיך וואָלטן זיי אויף מאָרגן ניט געקאָנט אָנגיין מיט זייער מסחר.

רחלען האָט ווידער אָנגעהויבן גריזשען די שולדיקייט פאַר איר מוטער: ס׳איז ווי מ׳וואָלט אויסגעקערעוועט א לויפנדיקן קוואַל צו א גרין פאַרשימל־טער קאַלוזשע און געזאָגט צום שפּרודלדיקן וואַסער — „נאַ, קוויק זיך“.

דער בליק פון אירע אויגנווינקלען איז געבליבן שטעקן אין דער אויס־געבויגענער פּלייצע פון שלמהס פאָטער, וואָס איז געזעסן אויף א שפּיץ פון שטול: ער זיצט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן א שפּיי טאָן און א צעווייטיקטער אנטלויפן, אויסשרייענדיק — „צי האָט איר דאָ אויף מיר רחמנות, צי פּילט איר מיר מיט, — טויג עס סיי־ווי אויף כפּרות“.

ס׳איז איר טרויעריק געוואָרן, ער האָט אין איר אויפגעוועקט א בענק־שאַפט צו אָן איבערגעגעבענעם פאָטער, אויף וועמעס פּלייצע מ׳קאָן ארויפ־לעגן די האַנט און זאָגן: — „מיר זיינען חברים“. און א זיכערקייט זאָל אויפגיין אין ביידנס הערצער.

זי האָט געוואָלט פאַרזיכערן דעם פאַר דער צייט געבויגענעם טאַטן: „זי פאַרשטייט א ניט־איינגעגעבן לעבן“.

זיין שווייגן האָט זי געצויגן צו אים מיט איבערגעגעבענער געטריי־שאַפט: זי וואָלט זיך גערן צוגעזעצט צו אים און אויך געשוויגן. עס קוקט אויס, ער איז אין דער יוגנט געווען א שיינער, היוכער בלאָנדער בחור מיט גוטע אויגן. די קינדער זיינען ניט געראָטן אין אים. די מיידלעך זיינע און שלמהן האָט ער שטאַרק ליב, מ׳ועט דאַרפן טאָן אַלץ, אז דורך זיי זאָל זיין האַרץ דערפרייט ווערן.

די פּלוצים אָנגעקומענע געדאַנקען האָבן זי דערמונטערט, איר געגעבן א נויטיקן צוועק שוין אויפן אָרט: זי האָט מיט וואָס אָנצוהייבן פּונדאַסביי, און דערצו וועלן נאָך אונטערקומען אנדערע וויכטיקע אונטערנעמונגען, וועגן וועלכע זי האָט דערוויל נאָך זייער א נעפּלדיקן באַגריף. אפשר וועט עס אויך זי דערפרייען, און אויב ניט, מאַכט עס ניט אויס, ס׳וועט בלייבן בלויז אין איר.

— ס׳איז גוט וואָס זי האָט אויף א פּאָר רגעס געזען סאַשען, דעם קלאַנג פון זיין קול הערט זי נאָך איצט. — זי האָט ניט קיין רעכט צו טראכטן פון אים. — פארקערט אירע יסורים זיינען נייטיק: צו פארשטיין יענעמס פּיין דארף מען אליין דורכלעבן יסורים.

איינער פון די „חיובניקעס״ האָט איבער אלעמענס קעפּ עפּעס א זאָג געטאָן לאהן. זי האָט מיט א שטאָלצן טאָן אים געענטפערט.

רחל האָט מיט נייגעריקייט געכאפּט זייערע רייד און ס׳האָט זי פארדראָסן אויף זיך:

— וואָס מאכט זי אזא גרויסן וועזן פון איר מאַמען, וואָס איז דער יחוס? אויף איר גאַנץ לעבן קיין איין בוך ניט איבערגעלייענט. „א גרויסע סוחרטע״ — דאָס איז די גאַנצע חכמה אין איר, דערפאַר כאַפּן די סוחרים אויף איטלעך וואָרט, וואָס לאה לאָזט ארויס פון מויל. זיי טייטשן עס אויס מיט פּסוקים־דריידלעך, מיט גמרא־פּשט׳לעך, וואָס זיי האָבן אמאָל געלערנט און מיינען צו־זאמען מיט איר, אז דאָס איז זי אַזאַ שטאַרקע חכמת, אזוי שארפזיניק.

צו דערוויינזן זיך און אויך דער מוטער, וועמעס בליק זי האָט אויסגע־מיטן, אז אָט זיינען ביי איר אלע מענשן גלייך, האָט זי זיך אינגאנצן אויסגע־דרייט צו שלמהס מוטער.

א גרויסע לויז האָט זיך געוויגט פון פארוק אויפן בארעטל, פון בארעטל אויפן פארוק, אַרויף, אראָפּ, ארויף, אראָפּ.

רויטע בלוט־פלעקן זיינען ארויס אויף רחלס פּנים, אירע אויגן זיינען געוואָרן הייס, זיי האָבן זי גע׳שרפה׳ט, זי האָט ניט געוואוסט וואו זיי אהינצו־טאָן. עס האָט זיך איר געדאכט זי הערט זאָגן: „האלט זיך, דאָס לעבן האָט פיינט קאַטאָוועסן, עס פּרובירט דיך אויס״.

— שלמהס מוטער האָט זיך מיט דער וויגנדיקער לויז צוגעבויגן צו רחלען:

— טאָכטערקע, דו באטראכסט מיין שפּענצערל, ס׳איז געוואָרן אביסל ענגלעך אויף מיר. פארגעס ניט אז געמאכט האָט מען עס מיר צוריק מיט . . . מיט אַזוי גרויס ווי . . . ווי צוריק מיט אכט־און־צוואַנציק יאָר, צו מיין חתונה. דיין חתן איז שוין אַן אלטער בחור, כ׳האָב אים געהאט צו די ניין חדשים.

זי האָט זיך איינגעקוקט אין רחלען:

— צו מיין חתונה בין איך געווען ניט עלטער פון דיר, נאָר אין יענער צייט האָב איך צו צוואַנציק יאָר שוין געהייסן „א פאַרזעסענע מויד״.

— „אָבער ווי איר זעט״, זי האָט זיך געווענדט צו אלעמען, — „בין איך אויך דעמאָלט געווען, קיין עין־הרע, א מויד ווי א צימעס, א שטיק דעמב״.

זי האָט זיך צעלאָזט וועגן דעם צוגרייטן זי צו דער חתונה. — גלייך ווי זי וואָלט כאָטש איין וואָך צייט געליבט געווען פון איר מאן. — האָט עס זיך אפילו ניט אָנגעהויבן; אָדער גלייך ווי זי וואָלט געווען כאָטש א טראָפּן גע־

שעצט פון דעם, מיט וועמען זי האָט אָפּגעוואוינט די אכט־און־צוואַנציק יאָר.
— איז עס א נעכטיקער טאָג.

אַזוי־ווי וועגן „ליבע״,„ „רעספּעקט״ האָט מען אמקלענסטן געדאגה׳ט, גאָרנישט געדאגהט וועגן דעם בעתן גרייטן זי צו דער חתונה, איז אין איר זיכרון פארבליבן עפּעס וויכטיקערס: — „די שניידער, וואָס מ׳האָט געדאַרפט היטן די פינגער״, און „די געהויבענע אָנגעפּאָרענע געסט, מחותנים פון איר צד״.

דער עולם איז אין אָנפאנג פארכאפּט געוואָרן פון אירע מעשיות, נאָר זי האָט דאָסזעלבע אזוי פיל איבערגעחזרט, אז ס׳האָט באשלאָגן א ניט גוט־קייט; מ׳האָט אָנגעהויבן געגעצן, איינס נאָך איינס זיך ארויסגערוקט פונם אפירן־טיש, אָבער זי האָט געדרייט דעם קאָפּ אין אלע זייטן און ווי גע־צוואונגען מ׳זאָל זי אויסהערן.

לאה האָט אָנגעהויבן איילן מיט דער חופּה.

דער גרעסטער טייל פון רחלס רייכע קרובים (און געווען זיינען זיי א גרויסע משפּחה, צו דער באָבעס לויה האָט מען בלויז אייניקלעך אָנגעציילט עטלעכע־און־אכציק), האָבן אויסגענוצט דעם צעטומלטן טאָג און זיך אינ־גאַנצן ניט געוויזן. אנדערע האָבן זיך באצייטנס אָפּגעטראָגן פון דער חתונה, ס׳איז זיי ניט אָנגעשטאַנען.

די וואָס זיינען יאָ געקומען ווי מחותנים, האָט מען באטראכט פאר ניט פּאסיק אָפּצוגעבן זיי דעם כבוד פון אונטערפירנס. ס׳איז אוועק א דינגעניש מיט רוגזן.

האָט שוין געזאָלט זיין אונטערפירערס א נאָרוואָס אריינגעקומענער יונ־גער קוזין מיט זיין ווייבל. נאָר אז זי האָט דערזען חתנ׳ס צד אונטערפירערס, די אויסגעקרימטע, פארלאַטעטע שטיוול, וואָס שלמה׳ס פאָטער האָט גע־טראָגן, האָט דאָס ווייבל זיך דערמאָנט.

— „זי האָט ערגעץ א לייג געטאָן אירע דימענטענע אוירינגלעך און הייבט ניט אָן צו געדענקען וואו״.

מ׳האָט אויף אירן: „באלד וועט זי זיך אומקערן״. ניט דערוואַרט זיך.

דער קוזינעס מער ניט יאוּוען זיך האָט אויפגעעפנט רחלען די אויגן; אויך ברוך האָט געזוכט א תירוץ, אניט וואָלט ער נאָך געפינען א האלבע שעה א פרייע.

— איז עס גלייכער אזוי, ווייל אויב א ברודער איז ניט מיטן גאנצן הארצן בעתן פירן זיין שוועסטער צו דער חופּה, דאַרף ער עס טאקע ניט טאָן.

זי האָט איינגעשטילט איר באליידיקט הארץ; וואָס מער די קרובים בלאָזן פון זיך, וואָס מער גאווה זיי ווייזן ארויס — אלץ מער מאכן זיי איר, זיך צו ד׳ערווייטערן פון זיי.

ר׳ משה פון דער גוראלניע איז אריינגעקומען און לייטיש דערציילט:

— „צוויי באַנדיטן האָבן בעתן פאַרלאָזן די שטאָט נאָכגעיאָגט נאָך נחמיה דעם לאַנגנס מיידל. אָבער זי קאָן שווימען, ניט אומזיסט געוואַקסן אַלע יאָרן ביים טייך, זי איז איבערגעשוואומען דעם גאַנצן טייך און אַרויס אַזש אין וואַלד. דער טאַטע אירער האָט זי אויף מיין שיפל צוריקגעבראַכט. זי איז זייער דער־שראָקן, אָבער אַבי זי האָט זיי אַנטלאָפן.

רחל האָט בשעת מעשה געטראַכט: איר האַגאַראַווע משפחה וואָלט אויך געדאַרפט א שווימטאָן אין ים און אַרויס ערגעץ אויף אַן אינזל, וואו זיי זאָלן זיך אויסלערנען מער אַביסל מענשלעכקייט.

נאָר אויפן אָרט האָט זי חרטה געקראָגן אויף איר לייכטזיניקייט, גלייך ווי זי וואָלט מיט איר טראַכטן אַליין שוין גורם געווען עפּעס שלעכטס אויף אירע קרובים און געפילט זיך שולדיק: זי קאָן צו זיי גאָרניט ניט האָבן, די אַלע קרובים זיינען פון איר פאָטערס צד, כמעט אַלע האָבן זי אמת ליב. זיי זיינען ניט מיד געוואָרן איבערצוחזרן — „דיין טאַטע האָט גאָר קיין גאַל ניט גע־האַט, א שטילער, א באַשיידענער, א מיטפילנדיקער, און דו, דיר צו לאַנגע יאָר, ביסט אַקוראַט ווי דיין טאַטע".

אירע מחשבות האָבן געפאָרשט: זי קאָן זיי ניט חושד זיין אין ליב האָבן איר פאָטער בלויז ווייל ער איז טויט. איר משפחה׳ס צונויפקומען זיך יעדן שבת, ס׳מעג דונערן, בליצן, אויף א גלעזל טיי, — איז א שם דבר אין שטעטל, מ׳רעדט וועגן זיי — „ביי די פרענקס איז אפילו די צעקריגטע קריגן זיך ניט. מ׳טרינקט, מ׳עסט צוזאַמען און מ׳לאַכט מיט דער גרעסטער הנאה אפילו פון אַ וויץ וואָס א ברוגזע דערציילט. — דערפאַר זיינען די פרענקס וויבער אַלע אַזוינע אָנגעקוואָלענע".

— פאַרוואָס זאָלן זיי זיך פיינט האָבן? אָנקומען איינער צום צווייטן דאַרפן זיי ניט, קאָנען זיי קוועלן.

פּלוצלונג האָט צו רחלען דערגרייכט די יסורים וואָס זייער קהילה האָט דורכגעלעבט. זי האָט א ציטער געטאָן, עס האָט איר דערמאָנט אין איר ברודערס געלן אויסזען: ווי די גאַל וואָלט אין אים געפּלאַצט. דורכצומאַכן צוויי שטונדן נאָכאַנאַנד פּנים אל פּנים מיט מגושמדיקע חיהשע רוצחים איז ניט קיין קלייניקייט. עס קאָן זיין, זיי זיינען ניצול געוואָרן א דאַנק דעם וואָס די באָלשעוויקעס שלאָפן ניט.

זי האָט זיך פאַרקלערט: ברוך איז אין אויסזען געראָטן אין פאָטער, לויטן פאָטערס בילד, ווען די אַרומיקע אומגעבונג וואָלט אַנדערש געווען, — וואָלט ברוך געווען אַן אַנדער מענש.

עס האָט אין איר א שמייכל געטאָן: אפשר נאָך אין דער גאָר נאָענטער צו־קונפט וועט זי זיך ווידער צונויפטרעפן מיט איר שטאָלצער משפחה און זיי וועלן זיך מיט איר איינפאַרשטיין.

* * *

רחל האָט זיך אַרומגעקוקט: חנה, די עלטערע שוועגערין איז שטאַרק צעטראָגן, נאָר דאָך האַלט זי זיך ווי אַ מחותנתטע, אָבער גיטל, די אינגערע שוועגערין, איז אינגאַנצן ניט אַריינגעקומען.

רחל איז זי געגאַן אַריינרופן, נאָר יענע וויינט:

— „אַז איך ווייס ניט וואו חיים איז, צי לעבט ער דאָרטן אין זיין נאָוואָ־פּאָלטאַווקער קאָלאָניע, — איז קער איך זיך מיט קיינעם ניט אָן, כאָטש דיך, רחל, האָב איך ליב ווי אַן אייגענע שוועסטער. ווער נאָך, ווי איך, ווייס וואָס דו טוסט מיט דיין נעמען שלמהן. הלוואי וואָלטן אַלע מיידלעך געקומען צום שכל, אַז געלט איז אַ פּאַרבלענדעניש.

— פון זינט כ׳קען דיין ברודער, האָב איך געהערט נאָר: „ביכער, לייטיש זיין, ערד אַרבעט, ביכער און אַ קאָלאָניסט ווערן — — — צו וואָס זשע האָט ער געדאַרפט אַ ווייב און האָבן מיט איר אַ קינד? זאָל איר רחל אַנטשולדיקן — מיט אַזאַ פאַרביטערט האַרץ און אַזוינע אָנגעוויינטע אויגן קאָן זי זיך פאַר קיינעם ניט ווייזן.

אין גרויסן זאָל שטייען דריי גלעזערנע שראַנקען אָנגעשטאָפּטע מיט ביכער; העברעאישע, אידישע, רוסישע, עספּעראַנטישע, גאַנץ גרעצ׳ס געשיכטע, בערנשטיינס ווייסנשאַפט און וואָס ניט.

רחל האָט געקוקט אויף די בייכיקע ביכער־שראַנקען: ווען גיטל „ראַדע־וועט״ זיך ניט צו ווערן אַ רייכע, וואָלט זי חתונה געהאַט מיט אַזעלכן ווי זי אַליין, וואָס האָט אויך ניט קיין שום בילדונג, קיין שום חלומות — וואָלט זי, מסתמא, געווען גליקלעכער מיט יענעם מאַן.

„דאָך איז אַ חידוש, פאַרוואָס זאָל אַן אָרעם מיידל ניט איינפאַרשטיין זיך מיט אַזאַ מאַן ווי חיים?

* * *

שלמה׳ס פעטער מיט אַ רויטער, צעווינטיקטער באָרד, האָט אויסגעשטרעקט צו רחלען זיין רויט האַלז־טיכל. זי האָט זיך נאָכדעם באַדענקט: דאָס מיינט „מקבל קנין זיין״.

— „מזל טוב !״

— ווּעמען מזל טוב? דערווייל נאָך קיינעם ניט.

— פאַרוואָס קיינעם ניט ? אָט קוקט אויס שלמה ווי אַן אויסגעפּרעגלטער אין גליק, ער לאַכט מיט יעדן איינעם. יעדן וואונטש נעמט ער אויף ווי אַ שטיק ריינגאָלד״.

רחלס פּלייצעס האָבן זיך געריגעוועט: מ׳דאַרף זיין אַ באַזונדער מין געבענטשטער צו קאָנען מיט אַלצדינג פרייען זיך. ס׳געפעלט איר דווקא, זי וואָלט נאָר געוואָלט וויסן וואָס ליגט אין דעם ? צי איז עס צוליב זיין ניט־זיין געפאַלן ביי זיך, צי פּשוט צוליב זיין ניט זיין אַ מבין אויף זיך? צי אפשר ווייל אין

זייערע גאסן ווייסט מען ניט פון קיין הינטערשיסעלעך, אז מ׳דאַרף אָפּזידלען עמעצן, זידלט מען אז עס גייט אַזש א רויך. נאָר אז מ׳ווינטשעוועט־צו — מיינט מען עס מיטן גאַנצן האַרצן.

ס׳האָט אויסגעקוקט ווי דאָס גאנצע שטעטל האָט זיך ארויסגעלאָזט אויף דער גאס אָפּצוכאפּן דעם אָטעם פונם דערשרעק און אינאיינוועגס אוועק אָנ־קוקן די חתונה פון לאה פרענקס בת־יחידה.

דעם דר. פיינשטיינס עלטערער זון, דער גראַטענער סטודענט, וואָס איז אין זיינע וואַקאציעס אויסגעווען וואו א ווינקל אין רוסלאַנד, נאָר ניט אין דער היים, האָט איצט זיך גראָד געפינען אין שטאָט. ער געדענקט קוים רחלען, נאָר אז אזויפיל יונגעלייט זאָגן: „אַי!״ — וועט ער אויף טשיקאַוועס אָנקוקן די כלה.

ער האָט זיך אריינגעפּרעסט דורכן ברייט צעעפנטן טויער צווישן א גע־דיכטן עולם. מיט א ציניש פלעמל אין די אויגן האָט ער זי געזוכט; אָט קומט זי אַרויס אויף דער שוועל.

ער איז מאָדנע ערנסט געוואָרן: א שאָד וואָס ער האָט זיך דערוואוסט וועגן איר אזוי שפּעט.

רחל האָט דערשפּירט זיין שאַרפן בליק, אויפגעהויבן די אויגן אַרויף און איז בלאסער געוואָרן: ער איז זייער ענלעך צו סאַשען.

זיי האָבן ביידע דערפילט ווי זיי וואָלטן געאָרעמטע אוועקגעשפּאצירט פון דעם אומנייטיקן טומל.

נאָר רחל האָט עקשנותדיק ארויסגעצויגן איר האנט און אוועק אונטער דער חופה: אביסל ענלעכקייט זאָל זי פירן ביי דער נאָז ! זי וועט עס ניט דערלויבן אפילו דעם אָריגינאל. דער גאנצער ביזאיצט איז פאַרברענט.

ווייבער האָבן באַדויערט:

— ווי, לאה פרענקס בת־יחידה גייט צו דער חופה אין א שוואַרץ קליידל.

— נאָך א גליק וואָס דאָס קאָפּטל איז א ווייס.

רחלען האָט עס געערגט: זייערע אויסרופן זיינען ווי ס׳וואָלט חתונה גע־האַט איר קליידל־קאָפּטל און זי איז צופעליק אין דעם שפּאַן.

דרייענדיק זיך אונטער דער חופה האָט זי א ציטער געטאָן, זי האָט זיך דערמאָנט: ווען סאַשע האָט זי דאָס ערשטע מאָל דערזען אין דעם קליידל־קאָפּטל איז ער ווי שיכור געוואָרן און געשטאַמלט: „רחל, דו כשופסט ! — ווער מיין ווייב״, און זי, א דערשראָקענע פאַרן צושטימענדיקן ענטפער אין איר, האָט אים באַליידיקט, געפאָדערט פון אים ער זאָל ווערן שיר ניט א מאָ־נאָך.

עס האָט איר ווייגעטאָן וואָס זי האָט פאַרגעסן און היינט אָנגעטאָן דאָס קאָפּטל־קליידל, ווי זי וואָלט נאַרוואָס באַגאַנגען א הייליקן פאַראט, און זי האָט זיך דערשראָקן פאַר איר ווייטיק.

צו דערוויזן זיך, אז ניט קוקנדיק אויף אירע פארפאַלגנדיקע דערינערונ־גען — וועט זי זיך קאָנען באהערשן, האָט זי זיך דערמאָנט: ווען זי איז נאָך א קינד געווען האָט א שייגעץ געבראַכט צו זיי לעבעדיקע פישלעך פארקויפן. און אפילו שוין צעשניטענע, זיי האָבן זיך שוין געפּרעגלט אין זודיקן בוימל, האָבן זיי זיך נאָך אלץ געוואָרפן, געהויבן די עקעלעך, די קעפּעלעך.

אויף איר צעוויינען זיך, האָט די מוטער געזאָגט: „ביי יתומה׳לעך, איז דער וואסערפירער שטענדיק גרייט״. — פארנאכט האָבן צוויי שיכורע שקצים זיך צעשלאָגן מיט גרויסע בראָנפן־פלעשער, א שטיק גלאָז איז דורכן שויך אריין אין איר פוס. ס׳איז געבליבן א שטענדיקער סימן. אָבער זי, וועלנדיק פארהיטן אלע יתומים פון איר מאַמעס באליידיקונג, האָט ניט געוויינט בעת׳ן פעלדשערס שלעפן דאָס צעבראָכענע שטיק גלאָז, נאָר געלאכט פון שארפן וויטיק.

א מורמל איז דורך צווישן עולם:

— „די כלה לאַכט, זי לאַכט״.

אן אומצופרידענער קרוב האָט סארקאסטיש געבורטשעט:

— א גרויסע מציאה האָט זי איינגעהאנדלט, קוועלט זי״.

עמעצער האָט אים ארויסגעהאָלפן: „זי וועט זיך שפּעטער באוויינען אויף דער בעזהאַלאָווליע״.

רחל האָט פארלאָרן דעם באָדן אונטער זיך, זי זעט א געשטאלט: דער שוואַרצער פראַק מאַכט אים אויסקוקן נאָך העכער ווי ער איז, צווישן הונ־דערט יונגע דיכטער האָט זיך זיין ליד אויסגעצייכנט . . . ער איז איר גאָט פון ליבע.

א גלעזל האָט געגעבן א קנאַק ! „מזל טוב! קוש די כלה״.

מיט פארשעמטע, אראָפּגעלאָזטע אויגן האָט זי אויפגענומען דעם גליק־לעכן קוש . . . ס׳האָט א שוידער געטאָן מיט איר, א פראָסט איז אריין אין אירע גלידער: זינדערן, וואָס האָסטו געטראַכט ? וואָך אויף, האָסט דיין בושה פארלאָרן. נאָר וואָס זאָל זי טאָן, אז זי באנעמט ניט וואָס עס מיינט „זינד״, „בושה״. ווער האָט די ווערטער אויסגעטראַכט? ווער דאַרף זיי? ווער נויטיקט זיך אין זיי?

רחל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. צווישן די פרעמדע צושויער האָט זי דערזען פיל פון שלמהס אָרעמער גאַס, און אביסל אין א זייט, ווי אויסגע־טיילטע ,זיינען געשטאנען זעלדע פונם איינפאָרהויז מיט אירע צוויי אינגערע שוועסטער, ווי דריי אומשולדיקע, ליבע מיידלעך, וואָס חלומ׳ען פון געטריי־זיין דעם אייגענעם מאַן, ווי א הונט וואָס טרעט ניט אָפּ פון זיין באלעבאָס קבר.

זעלדע מיט אירע שוועסטער און די אנדערע באַוווּלהטע האָבן אָנגע־פילט רחלס הארץ מיט א פרייד, וואָס ניט זי האָט פארשטאנען ווי אזוי האָט עס

זיך געטראָפן מיט איר, און דער גרויסער געזעמל ארום האָט עס אוודאי ניט באַנומען.

אינזיך האָט זיך ביי איר געוועבט אַן אילוזיע און זי האָט געשמייכלט צו איר.

* * *

ר׳ מאיר פונם אייל־זאוואָד האָט זיך ניט געקאָנט אריינדריקן אין אי־בערגעפאַקטן טויער, האָט ער גערעדט צום עולם פון הינטערן טויער:

— „איך האָב גאָרנישט געוואוסט וועגן דעם אלעם, נאָר ס׳איז ביי מיר ניט קיין חידוש״.

ער האָט מיט אַ לייטישן, בכבודיקן וואונק ארומגערינגלט זיך מיט נייגע־ריקע אויערן און זיי דערציילט:

— „נאָך העט אין פאַרגאַנגענעם ווינטער, ווען איך בין, ניט־איצטער־געדאַכט, פאַרסטראַנעט געוואָרן אין אָדעס און געזוכט אלע מיטלען צו ארויס־רייסן זיך פון דאָרטן, האָב איך דעמאָלט באַמערקט, אז רחל איז ניט ביי די קלאָרע געדאַנקען.

— איך האָב געוואָלט איבערלאָזן ביי איר מיינס אביסל געלט, ס׳זאָל מיר זיין גרינגער ארויסצופאָרן און איר וועט עס צונויף־קומען. האָט זי זיך איינ־גע׳עקשנ׳ט און אין איין אָטעם — „כ׳דאַרף ניט קיין געלט, כ׳האָב פיינט געלט!״ דבורים פון א פאָלנער משוגענער.

ר׳ מאירס רויטער קארק האָט זיך געטרייסלט פון געלעכטער, און גרויע קעפּ, גרויע בערד ארום אים האָבן צוגעשאָקלט:

— „טאַקע? ! גאָט זאָל שומר ומציל זיין״.

דער מעקלער פּיניע־קראָפּ האָט זיך אריינגעוויזלט מיט זיין דאַר, שמאָל גופל און מיט זיין ווייבעריש טענאָרל געוואָרפן זיך אין אלע זייטן:

— „א מיידל זאָל זאָגן, אז זי האָט פיינט געלט, קאָן זיין אפילו דאָ האָט אויך צוגעשפּילט לאהן ס׳מזל, זי׳ט פארשפּאָרן צו האלטן זיך מיט א חסר־דעהדיקער מויד. כי, כי״.

---

צום געשמאַקן געבעקס האָבן זיך געצויגן זשעדנע הענט פון פרעמדע נאָך מער ווי פון אייגענע מחותנים.

—נאָר מיט אַזאַ ברודער, מיט א צוקער־זאוואָד קאָן מען זיך פאַרגינען אזא עשירות׳דיקן כיבוד״.

חיה, לאה, חנה, אירע דינסטן נאַסטיע, פּאַלאַגע, אויך רחל, סאָרעטשקע אלע האָבן מכבד געווען דעם שטראָמענדיקן עולם, וואָס האָט אויסגעלעקט איטלעך ברעקעלע לעקעך.

די פרייזן אויף צוקער האָבן זיך געהויבן מיט יעדן טאָג, לעצטנס עט־לעכע מאָל א טאָג. און פון די זאווּאָדן האָט מען געשריען — „ניטאָ קיין צו־קער!" די ספּעקולאַציע איז געוואַקסן ווי אויף הייוון.

אפילו צו רחלען איז עס דערגאַנגען: אַלטע מענער, ווייבער, קינדער שטעלן איין זייער לעבן דורכצושמוגלען אין די בגדים עטלעכע פונט צוקער קיין אָדעס און פון דעם, מיטן טויט־זיך־זעענדיקן פאַרדינסט, דאַרפן לעבן היפּשע פאַמיליעס.

מיט באַגייסטערטע, פייכטע אויגן האָט זי געזען, ווי מ׳כאַפּט חיה׳ס געשמאַקן האָניק־לעקעך, דעם פלאָדן, שטרודל, טאָרט, די לעקעכלעך, קיכ־לעך.

געדאַכט האָט זיך: איר אויסגעבריטערטער שמייכל דערגרייכט צו יעדן איינעם מיט א דאַנקבאַר געבעט — „עסט, עסט נאָך".

די חברטע ליזע האָט מיט א וויינענדיק האַרץ נאָכגעפאָלגט רחלען און ס׳איז געוואַקסן איר וואונדערן זיך.

טאַניע גרין מיט שלמהס צוויי חברים, קלמן און זלמן, זיינען געקומען אָפּגעבן „מזל טוב". טאַניע האָט דערלאַנגט רחלען א לייכט פאַרוויקלט פּעקעלע.

רחל האָט באַגייסטערט אויסגעשריען:

— „פּרישינקע רויזן! ווי ערשט פון גאָרטן אַרויסגעריסן!"

אַלע ווילן וויסן, ווי אזוי האָט עס זיך איר איינגעגעבן אין אַזאַ מהומה־דיקן טאָג און אזוי שפּעט אין סעזאָן קריגן רויזן?

טאַניעס קלוגע, גרויסע אויגן שמייכלען פילבאַדייטנדיק:

— דאָס געשיכטעלע וועגן די רויזן — וואָלט מען געמעגט פאַרשרייבן אין דער געשיכטע. זונטיק האָט זי אין מאַרק באַמערקט א פרישע רויז ביי א שיי־געץ אין היטל. זי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן און געפרעגט ווי קומט צו אים אַזאַ שיינע רויז? זיין פאָטער איז אַלע יאָרן געוועזן א גערטנער ביים פּריץ, האָט ער פאַרזעצט א פאָר ביימלעך אויך ביי זיי הינטער דער שטוב.

— זי האָט באַשטעלט ביי אים א בוקעט אויף היינט, כאָטש מ׳האָט גע־לאַכט פון איר. אָבער, פריער מיט א שעה, האָט זיך צו זיי אין שטוב אַריינגע־שטעלט א קליין צעטומלט שייגעצל — „דעם ברודער האָט מען אוועקגערופן הרגענען אידן, האָט ער מיט אים צוגעשיקט די בלומען, וואָס זי האָט באַ־צאָלט פאַר זיי".

ביי רחלען האָבן געיאָגט מוראשקעס איבערן גאַנצן קערפּער: דער זעל־בער מענש, וואָס האָט געריסן די רויזן, געהאַלטן זיין וואָרט, — האָט אַצינד, קאָן זיין, שוין געשאָכטן עטלעכע קינדער . . .

קיינער האָט ניט געאיילט אוועקצוגיין: — א קעלער איז פאראן א גרוי־סער. ווער ווייס צי מ׳וועט צונויפשטעלן די גרויסע סומע? כאָטש אלע טענהן אז מ׳גיט איבער די כוחות, ס׳איז דאָך מזומן געלט! גלייך אויפן אָרט צו ציילן! דערצו, דער עיקר, עס שרעקט — וואָס דערנאָך וועט זיין?

גראד האָט זיך דאָסמאָל גוט איינגעגעבן, דער אַטאַמאַן מיט זיינע אנדערע ניין רוצחים זיינען אריין נאָך פאר דער באשטימטער צייט.

— „אויב מ׳וויל בלייבן לעבן — זאָל מען שוין ציילן דאָס געלט און געבן די זאכן״!

דער אַטאַמאַן האָט זיך געזעגנט מיט דער קהלה:

— „ווען איך און מיין חיל וועלן זיך אומקערן צוריקוועגס, שוין איינ־גאנצן זיגער איבער די פארכאטע באָלשעוויקעס, וועל איך זאקאזעווען טויזנט פאָר שטיוול און יעדער פאָר וועט מוזן זיין שפּאָגל ניי. נאָכדעם וועלען מיר מאַכן כיק צו אַלע זשידעס! מ׳וועט שניידן העלזער — ס׳וועט אזש גיין א רויך! אָבער די פאָרשטייער פון דער קהלה וועלן מיר לאָזן לעבן ביז זיי וועלן פארפאָרפלען אַלע רויטע קראָמאָלניקעס״.

מ׳האָט ניט געוואוסט ווער דער גזלן איז געווען: פעטליורע, דעניקין, צי־ווער, אָבער זיין רעדן, זיין אקצענט איז פון א הויך־געבילדעטן מערדער.

# קאפּיטל צוואַנציק

.1

דאָס לערנ־יאָר אין אָדעס האָט זיך שווין פון לאַנג אָנגעהויבן. אומזיסט האָט רחל מיט גרויס אומגעדולד ארויסגעקוקט אוועקצופאָרן. פּאָגראָמען האָבן ווי א פייער ארומגעכאפּט שטאָט און שטעטל, מ׳האָט געוואָרפן אידן פון די באנען, געהרגעט אויף יעדן טריט, אידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואסער.

מ׳האָט זי ניט געלאָזט דערמאָנען וועגן פאָרן. ווי געפּענטעטע פייגל האָבן זיך אירע פארלאנגען געריסן און געוואקלט זיך.

שלמה האָט זי אלץ געטרייסט, אז „קומענדיקע״ וואָך וועט רואיקער ווערן.

זיי האָבן געדונגען א צימער אין סאַמע עק שטאָט. ווען רחל זאָל קאָנען איבערטראָגן די פּענצטער אין דער קעגנדיקער בלינדער־וואנט, וואָלט מען כאָטש פונוויינטנס ארויסגעקוקט צו א ברייטן וועג, צו ביימער, צו עפּעס א לעבן, עפּעס א האָפענונג.

אָבער אזוי, שטעכן איר געמיט איינגעזונקענע חורבות, ארומגערינגלטע מיט בערג מיסט, און מיט ווי פון מיסט ארויסגעוואקסענע פאר׳חושכ׳טע, אָפּ־געריסענע אָפּגעשליסענע קינדער. זייער קלעגלעך אויסזען שטיקט אין האַלז, עגבערט דעם מוח: „ווי אזוי העלפט מען זיי?״

דער באלעבאָס, משה ציפּע׳ס, ביי וועמען זיי האָבן געדונגען דאָס צימער האָט דערציילט:

„ביי פאך איז ער א בלעכער. ס׳זאָל געווען זיין מיט וואָס צו דינגען א קלייטל און קלאפּן, מאַכן, דרייען . . . כאָטש וואָס קאָן איינער, אליין, אויפ־טאָן ביי בלעכעריי, דאָך וואָלט ער זיך אפשר געווען ארויפגעארבעט. אָבער ביי יענעם אן ארבעטער, — היינט דארף ער דיך, און מאָרגן ווי עס קומט אים אויס. האָט ער זיך געמוטשעט.

— איינמאָל, בשעת ער איז געשיקט געוואָרן צו ארבעטן טאקע ביי בלע־כעריי ביים גראף אליין, ווייל אַזאַ בעל־מלאכה ווי ער, איז ניט געווען קיין סך, האָט מען אים דאָרט צופּעליק צוגעשאַרט אַ פּעט פארדינסטל, און ער איז גע־וואָרן א שטיקל־מעקלער ביי פּריצים . . . זיי האָבן אים געשיקט צו רייכע אידן נאָך הלוואות און אנדערע מסחרים;

— זיין ציפּע האָט אָפּגעשפּאָרט פון דעם א פּאָר רובל און זיי האָבן גע־קויפט דאָס שטיקל ליידיק פּלאַץ. מ׳קאָן זאָגן ס׳איז געווען, רחל און שלמה זאָלן אים אנטשולדיקן פאר די רייד, א שטיק הוילער עפּוש — פון דער גאַנ־

צער ירושעלימקע איז מען געגאַנגען אהער. יאַקאָש האָבן ער מיט ציפּען עס דערייניקט.

זיינע ברידער און שוואָגערס האָבן אים געהאָלפן אויפשטעלן דאָס שטיבל. דורך די נעכט און גרויסע פאַרטאָגן האָבן זיי אַלע אים אַרויסגעהאָלפן. ער ווייסט גאָרנישט ווי ציפּע האָט זיך ניט אונטערגעריסן שלעפנדיק די שווערע קלעצער, ברעטער, צו אַלצדינג האָט זי צוגעלייגט א האַנט.

— יאַקאָש האָט מען די ווענט מיטן דאַך שוין דערלעבט צו זען, אָבער אויף טירן און פענצטער איז נישטאָ. ער האָט זיך פאַרליען איבערן קאָפּ; דער־צו האָט ער געפילט אז צו זיין א מעקלער ביי אדונים און ביי רייכע אידן — ווינטשט ער עס ניט אפילו דעם ערגסטן הונט. ווען מ׳זאָל ניט געווען פאַר־טרייבן די פּריצים, — וואָלט זיך אים זיין האַרץ שוין פון לאַנג אָפּגעריסן. ער וועט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי זיי קאָנען דערנידעריקן א מענטשן״.

פון די פּאָר בינטלעך פּראָוויאַנט, וואָס רחל האָט געהאַט אין קיך, האָט ציפּע, דעם בלעכערס ווייב, אַריינגעבראַכט א דריטל. דאָס פּנים האָט איר גע־פלאַמט די אויגן ביסטרע, צעטראָגן:

— „קליינע קינדער, זיי פאַרשטייען ניט — „ניט זייערס״, און ציבעלעס פאַרשמעקן אַזוי, איז כאָטש הרגע זיי אויף טויט, קאָן מען זיי ניט אָפּרייסן.

— „רחל, טוט מיר א טובה און באַהאַלט די ציבעלעס ביי אייך אונטערן בעט״.

רחל האָט באַמערקט — ווען דער וואָרעמעס אירער הייבט אָן פאַרטיק ווערן, ווערט דאָס טעפּל אַרומגעלאָפן פון אַלע זייטן, כאָטש זי איז זיכער, אז ס׳איז ניט אויסגעלאָפן. פונם פלייש, וואָס זי האָט צוגעשטעלט בלייבט אפשר א פערטל, לאָזט זי עס איבער פאַר שלמהן. זי מיאוסט זיך, זי זעט שמוץ פון קויטיקע, קלעפּיקע קינדערשע הענטלעך. זיי ווועלן זיך נאָך חלילה אינגאַנצן אָפּפּאַרען. מער פעלט דאָ ניט.

דאַכט זיך: זייער מוטער ווערט אומיסטן מיטאָגצייט פאַרשוואונדן אויף שעהן פונם הויז, איז ווי קאָן מען עסן יעדן טאָג פלייש, ווי קאָן מען בכלל אַראָפּשלינגען א רואיקן ביסן, — ווען פּיצלעך קינדער הונגערן.

— זיי האָבן, ווי מייזלעך, רויערהייט, צעגריזשעט אירע קאַרטאָפל — זיי זאָלן כאָטש ניט קראַנק ווערן, די אויסגעדאַרטע נפשותלעך מיט זייערע געשוואָלענע בייכלעך.

דער שרעקנדיקער אויסזען פון די אַרומיקע — פון יאָרן, קעלט, רעגן אָפּגעשלאָגענע שטיבלעך — ווי אָט וועלן זיי צוזאַמענפאַלן אין אַלע זייטן, און די אַרומיקע שכנים, סיי די גרויסע, סיי דאָס קליינוואַרג אָן א גאַנץ העמד אויפן לייב, — האָט געצויגן רחלס נערוון, ווי מ׳וואָלט געוויקלט פעדים אויף א צעקנייטשטן פּאַפּירענעם קנויל. עס האָט איר געגרילצט אין קאָפּ און אין יעדן אבר.

רחל האָט מיט ווייטיק געטראַכט: פאַר איר אַרויסקלייבן זיך פון דער היים, האָט איר מוטער געציילט, געשושבט זיך, נאָך צוגעלייגט א פּאָר פּאַ־זיטלעך — „נאַ! דאַרפסט עס אפילו אים ניט ווייזן, צו דעם, וואָס ער וועט דיר געבן, משטיינס געזאָגט, איינצוקויפן אין שטוב אַריין, וועסטו איטלעך מאָל צולייגן פון דיינעם״.

— דעמאָלט, ווען איר מאַמע זאָל ניט זיין קיין אלמנה, וואָלט זי, רחל, איר געוועזן דערקלערט פאַרוואָס זי נעמט ניט אזוינע געלטן, אָבער איצט, — וואָלט זי אפשר ניט געדאַרפט זיך רעכענען מיטן אייגענעם שטאָלץ, און מיט יענעם געלט העלפן דאָ. ווער·מען וועט עס קלעקן? דאָס איז ניט די רפואה פּטור צו ווערן פון זייער פּלאָגן זיך.

.2

רחלס ניט קאָנען אוועקפאָרן לערנען האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן איי־ביקן „פאַרוואָס?״ פאַרוואָס מאַכט מען פונם אידן אזא הפקר? פאַרוואָס איז מען זיך אזוי נוקם אין זיי?

פּלוצים איז איר נאָך עפּעס געוואָרן שטאַרק אומקלאָר: עס קאָן דאָך ניט זיין, אז מיטן אייגענעם גוטן ווילן זאָלן מענשן מאַכן פון זיך גזלנים, מער־דער. וואָס טרייבט זיי דערצו?

איר האַרץ האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט: ס׳איז א גרויסער ווייטיק און א שאַנד פאַר די געפּייניקטע; אָבער ס׳איז איר, דאַכט זיך, ניט קיין קלענערער רחמנות אויף די פּייניקער, זיי וועלן זיך אפשר קיינמאָל אין זייער לעבן און אפילו נאָך זייער טויט ניט באַפרייען פון די פאַרברעכנס, וואָס זיי זיינען באַ־גאַנגען אין זייערע בייזע שעהן.

זי האָט דערפילט מ׳טאָר מער ניט זיצן ליידיק, מ׳מוז זיך קעגנשטעלן די רשעות, זי מוז זען זיך פאַראייניקן מיט די באָלשעוויקעס, אַרבעטן מיט זיי.

פּלוצים איז איר געקומען אויפן געדאַנק די לערערס באַיקאַט. זי איז אוועק צו די אַרומיגע שכנים, איינגערעדט די עלטערן צו שיקן די מיידלעך צו איר, זי וועט זיי לערנען אביסל לייענען, שרייבן.

גרינג איז עס איר ניט אָנגעקומען, זי האָט געמוזט רעדן פאַר פייער און פאַר וואַסער, זי האָט אָבער גע׳פּועל׳ט.

די ערשטע פיר טעג זיינען געקומען עלף קינדער. שלמה האָט אַריינגע־בראַכט א לאַנגע באַנק, ער האָט זי געליען ביי זיי אין טאַלנער קלויז. היל־צערנע קעסטלעך צו שרייבן אויף זיי, האָבן אים אַנטליען זיינע באַלעבאַטים. ער האָט געשטעלט אַן עמער וואַסער און א שיסל צום וואַשן זיך. רחל האָט צע־פּערלט א פּאָר שטיקלעך זייף, געגעבן יעדן קינד א פּערטל, א סאַלפעט. און זיי, דורשטיקע צו איר יעדן וואָרט, האָבן געשמיידיק אָפּגעוואַשן זייערע ברו־דיקע הענט, און מ׳האָט זיך אויסגעזעצט צו דער תורה. די קינדער האָבן אָנ־

געקוואָלן פון די בלייערס, און פון דעם פּאַפּיר וואָס זי האָט איטלעכן גע־געבן.

רחל האָט זיך געפרייט: זיי נעמען אויף גאַנץ פיין, זיי פאַרשטיין זיך אײן, מיט דער צייט וועלן זיי עפּעס אויפטאָן.

אויפן פינפטן טאָג זיינען געקומען בלויז שלמהס שוועסטערלעך. זיי רעדן ווי אַלטע, זיי ווייסן אַלץ וואָס עס טוט זיך אין יעדער שטוב באַזונדער און וואָס אַלע שטיבער אינאיינעם זאָגן און רעדן.

— „מער וועט קיינער ניט קומען לערנען. זייערע טאַטעס שרייען — „אויסצושטודירן צו נעמען א קבצן!‟ זייערע מאַמעס זאָגן — „זאָלן זיי בעסער העלפן ניאַנטשען די קלענערע קינדער, „אפילו פּוסט־און־פּאַס אַרומגיין, אַבי ניט אָפּלערנען זיך מאַכן צו חרפּה א מוטער, ברורער, משפּחה. „פון טאָלנער קלויז וועט מען היינט קומען אָפּנעמען די בענק‟.

רחל האָט זיך יענעם נאָכמיטאָג קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. זי האָט איר צעגליט פּנים צוגעטוליעט צו א קעסטל און פאַרשטיקט, יאָושדיק געוויינט. זי איז געווען צערודערט, ווי זי וואָלט געזען: מענטשן האָבן צוליב פּוסטן קאַפּ־ריז צעבראָכן זייער הויפּט כלי־זין צו פאַרטיידיקן זיך און ס׳קומען אָן גזלנים, וואָס וועלן די אומבאַהאָלפענע אויסשעכטן ווי לעמער.

אין אוונט, איז שלמה געקומען און געפּרואווט איר אויסרעדן ס׳האַרץ, ער וועט נאָך א שמועסטאָן מיט די עלטערן. אָבער רחלען איז שוין קלאָר:

— דאָ אין שטעטל וועט זי שוין גאָרנישט אויפטאָן, זי איז אין דעם שטעטלס אויגן א „יורד‟, מ׳האָט אָנגעוואָרן פאַר איר דעם דרך־ארץ.

איר אָפּגעצערטע בלייך פּנים האָט זיך ביטערלעך געקרימט:

— די שכנים אונזערע האָבן מורא, זיי קאָנען זיך נאָך אָנשטעקן פון מיר און אַראָפּנידערן פון זייער דלות.

— מ׳מוז זיך אַרויסרייסן פונדאַנען, און אויך מאַכן א סוף צו דיין אָפּ־הענגיקייט פונם דריי פון דיינע באַלעבאַטימס „ריוחים׳דיקע‟ נעזער. שוין צייט אָנצוהייבן פירן א בוכהאַלטעריע פון מענטשלעכע מעשים.

3.

מאָרגן בייטאָג איז געווען שטיל אין רחלס צימער, אָבער ניט רואיק. עס האָט זיך געדאַכט דורך די שויבן פון פענצטער און טיר שפּיזלען אויגן, לאַכן צונויפגעדריקטע ציין. אָט קוקט טאַקע אַריין א צעקנייטשטע אידענע, זי קוקט מיאוס אַריין, ניין ניט מיאוס, ס׳איז נייגעריקייט, ס׳איז א בענקשאַפט נאָך אַנדערשקייט. אַלע בענקען . . .

רחל האָט באַקוקט איר צימער: ווען דער צימער זאָל ניט טראָגן אויף זיך די אומאָרדנונג, די ערב נסיעהדיקייט, וואָלט זי אַריינגעבעטן די אידענע, פאַרבראַכט מיט איר און באַפרידיקט אַביסל איר אַלטע נייגעריקייט.

זי האָט האסטיק אויפגעעפנט איר קאָרזינע, ארויסגעשלעפּט עטלעכע ווייַ־סע באַטיסטענע און טולענע קליידלעך. מ׳קאָן פון זיי אויפנייען שיינע פאַר־הענגלעך. אָבער ווער וועט עס טאָן ? וואָס הייסט — ,,ווער?״ — דאָס געניי קאָן זיך יעדער איינער אויסלערנען.

ניט גרינג האָט זיך די נאָדל איר אונטערגעגעבן. אָבער ביים פארענדיקן דעם צווייטן פאָרהאנג האָט רחל זיך דערפרייט: ביי דעם פאָרהאנג האָט זי בלויז א פּאָר מאָל געדארפט אָפּרייסן דעם קנופּ און אָנהייבן פונסניי נייען. עס וועט גיין ווי א מזמור. זי וועט זיך מיט דער צייט אויסלערנען טאָן זאכן.

זי האָט געבעטן ביים באַלעבאָס זיין העמערל, זי דארף ארויסשלעפּן פון א קעסטל א פּאָר צוועקלעך אויפצוהענגען די פאָרהענגלעך.

ער האָט זי פארוואונדערט־אָנגעקוקט מיט זיינע פארגלייווערטע אויגן אונטער די שווארצע, מאסיווע ברעמען:

— ווי קומט צו אייך וויסן פון אזוינע זאכן, איר זענט דאָך אזא גע־לערנטע. רחל האָט ניט־ווילנדיק זיך צעלאכט פון זיין ערנסטן טאָן. אָבער ער איז גאָר צעטראָגן:

— ווארט, מיין ציפּע קומט באלד אריין, ז׳יט צונעמען דאָס קראנקע קינד פון מיינע הענט, וועל איך פאר אייך . . .

— ,,איך דאנק אייך זייער, כ׳וועל עס אליין טאָן״.

בשעתן אריינקלאפּן צוועקלעך פארן דריטן פאָרהאנג איז שלמה אָנגע־קומען: — וואָס הייסט זי האָט זיך גענומען צו אַזאַ אַרבעט ! שוין זאָל זי אראָפּ פון בענקל!״

ער האָט זיך ארויפגעשטעלט אויף א שטול, מיטן העמערל א קלאַפּ גע־טאָן דאָס צוגעהאלטענע טשוועקל און ארויסגעלאָזט א משונהדיק געשריי, ווי א געוויין: ,,ס׳גייט בלוט״.

זי האָט אים גיך פארבונדן דעם פינגער, אָבער ער האָט, מיט א פאר־זאָרגט געזיכט, נאָך אלץ געטרייסלט זיך איבער דער האנט:

— ,,דאָס בלוט הערט ניט אויף ! ס׳גייט דורך!״

רחל האָט א קוק געטאָן אויף דעם קוים־באַפארבטן טיכל, זיך דערמאָנט אין די צעמזיקטע, וואָס מ׳האָט געבראכט קיין אָדעס, די גרינגער פארוואונ־דעטע, און ניט געקאָנט צוריקהאלטן איר שמייכל:

— ס׳וועט דיר גאָרניט זיין, די הויט איז קוים צעדראפּעט, — וויל עס ניט בלוטיקן״.

נאָך דער וועטשערע זיינען געקומען שלמהס צוויי פריינט. ווי ער, זיינען זיי געוועזענע ,,גרינבילעטניקעס״, — זיך צוזאמען ,,געצויגן״.

ביידע האָבן אויף א מאָל אויסגערופן:

— ,,וואָס איז מיט דיין האנט?!״

רחלען האָט געביסן צו פאריכטן זיי, ,,פינגער״ ביט ,,האנט״.

שלמה האָט, מיט גרויס רחמנות צו זיך, פּאַמעלעך אונטערגעהויבן די האַנט:

— „דער האַמער איז מאָדנע אַרויף אויפן פינגער, אים אַריינגעשטופּט אין צוואָק און מן הסתם ביזן ביין דורכגעלעכערט. פרעגט שוין ניט וויפל בלוט כ׳האָב פאַרלאָרן״.

קלמן האָט אַ שטופּ געטאָן זלמנען !

—„ס׳איז דיינע גליקן. כ׳וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. זיין מאַמע האָט אים געגעבן אַ שיסל גרעט אַרויפטראָגן אויפן בוידעם: כ׳זע ער איז שוין אויפן אויבערשטן שטאַפּל. פּלוצים, עס פליט דאָס נאַסע וועש דרשה־געשאַנק איינס נאָך איינס גלייך אין דער בלאָטע אַריין. כאַ כאַ, און ער שרייט דאָרט פון אויבן:

— „אַ ריִרעווודיקע אידענע! זע נאָר ווי אַ אידענע לייגט אָן אַ שיסל. וואָס בין איך אַ גוי צו אונטערצוררייסן זיך!״

זלמן שאָקלט מיטן קאָפּ און לאַכט:

— איר וואָלט געמיינט, אַז ביי אים גייט די אַרבעט ניט פייל פון בויגן. זיין שוועסטער האָט נאָר אַ פּיפּס געטאָן וועגן איבערהענגען די בילדער, האָט זיך ביי קלמנען גלייך צעקלינגען גלאָז פון צוויי קאַרטעס אויפּאַמאָל״.

— אַ משל, דאָס איז דאָך ניט קיין מענערשע אַרבעט״.

— גרעט איז דאָך אוודאי ניט קיין מענערשע אַרבעט״.

שלמה מיט זיינע פריינט האָבן דעם גאַנצן אָוונט באַרימט זיך, אויסגעפּיינט זיך מיט זייער ניט טויגן צו קיין שום אַרבעט.

רחלען האָט אָנגעהויבן נאָגן: צוליב דער פוסטקייט איז זי פאַרנאַרט געוואָרן. אָפּגעלאָזענע ברואים האָט זי באַטראַכט פאַר פאַרשטייער פון אונטער־דריקטן קלאַס. מיט אָט־די־אָ האָט זי געמיינט וועט זי אַרבעטן צו באַפרייען די וועלט פון עקספּלואַטאַציע.

זי האָט אויפגעעפנט אַ בוך זי זאָל זיך ניט אָנקערן מיט זייער געשפּרעך: „די שנעלקייט פון זייער צונג לויפט מיילן פעסטער פון זייער געדאַנק״.

זייערע רייד האָבן זי וואָס אַמאָל מער אויפגערעגט: אַזאַ שלמה, ער האָט ביז דרייצן יאָר געלערנט אין דער חשכות׳דיקער „ישיבה״ און בשעת מעשה געלערנט אַנדערע. יונגערהייט אָוועק אַרבעטן, דורכגעלעבט נויט, דערנידע־ריקונג; אַ סך געליטנט, איר ברודער זאָגט, אַז ער קען גוט תלמוד. דאָך . . .

איר האָפנונג דורך שלמהן, דערנענטערן זיך צו דער אמת׳ער אַרבעטער באַוועגונג, איז געוואָרן שטאָק־פינצטער: די דערציאונג פון בלויז אַ טייל אין מענטשן — טויג אויף כפרות, און די דערציאונג פונם גאַנצן מענטשן וועט מסתם קיינמאָל ניט דערגרייכט ווערן.

מיט די אויגן־ווינקלען האָט זי באַטראַכט שלמה׳ס אומאַנטוויקלטע הענט, זיין קינדעריש קליינעם קאָפּ, און דערזען אים אינגאַנצן — אַ קליין מענטשעלע.

ס'האָט זי באהערשט א ווידערווילן צו איר גאנץ לעבן, וואָס גייט דורך ווי אין א רויך.

אין זכרון האָבן אויפגעוואכט אירע טעג אין אָדעס: זי האָט מורא גע־האט, זי וועט ניט קאָנען פארגעבן סאַשען זיין ניט אויסגעהאלטנקייט, זי האָט געחלומט פון אויפלייזן זיך אין אן אבסאָלוטן אמת. — און צום סוף געשאפן אַזאַ העסלעכן ליגן אַרום זיך.

**4.**

אינדערפרי האָט זיך רחל געמאכט שלאָפנדיק. שלמה האָט שטיל געקושט אירע פארפלאָכטענע לאנגע צעפּ, איר קאָפּ. און איבערגעלאָזט א צעטעלע — ער וועט ניט קומען צו מיטאָג, ער האָט א סך ארבעט און „מיט מיין האנט".

זי האָט זיך גאָר דערפרייט: זי האָט א שטיקל דארע־קישקע וועט זי אָפּ־פאטערן איר מיטאָג און גיין זען וואָס מאכן די איריקע . . .

פונוויטנס האָט זי באמערקט לעבן דער מוטערס קלייט ווי עס טומלט זיך.

יאנקל, דער שוסטער, וואָס האָט איבער א שעה לאנג געביטן פוס אויף פוס און זיך קוים דערוואַרט די גבירטע לאה פרענק זאָל פריי ווערן פון איר רעדן מיט קונים, מיט סוחרים, האָט דערציילט:

— „דער פרעמדער וואָס דרייט זיך ארום אין שטאָט און קיינער ווייסט ניט ווער עס איז, צי א הויכער באאמטער, צי א שפּיאָן האָט באשטעלט ביי מיר א פּאָר נייע שטיוול".

מיט בעטלערישער הכנעה האָט יאנקל געבעטן לאה זאָל אים לייען געלט צו קויפן לעדער.

לאה האָט קלוגעריש א קוק געטאָן צו די סוחרים און האלב שמייכלנדיק געפרעגט:

— „יאנקל, וואו וועסטו איצט קריגן בראָנפן?"

ער האָט זיך געשוואוירן מיט טויטע קללות אויף זיך און אויף זיינע קינדער, אז ווי נאָר יענער וועט אים באצאָלן פאר די שטיוול, ברענגט ער אָפּ דאָס געלט.

— „עס האָט מיך שוין געגוג אָנגעלערנט, אז פון ווערן פארשיכורן די צרות דערשלאָגט מען זיך נאָך צו ערגערע אומגליקן. מיין טאָכטערס חתן האָט מיר צעשפּאלטן דעם קאָפּ און דאָס מיידל פארלאָזט, זי זאָל בייטאָג און ביינאכט וויינען צוליב דעם פּאסקודנעם טאטן אירן".

זיינע רייד האָבן געקאָנט רירן א שטיין, נאָר די כאַפּטע ארום אים האָט געלאכט פון זיין איטלעך וואָרט.

לאה האָט א ריר געטאָן ביים אקסל דעם הויכן, ברייטביינערדיקן יאנקל מיט זיין בעריש־פארהאָריקטער ברוסט און ערנסט געזאָגט:

— „הער, איך וועל ביי די סוחרים און ביי מיין ברוכן צונויפנעמען גע־נוג ס׳זאָל קלעקן אויפן בעסטן לעדער, נאָר ס׳זאָל ווערן שטיוול! אניט קענסטו זייער מיאוס אָפשניידן, מיר ווייסן קיינער ניט ווער דער „גלגול״ איז.

זי האָט צוגערופן ברוכן, נאָך א פּאָר סוחרים און אלע צוזאמען האָבן זיך אומאויפהערלעך גע׳חכמע׳ט, גע׳חוזק׳ט, פון יאנקלס אויסדערציילן וועגן זיין שוועד לעבן.

איטלעכער האָט פאר זיין נדבה זיך אליין באלוינט מיט שטיקער פעטער הנאה.

ביי רחלען האָט דאָס בלוט געקאָכט, דאָס פּנים געברענט פון שאנד; ווי געמיין זיי זיינען — אן אָרעמער מענש איז ביי זיי ווי גאָרנישט קיין מענטש.

# קאפיטל איין-און-צוואנציק

.1

רויטארמייער, באהאָנגענע מיט פארשיידענע כלי־זיין אויף זייערע אָפּגעריסענע בגדים, מיט רויטע פּאַנען אין די וואַגנס, אין די הענט, האָבן אויף ווייטע שטרעקעס נאָכאַנאַנד געשפּרייט זייער פרייליך געזאַנג.

שטעטלעך האָבן אָנגעהויבן ווערן רואיקער, דאָס געזאַנג האָט געטרייסט: „זיי לערנען אָן די רוצחים פארן פארגאָסענעם בלוט!״

צעגליטע אויגן האָבן מיט בענטשונג באגלייט די פארבייגייענדיקע חילות.

מ׳האָט זיי גערן אריינגעלאָזט אין די הייזער, זיך בארימט:

— ביי מיר זיינען איינגעשטאַנען צוויי.

— צוויי? ביי מיר פינף שטיק. פארוואָס ניט, אז מ׳האָט ניט מורא פאר זיי, איז זאָלן זיי שלאָפן, די שטוב איז גענוג גרויס.

—מיינע, האָט אָנגעשטאָפּט זייערע טאָרבעס מיט עסן און מיט כל־טוב. זיי האָבן איר גראָד געוואָלט באצאָלן. „ניין״, האָב איך זיי געזאָגט, איר מצווה וועט זי ניט פארקויפן״. שמייכלען זיי און דאנקען אזוי איידל.

— זיי זיינען זייער אויסגעהונגערטע, אָבער אליין טשעפּען זיי גאָרנישט.

— פארקערט, ס׳איז זיי שווער איינצורעדן צו נעמען עפּעס אָן געצאָלטס.

— דערלעבט צייטן, פּראָסטע כאמולעס האָבן זיך אזוי אויסגעמענטשלט.

די סכנה׳דיקע ווענן האָבן אויך אויפגעהערט שרעקן. מ׳האָט אָנגעהויבן שמועסן:

— „צו דערקלייבן זיך קיין אָדעס, דארף מען פאָרן מיט דער פור ביז קאָדימאָ, און דאָרטן דערוואַרט מען זיך אויף א באַן״.

מ׳האָט ניט געוואוסט אויף זיכער צי מ׳וועט דערפאָרן. דאָך האָט זיך רחל געלאָזט אין וועג אריין. זי האָט געהאָפט: אין אָדעס, וואו דאָס לעבן האָט זיך שוין מער איינגעשטעלט, וועט זי אויסשפּייען זיך פון זיך און דערזען וואו זי איז אין דער וועלט.

די פור האָט באשטעלט גבריאל, רפאל שניידערס הינקענדיקער זון. טאַניע גרין פאָרט מיט אים, רחל וועט אויך קאָנען פאָרן.

שלמה האָט איר געזאָגט:

— „טאניע העלפט גבריאלן איבערפירן דימענטן, קאראטן, גאָלדענע צע־נערלעך. וואָס ער קאָן ניט אָנשטופּן אין שוך פון קורצן פוס און אין זיין לע־דערנעם גארטל צום לייב, גיט ער עס טאניען, דערפאר זיינען זיי געוואָרן לייב־לעכע שמעלקעס.

פארן אָפּפאָרן איז די מוטער צוגעשטאַנען צו רחלען:

— „כ'האָב א וועלט מיט סאָוועטסקע שמאטעס. כאָטש וואַרף זיי ארויס, אָבער אין אַדעס, ווייל זיי זשיפּען נאָך דאָרטן, וועסטו האָבן מיט וואָס צו צעפירן די הענט. און פארן איבעריקן קויף, קויף וואָס ס'וועט זיך דיר דאָרט נאָר לאָזן, זאָל מיין בלוט ניט גיין אינגאנצן צוגרונט".

פופציק טויזנט סאָוועטיש געלט האָט רחל זיך געלאָזט איינרעדן. „מיטן איבעריקן זאָל די מאַמע ניט זיין אזוי געפאלן, ס'קאָן זיין ס'וועט האָבן א סך א בעסערע ווערט ווי די זעק מיט ניקאָלייעווער, קערענסקיס און אנדערע וואַליוטעס, וואָס זי באַהאלט אויס".

ווען ס'איז ניט קיין אייגענע טאָכטער, און ווען זי לאָזט זיך ניט אין אזא אומזיכערן וועג, וואָלט איר לאה געזאָגט: „בייס זיך אָפּ די צונג".

זי האָט אָן אויסגעצויגענעם זיפץ געטאָן: „אויסגעהאָדעוועט וויסטשיקאַנע נאַראָנים".

גלייך נאָכן ארויספאָרן הינטערן שטעטל האָט טאַניע זיך אויסגעבונדן דעם קאָפּ ווי א קראנקנשוועסטער און אָנגעטאָן א גרויסן צלם אויפן האלז.

רחלען איז געקומען אויפן זכרון איר חברטע ליזעס רייד — „טאַניע וויל אויסדריקלעך א רייכן".

דער שענדלעכער צלם האָט געמאָנט ביי רחלען געפיל צו שלמהן: זי מוז זען, ער זאָל אויך וואָס גיכער קומען קיין אָדעס.

די שיינקייט פון די לאַנגע שטרעקעס פעלדער, וועלדער באַדעקטע מיט ווייסן אומבאַפלעקטן שניי האָט זי אָפּגעריסן פון אַלע העסלעכקייטן און זי געטראָגן אין גאָר אנדערע וועלטן. צי עס האָט געדויערט אן אייביקייט, צי א פינקל מיטן אויג, — זי האָט געאָטעמט די שיינקייט און עס באַהאלטן אין זיך.

אין קאַדימאָ האָט מען זיי געזאָגט:

— „מיט א וואָך צוריק האָבן פאַרבייגעיאָגט צוגן, איינער נאָכן אנדערן, ווייטער הערט מען ניט, מ'זעט ניט קיין לעבעדיקן נפש".

אָבער יענעם פאַרנאַכט, ווי צוליב רחלען, וואָס האָט זיך געלאָזט אין געפערלעכסטן וועג, איז אָנגעלאָפן א באַן. א גליק רחל איז געשטאַנען ביי די רעלסן, האָט זי זיך ארייַנגעכאַפּט אין א וואַגאָן מיט רויטאַרמייער.

---

אירע דערוואַרטונגען האָבן זי ניט אָפּגענאַרט, אָדעס האָט אויפגעלעבט גאָר אויף א נייעם שטייגער. דערפאַר שטראָמען אַלע אַהין, א צימער קריגן איז א פּראָבלעם.

די מאַדאַם פישביין, ביי וועמען רחל איז איינגעשטאַנען פאַר־פיר־יאָרן, האָט זיך שטאַרק דערפרייט און פאַרגעשלאָגן דערוויַיל א צונויפגעשטעלט בעט אין עס־צימער. זי וועט איינגעבן אן אַפּליקאַציע, זי וועט זיכער פּועלן מ'זאָל איר באַפרייען א צימער פאַר איר ליבסטער קוואַרטיראַנטקע.

רחלען געפעלט עס ניט. צוליב איר זאָל מען עמעצן ארויסשטעלן פון צימער.

האָט זי דעם גאַנצן טאָג געקלונגען פון טיר צו טיר. אין א סך הייזער האָט מען איר געענטפערט: — „מיר האָבן א קווארטיראַנטקע, די סאָוועטנמאכט האָט זי אונז געשיקט". — „ביי אונז וואוינט א באָלשעוויק — אזא וואוילער מענש". „ביי אונז וואוינט דער קאָמיסאַר". — „איר דארפט זיך פאַרעגיסטרירן, די סאָוועטנמאַכט וועט אייך שוין באַוואָרענען איר זאָלט ניט שלאָפן אין דרויסן".

רחל איז אַוועק אויף דער פושקינסקע, וואו זי האָט געוואוינט פאַראיאָרן. אַנאַ מאַרקאָוונא ארבעט ביי די באָלשעוויקעס און איז זייער א געטרייע סטענאָגראפיסטקע. פונם נייעם גלויבן איז זי אינגער געוואָרן. זי האָט זיך דערפרייט מיט רחלען, ווי א גלויביקער פויער מיטן גרויסן גליק צו מתודה זיין זיך פארן ארכיעפיסקאָפּ.

זי האָט געשטאמלט א צערודערטע: — „רחל, איך האָף נאָך גוטמאַכן מיין זינד קעגן אונזער באָלשעוויזם".

כמעט אַלע דאָ אין הויף ארבעטן ביי דער סאָוועטנמאכט. דאָס ניט־שיינע מיידל לערנט זיך צו זיין א טראַמוויי־קאָנדוקטאָר. זי איז גאָר חנעוודיק געוואָרן.

רחל האָט געשמייכלט אויף זייער צופרידנקייט: הייסט עס — די באָלשעוויקעס נעמען איין די הערצער פון די איינוואוינער.

זי האָט זיך פאַרטראַכט: וואָס וועט זיין דער סוף, וואָס אָדעס איז זיך אַזוי נוקם אין איר, אויף יעדן שפּאַן דאכט זיך איר — זי זעט סאַשען. צו א פּאָר האָט זי זיך טאַקע אַ לאָז געטאָן, ווי אייזן צו אַ מאַגנעט, און אָנגעשלאָגן זיך אין ציינישע באַמערקונגען.

— נעכטן, בעתן זיצן ביי א לעקציע, האָט זי אין יעדן פארשפּעטיקטן אָנקומער געהערט סאַשעס טריט. און ניט קוקנדיק אויף איר שטרענג משפּטן יענע, וואָס קומען צו לעקציעס צוליבן טרעפן באַקאַנטע, האָט זי אַליין אַזוי־פיל געדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק, אז ס'האָט אזש דעם רעדנער ארויסגעבראכט פון געדולד, און אויפגערעגטער האָט ער געזאָגט, — „די וואָס זיינען נערוועז־נייגעריק צו זען די פארשפּעטיקטע, זאָלן זיך איבערזעצן אין דער לעצטער ריי, שטאָט דער ערשטער."

זי האָט ניט אויסגעהאלטן און איז אַוועק אויף סאשעס קווארטיר. א דינסט האָט געענטפערט:

— „דער הויכער פּאַניטש איז אוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע".

שיפן האָבן געברענט אונטער רחלען. זי איז אוועק צו יאַניען, נאָר אים ניט געטראָפן. זיין שוועסטער ווייסט — „סאַשע האָט איבערגעלאָזט א בריוו פאַר רחלען".

— יאַניע ארבעט דורך די טעג און נעכט, ער האָט אויך אָנגעהויבן לער־נען אין אוניווערסיטעט .אין א האלבער שעה ארום קאָן מען אים זען ארויס־קומען פון דאָרט.

די סביבה אין אוניווערסיטעט איז אינגאנצן געענדערט, אנשטאָט אויס־געבאָדענע סטודענטן מיט גלאט ראזירטע פנימער, געכאָליעטע הענט, — ווימלט מיט אויסגעדארטע, פארוואקסענע געזיכטער. ניטאָ קיין סימן פון סטודענטישע טוזשורקעס, שינעלן. מען שמייעט ארום אין קורצע אָפּגעריי־בענע לעדערנע קורטקעס, אין אלטע צעפליקטע פאלטאָ.

רחל איז געבליבן שטיין א צוגעשפּארטע צו א וואנט און געשמייכלט: עס קוקט איר אויס ווי דער אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער נחמן וואָלט דאָ פאר־זאמלט אן ארמיי פון נויטבאדערפטיקע קעמפער, העלדן. מען האָט זיי דאָ צו־געזאָגט, פאר זייערע ביז איצטיקע ליידן, — א גרויסן אוצר, זיינען אלע פון גרויס דערוואַרטונג פריילעך אויפגעלעבט.

—יעדער איינער עצהט ווי אזוי גיכער צוקומען צום אוצר. (וואָס על פּי יושר האָט ער נאָך באדארפט אָנקומען צו זייערע עלטער זיידעס).

רחל האָט זיך איינגעהערט אין אינהאלט פון זייער טומלען און איז שטארק אנטציקט געוואָרן: א פארגעניגן צו הערן זיי, אלץ, אלץ דערווארטן זיי פונם היינט, פונם מאָרגן. זיי איז גוט, — זיי האָבן א דרייסטן גלויבן. עס וואָלט געווען א גרויסער חילול־השם ווען די־אָ אימפּעטיקע, פריידיק־אויפ־געהייטערטע זאָלן צוליבן דוחק אין ביסל געלט בלייבן שטיין אויסער די ווענט.

עס דאכט זיך איר: דער אוניווערסיטעט איז העכער געוואָרן, א באנייטער, א וויררדיקער און א פריידיקער.

אָט לאכט יאַניע מיט זיין מילדן געלעכטער — ווי א זומער רעגנדל.

יאַניע האָט איר געגעבן די בריוו, נאָר אויף סאַשען איז ער בייז, ער קאָן אים גאָרנישט מוחל זיין:

— „קיין פאלעסטינע איז ער אוועקגעפאָרן. פושקינס פארעהרער איז גע־פאָרן זיך בוקן צו די ענגלישע לאָרדן".

רחל הערט אים קוים, זי לייענט סאַשעס בריוו:

„מיין רחל, איך האָב זיך ווידער איבערצייגט, אז אונזערע ווערטער זיי־נען א סך ווינציקער ווי די זאכן וואָס זיי דארפן סימבאָליזירן.

— איז אָט האָב איך ניט מיט וואָס צו באשרייבן מיין פיין.

— איך טראָג אויף דיר ניט קיין האַס, אין א געוויסן זין פארשטיי איך דיך, אָבער פאר מיר, אָן דיר איז רוסלאנד ענג געוואָרן, כאָטש געקומען בין איך, צוריק פון אמעריקע, מיט דער האָפנונג צו ווערן דאָ א באריממטער דיכ־טער. ביאליק, זשאַבאָטינסקי פארלאָזן רוסלאנד מיט דער זעלבער שיף, זיי־ערע פנימער האָבן אויפגעלויכטן פון גרויס פרייד: „אָט וועלן זיי דערגרייכן

דאָס הייליקע לאַנד, נאָך וועלכן זייער האַרץ בענקט". אָבער מיין האַרץ ווערט צעריסן — איך פאַרלאָז דאָס לאַנד פון מיינע שענסטע האָפנונגען, פון מיין טיפסטער בענקשאַפט.

דיינער, ווי שטענדיק, סאַשע.

טרערן האָבן זיך אָנגעגאָסן אין אירע הונגעריק־צעגליטע אויגן. זי האָט געפילט אי וויטיק, אי שגעון, אי א נאַגנדיקע בושה: זי האָט איר ליבע געבראַכט אויפ׳ן מזבח פון זיין ליד, — און אים אליין פאַרטריבן פון זיין גאָט — פון זיין שעפערישער וועלט. זי מוז עס אים לאָזן וויסן, ניט צוליבן פאַרגעבן איר, פאַרגעבן אָן פאַרשטיין איז אונמעגלעך, און ווי קאָן מען פאַרשטיין אַזאַ אומפאַרשטענדלעכקייט. זאָל עס אים געבן א געלעגנהייט זיין „האַס", ווי ער שרייבט אַז ער טראָגט ניט אויף איר, זאָל זיך קילן אין נקמה.

זי האָט אויך פון דעם בריוו דערזען סאַשען א זיך־נאָכגעבנדיקן אינטעליגענט אין קעגנזאַץ צו די היינטיקע אימפּעטפולע סטודענטן. זי האָט זיך געשעמט מיט סאַשעס אויבענאויפיקייט, וואָס האָט זיי ביידן דערפירט און אריינגעפירט אין א מאָדנער אומגעלומפּערטער לאַגע.

„אָפּגעלאָזנקייט, מוטלאָזיקייט, אמביציעלאָזיקייט פאַרמאָגט די אינטעליגענציע א פולן קאָפּ. דאָס מינדסטע ווינטל צעבלאָזט זייערע טרוימען, ווי די בלעטער אין האַרבסט.

פּלוצים האָט זי אָנגעהויבן ביטער שמייכלען, זי האָט איבערגעלייענט ביי דער זייט פון זיין בריוו א צושריפט: „יאָ, מיט מיר פּאַרט א מיידל מיט וועלכער כ׳וועל וואַרשיינלעך אין פּאַלעסטינע חתונה האָבן. דיינער, ווי שטענדיק, סאַשע".

זי האָט ניט געוואָלט ווייזן יאַניען דעם צושריפט, ער זאָל ניט ווידער א קריצטאָן — „פּרויען־קראַנק".

זי האָט לאַנגזאַם געשניטן דעם אוניווערסיטעט־קאָרידאָר: דאָך איז צווישן איר און סאַשען פאַראַן א בייזער סוד וואָס איז טיפער פונם פאַרשטאַנד. פונוואַנען האָט זיך דער סוד געשאַפן? אפשר דערפון — וואָס זי קאָן קיינמאָל ניט געפינען די פּאַסיקע ווערטער פאַרן ארומיקן לעבנס־גאַנג, און ער, אַלס דיכטער, האַלט אין איין יאָגן זיך נאָך ריכטיקע ווערטער, וואָס ער דאַרף פאַר זיין גרויס ליד.

— העי! מ׳דאַרף מיטאַמאָל אַלץ פאַרגעסן און נעמען זיך צוריק צום לערנען.

אָנרירנדיק דאָס הענטל פון קאַנצעלאַריע־טיר האָט רחל א ציטער געטאָן און ווי פאַרגליווערט געוואָרן: זי איז א „דריטע קאַטעגאָריע".

אין איר מח האָט דורכגעבליצט : „שלמה׳ס פּאַספּאָרט קאָן איר העלפן". זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון דעם געדאַנק, ווי פון א העסלעכן שרץ: ניין! בשום אופן ניט, שוין בעסער ניט פאַרצווזעצן דאָס לערנען.

זי האָט זיך פאַרלאָרן אָפּגעקערט פון דער טיר: זי וועט זיך אומקערן אהער, ווען איר געוויסן וועט זי צוריקשיקן. דערווייל דאַרף זי, ס׳ערשטע זען ביי וואָס קאָן זי פאַרדינען, צו לעבן אויפן אייגענעם חשבון, ניט פון איר מאַמעס טויזנטער, זי מוז זיך אינגאַנצן אַרויסרייסן פון דער צעפּוילטקייט און אַרויסרייסן פון זיך גופא דאָס צעפּוילטע.

זי איז אַוועק אין שפּיטאָל אויף דער גאָספּיטאַלנע: ווען מ׳נעמט זי אָן אויף דער באַנאַכטיקער־דעזשורסטווע פון צען ביז פינף, זעקס אינדערפרי, — וואָלט זי געווען זייער צופרידן.

זי האָט באַמערקט: אַ קליינשטעטלדיקער איד טראָגט אַ היפּש קינד אויף די הענט, אַ חוצן שאַלעכל אויפן קעפּל איז עס אַרומגענומען מיט אַ גרויסן וואָלענעם שאַל. דער איד סאָפּעט שווער.

— „פּעטער, גיט מיר אַביסל טראָגן ס׳קינד — וועט איר דערווייל אָפּ־כאַפּן דעם אָטעם״.

אַ פאַרדומפּט קול פון הינטערן קינד וויל וויסן:

— „ס׳איז נאָך ווייט דאָ צום שפּיטאָל?״

— „ניט ווייט, איך גיי אויך אַהין״.

ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט זיין צען יאָריק מיידעלע:

— „גאָט אליין האָט אייך צוגעשיקט, כ׳האָב געמיינט כ׳פאַל אום, אוי, אוי ! איר זענט רחל, לאה פרענקס טאָכטער! ביי מיין מירעלען זיינען פּלו־צים געשוואָלן געוואָרן די מאַנדלען, זי האָט געקראָגן גרויס היץ, האָט דער דאָקטער געזאָגט, „טאָמער נעמט מען זי ניט גלייך קיין אָדעס, מ׳זאָל זי אָפּע־רירן — וועט זי דערשטיקט ווערן״.

— האָב איך זיך געלאָזט אויף קדוש השם, אַ גליק האָט גראָדע צוגע־שפּילט — מיט אַ באַן באַלשעוויקעס, און ס׳האָט מיך געבראַכט ביזן אָדע־סער וואָקזאַל. וואָס, וואָס, נאָר קיין אידן טשעפּן זיי ניט, געמאַכט אַן אָרט פאַר מיר מיטן קינד און געהאָלפן אַראָפּגיין פון וואַגאָן״.

דאָס מיידעלע האָט אַ הייב געטאָן איר הייס קעפּל פון רחלס אַקסל, אַ שמייכל געטאָן מיט אירע גליענדיקע ליפּלעך און מיט איר פאַרשטיקט קולכל אויסגעפּישטשעט:

— „אייער שלמה איז געשטאָרבן״.

רחל איז דערציטערט געוואָרן און דער איד אויף איר קוקנדיק:

— „נאַריש קינד, מ׳זאָגט ניט אַזוי! ווען מיר זיינען אַוועקגעפאָרן, שוין דער צווייטער טאָג פון דער היים, האָט מיין ווייב געזאָגט, אַז פון אייער שווערס שטוב איז אַרויסגעגאַנגען דער דאָקטער, און די שוויגער אייערע האָט נאָכדעם געזאָגט, אַז שלמה איז קראַנק אויף פלעק־טיפוס״.

רחל האָט ניט קיין געדולד צו זיין ציענדיקן רעדן:

— אָבער זאָגט דעם אמת, ווען איר זענט אוועקגעפאָרן, האָט שלמה געלעבט?"

— "זאָל מיין קינד אזוי גרינג איבערקומען די אָפּעראַציע, א חוץ זיין זייער ערנסט קראנק זיין".

דער העלער טאָג איז פאר רחלען פינצטער געוואָרן, פון אלע זייטן גנבֿ־ענען זיך שווארצע שאָטנס מיט פּעק מיט אָפּגעלאָזנקייט, מיט קויט. זיי רופן זי: "דו, וואָס האָסט נאָרוואָס געוואָלט זיך אָנבאָטן פאר א קראנקנשוועסטער ביסט מחויב צו ראטעווען א זון, א ברודער, ראטעווען א מענשן."

—זי וועט פאָרן, פאָרן. א ברירה האָט זי! זי וועט נאָר אריינגעבן דאָס קינד אין שפּיטאָל, דער טאַטע אירער קאָן ניט קיין וואָרט רוסיש, און ס'קאָן זיך גרינג טרעפן, אז דער דאָקטאָר דאָרט זאָל ניט פארשטיין א וואָרט איִדיש.

.2

— דינה! שוין ווידער אין אָדעס. וואָס טוט זי אין שפּיטאָל? איר שלאַנקער מיידלשער קערפּער אזוי מאָדנע צעשפּרייט. מיט אלע דאָקטוירים איז זי באקאנט, זיי רעדן צו איר אָזוי שיין חבריש און מיט חשיבות. איינער זאָגט איר אָן ווי זי זאָל איצט אויף זיך אכטונג געבן, זי זאָל זיך ניט דערוועגן קיין שום שווערע ארבעט.

דינה מאַכט גאָר קיין סוד ניט פון איר בעטן רחלען זי זאָל איבעררעדן מיט גרישען צו העלפן איר האָבן א קינד, זי שמייכלט צו רחלען:

— "איז ניט גרישע, אָבער אלץ דיינער א באקאנטער. קום ארויס אין דרויסן וועל איך דיר דערציילן.

— דערמאָן זיך, איינמאָל בין איך צו דיר געקומען דיר געבראַכט ביילעטן צו "יעווגעני אָניעגין", האָט א הויכער בחור, ער איז אינטעליגענטיש ניט־שיין, ער האָט זיך זייער פלאטשיק געוויצלט וועגן פרויען. ער האָט פון דעם הנאה, חכמהט ער זיך פון זיינעט וועגן, אָבער דו ביסט, ווייזט אויס געווען עפּעס שלעכט געשטימט און זיך גאָר צעקאָכט קעגן אים. איך האָב זיך זייער געאיילט בין איך גלייך אוועק, ער האָט מיך אפילו ניט באמערקט. ער הייסט סאָשע שטערן — דערמאָנסטו זיך שוין?

דינה כעסט זיך:

— "קוקסט אויף מיר ווי א תם! אז גאנצענע ארמייען־באקאנטע פלעגן איבערזיין ביי דיר, געדענקסטו ניט זייער אויסזען, ניט זייערע נעמען. אָבער וואָס איז דער חילוק, ער איז סיי־ווי אוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע.

דינה צאַפּלט זיך:

— "דאָס האָט מיין גאָט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אים אוועקגעשיקט פון סאָוועטנלאנד. איצט איז מיין קינד אויף זיכער נאָר מיינער, מיינער און ווייטער קיינעמס ניט".

רחלען האָט געשוווינדלט אין קאָפּ: הייסט עס, ער איז אוועק פון אזא דינהן און שרייבט שוין וועגן חתונה האָבן מיט אַן אַנדערער.

דינה רעדט:

— „פאר דער צייט, וואָס כ׳בין אוועק פון אָדעס, האָב איך ארויסגעהאָלפן קאָכן פאר א בריגאַדע רויטארמייער. צווישן זיי זיינען געווען פויערים וואָס זיינען געשטאָרבן פון הונגער אין זייערע דערפער, זעלנער דעזערטירן, היימלאָזע סאָלדאטן. אָ וואָס פאר א וואונדערלעכע, ברידערלעכע אחדות.

דינה איז מיטאַמאָל מאָדנע ערנסט געוואָרן:

— „איין טאָג, האָב איך פּלוצים באמערקט צווישן די רויטארמייער איינעם אויף וועמען עס הענגט שיין א ביקס, אָבער די טעקע אונטער זיין אָרם פאסט אים בעסער. ער מיט נאָך א פּאָר חברים האָבן פארהאנדלט אַן ערנסטן ענין, און ניט־וויסנדיק אפילו וועגן זיין ספּעציפישן חולאת פון עסן מיט די אויגן פּרויען, האָט ער מיר נאָכגעפאָלגט אויף יעדן טריט.

— כ׳האָב גלייך דערקאָנט דעם פּאָעט אין אים און אויך אז דעם דאַרף איך האָבן.

— אויפן דריטן אוונט, נאָך אונזער קענען זיך, ס׳הייסט נאָכן אביסל אויסהערן אים, אָבער דער עיקר ער מיך, אז מיין חתן איז ערגעץ אויף א שלאכט־פעלד פארפאלן געוואָרן, אז איך קום פון א כשרער, באלעבאטישער היים, האָט ער, נעבעך אַן אנטוישטער, געוואָלט לייענען פאר מיר זיינע לידער. האָב איך אים ארויסגעהאָלפן און פארלאָשן ס׳ליכט.

— כאַ, כאַ, וואָלסט געדארפט הערן ווי דער זכר אין אים האָט זיך דערפרייט: „אזעלכע זוכט ער זיין גאַנץ לעבן, ער האָט פיינט, ער וואָלט דערוואָרגן יענע מיידל, וואָס האָט אים ליב צוליב זיין לידן!״

דער טאָן פון דינהס רעדן איז ווי זי וואָלט איטלעך וואָרט ארויסגעלייענט פון זיך ארויס : — ער איז ווייט ניט קיין נאר, נאָר אזא איז ער, טוט אים די תאווה א ברי, — גייט ער איר נאָך. די הויפּט־צרה איז, ער איז א פריקרע עגאָאיסט. פון זיינעטוועגן איז ניטאָ געווג, אָבער צו אנדערע איז ער קמצניש־קאַרג, קארג אין אלע הינזיכטן.

— קאָן זיין צוליבן שטענדיקן קריגן זיך ביי זיי אין שטוב איבער ירושות, האָט עס אים אַזוי שלעכט באַווירקט. עס באפאלט אזש אַן אימה, טראכסט אפילו אז אַזעלכער וועמעס האַרץ לעבט ניט דורך די פרייד פון זיין גוט צו יענעם, — וועט דער אויספעלנדיקער גרויסער געפיל שטערן צו שאַפן עפּעס העכערס״.

רחל האָט א ציטער געטאָן, ווי א זעלנער, וואָס איז ערנסט פארוואונדעט, נאָר ער גיט ניט אויף דעם פּאָסטן. דינה איז געוואָרן רחלס שונא, דאָך האלט זי עפּעס אָפּ פון שיסן צוריק.

דינה רעדט שטאָלץ וועגן איר גלויבן, אז כאראקטער ירשנט מען ניט, ער אַרבעט זיך אויס פון די לעבנס־באַדינגונגען און לויט דער סביבה אין וועלכער מען לעבט, און לויט דער דערציאונג. אָבער אין איר נאָכגיין רחלען שפּירט מען אַ שווער געמיט, וואָס שטויסט אַראָפּצורעדן זיך פון הארצן, אַניט וועט עס פּלאַצן.

— פארשטייסט, איך דערמאָן זיך זיינע חסרונות, ווייל א צווייטער דער־פילט זיי גלייך. דער עיקר וויל איך פארגעדענקען פון וואָס דארף איך אויס־היטן מיין קינד.

רחלען האָט אזש געבריט צו זאָגן סאַשען — „ניט אַזאַ דינה גייט אין בעט „ווייל דו ביסט איר געפעלן און באַסטאַ!" — איר גרויסע פארצווייפ־לונג איז זיך מיט דיר צונויפגעגאַן, און דיין ניט וועלן, צי אפשר דיין אומ־פעאיקייט צו פארטיפן זיך אין זיך, פארפאָלגט זי ווי א בייזער מאַנסטער".

— „ניין, זי וואָלט סאַשען גאַרנישט געזאָגט, ער וואָלט סיי־ווי ניט פארשטאַנען דינה'ס הויכע מענשלעכקייט".

דינה האָט זיך געמוטיקט:

— „ווען ער איז אנדערש, וואָלט איך אים געזאָגט וועגן מיין ציל. אָבער וואָס איז דער חילוק".

דינהס ניט קאָנען באַזיגן אין זיך, אפילו מיט איר ערלעך אויסגעהאַל־טענעם שטאָלץ, די פארפאָלגנדיקע פּיין, האָט אָפּגעשטויסן אין א זייט רחלס קנאה און שנאה. זי האָט אויפריכטיק געדריקט דער חברטעס האַנט:

— „טייערע, איך קען אויך סאַשע שטערן, אונטער דער גרעבלעכער קאָרע פליסט א לויטערער, גייסטרייכער קוואַל, דאַרפסט גאַרנישט איבער־טראַכטן".

דינה'ס מרה־שחורה'דיקע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן פון פרייד.

רחל האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, זי האָט באַוואונדערט: א פּאָר גע־ציילטע ווערטער זאָלן אַזאַ כשופדיקן כח באַווייזן.

זי איז אַוועק א צעווייטיקטע, ווי איר קערפּער וואָלט זיך צונויפגע־וואַקסן מיט דינהס און זי האָט זיך אָפּגעריסן צו פּאָרן ראַטעווען שלמהן, זי האָט זיך געאיילט צום וואָקזאַל.

* * *

פארבייגייענדיק דעם הויף אויף גרויס ארנאאוט, האָט סאַשעס „ניט־זיין" אויפגעהערט צו עקזיסטירן, זי האָט אָנגעקלונגען אין טיר.

אויף רחלס פרעגן־זיך, האָט די דינסט זיך שטאַרק צעלאַכט:

— „די בארישניע האָט פארגעסן אז דער פּאניטש סאָשע שטערן איז אוועקגעפאָרן אין הייליקן לאנד!“

נאָר איר געלעכטער איז דערשראָקן פארגליווערט געוואָרן, זי האָט דערזען: די בארישניע קוקט אַריין אין שטוב מיט א פרייד ווי דער פּאניטש וואָלט פון דאָרט מיט אן אמת ארויסגעקומען.

פון צוטומלטקייט, וואָס די בארישניע האָט געזאָגט „כ'וויס, כ'וויס אז ער איז אוועקגעפאָרן“ און דאָך ניט אויפגעהערט איר פריידיק שמייכלען אין שטוב אריין, האָט זיך די דינסט איבערגעצלמט.

— „ער איז דאָרט געוואָרן אזא הייליקער וואָס קאָן זיין דאָ און דאָרט ?“

און דערזעענדיק ווי די אוועקגייענדיקע רחל שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, האָט זיך די דינסט מיט פאָרכט אָפּגערוקט פון דער שוועל און זיך געצלמט.

רחל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: א ריכטיקע אויפקלערונג וואָלט גע־מאכט פון דעם אבערגלויבערישן שיקסל א נאַרמאלן מענטש. אָבער זי, רחל, וואָס האָט ביז פאנאטיזם ליב שכל הישר — קאָן זיך ניט באפרייען פונם געפיל אז סאָשע, וואָס איז ווייט ערגעץ מעבר לים, איז דאָ וואו זי איז, ער שאַפט זעלטענע לידער און וועט זיי פאר איר פאָרלייענען.

זי האָט געוואוסט: וואָלט דער מענטש געלעבט נאָר מיטן געדאנק, וואָלט איר געדאנק ניט געוועזן אָפּגעשטעלט זיך ביי סאָשען. אָבער געפיל פירט גאָר אַן אנדער סדות'דיקע רעכענונג. ווי האָט ביאליק געזאָגט: „דער מענטש איז ניט גאָלע פארשטאנד, ער איז אויך פּאָעזיע“. דער טייל פּאָעזיע אין איר הערט ניט אירע באווייזן, אז סאָשע האָט ליב געהאט דעם חלום וועגן איר, ניט זי, און אז ער האָט אפילו קיין איין טראכט ניט געטאָן וועגן דעם, אז אויך אן אנדערער האָט א „איך“.

# קאפיטל צוויי-און-צוואַנציק

.1

די אָנגעשטעלטע אויפֿן וואָקזאַל זײַנען פֿאַרוואָרפֿן מיט א סך ארבעט, דאָך ענטפֿערן זיי יעדן אײנעם אזוי חבֿריש, געטריי, ווי מ׳וואָלט געווען צווישן אײגענער משפּחה.

רחלס הארץ האָט געקלאַפּט האַסטיק: ס׳גוט, וואָס זי האָט זיך דער־וואוסט וועגן שלמהן, זי זאָל נאָר ניט קומען צו שפּעט, זי דאַרף אים ראַטעווען.

זי האָט געקראָגן א דערלויבעניש צו פֿאָרן מיטן קוריערסקי, אין ערשטן וואַגאָן. „דעם וואַגאָן", האָט מען איר געזאָגט, — „ווערט מען אויפֿן וועג אי־בערפֿירן צו אן אנדער באַן און ביז אינדערפֿרי וועט זי זיכער זײַן אינ־דערהיים".

ס׳איז ניט די צאַרישע צײַטן, וואָס הויכע באַאַמטע זײַנען געפֿאָרן אין אַ ספּעציעלן צוג און געזשליאָקעט שאַמפּאַניער.

איצט זיצן מענטשן — הויכע רעגירונגס אָנגעשטעלטע, זײַט בײַ זײַט מיט געוויינלעכע בירגער. מ׳שמועסט צוזאַמען וועגן קלייניקייטן און מ׳דערעדט זיך אַמאָל צו א גוטער עצה וועגן געזעלשאַפֿטלעכע און ווירטשאַפֿטלעכע ענינים.

זאָל נאָר ווער פֿאַראינטערעסירן זיך, וועט ער קריגן גענוג אינפֿאָרמאַ־ציעס וועגן סאָוועטנלאַנד. א סך פֿרעגן טאָקע אויס און אויך די ארומיקע ווערן ארײַנגעצויגן, ווערן פֿאַראינטערעסירט מיטן נײַעם לעבן, נײַעם שטײַ־גער וואָס מ׳וויל אײַנפֿירן.

אָט איז זייער באַקאַנטע סטאַנציע. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. רחל איז אויפֿגערודערט געוואָרן, ווי א גרויסער געלערנטער, אָדער א פֿאָרשער זאָל פּלוצים דערזען ווי אײנער פֿון די טויטע קערפּערס וואָלט זיך אויפֿגע־זעצט!

— דער וואָקזאַל, וואָס איז די לעצטע צוויי יאָר געווען אינגאַנצן אָפּגע־שטאָרבן, — קלינגט, זינגט. א רויטע פֿאָן אויף זײַן דאַך פֿלירטעוועט מיטן לויטערן, פּראָסטיקן דרויסן.

די אומעטום ארײַנגעשטעלטע שויבן מאַכן ליכטיק אין הארצן, ווי מען וואָלט עס באַפֿרײַט פֿון די גרויע ברעטער, מיט וועלכע דער וואָקזאַל איז געווען פֿאַרהאַקט.

פֿאַראיאָרן אין דער צײַט, האָט דער נאַטשאַלניק־סטאַנציע, דער מאָ־נאַרכיסט, זי מיט ליזען ניט אריבערגעלאָזט די שוועל, כאָטש ער האָט די ערשטע רגע זיך דערפֿרײַט מיט רחלען, — דער רײַכער באַרישניע.

הינטער דער פארמאכטער טיר האָבן זיי געהערט: „זשידאָוועקעס, זיי מעגן פרירן אין דרויסן״.

אָבער זיי זיינען נאָך אָפּגעקומען גוט. דעם זעלבן טאָג, האָט דער נאַ־טשאלניק, ווי א משוגע־געוואָרענער הונט, זיך געוואָרפן אויף א פארביי־פאָרנדיקער באן מיט באָלשעוויקעס. מיט זיין ארויסדערביוועטן קוילנוואר־פער האָט ער געמיינט, ער וועט פארניכטן די גאנצע סאָוועטישע מאכט, און אָפּגעלייזט זיין אייגענעם סוף.

די אַרויסגעקומענע פונם וואָקזאל צו באַגעגענען די אָנגעקומענע געסט, די ארויסשטייגנדיקע פון די וואַגאָנען, מיט פעק ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן באַזעצן דאָ, זיינען אלע אומבאקאנטע פנימער.

רחל איז געבליבן שטיין אויפן וואגאָנטרעפל, ווי זי וואָלט געצווייפלט צי זאָל זי זיך א ריר־טאָן פון אָרט.

דער ארומיקער וואכנדיקער אימפעט האָט זי ארייגעכאפּט אין זיין שטראָם.

אויפן גוט איינגעפּאָרענעם וועג זיינען אָנגעלאָפן די שטעטלדיקע באלעגאָלעס מיט זייערע פריצישע שליטנס, די גלעקלעך אויף די פערד האָבן פריילעך געקלונגען.

די פורמאנעס האָבן אראָפּגעטאַנצט פון די קעלניעס מיט אַ דרך־ארצ־דיקן טומל, ווי זיי וואָלטן געקומען באַגעגענען זייער א חשובן רבין, און עס־גייט אלץ כשורה. מ׳האָט זיי ניט אָפּגענארט, מ׳דארף נאָר אביסל צוימען דאָס באלעגאָלישע איילעניש, מ׳זאָל נאָכדעם מיט א הייסן „וויאָ!״ א טרייב טאָן די פערדלעך! און ארייגשיסן אין שטאָט אַריין מיט די נייע געסט!

— ווידער אויפוועקן, אויפרעגן די ניט־זיכערע געדאנקען פון די איינ־וואוינער. זייערע העלזער ציען זיך אויס, די פנימער פארקרימען זיך, בערד שטעלן זיך אויף !

— „הא! וואָס איז שוין נאָכאמאָל?״

— ס׳איז אזש א רחמנות אויף די קאָמיסיאָנערן, אויף די מעקלער, דאָס הארץ גייט זיי איבער פון קנאה. „ווען זיי וואָלטן אליין געווען די פאסא־זשירן״.

איציק, בערל שוסטער׳ס זון, מיט נאָך איינעם האָבן זיך פון ערגעץ ארויסגעיאָוועט. זיי זיינען אויסגעריסט, ווי זיי וואָלטן פון דעם טויט־פאר־האקטן סקלאד אויסגעראמט דעם שמוץ פון דעם דורות־לאנגען צאָרישן רעזשים.

כאָטש טו זיך איבער אין א נייער הויט צו באפרייען זיך פונם געדיכטן, שווארצן שטויב.

אָבער זייער אויפגעלעבטקייט זאָגט: זיי שרעקט ניט דער שמוץ, זיי האָבן זיך שוין איבערצייגט, אַז מ׳קען אים מיט אַ ריכטיקן וואַש אינגאַנצן אראָפּשווענקען — ס׳זאָל קיין סימן, קיין זכר ניט בלייבן.

דער פרעמדער בחור איז היימלעך צוגעלאָפן צו די אָנגעקומענע, פאַר־געשטעלט איציקן מיט א באמערקונג, פון וועלכער איציק האָט א שמייכל געטאָן, ווי א שיין מיידל ווען מ׳טוט איר א זאָג, — „זי האָט שיינע אויגן״, א פראגע צי ער איז אַ געטרייער חבר, זאָל נאָר זיין ביי וואָס, וועט ער זיך ערשט באַווייזן!

ער האָט ביי די נעמען: „וויפּטשיק, פּיווויש, יאַנטל!״ צוגערופן די באַ־לעגאָלעס און אַלע אינאיינעם האָבן זיך גענומען אָנפּאקן די שליטנס מיט שווערע קאסטנס, שווערע פּעק.

די פערד־און־שליטנס האָבן גאלאָפּירנדיק געשניטן דעם זוניקן פראָסט. געדאכט האָט זיך, מ׳שוועבט איבער א וואונדערלעך וואונדערלאנד, וואָס פארלירט זיך ערגעץ אין א פארכשופטן האָריזאָנט.

איציק האָט איילנדיק דערציילט רחלען:

— „דעם דאָקטער שולצס פאלאץ האָט מען פארנומען אויף א גאָסקאָנ־טאָרע, (ווען ער וויסט, דער דייטשישער כוליגאן, — וואָלט ער געפּלאצט וואו ער איז דאָרטן). אויך א שול פאר דערוואקסענע פלאנעוועט מען דאָרט איינצופירן.

— אין טראכטענבערגס הויז האָבן מיר איינגעאָרדנט די גאָרקין, די קאָנצעלאריע, און ווען מ׳וועט קריגן פּאסיקע הילף, — וועט מען איינפירן א לייענצימער מיט וועכנטלעכע פאָרטראגן.

ס׳האָט זיך רחלען קוים געגלויבט: דער פארגרעבטער איציק האָט אָנ־געהויבן אזוי פיין צו רעדן.

יאָ, ער האָט נאָך צו דערציילן דער חברטע רחל. ער האָט זיך גע־ישובט, צי זאָל ער זאָגן „איר ברודער״ ברוך פרענק, צי בלויז אָנרופן יע־נעמס נאָמען.

— „אין פעדערשטן צימער ביי ברוך פרענק געפינט זיך אונזער מילי־ציע מיט א סך געווער. ברוך פרענק האָט מזל, אין צוקער־פאבריק האָבן זיך די ארבעטער גוט אָפּגערופן וועגן אים, האָט מען אים איבערגעלאָזט אלס אַן אָנפירער מיטן זאוואָד, אָבער זיין שותף דאלפין, ווען ער באווייזט ניט צו פארשווינדן, וואָלטן בלויז זיינע ווייסע הענטשיקעס געבליבן גאנץ״.

ביי רחלען שפרינגט דאָס הארץ אינדערלופטן און ס׳ווייסט ניט ווי אין דער וועלט עס האלט מיט איר. זי איז שטאַרק צעטראָגן, זי איז זייער צו־פרידן, זי ציטערט אינגאנצן, זי איז בלייך געוואָרן און גלייך איז א געדיכ־טע פארב געקומען אין פנים, אזש די אויגן פארגליט.

א סוף, אן ענדע מיט וואָס ?ועט עס זיך אויסלאָזן? רחל איז גליקלעך וואָס די סאָוועטן־מאַכט איז ניט ווי אַנדערע זאָגן, אז זי באשטראָפט בלינ־דערהייט. — „די ארבעטער האָבן זיך גוט־אָפּגערופן וועגן ברוך פרענק — האָט מען אים איבערגעלאָזט אלס אן אָנפירער פונם זאוואָד".

רחל שמייכלט פריידיק, איר קול איז ווי א געזאנג:

— „הייסט עס, די סאָוועטנמאַכט מעסט אפילו אין קאפּיטאליסט די גראדאַציע פון מענשלעכקייט".

.2

ביים אויפעפענען די טיר אין שטוב אריין פון שלמהס עלטערן האָט א פארדומפּן־שטיקנדיקע, קראנקע לופט א זעץ געטאָן אין קאָפּ אריין, פאר־האקט דעם אָטעם.

פון הויכן פיבער, אָדער נאָך מער פון דער שווייסיק־הארבער לופט איז שלמה געלעגן ווי א פארחלשטער. ער האָט געקוקט מיט טעמפּע אויגן און גאָרנישט ניט באנומען.

רחל האָט אים געפרעגט, ווי ער פילט? זיין משונהדיק שוויגן האָט איר פארשטיקט אין האלז.

זיין מוטער האָט זיך אינגאנצן ארויפגעוואָרפן אויף אים, זיך צעיאָ־מערט:

— „שלמהלע! זון מיינער ! דיין ווייב איז געקומען, דערקענסט זי ניט?!"

רחל האָט זי לייכט אָפּגעשטופּט פונם קראנקן.

— „ס'איז אים אזוי אויך שווער צו אָטעמען, גייט בעסער רופט א דאָקטער".

— „ס'איז דאָ אזוי פיל חולאים אין שטאָט, האָט די שוויגער געוויינט, אז דער דאָקטער שרייט: „ער קאָן זיך ניט צערייסן".

„שיקט אים זאָגן: לאה פרענקס טאָכטער רופט אים".

די שוויגער האָט זי פארשטאַנען, דאָס מיינט, דער דאָקטער וועט שוין וויסן, אז ער וועט גלייך קריגן באצאָלט.

רחל האָט דערווייל אָפּגעוואַשן שלמהן דעם שטערן, די ברוסט, די הענט מיטן ספּירט וואָס זי האָט געבראכט פון אָדעס. נאָך ארויפגע־לייגט אויף אים איר מאנטל און זיך גענומען אויפרייסן דאָס קליינע פענצ־טערל.

די שוויגער האָט געגוואלדעוועט:

— „אום ווינטער עפענען א פענצטער! וועסט פארקילן מיין קינד, וועסט הרגענען מיין קרוין!"

רחל האָט זי ניט געהערט, זי האָט אָפּגעריסן א גאנצן וואגאָן מיט שמאַ־טעס, דאָס פענצטער איז דריי מאָל אזוי גרויס געוואָרן. זי האָט עס געקלאפּט

מיט די קולאַקעס, מיט א שטיק האַלץ, נאָך אמאָל געריסן שמאַטעס, ביז עס האָט ביסלעכווייז נאָכגעגעבן, ווי ס׳וואָלט זיך געישובט, וואָס זאָל עס דאָך טאָן מיט דער אידענעס ווילדע געשרייען.

די דרויסנדיקע לופט האָט לאנגזאם פארביטן די שטוביקע. כאָטש פלי אַרויס צו די פייגעלעך, ווען מ׳קאָן ווערן זאָרגלאָז ווי זיי.

מיט אויסגעדרייטע, פייכטע טיכלעך האָט רחל ארומגעווישט דעם שטויב פונם מעבל, ווענט, ערדענעם דיל.

שלמה האָט אָנגעהויבן טיפער צו אָטעמען, זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך געפּרוּווט עפּעס דערמאָנען.

רחל האָט דערזען ווי אומריין ס׳איז שלמהס געלעגער, ס׳האָט זי אָנגעהויבן בייסן איבערן גאַנצן לייב, ס׳איז ניט גוט געוואָרן צום ברעכן, זי האָט זיך באַפוילן: „האַלט זיך, מענשן לעבן דאָך אָפּ מיט די זיך־רויענדיקע לייז און קויט זייער גאַנץ לעבן״.

זי האָט זיך אוועקגעדרייט נעמען אביסל וואַסער, האָט די שוויגער אפגיך פארמאַכט דאָס פענצטער: — „אַזאַ אָנשיקעניש אויף מיין זונס קאָפּ״.

שלמהס פאָטער איז אריין א פארסאָפּעטער:

— „דער דאָקטער קומט שוין״!

* * *

דער דאָקטער האָט לאנגזאם אויסגעהערט דעם קראַנקען, אויסגעקלאַפּט, באַטאַפּט פון אַלע זייטן, דערציילט א נארישן, צעצויגענעם וויץ.

רחל האָט געשוויגן, זי האָט געוואָלט ער זאָל וואָס גיכער אוועקגיין. ער האָט איר דערמאָנט אין איר מוטערס איבערחזרן — „געלט רעדט, פאר געלט בוקט זיך אפילו דער קיסר״.

ס׳האָט זי געקרענקט דער פאַקט: וואָלט זי ניט געהאט איר מאַמעס טויזנטער, וואָלט דער דאָקטער נאָך אַלץ געענטפערט — „ער קאָן זיך ניט צערייסן״, אָבער אזוי איילט ער זיך גאָרנישט.

---

זי האָט געהייסן אריינרופן צוויי מענער צו העלפן ארויסטראָגן דעם בופעט וואָס האָט געשלאָגן אין דער נאָז אריין מיט שימל, מיט פארדומפּנקייט: דעם טיש, בענקלעך, אלצדינג זאָל מען ארויסנעמען. און ברענגען אהער איר בעט, דעם צונויפגעלעגטן וויגשטול, וואָס זי האָט געבראַכט פון באַלאַקלאַווע און די קאָרזינע מיט קאָלדרעס, באַציעכץ.

שלמה׳ס מוטער האָט אריינגעבראַכט א גרויס, שווער איבערבעט. כאָטש זי האָט עס געהאַלטן איבער אירע אויגן, גלייך מיטן קאָפּ, האָט עס זיך נאָך היפּש נאָכגעשלעפּט, געוואַלגערט איבערן ערדענעם דיל. די מיטגעקומענע טוכלעקייט, שימל און שווייס האָט געמאַכט רחלען זיך אומקוקן: גרויל, גיה־

נום, פון טויזנטער יאָרן האָט זי געזען אויף דעם דורך און דורך אויס־געגעצטן, אויסגעפּלעקטן, פאַרגעלטן איבערבעט.

— „נעמט עס צוריק!" האָט זי געבעטן מיט א ציטערנדיק קול:

די שוויגער האָט געקוועטשט דעם ברעג פון מאטראץ און געטענהט:

— דער הארטער געלעגער וועט אים אָפּקוועטשן זיינע קראנקע זייטן".

דערזען אז רחל נעמט זיך ווידער אויפעפענען דאָס פענצטער האָט זי געמאכט א גוואלד:

— „גאָט, גאָט, זי וויל אים מיר הרגענען, זי איז אומיסטן געקומען צו הרגענען מיין קינד". ,

דער מאן איז צו איר צו:

— „אידענע ! שוויג ! זעסט דען ניט אז זי איז פון גאָט אליין געשיקט צו ראטעווען א טויטן".

ער האָט זי ניט געדארפט אָנרופן „קו", „בהמה", צי אנדערע זידל־צונעמענישן וואָס די מענער האָבן גערופן זייערע ווייבער. דער וועג ווי ער האָט ארויסגערעדט „אידענע" האָט שוין פארמאָגט אין זיך גענוג זידל, גענוג דערנידעריקונג.

---

רחל האָט זיך אָנגעהויבן אריינכאפּן צו די אַרומיקע שכנים, געפּרואווט די היץ, געוואשן מיט עסיק זייערע קראנקע, געזאָגט וואָס, ווען מ׳מעג געבן עסן. און זי איז איטלעך מאָל, אין יעדער שטוב באזונדער אומאנגענעם און שווער אויפגערודערט געוואָרן: די פרויען פון די געסלעך באליידיקן זיך קיינמאָל ניט אויף זייערע מענערס מבייש זיין זיי, זיי טראכטן אפילו ניט זיך קעגנצושטעלן. ס׳זאָל זיך געפינען אן איינציקע כאָטש.

— אז די פרוי רעדט אויס א וואָרט שרייט דער מאן — „נו — אָ, שטיל זאָל זיין!" א צווייטער זאָגט מיט בטול — „א בהמה, שטעלט זיך אויף די פיסלעך".

רחלען האָט עס אזש געהויבן: זאָל כאָטש איינע אָפּענטפערן, סיידן דאָס וואָס זיי שעלטן אומאויפערלעך די קינדער, די שכנים, די גאנצע וועלט פארקללהן זיי.

אז רחל האָט א מוסר געטאָן איינעם, נאָך גאָר א יונגען מאן, אז ער דארף ניט רעדן אזוי צו זיין פרוי, זי איז דאָך קראנק און אזוינע רייד צע־רייצן נאָך מער די נערוון, — האָט ער פארקרימט ס׳פּנים, ווי ער וואָלט זיך געקליבן א שפּיי טאָן דעם ווייבל אין בעט:

— „וואָסזשע? איר מיינט, ווייזט אויס, זי איז גראף פּאָטאָצקיס טאָכ־טער, — וואָס מ׳דארף שטיין פאָדקאָזעראָק פאר איר".

רחל ווייסט: אין דער צענטראל גאס ברוגזסט זיך יאָ אָן דאָס ווייב אויפן מאן, און אז זי עקשנט זיך איין—פירט זי ניט איינמאָל אויס. אניט, בעט ער

זי כאַטש אזוי איבער, רעדט איר איין, אז ער איז גערעכט. דאָך ווייסן זיי, זיי דארפן קומען צו א פארשטענדעניש.

— אויף אירע קרובים זאָגט מען : „ביי די פרענקס גייען די ווייבער אין די הויזן, — זיי טראָגן די רייזע־טאָשן". און ס׳איז אמת, כאָטש די פעטערס שטייען באגלייך מיט די מומעס אין קראָם, אין סקלאד, אין פאבריק, — דאָס פעטע קניפל גיבן זיי איבער אין ווייבערשן רשות.

— די מענער רעדן מיט אָנגעקומענע פרעמדע סוחרים, אָבער קוקן בגנבה אריין בשעת מעשה אין דער פרויס מינע. אָן איר צושטימונג מאכן זיי ניט דעם מסחר. אמת, זייערע ווייבער טויגן זיך אויס צום מסחר נאָך בע־סער פון זיי. דאָס שטעלט זיי אוועק אין א חשובער פּאָזיציע לעבן זייערע מענער.

ס׳איז איר שווער געוואָרן פונם טראכטן: „ווי אזוי וועלן זיך די פרויען פון דער אָרעמקייט באפרייען פון זייער קלעגלעכער לאַגע?"

זי האָט געזען: די אָרעמקייט, די נויט גייט צוזאַמען מיט אומוויסנדיקער אָפּגעלאָזנקייט. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דאָס פעלן פון איינגע־שטעלטקייט אין יעדן הינזיכט: פיר אזייגער בייטאָג, האָט אין דער זעלבער שטוב א אינגל פון א יאָר צוועלף געגריזשעט א שטיקל סעכער און אין דער צווייטער האנט מיט א פערטל ציבעלע האָט ער אַלע ווײַלע בגנבה צו־געטראָגן צום מויל, אָפּגעלעקט און עס ווידער געטונקען אין טעפל זאַלץ. אויף דער שוועל האָט א זעקס יעריק קינד געקראצט א שטארק אָפּגעקלאַפּטן, פארזשאווערטן טאָפּ און מיט א פאראַסטיקטן בלעכענעם לעפל געטראָגן צום מויל דאָס פארגעלטע אויסשקראָבעכץ. ביי א ברעג פונם אָנגעשטעלטן קוי־טיקן טיש האָט דער מאן געגעסן. דאָס ווייב, א גרויס־בייכיקע, האָט מיט אַ כמורנעם שווייגן געוואשן גרעט. א ניין יעריק מיידל מיט איר איינגערן ברו־דערל האָבן פון דרויסן, דורכן פענצטער, מיט זשעדניקייט נאָכגעקוקט דעם פּאָטערס יעדן ביסן.

— אויף צונויפגעשטעלטע בענקלעך, אנטקעגן דעם בעט וואו ס׳איז געלעגן א דערוואקסן מיידל קראנק אויף טיפוס, האָט געכראָפּעט דער זיידע, אז ס׳האָט געקאָנט אויפוועקן א טויטן.

אזוינע ענלעכע בילדער און ערגערע איבעלדיקע אָפּגעלאָזנקייט האָט רחל געזען כמעט אין איטלעכער שטוב.

זי האָט זיך געוואונדערט: זייערע פּנימער זעען, דאכט זיך, ניט אויס אזוי טעמפּ, פונדעסטוועגן זיינען זיי אזוי ווייט פון טראכטן, פון באקלערן עפּעס.

זי האָט שטארק געליטן דערפון. א בייזער רחמנות צו אלע פון אָט־די געסלעך האָט זי ביטער געפּלאָגט. ניט נאָר א מיטגעפיל, נאָר אויך אן אָנ־געוויייטיקטער צאָרן:

— „פארוואָס ארבעטן זיי ניט מיט זייערע קעפּ?" —

זי האָט געפּרואווט רעדן צו זייער האַרץ, אַלע ווילן זיי „נחת פון קינ־דער״. אפשר וועט דאָס דערמוטיקן זיי צו פאַרטראַכטן זיך ? — מ׳האָט איר געענטפערט מיט מילדע שמייכלען, מיט קרעכצן: — „אוודאי וואָלטן די קינדער געדאַרפט לעבן אַנדערש״.

אָבער וואָס זיינען די עלטערן גרייט צו טאָן צוליב דעם ? „גאָרנישט״. מע טראַכט אויס אויף זיך: „מסתּם האָט מען זיך פאַרזינדיקט פאַר דעם, וואָס לעבט אייביק״. מיט דעם קומט מען אָפּ.

רחל איז געווען אינגאַנצן פאַרסמט פון ערגערניש: וואָס האָבן זיי פון זייער לעבן? זייערע היימען זיינען גהנומס.

* * *

שלמה׳ס מוטער איז ניט מיד געוואָרן צו בייזערן זיך:

— „דאָס צעעפנטע פענצטער וועט אים די לונגען פאַרקילן. פונם האַרטן מאַטראַץ וועט ער קיינמאָל צו די כּוחות ניט קומען״.

דעם שווער האָט עס אויפגערעגט; ער האָט אַלע ווײַלע געשריען זי זאָל פאַרמאַכן ס׳מויל:

—„מיין קאָפּ איז מיר ווי א פּויק פון דיין ניט אויפהערן וואָראָזשען!״

האָט זי אָנגעהויבן סוד׳ען זיך מיט שכנות, וואָס זיינען אַלע ווײַלע צו־געקומען מיט א זייטל, ווי נישט אומיסטן אַהער פאַרגאַנגען. פון דרויסן, פון קאַמער האָט זיך געהערט א שעפּטשעריי.

— „מיין זון האָט זיך פאַרגלוסט א געבולבעטע פון די הויכע פענצטער — ציט זי אים זיין קרענק. אפילו אביסל וואַסער דערלאַנגט זי אים ניט ווי קיין מענטש. — קאַכט עס, זידט עס, קילט עס, געהערט אמאָל אזא משוגעת.

ווייבער האָבן מיט באַדויערן צוגעשאָקלט:

— מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר א חיות מ׳קאָן שוין האָבן פון איבער־געקאָכטן וואַסער.

— „איך, אויף אייער אָרט, וואָלט איר געזאָגט, זאָל זי זיך אַליין קוויקן מיט דעם״.

א דריטע האָט פאַרשנירעוועט בייזע ליפּן:

— „אסור זאָל מיר זיין! ווער איז די מאַמע, ווער האָט געבלוטיקט״.

דורך די טעג און נעכט האָט די שוויגער געזיפצט אויף א קול, אזש א גרויל איז געלאָפן איבערן לייב. א מרה־שחורה׳דיקע מיט גאַליקער שנאה האָט זי נאָכגעפאָלגט רחלס יעדן ריר. אומזיסט איז געווען רחלס מאַכן זיך ניט־הערנדיק, ניט־זעענדיק צו דער פאַרביטערטקייט קעגן איר, און גע־פּרואווט מיט גוטן דערקלערן, דערוויזן. — א דערוויטערטע און קאַלטע פרעמדקייט האָט זיך נאָך מער אוועקגעשטעלט צווישן זייביידן.

* * *

רחלס מוטער איז געקומען אין איר רייכן גרויען מאַנטל מיטן גרויסן שאַלקאַלנער אויסגענייט מיט שוואַרצע, זײַדענע טאַשמעס און מיט איר שווערן שוואַרץ־זײַדענעם שעמערירנדיקן שאַרף.

רחלען האָט זיך אויסגעוויזן: אַ רייכע גוטבאַזיצערן, וועמעס זעקס פערד באַשפּיץ זײַנען פּלוצים משוגע געוואָרן, אַ ווילדן שאַרפע געטאָן דעם פאַיע־טאָן און אים אין אַן אָפּגרונט פאַרשליידערט, ריכט דאָ אָפּ אַ שטיק גלות, ביי עפּעס אַ שלימזל, וואו אפילו צוזעצן זיך איז ניטאָ אויף וואָס. דאָס ניט האָבן קיין ריכטיק אָרט אוועקצוזעצן זיך, באַטראַכט זי פאַר אַ שרעקלעכן בזיון פאַר זיך, און דעם בזיון — פאַרן גרעסטן אומגליק, וואָס האָט זיך ווען עס איז פאַרלאָפן אויף דער וועלט.

דער מוטערס מקריב־זײַן לאה פרענקס כבוד און קומען מבקר חולה זײַן שלמהן האָט זי פײַנלעך אויפגערעגט און צערודערט: זי אַליין איז ווי אַן ערשט ניט לאַנג באַפרייטע פון אַ פאַרנעפּלטער גרויער וועלט; אַלע טעג פון איר צוואַנציקיעריקייט האָבן געזוכט, גענישטערט עפּעס. די גרויסע פרייע וועלט קאָן זי פירן ערגעץ. זי ווייסט ניט אַליין וואוהין, נאָר ערגעץ, ערגעץ.

— דערווייל האָט עס זי געבראַכט אין אַ מדבר, וואו זי זעט, דאַכט זיך, נאָרמאַלע מענשן, נאָר עפּעס געשלאָגן מיט אַ בלינדקייט פון שמעקן זייער גאַנץ לעבן בוריאַן, ווילד־גראָז.

ווי אַ הונגעריקער הונט וואַרפט זיך אויף אַ ביין, אַזוי האָט זי זיך צוגע־כאַפּט צו דער אָרעמשאַפט מיט דערשטוינטע פרעגענישן און געקראָגן אויף זיי אויסטערלישע ענטפערס, ווי די קנעכטשאַפט פון מיליאָנען אין די קייטן פון געציילטע פאַרדאַרבער, וואָלט באַהאַלטן אין זיך אַ פאַטאַל פאַרהייליקטן סוד.

## קאפיטל דריי-און-צוואַנציק

.1

פון רעווקאָם האָט מען געשיקט געוואָר ווערן וועגן שלמה׳ס געזונט, מען דארף אים פאר א בוכהאלטער אין גאָסקאָנטאָרע.

רחל חידושט זיך: די קראנקהייט איז דאָך שוין לאנג אוועק, שלמה איז בלויז אָפּגעשוואכט. פארוואָס־זשע אײלט ער זיך גאָרנישט זיך צו פאראייניקן מיט די, וואָס שטרעבן אויסצוראָטן די אַרומיקע פינצטערניש?

—ער איז אינגאנצן פארטאָן אין פרייען זיך מיט זיין בלייבן לעבן. ער

— עס קוקט אויס ווי ס׳וואָלט אים שטארק געפעלן דאָס קראנק־זיין: ער צאָצקעט זיך מיט זיך, פּעשטשעט זיך, רופט אלע ווײלע מ׳זאָל אים עפּעס אנ־דערש דערלאנגען, זאָגען, ווייזן. זי , אויף זיין אָרט, וואָלט זיכער שוין ארומ־געגאנגען, דער עיקר, זי וואָלט יענעם ניט פארדרייט אזוי דעם קאָפּ.

— זיין פאָטער האָט אים געזאָגט — „קלייבסט זיך פון בעט אראָפּגיין — ווי קיין ירושלים״. שלמה לאכט מיט געשמאקער הנאה און הייסט זיך ווייטער באַדינען, ווי ניט אים מיינט מען.

רחל קוקט, ווי שלמה פאָדערט פון דער מוטער זי זאָל לאנגזאם גיסן וואַ־סער אויף זיינע קליינע הענט, און זי ציט מיט די אקסלען: פארשיידענע ליבעס זיינען פאראַן, די ערגסטע פון אַלע איז די זעלבסט־ליבע. ביי איר הייבט עס אָן זיך אויסדריקן, דאָכט זיך, אויף אַ נייעם שטייגער. אָט פילט זי א פרייד פון דעם שווערס אָנקוועלן צוליב זיין זונס געזונט ווערן: „וועסט זיך שוין, זון מיי־נער, טובלען ביז הונדערט־און־צוואַנציק יאָר״. כאָטש זי האָט עס צוריקגע־שלעפּט פון אָדעס און אריינגעשליידערט אין דער סמאָלע, וואו אין אמת׳ן איז זי ניט פאר יענעם, ניט פאר זיך.

— אפשר איז די שול פונם ארומיקן לעבן געווען נויטיק דורכצומאַכן, כדי ארויסצורייסן זיך פונם אייגענעם ענגן איך. פארוואָס זשע ווירקט עס ניט אויף שלמהן?

נאָך א וואָך איז אוועק. שלמה האָט אָנגעהויבן ארומגיין אין שטוב, ארויס צוביסלעך אויף דער פרישער לופט, און זיי האָבן זיך איבערגעקליבן צוריק צו משה ציפּעס.

* * *

פון רעווקאָם האָט מען ווידער געשיקט אויסגעפינען צי שלמה קאָן שוין קומען פירן די ביכער.

שלמה איז דערפון ניט געווען צופרידן:

— „די גאָסקאָנטאָרע איז אויסערן שטאָט און די גויים, וואָס מ׳רעקווע־זירט ביי זיי די תבואה, וועלן ס׳ערשטע זיך נוקם זיין אין אידן. דאָך, אַז מען רופט — מוז מען גיין״.

ליכטיקע און זינגענדיקע זיינען די פרימאָרגנס אויפן וועג צו דער גאָס־קאָנטאָרע.

שלמהס גאנג ווערט וואָס א טאָג שנעלער, מוטיקער. ער וואונדערט זיך אזש: עס ציט אים צו דער נייער ארבעט. די געזעלשאפט איז א פיינע, אן ערנסטע און אין דער זעלבער צייט א פריילעכע קאָמאנדע.

דערויף איז שלמה א שמח בחלקו, ער טויג זיך אויס צו אויפנעמען דאָס לייכטערע. וועגן ערנסטן זאָלן זיך ביי אנדערע דרייען די קעפּ.

פינקלען ביי אים די פייגלשע אויגן און ער שמייכלט, לאכט מיט הנאה פון די רייד, וואָס ער און די אנדערע רעדן.

די ארבעט זיינע איז ביי אים אוועק ווי געשמירט. ער איז שטאַרק צו־פרידן, געבראכט רחלען א פּאַיאָק — טיי, צוקער, פּוטער, ביסקוויט.

— דאָס גיט מען יעדע צוויי וואָכן. און נאָך א גוטע בשורה: יעדן מיטאָג וועט ער קריגן א מאָלצייט פאר צוויי מענשן. כמעט אַלע אָנגעשטעלטע עסן אין דער גאָרקיך, נאָר ער וועט מיטאָגצייט זיך אריינכאפּן אהין און ברענגען ס׳עסן אהיים.

אָבער גיין אין גאָרקיך נעמט צו ביי שלמהן צופיל צייט, קאָן ער נאָכדעם ניט אָפּעסן רואיק. „פּארשפּעטיקן וויל ער ניט, אַלע קומען אַריין צו דער מינוט, צו דער רגע, זיי זיינען אלע דאָרט אזוינע פּינקטלעכע, אזעלכע אָמביציעזע״.

רחלען ליגט עס אויף דער צונג: „זי וועט גיין נעמען דעם וואַרמעס״. נאָר זי פילט אז זי קאָן ניט באקעמפן אין זיך דעם גבירישן שטאָלץ. עס פּויקט איר הארץ, די הענט ווערן ביי איר ווי שווערע קלעצלעך נאָר פונם טראכטן צו אויסשטרעקן דאָרט א טעלער.

— „ביי שלמהן איז עס אַזאַ וואָכעדיקע זאַך. זי וואָלט געוואָלט וויסן: דיקטירט אים ניט א שנאָרעריש געפיל?

זי איז שטארק בלאס געוואָרן פון פארדראָס אויף זיך: א פונאויבנאַ־ראָפּיקע מאָס פון א גביריש טעכטערל. שלמה איז צוזאמען מיט אלע וויכ־טיקע גרויסע געשעענישן איבערגעוואקסן דאָס קליינלעכע רעכענען־זיך מיט נאַרישקייטן. און אויך זי דארף ארויסוואקסן פון דער שמאָלקעפּיקייט.

זי האָט זיך צעלאכט פון שלמהס באמערקונג: — „אפשר וועט איר זיין אומבאקוועם צו גיין אין גאָרקיך?״ און זי האָט רואיק צוגעגעבן:

— „פארקערט, כ׳וועל פילן בעסער, ווייל כ׳בין נאָך ניט צוגעוואוינט צום פארשטיין אז אויך מענער מעגן זיך פּאָרען מיט טעפּלעך״.

* * *

אויף מאָרגן, פאַרמיטאָג. דער יונגער פרילינג רופט רחלען זיך שיפן אי־בערן ברייטן, צעקוועלטן טייך — מ׳זאָל אזש אינגאנצן דערטרינקען ווערן אין גרענעצלאָזער פרייד.

נאָר רחל נעמט זיך זוכן א פאַלטאָ, צי א זשאקעטל צו גיין ברענגען ס׳עסן פאַר שלמהן.

זי האָט שוין אָנגעטאָן א מאנטל, אויפגיך פאַרפּאַקט אין א קאָשיקל א פּאָר טעפּלעך מיט גוט־צוגעפּאסטע דעקלעך. אָבער וואָס־פאַר־א הוט טוט מען אָן? די איז געמאכט פון צו טייערע קאָלירנדיקע לענטעס, עס פּאסט ניט צום קאָשיק. די אנדערע איז משוגענערהייז ברייט, ס׳וועט פאַרנעמען א שורה פון דריי מענשן.

זי האָט איבערגעוואָרפן אכט היט: קיין איינע קאָן זי איצט ניט אָנטאָן, און זי האָט נאָך געמיינט, זי קליידט זיך אַזוי באַשיידן. זי קוקט אויס ווי די פּריצטעס וואָס לעבן א גוטן טאָג אין אויסלאנד און איינמאָל א יאָר קומען זיי אַהיים ווייזן זיך אין קאָסטיאָל אין זייער רייכן פּוץ.

אין דער ערשטער גאס, האָט זי געפילט ווי אויגן און הענט באטאפּן זי. דער קאָשעק געפעלט זיי „ווי אַזוי, וואו עפּנט ער זיך אויף?" „די טעפּ־לעך", האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט, „זיינען ניט ווי ביי נאַשבראַט".

רחל האָט זיך פאַרקלערט, ווער גרייט צו די מיטאָגן אין גאַרקיך? זי האָט זיך דערמאָנט אין דינה׳ס אַרויסהעלפן פאַר אַ גאנצער בריגאַדע, און זיך אַליין אָנגעהויבן עקזאמענירן צי זי וואָלט געקאָנט אַזאַ ארבעט טאָן? זי האָט גאָרנישט באמערקט ווען זי איז אַרויס אויף דער צענטראַל גאס. קללות פון אַלע זייטן האָבן זי אויפגעוועקט פון איר פאַרטראַכטקייט.

זי האָט דערהערט:

— דו, אַזאַ און אַזאַ! . . . — זאָלסט אזוי און אזוי! . . . לאה פרענקס משומדתטע גייט פרעסן אונזער בלוט, וואָס ביי אונז האָט מען עס אויסגע־ריסן ! . . .

— אויסגעריסן זאָל זי ווערן !

ס׳האָט געהאָגלט אויף איר פון אַלע זייטן:

— מיין פּראציע! מיין האָרעוואַניע !

— וועסט עס אויסקרענקען צוזאמען מיט די אויסוואורפן, מיט די גראַ־בעזשניקעס.

רחלס בלוט האָט אָנגעהויבן גליווערן; עס האָט זי באשלאָגן א שווייס; דער קאָשעק איז געוואָרן שווער מיט רוחות, געהרגעט איר די זייט. אירע פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט.

זי האָט געכעסט אויף זיך: וואָס האָט זי זיך דערשראָקן פאַר די נארישע אידענעס.

דאָך האָט זי פון זיך ניט געקאָנט ארויסרייסן ס׳געפיל פון שולדיקייט קעגן זיי. זי וואָלט גערן דערגרייכט די טיר . . . אָבער ווי, זי וועט דארפן דעם גאַנצן לאנגען וועג צוריקגיין.

מען האָט ביי איר געמאָנט וואגאָנען תבואה, זאלץ, סקלאדן ברעטער; מ׳האָט געשריען: מ׳וועט איר געבן די סאָוועטסקע שמאטעס, וואָס מ׳האָט זיי באצאָלט; מ׳האָט איר אויסגעוואָרפן וואָס די באָלשעוויקעס האָבן רעקווירירט איר ברודערס צוקער־זאוואָד.

זי האָט געוואָלט ענטפערן: „ניט איר האָט געזייט, געאקערט, געשניטן די תבואה; ניט איר האָט אויסגעהאקט די זאלץ, ניט געהאקט וועלדער; ניט ברוך פרענק האָט געגראָבן די בוריקעס". אירע פארטרוקנטע ליפּן האָבן זיך אָבער צונויפגעשלאָסן, ווי מ׳וואָלט זיי מיט קליי פארקלעפּט. און אין די אויגן א היץ, ווי זיי וואָלטן געווען ארומגערינגלט מיט ברענענדיקע אויוונס.

* * *

זי האָט האסטיק אויפגעעפנט די טיר: אין ברייטן קוואדראטנעם קאָרי־דאָר איז קיינער ניט געווען. זי האָט א בליק געטאָן אויף דער זייטיקער טיר צו לינקס: „די קאַנצעלאריע פון גאָרקיך". אויף דער קעגנדיקער טיר: „פארבאָטן אריינצוקומען". איר קוק איז אַוועק דורך די ברייט־צעעפנטע טירן אין גרויסן זאל אריין: גרויס ווי א פעלד! ס׳איז גאָרנישט צו דערקענען טראכטנבערגס שטוב, איצט שטייען דאָ אויסגעשטעלט לאנגע טישן און בענק. איניקע עסן שוין דאָרט מיטאָג, זיי זיינען, ווייזט אויס, פון א באנאכ־טיקן פאָסטן. האָ, דאָס זיינען עס אַלע וואָס ארבעטן אין גאָרקיך: עסן זיי אָפּ פריער בכדי צו קאָנען מיט א זאַטן מאָגן דערלאנגען פאר אלעמען מיטאָג.

מ׳זאָל געווען א זאָג טאָן דער צעדולטער שרהטשקען, דער שרייערין, בעת זי האָט דאָ געמלוכההועט, אז ס׳וועט קומען אמאָל א טאָג וואָס מענשן וועלן אין פארדעכטיק־ריינע, טאקע שמוציקע פּידזשאקעס זיך צושפּארן צו די זעלטן־קינסטלעריש געמאָלענע ווענט, אָדער אָנרירן מיט ברודיקע הענט די טייערע געשליפענע גלעזערנע הענטלעך פון די טירן, — וואָלט זי גע־ווען אויסגעבטלט אלע וויסטע חלומות.

— און איצט איז אין דעם רחבותדיקן, גבירישן זאל, וואו משרתים, דינסטן פלעגן ציטערן אַן אָטעם טאָן, — הערט זיך זייער פריילעך גערע־דעריי ארום סערווירטע טישן.

מיט גיריקע אויגן האָט רחל באטראכט די וואָס זיינען געשטאנען אין דער ריי צו קריגן עסן: גרויסשטאָטישע ארבעטער אויסגעשמירטע פון זייער פאַבריק־אַרבעט, וואָס האָט זיך אַריינגעגעסן אין זייערע לייבער, אָבער די אויגן שיינען אויפגעלעבט; לעבן זיי שטייען פויערים, מ׳דערקענט, לויט זיי־ער שעמעוודיקייט, אז זיי זיינען ערשט פון דאָרף אראָפּגעקומען; קאצאפּ־לעך מיט זייערע לאנגע, בלאָנדע טשופּרינעס און סטודענטן, פון אלע עקן

רוסלאַנד, יעדערער מיט אַן אַנדער אַקצענט. — אידן, קריסטן, אַלע שמועסן צוזאַמען.

אַלע נאַציאָנאַליטעטן: אוקראַינע, גרויסרוסלאַנד, ווייסרוסלאַנד — פאַר־אייניקט די פרייע סאָוועטישע פאָן.

אַ פערטל צו צוועלף האָבן זיך אַלע, אַרום די טישן, מיט געזאַנג אַ הייב געטאָן, און אין צען מינוט צייט זיינען שוין די טישן געווען פאַרשפּרייט מיט ריינע טישטעכער.

פון איבערן קאָרידאָר דורך אַ ברייט צעעפנטער טיר האָט מען געזען ווי די דעזשורנדיקע מיידלעך פּאָרען זיך אַרום אַ גרויסער פּליטע, אָנגע־שטעלט מיט הויכע קעסלען. אַ געשמאַקער ריח פון באָרשטש, זופּ, געבראָטנס האָט זיך געטראָגן פון דאָרטן.

אויף אַ לאַנגען גאָלדיקן טאַפּטשאַן זיינען געשטאַנען הויפנס טעלער, גרייט צום סערווירן. מיטן זייגערס אויסשלאָגן צוועלף האָבן די מיידלעך, אין פאַרשיידן־קאָלירטע פאַרטעכער, אָנגעהויבן אָנפילן די טעלער.

פונם שילדל אויפן טיר, וואָס פאַרבאָט אַריינצוקומען, האָט זיך באַוויזן איינער מיט רויטע, מידע אויגן. ער האָט זיך לעבהאַפטיק, חבריש געגריסט מיט אַלע. איינעם פון די סטודענטן עפּעס געפרעגט און געקראָגן אַ צושטי־מענדיקן, פולבאַדייטנדיקן שמייכל. נאָכדעם האָט ער אויסגערופן:

— „אַלע די, וואָס גייען ניט צוריק צו דער אַרבעט, זאָלן נאָכן עסן אַרי־בערגיין אין ביבליאָטעק“.

רחל איז אויך איבערגעגאַנגען אַהין: שלמה קומט היינט ערשט אַרום צוויי אַזייגער, זי האָט צייט.

דער גרויסער ביבליאָטעק־צימער האָט דריי ווענט מיט ביכער און די פערטע וואַנט איז כמעט גאָלע פענצטער.

רחל ווייסט אַז דאָס אַלץ איז געווען איינגעאָרדנט לשם סטיל, צו אי־בעראַשן געסט, אָבער ניט צוליבן גריבלען זיך אין די ביכער. יענער מיט די מידע, רויטע אויגן האָט עס ווייזט אויס יאָ געטאָן.

אייניגע פון די אַריינגעקומענע אַרבעטער האָבן זיך קוים צוגעשפּאַרט צו די פּליושענע שטולן, ווי זייערע קני וואָלטן דערביי אָנגעהויבן ציטערן; ביי אַנדערע האָבן זיי טאַקע געציטערט. אָבער ווען זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט און דערפילט די אָנגענעמע ווייכקייט, האָבן זיי זיך צעשמייכלט, צעשפּרייט די פיס, ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— „אָט זעט, איך קאָן אויך הנאה האָבן פון באַקוועמלעכקייטן“.

דער סטודענט, וועמען דער מיט די מידע אויגן האָט עפּעס געפרעגט און איצט אים פאָרגעשטעלט, אַלס דעם ביבליאָטעקער און אַז ער האָט אַ סך געאַרבעט ביז ער האָט אויסגעסאָרטירט אַלע ביכער, — האָט קלוג אַרומגע־

רעדט וועגן דער וויכטיקייט פון א דיסציפלינירטן פּראָלעטאַריאַט און פּאַר־ענדיקט:

„דער עיקר מוזן מיר זיך אַלע נעמען צום לערנען, באַרייכערן אונזער וויסן און אַנטוויקלען אונזער געדאַנק בכדי צו דערקענען דעם ריכטיקן און גערעכטן וועג פון לעבן".

וואַסיל, וואָס האָט צוזאַמען מיט מאָשקען געאַרבעט ביים שטריקדרייער ווי צוויי בלינדע פערד, האָט איבערגעפרעגט ביי מאָשקען וואָס דער סטו־דענט האָט אַזוינס געזאָגט? וואַסיל איז געווען עפּעס באַזונדער דאַנקבאַר דעם באָלשעוויזם, עס האָט אים באַרואיקט זיין נאָגנדיקן געוויסן, ער האָט ליב זיין מיטאַרבעטער פאַר זיין פאַרשטיין בעסער, פאַר זיינע קלוגע איינפאַלן. —

„ער האָט א קאָפּ", אָבער דער גלח האָט געהייסן פיינט האָבן זשידעס.

איצט איז זיך וואַסיל ממש מחיה: ער מיט מאָשקען וואָלטן איינער פאַרן אַנדערן געלאָפן אין פייער אַריין.

רחלען האָט זיך געדאַכט, אַז די פאַרברעכערישקייט, מיט וועלכער מען האָט אָנגערעדט די קריסטן צו פּאָגראָמירן אידן, האָט איצט אַנטפּלעקט איר גאַנצע העסלעכקייט, געמיינקייט און געמאַנט: „ניט מיט על־חטא אָפּצוקו־מען, נאָר טאַקע מיטן געפיל פונם אייגענעם האַרצן אויסראָטן די פאַרדאָרבנ־קייט, די הפקרות".

זי איז אַוועק פון דאָרטן א באַגייסטערט־צערודערטע: די רעוואָלוציע רופט! זי וועט איבערליידן מיטן ביבליאָטעקער, אָדער מיטן אַנדערן, דעם מיט די מידע אויגן, און אויך ווערן אַקטיוו. זי האָט געהערט א זיכערע, רו־איקע שטימע, וואָס האָט געאָטעמט מיט באַהאַרצטקייט, מיט קלוגשאַפט. פּלוצים האָט צו איר פאַרטראַכטן געהער דערגרייכט א ווייבעריש הווזשעריי:

— „א מפּלה! — אויסגעריסן! — א ניכפּה!" . . .

רחל האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות ניט צו ווערן אויפגערעגט, אָבער איר האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, צעמישט און פאַרלוירן. עס האָט איר גע־דריקט איר געמיט: זי האָט קיינמאָל ניט געטראַכט, וואָס פאַר א דערמונטער־רונג ס'איז צו זיין באַליבט ביי יעדן איינעם.

זי האָט געפּרוווט אויפנעמען זייער פאַרביטערטקייט מיט א לאָגישן צוגאַנג: זאָלן זיי אָפּזאָגן אַלצדינג, וועט גיכער נעמען א סוף צו זייער אומ־זיסטן קאָכן זיך. זיי וועלן זיך צוגעוואוינען, זיך אפשר טאַקע איינפאַרשטיין. אויך זי וועט זיך צוגעוואוינען. וואו איז איר אויסגעהאַלטנקייט? מיט אַזא דערנערווירן זיך פון יעדן איינעמס פּראָטעסט קאָן מען ניט העלפן שאַפן א ניי לעבן. מ'דאַרף אויפהייבן דעם אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

* * *

בכדי צוצוטראָגן עפּעס צום באַנייענדיקן לעבן איז רחל געוואָרן א לע־רערין. איר פאַרלאַנג, די דערוואַקסענע שילערס זאָלן אַהיימנעמען זייערע

ביכער און העפטן, האָט מען געענטפערט אזא קאַטעגאָרישן „ניין"! אז זי איז געוועזן געצוואונגען אריינצורופן דעם קולטור־קאָמיסאר.

— „קיינער וויל ניט נעמען די ביכער אהיים און זיי קוקן אויף מיר, ווי זיי וואָלטן געזען עפּעס שרעקלעכס אויף מיין פּנים".

‚ איינערס אן אינגער שוועסטערל, פון א יאָר צוועלף, האָט, קוקנדיק ליב־לעך אויף רחלען מיט א פּאָר ביסטרע אייגלעך, געענטפערט:

— „ניט אייער פּנים, נאָר מיין טאַטע, ער קלאַפּט אין טיש — ‚א, מיידל ווערט משוגע פון לערנען!'"

אומזיסט האָט דער קולטור־קאָמיסאר געשטורמט:

— „מ׳דאַרף פון די אייגענע היימען אַנהייבן באַקעמפן די פינצטער־ניש".

ער האָט מיט זיי זייער ערנסט געשמועסט.

די מיידלעך האָבן געטענהט זייערס:

— ביכער קאָן איך ניט נעמען אהיים, ניט ביי מיין טאַטן.

— יאָ, וואָדען, מער וואָלט ניט געפעלט ביי מיין מאַמען.

— כ׳וואָלט באלד געדאַרפט פאַרלאָזן די שטאָט.

די בחורים האָבן זייערע ביכלעך אריינגערוקט אין די בוזים־קעשענעס, אין די הויזן קעשענעס, נאָר ניט אין דרויסן.

רחלס צעטראָגענע אויגן האָבן אויסגעדריקט א טיפן אומעט. זי האָט דערציילט דעם קולטור־קאָמיסאר וועגן איר שוין איינמאָליקן דורכפאַל צו זיין א לערערין:

— „אפשר וואָלט א שטיקל צייט געלערנט מיט זיי עמעצער אנדערש, קעגן וועמען די שטאָט איז ניט אזוי אויפגעבראכט".

ער האָט א קלוגן שמייכל געטאָן:

— „וואָס נענטער מ׳קוקט צו צום דורכפירן די גרויסע אידייען פון פרייהייט, גלייכקייט — אלץ קלאָרער ווערט די שווערקייט פון דער הייליקער אויפגאבע מיט אירע פילפאַרביקע פּראָבלעמען".

.2

אין די שבת־אוונטן פלעג די יוגנט זיך ארויסלאָזן שפּאצירן אויף דער אַפּטייקער גאס. דאָרט האָט געשמעקט פון פריצ׳ס פּאַרק, פון די גויאישע סעדער.

די גבירישע יוגנט, די יוגנט פון די העכערע גאסן פלעגן גיין געמישט: בחורים מיט מיידלעך, און געפירט זייערע שמועסן נאָר אויף רוסיש.

פון די אָרעמע געסלעך פלעגן די מיידלעך גיין אָפּגעזונדערט. די בחו־רים פלעגן אלע ווײלע צוואוארפן די מיידלעך עפּעס א ציניש באַמערקונג אויפן חשבון פון די געמישטע פּאָרלעך, געמישטע גרופּעס. די מיידלעך

פלעגן אָפּענטפערן ווער מיט א פארשעמט געלעכטערל, ווער מיט א הויך צעלאַכן זיך. אנדערע מיט קללות סיי אויפן מיאוסן בעל דבר, סיי אויף די „גדולדיקע פיסטעקראטן", וועגן וועמען ס'איז געזאָגט געוואָרן עפּעס.

די אינטעליגענציע, די רייכע, האָבן באטראכט דעם מהלך פון זיך צו די אנדערע אַזוי ווייט, אז אָפּט האָבן זיי ניט געהערט צי מ'בענטשט זיי, צי מ'שעלט זיי. לעצטנס האָבן זיי זיך שוין געמאכט ניט־הערנדיק, מיט אן אָנ־שטעל. ווי עס וואָלט זיי ניט אָנגעשטאנען צו ענטפערן די גראָבע נפשות. נאָר דער אמת איז אז עס איז געוואָרן א סכנה, מ'האָט געקאָנט בלייבן ליגן אויף דער גאס מיט צעבראָכענע ריפּן.

די אָרעמשאפט האָט אָנגעהויבן פאָדערן דרך־ארץ צו מאַזאָליעשע הענט.

* * *

ס'האָט געמראקעט א רעגן, אן אָוונטיקע דעמפקייט איז געקראָכן אין די ביינער.

רחל איז געגאנגען אויף דער אפטייקער גאס צו דער ביבליאָטעק: זי וועט בייטן איר בוך און זיין ביי דער זיצונג פון דער פארוואַלטונג, וואָס קומט פאָר דעם שבת־צונאכט.

פונם דאמסקע־שניידער זיינען אַרויס צוויי מיידלעך. איינער, פון אַ חברה חדר־אינגלעך, האָט זיי אַ שלעפּגעטאָן ביי די קליידלעך מיט אַן אויס־געשריי !

„שטומע פרינצעסנס!"

און אָפּשפרינגנדיק אויף צוריק האָט ער געסאָפּעט:

— „זיי וואוינען ביי אונז אין געסל, מ'זאָגט דערפאר וואָס זיי זיינען שיינע, חברן זיי זיך נאָר איינע מיט דער אנדערער. האָט מען זיי געגעבן א צונאָמען „שטומע פרינצעסנס".

רחל האָט א שמייכל געטאָן, פלוצים דערפילט הינטער זיך און איבער זיך ווערטער ווי שטיקער האָלץ:

— אלע יאָרן האָט עס געפרעסן, געזויפט, געפּוצט זיך אין שענסטן און בעסטן; וואו א סטודענט פארדרייט דעם קאָפּ, ביז ס'איז איר געוואָרן קאַרג די וועלט, האָט זי אונזערן א פיינעם בחור אויך צוגענומען".

אַנשטאָט צו פארגיכערן דעם טראָט האָט רחל געפילט ווי צו בלייבן שטיין און זיי זאָגן:

— „אזוי, אזוי חברטעס, מ'דארף זיך ניט לאָזן שפּייען אין דער קאשע אריין, מ'דארף עס נאָר טאָן איידער ס'ווערט צו שפּעט".

אין פארמאכטן צימער פון ביבליאָטעק איז שוין אָנגעגאנגען די זיצונג. דער לערער בלינדער האָט גערעדט וועגן שלמהן:

— זיין ארבעטן ביי די באָלשעוויקעס וואָלט איך נאָך ווי עס איז דער־לאָזט, — ער קאָן זיך ניט העלפן. אפילו זיין טראָגן מאָלצייטן פון דער קיך פון טראכטנבערגס צוגערויבטער שטוב, — קאָן מען דריגגען אז נויט טרייבט צו אַלץ. אָבער די חוצפּה צו פארקריכן צו די פרענקס פאר אן איי־דעם, — איז שוין צופיל מיר זאָלן גלויבן אין זיין אומשולדיקייט.

— ביי אים איז דער סאַמע אמת: „דיינס איז מיינס, מיינס איז דיינס”. — דעם דלות גיט ער מיט פארגעניגן אוועק”. ער האָט זיך הייזעריק, כריפּנדיק צעלאכט.

עמעצער האָט א קלאפּ געטאָן: „בראוואָ!”

בלינדער האָט צופרידן פארנייגט זיין קאָפּ:

— „ס'איז גוט, וואָס איר, דער ענגער עולם פון די קולטורעלע וועגט פארשטייט מיך”.

מיט א האסטיק קלאפּנדיק הארץ איז רחל אריין אין ביבליאָטעק, זי האָט שטילערהייט אויפגעעפנט די טיר אין צווייטן צימער און מיט אן איינ־געהאלטענעם אָטעם זיך ארייננגעשטעלט אַהין.

בלינדער האָט הינטערארום געוואָרפן א בליק צו דער טיר, געמאַכט זיך ווי ער וואָלט גאָרנישט געזען און פאָרגעזעצט זיין רעדן:

— „אָבער שלמהס זיין וואָס ער איז”, איז ניט דער עיקר, דער פיינלע־כער עיקר איז רחל. זי האָט א לאנגע צייט געדינט דער ביבליאָטעק, און גע־ווען אן אמתע הילף, א כח.

— איר זעט! איך לייקן עס ניט אָפּ! אָבער וואָס טוט מען, אז איינער האָט געזונטע, טייערע צוויי הענט, ליבע הענט, זיי טוען פאר אים אלץ, נאָר פלוצים ווערט א האנט פאר'סמ'ט. — איז ווייסט איר אלע, איר זענט ניט קיין קינדער, — צוליבן ראטעווען דעם גאנצן קערפּער שנייט מען אָפּ די האנט, ווי ס'זאָל ניט ווייטאָן דאָס הארץ נאָך איר.

— אן אנשטאלט, א געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציע איז א קערפּער, אַן אָרגאניזם, און מיר, מיטגלידער, זיינען די גוטע, ארבעטזאמע, אָדער פאר־סמט־געוואָרענע הענט”.

ער האָט א שארגעטאָן א גנבישן קוק צו דאלפינען:

— „די ביבליאָטעק האלטן אויס די פארמעגלעכע, האָבן זיי א רעכט ניט צו וועלן זי סובסידירן אויב אן אומגעוואונשענער עלעמענט זאָל טאָלע־רירט ווערן ווי זייער א גלייכן. איז צוליבן שטאָלץ פון אונזער שטאָט, — די ביבליאָטעק, דארף מען רעדן מ'ט רחלען אָפענע דבורים.

„מיט איר ווייטער בלייבן אין דער פארוואלטונג — ברענגט זי שאָדן אונזער פיינסטער אינסטיטוציע”.

עטלעכע אָנגעשטרענגטע אויגן האָבן געקוקט אויף בלינדערן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אריינשפּרינגען אין אים, אים אויפמערקזאם מאכן וועגן רחלס אָנוועזנהייט. ביי אנדערע האָט אראָפּגעשיינט די פרייד. „גוט איר אריינגעזאָגט, דער באָלשעוויטשקע".

פון בלינדערס ציילן און קלייבן די ווערטער האָבן אַלע פארשטאנען זיין גנביש מאכן זיך ניט־וויסנדיק אז רחל איז אין צימער.

אויסגעקומען איז: אַלע גיבן צו אז רחל ברענגט שאָדן דער ביבליאָטעק. ווייל יענע, וואָס זיינען ניט געווען איינשטימיק מיט בלינדערן, זיינען אָפּגע־קומען בלויז מיט טראכטן, אז אין אמתן טאָר מען אזא באהויפּטונג ניט מאַכן. ס'איז א פאָלקס־ביבליאָטעק און דאָס פאָלק איז דער לייענער און דער אויפהאלטער.

באַראָץ, דער בונדעוועץ, האָט אונטערגערוקט א צעטעלע צום רעדנער — „אזוי דאַרף מען זיי, אַלע רויטע, געבן אין קאָלנער אַריין".

בלינדער האָט אָפּגעענטפערט מיט א שמייכל און ווי ניט בכיוון צוגע־רוקט דאָס פּאַפּירל צו דאלפינען, וועלכער האָט מיט זיין דערשראָקענעם אויסזען צו קיינעם ניט געקוקט. ער האָט מיט א ציטערנדיקער האנט צו־געשריבן: „זי קאָן אונז אומגליקלעך מאַכן".

באַראָץ איז געוואָרן ערנסט, צעטראָגן. בלינדער האָט זיי בארואיקט מיט זיין צושריפט: „נישטאָ וואָס איבערצוטראכטן, צו מסורן איז זי צו אָרנטלעך. פאַרקערט ס'וועט זיין א טובה — „מ'שטעלט דעם גנב ביי דער טיר".

רחל האָט זיך ארומגעקוקט, ניט־געאיילט באטראכט איטלעכן באזונדער, זי האָט געזוכט א דערקלערונג: באַראָץ, דער באַלעבאָס פון דעם אזוי געררו־פענעם קאָאָפּעראַטיוו איז פארביטערט, וואָס שלמה איז געוואָרן בוכהאלטער ביי די באָלשעוויקעס, ס'איז שווער צו געפינען אן אנדערן, אָבער בלינדער? און דאלפין? וואָס האָבן זיי זיך פּלוצים פאראינטערעסירט מיט א אידישער ביבליאָטעק?

ס'האָט איר אויסגעקוקט ווי זי וואָלט געווען אין טעאטער וואו מ'שפּילט א קאָמעדיע און מ'קאָן צעגיין פון געלעכטער פון דעם ווי א ציוניסט, א בונ־דעוועץ און א פארברענטער אסימילאטאָר קושן זיך אין די שנאה'דיקע פּיסקלעך.

ס'האָט איר געעקלט: דאָס טוען זיי צוליבן וויטאָן א מיידל פאר איר זאָגן די ארעמעלייט זיי זאָלן זיך אָנהייבן באטראכטן ווי מענשן. אזוינע פּחדנים, צו באקעמפן די אמת'ע באָלשעוויקעס איז קיינער פון די־אָ ניטאָ אויף דער גאַס. זיי שעפּטשען „באָלשעוויטשקע", „זייערס א לערערין".

זי האָט באמערקט באראצ'ס איבערוווינקען זיך מיט דאלפינען בעתן דערלאנגען אים א נאָרוואָס אָנגעשריבן צעטעלע, און ביטערע געדאנקען האָבן זי גענומען טאָטשען: אזוויי איז דעם בונדיזם, וואָס האָט אָנגעהויבן אונ־

טערלעקן דעם פארמעגלעכן. — ניט אומזיסט איז נחמן אוועק פון זיי, זייערע גרויסע הויכע אידעאַלן זיינען פארוואקסן געוואָרן מיט א גראָבן שטויב. מען וועט דארפן לאנגע יאָרן צו דערקויבערן.

— אָבער אָנהייבן דארפמען פון דעם „בלינדן" לערער, „קיין אידי־שיסט איז ער נישט" — דאָס זאָגט ער אליין; „צופיל העברייאיש" — לאכן אירע ברידער, „קאָן ער נישט"; צו זיין באהאוונט אין דער וועלט־קולטור, צי אפילו נאָר אין דער רוסישער ליטעראטור — איז ער אוודאי נישט.

זי האָט ארייגעשטעקט די הענט אין די ארבל פון איר מאנטל און גע־קלערט: צו דערוויזן זיי זייערע אלע „נישטן" — וועט זיין ווי אַן ארבעס אין דער קויטיקער וואנט. דאָך האָט זי זיי צו דערמאָנען עפּעס א פאַקט, וואָס זי ווייסט, אז ער שטייט זיי ווי א ביין אין האלז.

פון דעם ווינקל, לעבן דער טיר, האָבן אלע געהערט א טריאומפירנ־דיקע באַמערקונג:

— „בסך הכל ווייסן אלע, אז די ביבליאָטעק האָט זיך געגרינדעט פון שלמה׳ס צונויפרעדן זיך מיט זיינע קבצנישע באקאנטע, זיי זאָלן זיך צונויפ־לייגן צו קויפן ביכער, אויך די אייגענע אריינגעבן.

— אויף זייער ווענדן זיך צום „דירעקטאָר־באַנקאַ, גאָספּאָדין דאָלפין". פאר עפּעס א באשטייערונג האָט ער געענטפערט אויפן צוגעשיקטן בריוול — „איך האָב גאָרנישט צו טאָן מיט קיין אידישער ביבליאָטעק". ביי שלמהן איז דאָ די פיינע חתימה.

— האָבן זיי, אָן די דאלפינס, צעשיקט צעטעלעך: „ס׳האָט זיך געעפנט א אידישע ביבליאָטעק, דריי קאָפּיקעס א וואָך אָפּצאָל".

זי האָט פארמאכט הינטער זיך די טיר, איר מוח האָט זיך אוועקגעלאָזט זוכן רייניקע הענט, ווּעמען איבערצוגעבן זייער „שטעטלס שטאָלץ".

3.

אריינקומענדיק אין געסל, וואו רחל האָט געוואוינט, האָט זי זיך געחי־דושט: ביי איר אין צימער איז פינצטער.

אויפן טיש שטייט דאָס עסן ניט גערירט. שלמה איז נאָך ניט אהיימגעקו־מען, אזוי שפּעט. זי איז אומרואיק געוואָרן: ער איז זיבנט די לעצטע צוויי וואָכן זייער צעטראָגן. נעכטן האָט ער איר געזאָגט: — „כאָטש ס׳איז אָפּ־גערעדט אז קיין באָלשעוויק בין איך ניט, און וואָלטן זיי מיך ניט געוועזן מאָביליזירט, וואָלט איך זיכער ניט געגאנגען בעטן ביי זיי א שטעלע, דאָך זיינען די ערשטע זעקס וואָכן אוועק זייער אָנגענעם. די הויפּט אָנפירערס זיינען געוועזן א מאן פון א יאָר פערציק און מיט אים נאָך גאָר א יונגער בחור. זייער אמת׳ע, געטרייע איבערגעבנקייט צום פאָלק האָט מיך ממש

געכישופט. אַנצוהייבן גלויבן אז דאָס פאָלק וועט זיין גליקלעך איז א זעלטן טייער געפיל״.

שלמה האָט כמעט ווי געוויינט: — „פאַר די לעצטע צוויי וואָכן איז אויף זייער אָרט געבליבן אַן אַנדערער, עפּעס א קוילער, ער באַראַבעוועט איטלעך פורל, לאָזט קיין קערנדל ניט איבער און גיט נאָך אין די ציין אריין, דערביי זאָגט ער איטלעס מאָל: „באַרישע פויערישע קעפּ! איר וועט ערשט זען וואָס באָלשעוויזם מיינט, מ׳וועט פון אייך שינדן די הויט״!

שלמה איז זיכער: „די פויערים וועלן ניט קאָנען לאַנג פאַרשווייגן אַזאַ הינטישע באַהאַנדלונג״.

עמעצער האָט אריינגעקוקט דורכן פענצטער און בגנבה אָפּגעצויגן. רחל האָט זיך דערמאָנט: דאַכט זיך, בעת איר צוקומען צום הויז איז עמעצער געשטאַנען ביי דער זייט פון וואַנט, ווי ער וואָלט געוועז אין איר אריינגעוואַקסן.

זי איז אַוועק בעטן ר׳ משהן, ער זאָל מיט איר גיין אויסער דער שטאָט צו דער גאַסקאַנטאַרע, זי טראַכט איבער.

שלמהס קול האָט זי שטיל גערופן פון פינצטערן קיכל וואָס האָט ניט קיין פענצטער אין דרויסן ארויס. ער איז אינגאַנצן אויסגעריסט אין בלאָטע, פון זיינע הויזן און שיך קאַפּעט אַזש. די באַק איז ביי אים צעדראַפּעט און ער ציטערט ווי א בלאַט:

— „דער קוילער פון גאַסקאַנטאַרע האָט דראָהענדיק מיט א רעוואָלווער און שרייענדיק — „איר פאַרשיווע אידן האָט די בעסטע קעפּ״, געצוואונגען מיך אויסצושטעלן די חשבונות, אין הויפּט בוך, זיי זאָלן שטימען מיט צעטלען, וואָס ער וויל מאָרגן צושטעלן דער רעווידיר־קאָמיסיע, וואָס וועט קומען גאַנצפרי.

שלמה האָט כמעט כליפּנדיק געשעפּטשעט:

— „כ׳האָב אים געפּרואווט איבערצייגן אז דאָס וואָס ער פאַרלאַנגט איז אַן אומעגלעכקייט. מיטן טויט אין די הענט האָב איך אויסגעשטעלט זיינע ציפערן. יעדערער וואָס פאַרשטייט עפּעס אין בוכהאַלטעריע, וועט באַלד אַנטאַפּן די פאַרטאַטשנע ארבעט.

— ווען כ׳בין ארויס פון דאָרטן האָב איך געפילט אז ער וועט נאָכגיין נאָך מיר, מיך הרגענען. בין איך דורכגעקראָכן דורכן הינטערשטן צעבראָכענעם פּלויט און בין פאַרשלונגען געוואָרן אין א געדיכטן וואַלד. ס׳האָט מיר גענומען מסתם צוויי שטונדן ביז כ׳האָב זיך פון דאָרט ארויסגעפּלאָנטערט. כ׳קום צו לעבן שטוב — ער שטייט. א גליק וואָס די הינטערשטע טיר איז ניט געווען פאַרקייטלט״.

* * *

אין רעווקאָם האָט מען געפּילט ווי אויף הייסע קוילן. דער חבר, א יונ־גער שייגעץ, וואָס האָט געהאַט די שליסל פון די איינגעקויפטע זאַפּאַסן, רעק־ווע־זירטע סחורות און געווער, האָט פלוצים דערזען: „פון אלצדינג איז גע־בליבן א העלפט!" איז ער אַוועקגעלאָפן זאָגן דעם הויפּט קאָמיסאַר, און איז דערשטוינט געוואָרן, יענער האַלט אויסגעשטרעקט א רעוואָלווער און שרייט: „פאַרשיווער איד, גלייך שוין אויס דעם חשבון! אַניט פליען דיינע געהירן!"

דער דעניקין־שפּיאָן האָט געמיינט אויף שלמהס „ניט געוואָרן", אז ער איז אַוועק אין רעווקאָם. האָט ער זיך געוואָלט אפּטראָגן מיט אַן אָנגעפּאַקטן טשעמאָדאַן. נאָר די עפּאָלעטן דאָרט האָבן אים ניט פאַרהיט, מ'האָט אים אַרעסטירט. ער האָט געשריען:

— „איך וועל אייך אלע רעפּאַרטירן צו לענינען!"

מ'האָט ביטער געלאַכט פון אים.

---

לעבן וואָלאָסט, אין דער אַנוועזנהייט פון פּויערים פון דער פּליאַרינע, פון אַרומיקע דערפער און אידן פון שטעטל האָט מען געמשפּט דעם שפּיאָן, גנב און מערדער מיט אלע זיינע דעניקינישע אויסצייכנונגען, וואָס מ'האָט געפונען ביי אים אין טשעמאָדאַן.

פּויערים, געוועזענע פּאַרטיזאַנען האָבן דערציילט ווי זיי האָבן גע־פּרוּווען אין די וועלדער, ווי איין נאַכט האָבן דעניקינצעס זיי אַרומגערינגלט, געוואָלט כאַפּן אלע וואַלדלייט. אָבער זיי האָבן באַשטימט: „איינמאָל שטאַרבט מען!" זיי האָבן צעקלאַפּט דעם פּאָלק און מיטן פאַרכאַפּטן געווער און פערד האָט מען זיך שפּעטער פאַראייניקט מיט די רויטע.

— און דאָ זאָל א נישטיקער סמאַרקאַטש שטיין ביי דער מאַכט און שלאָגן אין די ציין אַריין, אונטערשלאָגן די אויגן".

די אידן האָבן געחקירהט:

— „אַזא מלוכה פירט זיך ביי זיי, ניט איין אויסוואורף האָט ביי זיי די דעה".

איינער פון דער רעווידיר־קאָמיסיע איז נחמן. ער האָט געגריסט רחלען מיט א ליבלעכן שמייכל. זי האָט אָפּגעענטפערט זייער קאַלט: מסתם האָט אים איציק געזאָגט, אז זי איז שלמה'ס ווייב, טוט ער איר א טובה און גריסט זיך.

נחמן האָט געלייענט א דעקרעט פון מאָסקווע: „מ'זאָל זיך באַגיין מיט די פּויערים ווי מיט ברידער, וואָס העלפן אַרויס מיט ברויט דעם אינדוסט־ריעלן אַרבעטער. און מ'דאַרף זיי דערקלערן, אז א דאַנק זייער הילף וועט זיך אויך זייער לעבן פאַרבעסערן".

נחמן האָט גערעדט וועגן דער אנטוויקלונג פון דער טעכניק, וועגן דער אַרבעט־צעטיילונג.

— „עס וועט קומען א צייט, ווען יעדער מענש וועט דאַרפן אַרבעטן דורכן טאָג ניט מער ווי דריי, פיר שטונדן".

דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צעגיין. לעבן זייערע שטיבער האָבן די פויערים איבערגערעדט, געלאַכט פול מיט אומצוטרוי:

— „מיר אַרבעטן גאַנצענע טעג און האָבן גאָרנישט, וויל דער „כוואַט" דערציילן א באָבע־מעשה, אז מיר וועלן אָפּאַרבעטן פיר שטונדן און פאַרלייגן די הענט, — וועלן אונז פליען בייגל אין מויל אריין".

— נאָך מיט א הערינג, און מסתמא מיט א ווייסער בולקע, כאַ, כאַ!"

.4

זלמן און קלמן האָבן אָנגעהויבן קומען יעדן פאַרנאַכט און אַרויסגעקוקט אומגעדולדיק אויף שלמהס אהיימקומען.

עפּעס איז רחלען געוואָרן פאַרדעכטיקט און אומפאַרשטענדלעך: זיי רעדן צו איר וועגן דעם „יושרדיקן לעבן, וואָס די באָלשעוויקעס וועלן איינפירן", מיט א געהויבענעם פּאַטאָס. שלמה זאָגט זיך אַלע מאָל אַרויס וועגן „זייער זיכער גוטער אָרדענונג" מיט א ביז גאָר ענטוזיאַסטישן אפלאו, אָבער אינ־מיטן די שמועסן טוען זיי עפּעס א רעד אונטער דער נאָז, צווישן זיך, וואָס האַרמאָנירט כלל נישט מיט זייער הויך־שרייענדיק באַגריסן דעם באָלשעוויזם.

זי איז צוגעשטאַנען צו שלמהן. — „וואָס באַטייט דאָס שטום־לשון פון זיי אַלע דריי — מיט זייער איבערווינקען זיך, ער זאָל זיי גיין באַ־גלייטן?"

זי האָט דערפילט ווי מ'וואָלט איר דערלאַנגט מיט א דובינע איבערן קאָפּ. — די דריי מיט נאָך איינעם א פאַרעטער פון א זאַוואָד — זיינען גע־וואָרן ספּעקולאַנטן פון כעמישע שטאָפן.

זי האָט בייז אויסגערופן:

— „איר זענט ערגער פונם ערגסטן געמיינעם בורזשוי! יענע זיינען אָפענע שונאים, אָבער איר רעדט וועגן פרייהייט, גערעכטיקייט און אין דער אייגענער צייט גראָבט איר אונטער אויף אייער גנבהשן אופן יעדן ערלעך־געמיינטן פּרואוו. דאָס איז היפּאָקריטסטווא. צביעות!"

שלמה שמייכלט קיל און גוטמוטיק!

— רחלע, אזוי איז דאָס לעבן, יעדערער וויל וואָס בעסער פאַר זיך. ביז מ'וועט אמאָל אויסקעמפן גערעכטיקייט פאַר אַלעמען, ווילט זיך שוין היינט האָבן וואָס מער, און מיר דאַרפן ניט זיין צווישן די ערשטע, צו זיין פרומער פונם פּויפּסט".

זי האָט סאַרקאַסטיש געזאָגט: „אָבער איר זענט יאָ פרום ווי די פּויפּסן״.
שלמה איז וואָס ווייטער אַריין אין שטאַרקערע סתירות.

פאַר ווייטיק איז זי ווי שטום געוואָרן. זיין איטלעך וואָרט, זיין אויפ־געשרויפטער פּאַטאָס האָט זי געבריט ווי גליענדיקע קוילן.

— זי וויל ער זאָל שוין ווערן אויס־„ספּעקולאַנט״.

— רחלע, כ׳קאָן ניט ! יענער פּונם זאַוואָד האָט אויסגענומען, אַז מיר טאָרן זיך ניט ווייזן פאַר אים. ער דערשמעקט שוין אַליין מיט וועמען פון די פּרעמד געקומענע אין זאַוואָד מ׳קאָן אונטערהאַנדלען. ער באַהאַלט די שטאָפן אויף אַזוינע ערטער, וואוהין אפילו ער קאָן ניט שטענדיק אַריינ־גיין״.

רחל האָט אויפגעציטערט פון צאָרן:

— ביסטו אַ שותף צו סאַבאָטאַזש, גנבה ! שוין היינט לאָז זיי וויסן אַז דו האָסט דאָרטן מער קיין חלק נישט, זאָלן זיי זיך ווארגן״. טרערן האָבן געקלונגען אין איר אויפגערעגט קול.

ער האָט איר צוגעזאָגט צוליבטאָן. זי האָט אָבער געשפּירט אַז ער נאַרט זי.

זי האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זיין וואָס זי האָט זיך געלאָזט איינרעדן צו נעמען די פּופּציק טויזנטער פון איר מוטער! מיט אָט־די געלטן האָט שלמה איינגעצאָלט פאַר די כעמישע שטאָפן.

ביים דערהערן אָנקומען שלמהן אינאיינעם מיט קלמנען און זלמנען — איז איר האַרץ געשפּרונגען אין דער לופטן, גאָרניט צו באַרואיקן זיך. איר לעבן מיט שלמהן איז געוואָרן מיאוס, דערווידער. זי האָט געקלערט אים צו פאַרלאָזן, אין איר מח האָבן געשווינדלט די צענטראַל גאַס קעגן דער ירושעלימקע, וואָס בייסן זיך ווי צוויי בלוטדאָרשטיקע הענער.

טרויער, זעלבסטשולדיקייט האָבן זי געמוטשעט גאַנצענע טעג : זי מוז זיך ווידער אַרויסרייסן קיין אָדעס.

אפילו דאָס קליינע געהאַלט, וואָס שלמה האָט געקראָגן אויף זיין שטע־לע, האָט ער פאַרטאָן אין זייערע „כעמישע שטאָפן״. רחל האָט ניט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן ברויט צו דער וועטשערע. שלמה האָט איר געענטפערט מיט אַ זייטל: „אין לי״ — מיינט, נישטאָ. מאָרגן פאַרנאַכט וועל איך ווידער קריגן אַ פּאַיאָק״.

אין איר גרויס פאַרצווייפלונג האָט זי אפילו אַ קלער געטאָן פון מסורן זיי, און אַ שווייס פון בושה האָט זי באַשלאָגן פון איר דורכגעבליצטן גע־דאַנק. זי האָט אויך דערהערט שלמהס מוטער זיפצן — „זי איז געקומען הרגענען מיין זון, מיין קרוין״.

# קאַפּיטל פיר־און־צוואַנציק

.1

ס׳איז געווען כמאַרנע, ס׳האָט אָנגעהויבן גיסן א רעגן. רחל איז געווען צופרידן וואָס שלמה וועט עסן מיטאָג מיט די חברים. שבת צו טראָגן דאָס עסן איז ביי איר א גרויס אָפּקומעניש, ס׳איז שווער צו טרעטן אויף מענשנס גלויבן. און אויך וואָס ווינציקער שלמה איז מיט איר — איז געזינטער. דאָס קריגן זיך מיט אים, צי מיט גוטן דערקלערן, בעטן, — אַלץ ארויסגעוואָר־פענע דיבורים. זיין קאָפּ באַנעמט לחלוטין נישט ווי ניט־ארנטלעך ער איז.

— אזעלכער קאָן באַגיין דעם ערגסטן פאַרברעכן און גלייך אויפן אָרט רעדן הארציק וועגן דער העכסטער מאָראַל, איינס מיטן אנדערן מישט זיך ניט צונויף אין זיין בלינדן קאָפּ.

זי האָט זיך געזעצט לעבן פענצטער לייענען, נחמן האָט איר געגעבן לענינס „מלוכה און רעוואָלוציע״. „מיט שיינער ליטעראטור, האָט ער איר געזאָגט, — זענט איר אָנגעלייענט ווי א פּויק״. ער איז גערעכט, זי איז שוין טאַקע מיד פון לייענען בעלעטריסטיק. אפילו אין די בעסערע ווערק גריבלען זיך די העלדן אין זייער אייגענעם צעקראַכענעם איך. דער סוף איז: אָדער זיי נעמען זיך דאָס לעבן, אָניט גיבן זיי זיך אונטער און טראָגן זיך ארום מיט זייערע אנטוישונגען און צערונענע חלומות.

א שטראָם מיט גערעדעריי האָט איבערגעריסן איר גריבלען זיך אין לענינס געדאנקען.

זי האָט דערזען: א ליכטיקע, ווארעמע זון שפּיגלט זיך אין די לויפנדיקע וואסערן. מענער, קינדער, ווייבער, וואָס גייען פונם שבת׳דיקן דאווענען, קוויקן זיך:

— „אך, ס׳א מחיה, ס׳האָט אביסל דעם וועג אָפּגעפרישט״.

— מ׳האָט שוין טאַקע דעם אָטעם ניט געקאָנט כאַפּן״.

זיי ציען מיט די נעזער: — „א נייע לופט געוואָרן״.

עס האָט רחלען געוואונדערט זייער באַגייסטערט ווערן פון דעם באַ־נעצטן שטויב: מ׳רעדט אזוי אויפגעלעבט, מ׳לאַכט, מ׳קרעכצט אפילו פריי־לעך.

אָבער נאָך מער האָט זי געחידושט דאָס פריינטלעכע שמועסן איינער מיטן אנדערן. עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי הערט די מענער מיט די ווייבער און די קינדער אַלע אינאיינעם זאָלן אזוי גוטמוטיק, ליבלעך צווישן זיך ריידן.

זי איז א בעלן אויסצוגעפינען, וואָס פאר א געשעעניש האָט אזוי גוט געווירקט אויף זיי?

זי האָט אויפגעעפנט די טיר:

— „א גוט שבתו״

— „א גוט שבת! א גוט יאָר!" האָט מען איר געענטפערט.

משה ציפּעס איז גאָר לעבעדיק, גאָר ניט לויט זיין פאַרכמורעטן אויס־זען:

— רחל, א שאָד וואָס איר זענט היינט ניט געווען ביי אונז אין שול. ס'האָט געדאַווענט אַן אַדעסער חזן מיט משוררים, ס'איז זיך ממש צעגאַנגען איבער יעדן אבר".

אַלע אין גאַס רעדן:

— דאָס קלענסטע אינגעלע האָט געזונגען א שטיקל איינער אליין, אוי, האָט ער עס געזונגען זיס".

— יאָ, איך האָב געפילט אַראָפּצוגיין אים אויסקושן יעדן גלידל.

— האָ, פון אים וועט אויסוואַקסן א גרויסער קינסטלער!

— דער חזן אַליין איז שוין איינמאָל א חזן! אָבער מ'זעט אין זיין באַ־האַלטענעם שמייכלען, אז ער אַליין קוועלט אויך אָן פונם קליינעם חברהמאַן.

אַן עלטערער אויסגעדעווערטער איד קוויקט זיך:

— אוי א זינגען, א זינגען, ס'ווילט זיך לעבן נאָך הונדערט־און־צוואַנציק יאָר און הערן אַזוינס. טעם גן־עדן".

א פאָטער האָט א גלעט געטאָן דאָס קעפּל פון זיין אינגל:

— „שימעלע, מ'דאַרף דיך נעמען צום חזן, אפשר וועסטו אויך אַמאָל אַזוי שיין זינגען".

אין זייער אויפגעלעבטקייט האָט רחל דערשפּירט א באַשטעטיקונג און אַן ענטפער צו דעם, פאַר איר נישט קלאָר פאַרשטיין לעבינס „מלוכה און רעוואָלוציע". ווי דאָס פרייליכע שמועסן אין גאַס וואָלט איר געזאָגט:

— „אָט דאָס אַליין איז א גוטער באַווייז, אז יעדער קאָלעקטיווע אַר־בעט, פיזיש צי גייסטיק דערמוטיקט און באַגייסטערט".

* * *

זי האָט זיך געצוואונגען אוועקצוררייסן זיך פונם לייענען, וואָס האָט זי אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט, און גיין צו איר מוטער. מיינענדיק, אז איר קומען וועט פאַרהיטן דער מאַמען פון א שלעכטער שטימונג.

נאָך פונוויטנס האָט זי דערזען איר מוטער אַרויסקומען אין דרויסן און אויפן אָרט זיך אַריינדרייען צוריק אין שטוב, ווי עמעצער וואָלט זי נויי־טיק אַריינגערופן.

רחל האָט פאַרשנעלערט דעם טראָט אויסצוגעפינען וואָס עס האָט פּאַ־סירט? זי האָט געשלעפּט די טיר, געדרייט דאָס הענטל אין אַלע זייטן, גע־קלאַפּט, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט.

זי האָט א קלער געטאָן: מסתם האָט די מאַמע דערזען עמעצן פון דער פּאַרטיי און אַריין אין שטוב באַהאַלטן עפּעס.

ס׳איז איר זייער אומהיימלעך געוואָרן. דאָך האָט זי פּאָרזיכטיק זיך ארומגעקוקט און מיטאמאָל איז כעס געוואָרן אויף זיך און בלוטרויט געוואָרן: וועמען זוכט זי ? ! אויך א „פאַרדעכטיקן פארשוין״.

זי איז אוועק אין פארמאכטן טויער צו דער זייטיקער טיר. געדאכט האָט זיך איר: זי הערט נאָכגייענדיקע טריט. אין קאָפּ האָט געפּויקט: ער מיינט געוויס אז זי לויפט וואָרענען איר מוטער, און די מאמע מיט דער גאנצער צענטראל גאס וועלן זי וועלן פארשטיינען — „א טאָכטער זאָל אזוינס טאָן אן אייגענער מוטער״.

זי האָט האסטיק אויפגעעפנט די טיר.

חיה מיט איר שווערבאוועגלעכן טראָט איז מיט אן אומגלויבלעכער גיכקייט צו צו רחלען. סודותדיק א פירגעטאָן מיטן פינגער איבערן מויל און מיט דעם זעלבן פינגער זי גערופן אין קאַמער אריין.

— „רחלע, אונזער אויג אין קאָפּ, כ׳האָב דאָך דיך אויף מיינע הענט אויסגעהאָדעוועט, האָסט געדארפט זיך גוט באטראכטן איידער האָסט חתונה געהאָט מיט שלמהן. מסתמא איז ער דיין זווג, אָבער פאַרן מענשלעכן אויג איז שווער א ניט־גלייכע זאָך זען גלייך״.

זי האָט א שווערן זיפץ געטאָן:

— „נעכטן זיינען געקומען די פיינסטע, רייכסטע באלעבאטים, זיי זיינען באַפאַלן דיין מאַמען מיט טענות, — „אז מיט דעם שידוך דיינעם, האָט זי אריינגעשפּילט אין דער גאווה פון אַלע בעלי־חוצפּה׳ניקעס, ס׳איז געוואָרן מיאוס די גאס דורכצוגיין, יעדער נישטיקייט רעדט מיט א פאריסן קעפּל. רעדט צום באנק־דירעקטאָר, צו גרויסע סוחרים, צו די גרעסטע גבירים ווי מ׳וואָלט צוזאמען חזירים געפּאַשעט״.

— אַלע האָבן געגוואַלדעוועט אויף דיין מאַמען, אז איבער דיר, רחלע, ליידן זיי גרויסע בזיונות, עס ווירקט שלעכט אויף זייערע קינדער. זיי האָבן געפּאָדערט דיין מאַמע זאָל דיך מער אין שטוב ניט אריינלאָזן, ניט רעדן צו דיר, ניט וועלן דיך קענען.

רחל האָט אָפּגעווישט חיהן די לויפנדיקע טרערן.

אָבער חיהן האָט געשטיקט א ביי געוויין:

— „זיי האָבן געשריען, זיי וועלן זיך נוקם זיין אין דער ירושעלימקע״.

—דיין מאַמע האָט זיי אויף אַלע געשרייען בייז אָפּגעענטפערט, אָבער ווען זי איז געבליבן אַליין, איז זי אריין צוריק אין שלאָפצימער און ארויסגעקומען אינדערפרי מיט צוויי רויטע, אָנגעשוואָלענע אויגן.

— רחלע, כ׳וויס, איך זינדיק, אָבער כ׳האָב די גאנצע נאכט געטענהט מיט דעם וואָס לעבט אייביק: מילא, מיין שלימזל איז געווען זאנוול דער משוגענער, איז ווער בין איך געווען, אן אָרעמע יתומה, אָבער דו, ביסט געוואקסן אין אזא רייכטום.

חיה האָט זיך געבאָדן אין טרערן:

— גאָט, זיי מיר מוחל, כ׳ווייס אויף אַן אָרעמאַן איז אויך אַ רחמנות, אָבער . . .

רחל האָט ארומגענומען חיהן:

— „ניט צוליבן רחמנות האָב איך חתונה געהאט מיט שלמהן, נאָר צו־ליבן פּראָטעסטירן״.

״ווי איז מיר!״ — האָט חיה פארבראָכן די הענט, — „מ׳וויל אים אַרעסטירן?! נאָך דער בזיון פעלט אויס דיין מאַמען״.

* * *

מיט אַ שטארק קלאפנדיק הארץ איז לאה אריין אין שטוב, געגעבן אַ פארדריי דעם שליסל און שוין געוואָלט אים איבערדרייען אויף צוריק, נאָר די הענט האָבן איר געציטערט.

זי זאָל ניט הערן ווי רחל וועט באלד שלעפן די טיר איז זי אראָפּ אין קעלער. זי איז דאָרט געבליבן שטיין פאר אַ טיר אין זיך, פון דאָרט האָט זי געהערט: „איז צו וואָס דיין גאנצע האָרעוואַניע? נאָך אַלעמען האָט זיך רחל דאָך ניט געשמדט״.

זי איז אַוועק פון דער טיר אין לִיאָך אַריין, צו צום פאס מיט געזייערטע עפּל: ווען זי זאָל האָבן אַ שיסל, אַ טעלער וואָלט זי ארויפגעבראַכט אַ פּאָר קוואָסניצעס און געזאָגט, ס׳האָט זיך איר פארבענקט נאָך געזייערטע עפּל. — די באָלשעוויקעס זאָל אזוי אָנגיין מישן זיך אין פרעמדע געשעפטן, ווי איר פעלט אצינד קוויקעניש״.

זי האָט זיך אומגעדולדיק ארומגעדרייט, געבראָכן די הענט: גאָט, פאר־וואָס זיינען מיינע זינד ערגער פון אַ שטאָט מיט סותרימס זינד? זיי זאָלן קריגן די דעה איבער מיר, אָנצורייצן מיך קעגן מיין אייגן קינד. דאָס איז פשוט זייער ניט פארגינען, מקנא זיין לאהס גרויסע ריווחים. זיי פלעגן שטענדיק זיך כלומרשט חכמה׳נען — „אַן אלמנה זאָל אזוינס דאָקאַזעוועןֹ״, ווי ס׳וואָלט געווען אַ געזעץ, אז אַלע אלמנות דארפן שטארבן פאר אַ שטיקל ברויט, אָנקומען צו רחמים פון די שיינע שטאָט־באַלעבאַטים, און דאָ האָט איינע פארלעצט דאָס געזעץ.

זי האָט אויסגעגלייכט די פינף שנירלעך פּערל, וואָס האָבן זי עפּעס אָנגעהויבן קוועטשן: — שולדיק איז דאָס פארשאָלטענע געלט! און זי, לאה, איז שולדיג וואָס צוליבן געלט האָט זי פארגעסן אין אלצדינג אויף דער וועלט; זי זאָל געוועז געבן רחלען אַ נדן, גלייך ווי זי וואָלט גענומען אַ רייכן חתן, און דעם שלמהן צוטוליען צו עפּעס אַ ריכטיקער פרנסה.

זי האָט זיך ארומגעדרייט איבערן קעלער, ווי אַ פארסמטע מויז: פאר־וואָס האָט זי זיי ניט געענטפערט, אז נאָך אַלעמען איז רחל ניט אנטלאָפן מיט אַ שייגעץ. און וואָס קאָן מען טאָן אז נאָך צענדליקער באַלעבאַטישע

קינדער זיינען פאַרנאַרישט געוואָרן, ס׳געפעלט זיי צו רופן זיך „רויטע״, אַניט ווייסן זיי וואָס, רחל זאָל נאָר ניט געווען קומען צוריק אהער. אין אָדעס וואָלט רחל . . .

זי איז געבליבן שטיין: נו, און אז באָלשעוויקעס. ווען זיי לאָזן נאָר יעדן מיט די שווער־פאַרהאָרעוועטע כאַטעס און אָנגיין מיט דער פּרנסה, — איז ווער וואָלט זיך געמישט צו זיי. ווען וואָלט עס אָנגעגאַנגען צי אין פּעטראָגראַד זיצט אויבנאָן ניקאָלאַי, צי אַ באָלשעוויק.

ס׳האָט מיט איר אָנגעהויבן טרייסלען ווי מיט אַ לולב: איר, לאהס, נאָמען איז אַזוי מיאוס פאַרשמירט געוואָרן. ביי יעדן איינעם איז זי געווען למעלה, למעלה, און איצטער . . . אַן אייגן קינד האָט חרוב געמאַכט דער מאַמעס שם. חרוב געמאַכט איר אייגענע דאָליע, ארויסגעלאָזט אַזאַ פּערלמו־טער און אויסגעביטן אויף אַזאַ אָנשיקעניש, אַפילו דער פּאָעט, וואָס איז איר נאָכגעלאָפן, וואָלט שוין אויך געווען שענער.

* * *

רחל האָט אין איר געדאַנק אָפּגעקנעפּלט, צוגעקנעפּלט, ווידער אָפּגע־קנעפּלט משפּחהשאַפט, קלאַסנשאַפט, געטראַכט וועגן אַלטע טעותן, וואָס ווילן האַלטן די וועלט ביי אָפּגעלעבטע טראַדיציעס און אומגערעכטע מנהגים.

זי איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב אַ דערהדריקטע. דרויסן ביי דער טיר איז געווען זוניק־אָנגעוואַרעמט, זי האָט זיך איינגעטוליעט אין דער היימי־שער וואַרעמקייט, געוואָלט וואָס מער געניסן פון איר, איידער זי געזעגנט זיך.

קעגן איר ווילן איז די ליבע צו איר מוטער גוואַלדיק אויסגעוואַקסן, עס האָט זי צוגעהאַלטן ווי מיט שטאַרקע שטריק. יעדער דערווייטערנדיקער טראָט איז געווען ווי אַ שניט אין דער מאַמעס אָנגעהאָרעוועטע, בלאָנדזשענ־דיקע יאָרן. דער זכרון האָט צוריקגעבראַכט, ווי אויף אַ גאָלדענער טאַץ, דער מוטערס הונדערטער מאָל זיך מפקיר־זיין פאַר אירע קינדער: אמת זי, רחל, האָט טאַקע געליטן פון דעם מין געטריישאַפט, עס האָט איר אָבער דאָך גע־צויגן אהיים.

זי האָט געצאָרנט: פאַרלאַנגען פון אַ מוטער אָפּצוזאָגן זיך פון איר אייגן בלוט און פלייש. דער מיטל־קלאַס איז ניט קיין סך בעסער פון דער בור־זשואַזיע, ביידע ווילן מיט גוטן פון זייער באַקוועמלעכקייט און רחבות ניט אָפּטרעטן. אויך זיי ווילן זיך דערפירן צו ניט קיין גוטן סוף.

זי האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן: די קלוגע לאה פרענק, וואָס איז אַרום זעקס־און־דרייסיק לאַנגע יאָר אַן אייגענטימערן פון גרויסע תבואה־מאַגאַזינען, אַן אייגנטימערן פון ריזיקע שטרעקעס וואַלד, — דאָס איז דאָס ברויט, הייצונג, לעבן און שווער פּראַצעווען פון טויזנטער נפשות. — האָט זיך קיין אַנדער עצה ניט געקאָנט געבן, ווי פאַרשליסן די פּעדערשטע טיר . . .

א ווײנענדיק־שמייכלנדיקע האָט רחל זיך געזעגנט מיט דער שטוב: א דאנק אייך עלטערן פאר לערנען אונז זיך אָפּצוזאָגן פון די, וואָס גייען אויפן ניט גלייכן וועג און ברענגען שאָדן און חורבן אויף דער וועלט.

זי האָט ארויפגעצויגן אויף זיך א שטאָלצע מינע און מיט א טראָט, ווי איינער וואָס ווייסט באשטימט אז דאָס שווערסטע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, זיך געלאָזט איבער דער צענטראַל־גאַס.

זי האָט זיך דערנענטערט צום ברודערס שטוב: ווען ברוך איז אין שטאָט וואָלט ער אויך עפּעס צוגעגעבן וועגן זיין שוועסטער, פארן „חברן זיך מיט די, וואָס האָבן אים אין זיין אייגענעם צוקער־זאוואָד געטאָן „א טובה”, — דער־לויבט צו ווערן א משרת”.

די מאַמע טענה'ט „די ראָזע פארב אין ברוכס פנים — ווערט לעצטנס אָפּט פארביטן אין אַ געלקייט ווי זיין לעבער וואָלט ביי אים קראַנק געוואָרן”. אָבער אַלע האָבן געזען ווי ברוך איז געקומען א פארביטענער פונם אָפּזיין פנים אל פנים מיט די באנדיטן, די „ווייסגווארדייאישע פירער”.

ברוך אליין זאָגט — „ער ארבעט איצט גאַרנישט, ער ווייזט בלויז אָן ווי, וואָס דארף געטאָן ווערן. נאָר דער געדאנק, אַז ער האָט איבער זיך באַ־לעבאָטים, — נאָגט, ווי א וואָרעם וואָלט זיך באַזעצט אין אים”.

די אָוונטן, וואָס ברוך איז אין דערהיים, קומען זיך צו אים צונויף די רייכע סוחרים און די גבירים וואָס האָבן מורא ביי־טאָג צו ווייזן זיך אויף דער ליכטיקער שיין.

זיי גייען צו אים זייער ניט־גערן, נאָר די מורא, דאָס שרעקן זיך שטויסט זיי גיין אויסגעפינען — ווי האלט עס? ווען מען די צרה גאַרנישט פּטרן?

ניט־ווילנדיק זאָגן זיי אים אויס, אז דערווייל, ביז מ'וועט אויפגעריכט ווערן, זיינען זיי מקנא זיין „אויפגעדעקטער קאָרט”.

אין די צרות רבים געפינט ברוך א טרייסט. אז זיי צעגייען זיך, ווענדט ער זיך צו זיין ווייב:

— זעסט חנה'לע, ס'איז געקומען א צייט ווען די לעבעדיקע זיינען מקנא די טויטע. און אז מ'וויל זיינען זיי גערעכט, ווי ניט איז, ציטער איך ניט ווי זיי. ווייל אייניקע פון זיי , איז הלוואי זאָלן זיי אָפּשניידן גלאָט, אקעגן זיי, ווי איך האָב, אזוי פארבייגייענדיק געהערט, האָט די כלומרשט נייע מאכט גאָר פאסקודנע באוויזן. און ווי מ'זעט, איז יעדערער, נישט כשרער לויט זייער השגחה — פארשריבן אין ספר פארן יום הדין.

— „און, חנהלע, צווישן אונז ריידנדיק, זיינען די־אַ בורזשואימלעך שוין אַזוי אוממענשלעך געוואָרן, אז פשוט צוליבן צוימען זיי אביסל האָט מען געדאַרפט דעם באַלשעוויסטישן איבערלויף”.

אז זי, רחל, קומט אַריין, מאַכט זיך ברוך גאָר פריילעך, ער זינגט:

„בערל מיט איוואַנען האָבן זיך באַזעצט אויבנאָן,

שמערל מיט סטעפּאַנען האָבן זיי אַ שלעפּ געטאָן,
צו טאַנצן אין איין קאָן".

נאָכדעם שטרעקט ער אויס צו רחלען זיין אָפענע האנט און פאטשט מיט דער אנדערער:

—„ווען דאָ־אָ וועלן וואַקסן פיטשעריצעס, דעמאָלט וועט דער גוי לעבן בשלום מיטן אידן. אז ס׳איז אין גוי׳ס בלוט צו וועלן הרגענען דעם אידן. — איז ווער וועט אים אויסהיילן דערפון"?

זי פארשטייט ניט: פאַרוואָס אידן, וועמען יעדערער, א חוץ די באָל־שעוויקעס, פארהפקר׳ן אזוי, שמעקט נישט די אייניקייט פון אלע נאציאָנאַליטעטן.

* * *

רחל האָט דערזען איר פעטער שטיין אין דער טיר און זיך געישובט צי זאָל זי זיך אים גריסן: ער פילט זיך מסתם אויך געקריוודעט. דאָך גלויבט זי ניט, אז אויך ער איז געקומען זאָגן מוסר איר מאמען. ער איז א קלוגער מענש, זי האָט אים שטארק ליב, איר פאָטערס ברודער.

ער שטייט איינגעבויגן אויף א זייט ווי ער וואָלט פארשטאַרט געוואָרן. ער איז ניט אַזאַ געזונטער. זיין רעקל און דער קאָפּ זיינען אינגאנצן פארמע־ליקט, ער זעט אויס ווי דער אָרעמסטער מעקלער, ער האָט גאָר פארגעסן אז ס׳איז שבת.

— וואָס האָבן אירע רייכע קרובים פון זייער אייביקער אָנגעשטרענג־קייט אָנצופילן זייערע קעשענעס? זיי פאַלן פון זייער משא עשירות.

זי איז געווען צופרידן וואָס דער פעטער זעט זי נישט, זי איז אויף גיך פארבייגעגאַן זיין קלייט.

ס׳איז איר אנטקעגנגעקומען דעם קוזינס צווייטע ווייב. יענע האָט ארי־בער איר הויכן בוזים א ביטולדיקן קוק געטאָן און פארדרייט דעם קאָפּ.

רחל האָט זיך גאָליק צעשמייכלט: אָט דאָס באשעפעניש וואָס באריםט זיך, אז אין יעדן בוך האָט עס געלייענט „נאָר די ליבע־טיילן" און איז גע־וואָרן אַזאַ דערפאַרענע, אַז זי האָט אַזש איינגערעדט אַנדערע צו בייטן זיך מיט די מענער. עה ־ ס׳איז ניטאָ פון וועמען אפילו א קלער צו טאָן. די גראָבע חיה לויבט זיך: „זי איז אן אויסגערעכנטע באלעבאָסטע, „פאַר דער פרע־סערקע, — דער דינסט, קויפט זי שווארץ ברויט. ניט די בוימל־חלה, וואָס יענע באקט פאר זיי".

— אָבער דעם הינטל צו געבן „נאָכן מאָלצייט ראַקאָווייע שייקי" און אַנדערע טייערע צוקערקעס — דאָס זאָגט זי „פילט זי פאר א פליכט".

רחל האָט זיך דערמאָנט: אין קאָנצעלאַריע שרייבט נחמן אונטער צעט־לען פאר די שטאָטישע גבירים. און זי, רחל, האָט ניט געוואָלט ליידן וואָס

ער האָט געשיקט איר עלטערע שוועגערין וואַשן די שפּיטאָל־קלאָזעטן. אָבער איצט איז איר קלאָר געוואָרן: יעדער צעטל, וואָס נחמן שיקט אַרויס, — איז א מין, אים אומגעקערטער, ניט דערעסענער מאָלצייט. ער איז אלט אכט־און־צוואנציק יאָר, און פון דער מוטערס לייב אָן — האָט ער איינמאָל א טאָג ניט־דערעסן און די אנדערע צוויי מאָל איז ניט געווען וואָס צו עסן.

— ער וועט דארפן ארויסשיקן צעטלן נאָך אין א פּאָר ארומיקע שטעט־לעך. ווײ, וויפל בויך־גרימעניש, וויפל קאָפּווייטיק, קאָפּשווינדלעניש וואָלט בלויז איר מאַמעס איבעריקער פארמעגן געווען געקאָנט איינשפּאָרן.

רחל האָט דערהערט עמעצער רופט זי. דער סטודענט פיינשטיין האָט זי אָנגעיאָגט. ער האָט טענות צו איר, „איר גאנץ לעבן ביז איצט איז א טעות, זיי ביידע וואָלטן געקאָנט, איבערגעטאָנענע אין גויאישע קליידער, זיך דערשלאָגן קיין מאָסקווע. דאָרטן וועלן זיי". —

זי האָט אין זיך א זיפץ געטאָן: „ער איז הויך און שלאַנק ווי סאַשע". און מער האָט זי גאָרנישט פארשטאַנען.

אויף דער „אילוזיאָנער", די צווייטע פון דער צענטראַל גאס, האָבן גע־וואוינט מעקלער, קליינהענדלער, ארויפגעארבעטע שניידער. דאָ האָט מען נאָכגעקוקט דער פארבייגייענדיקער רחלען, ווי אויף א זייער סענסאציאָנעל נייס. מ'איז אַרויס אויף די פּידאַשעקעס און זיך נייגעריק צוגעהערט צו יענע, וואָס ווייסן וואָס די רעדלעך אין צענטראַל גאס זאָגן.

רחל האָט געקלערט: די גאס איז א סך שמעלער, אָבער ניט ריינער. דאָס אָפּגעשטעלטע יאריד־מיסט פוילט דאָ ווארטנדיק אויף פרישן מיסט.

זי האָט געהערט הינטער אירע פּלייצעס זייער־נארישע רייד וועגן זיך, וועגן די באָלשעוויקעס. איר אומרו איז געוואָרן שאַרף און פּיינלעך, זי האָט זיך געשפּירט ווי פאר א שווערן קאמף.

אויף דער פינפטער גאס — האָט דאָס גרויע העמדל, וואָס האָט ארויס־געקוקט פון א מיידעלעס צעלאָקשנטן קליידל, געגעבן רחלען אינספּיראַציע און איר אָנגעלאָדן:

„זי מוז אָננעמען דעם שווערן געראנגל מיט די סאמע לייבלעכסטע און נאָענסטע".

.2

אויך אויף דער ירושעלימקע האָט מען זיך שוין דערוואוסט: — ביי לאה פרענק האָבן נעכטן זיך צונויפגענומען די גרעסטע באלעבאַטים — די גרעסטע גבירים, זיי האָבן געקלאפּט אין טיש לאה זאָל ניט נעמען גרינג רחלס סקאָמפּאניען זיך מיט די רויטע, לאה האָט ניט געטאָרט דערלאָזן רחל זאָל חתונה האָבן מיט שלמהן. זי זאָל זיך ניט דערוועגן אריבערלאָזן רחלען די שוועל — „זאָלן זיך אראָפּנעמען א מוסר אַלע באלעבאַטישע טעכטער, ווי מ'וועט זיך באגיין מיט אַזעלכע".

— די גבירים האָבן געשריען: „נישקשה, די וועלט שווייגט ניט. פראַנק־רייך, ענגלאַנד, יאַפּאַן און אויך אַמעריקע האָבן זיך שוין פאַראייניקט, זיי וועלן שוין זען ס׳זאָל ניט ווערן הפקר א וועלט. שנאָרערס זאָל גאָר וועלן ווערן אונזערע מושלים, געהערט ווען עס איז אזוינס?!״

— שלמה־בער, דער „מענש״ ביי טראַכטענבערגן, האָט אויסגעגרילצט: „לאה, אויב איר וועט ניט אָפּשטעלן רחלען, וועט מען זי מסורן!״ און א דערשראָקענער זיך ארומגעקוקט, ער האָט זיך דערמאָנט — איצט איז ניטאָ ניט קיין קייסער, ניט קיין פּריסטאַוו, אפילו ניט קיין גאָראָדאָוואָי.

אָבער בייגעלמאַן, דער פּראָצענטניק, האָט אים ארויסגעהאָלפן: „רחל ברענגט א צרה אויף דער גאַנצער שטאָט. די פּאָליציי לעבט, זי האַלט אָן אויג אויף אַלע אידן. ווי נאָר די רויטע וועלן ווערן אָפּגעווישט, וועט די פּאָליציי זען מ׳זאָל זיך מיט אונז אָפּרעכענען פאַר ניט אָפּשטעלן די אייגענע קינדער״.

ר׳ מאיר פון אייל־זאַוואָד און מיט אים אַנדערע סוחרים האָבן ארומגערעדט: „ווי נאָר ס׳וועט זיך אים־ירצה־השם צוריק אָנהייבן א ריכטיקער מסחר, דאַרף מען ווייכן פון דער גאַנצער ירושעלימקע ווי פון א מגפה. זאָלן זיי וויסן, און זיי וועלן עס פאַרגעדענקען, אז זיי דאַרפן היטן אונזערע קינדער פון זייערע סמיעטניקעס״.

רחל האָט זיך אריינגעדרייט אין די הינטערשטע געסלעך: פון מינדסטן ווינטל ווערן דאָ די אויגן, אויערן און מויל אָנגעפּילט מיט מיסט, מיט פאַרלעגערטן שווערן ריח. ניט אומזיסט רעדן דאָ די מענשן פּאָנפעוואַטע. פון אַלצדינג און פון זייערע קליידער, וואָס זיי טראָגן יאָרנוויז ניט געריייניקט, ניט געוואַשן קאָן מען דאָ קראַנק ווערן. פון די קינדערשע בעזלעך רינען שטענדיק געדיכטע, גרינע סטרעמפּלעך.

ביים ברונעם, אויפן קהלשן עמער האָבן זיך געוואָרעמט פליגן פון פאַרשיידענער גרייס: איטלעך מאָל, ווען מ׳גייט צו אָנשעפּן וואַסער, טוען זיי זיך מיט א זשומעריי א־צי פאַר די אויגן, ווי א געדיכט זיפּל. זיי זשומען אין דעם קויט, ווי זיי וואָלטן דאָ נאָך פון פאַרצייטן אָן געפּראַוועט אָן ענד־לאָז קריאת־שמע־לייענען, און פון זייער חזקה וועט זיי שוין קיינמאָל קיינער ניט פאַרטרייבן.

— אַלע רעדן גרילצנדיק הויך, אפשר צוליבן וועלן איבערשרייען דאָס פליגן־זשומעריי, און דערצוויל איז דאָס פאַרטויבנדיקע רעדן געוואָרן א געוואוינהייט, און פון דער געוואוינהייט — א נאַטירלעך הילכן.

בעתן ארויסקומען פון א שמאָל געסל האָט רחל דערזען ווי יאַנקל, דער שוסטער, פּאַכעט מיט זיינע גרויסע, געלע הענט און שרייט:

— „אַ כאָלערע האָט געמעגט נעמען דער גביר׳טעס טעכטערל נאָך איי־דער ס׳האָט זי באַפאַלן דאָס משוגעת צו נעמען אונזערן א קבצן! מ׳האָט גע־

מעגט וויסן אַז די זאַך וועט ניט אָפּגיין גלאַט. וואָס־זשע, די צענטראַל גאַס וועט זיך דערפרייען מיט אונז, ווי מיט מחותּנים פון זייער גלייכן.

— איר מעגט געדענקען יאַנקלס רייד, — זיי וועלן האַלטן וואָרט. אויב פריִער האָט די גלאָוונע גאַס צוגעלאָזט דרעק־פּרנסה, וועט מען פאַר דעם משדך־זיין־זיך מיט זייער צאַצקעלע, דאָס רחלע, דערלאָזן אַ מכּה פאַר־דינסט״.

מיטאַמאָל האָט דאָס גאַנצע געסל זיך צערעדט, און אַלע האָבן שוין גרייטע באַוויזן, אויף זיך אַליין אויסגעפּרוּווטע, אַז איטלעך וואָרט, וואָס דווקא יאַנקל זאָגט — איז צו וועגן מיט גאָלד.

פאַרביטערטקייט האָט זיך, ווי אומריינע צעבערס, געגאָסן אויפן חשבון פון שלמהס עלטערן, אַלמאַי האָט זיך זיי פאַרגלוסט צו קריכן, אויף די אָרעמעלייטס קעפּ, אין גרויסע פענצטער.

יאַנקל האָט אויך־הייזעריק געררעוועט.

— זאָל די מענדעלעכע ברעכן דעם האַלז־און־נאַקן צוזאַמען מיט דער בת־יחידה!

— „שאַ, שאַ! האָב נאָך דערווייל ניט אַזאַ גרויס מויל!״ האָט זיך צעק־וויטשעטביילע, די קורעלאַפּניצע.

עמעצער פונם עולם:

— „ס'איז איר גוט צו שווייגן, ביי איר וועלן די גבירים ניט אויפהערן קויפן די פעטע קאַטשקעס מיט די גרויסע היִנדיקעס״.

— נו איז וואָס? פאַרגינסטו מיר ניט. זאָל זיך דיר זעצן אַ מכּה פאַרן קלענסטן גביר, פון אים האָב איך מיט וואָס ארויסצוגיין אין מאַרק, ווען ניט זיי, וואָלט אויך איך געפּוכניעט אויפן פּיסק נאָך אַ שטיקל ברויט, ווי דו, שלימזל״.

זי האָט אויסגעשפּיגן און איז אריין אין איר חרוב שטיבל מיטן לעכער־דיקן דאַך.

איר קוויטשיק־רעדן האָט צונויפגערופן נייגעריקע פון נאָך געסלעך.

— „וואָס? וואָס האָט געטראָפן ? !

— אזוי גאָר, איך האָב אָבער דערקענט אין זייערע גבירישע נעז, אַז ס'וועט ניט אָפּגיין גלאַט״.

— „וואָס גלאַט ! שמאַט ! אַז איך זאָל אייך דערציילן ווי די פון דער צענטראַל גאַס קאָנען זיך נוקמ'ען, — וועלן זיך אייך די האָר שטעלן קאַ־פּויר״.

— מ'דאַרף דער מענדעלעכע אויסהאַקן די פענצטער.

— די ציין וואָלט מען איר געדאַרפט אויסהאַקן.

— מ'דאַרף עס טאַקע טאָן! זאָל די צענטראַל גאַס זען, אַז מיר זיינען אויך אין כּעס פאַר דער געשיכטע!

—שווייגט דאָרט! שווייגט! הערט מיך אויס, איר זענט טפשים. איר מיינט אז מיט אַזאַ וועג וועט איר שוין נושא חן זיין. פארגעסט ניט, אז די גבירים זיינען מוראדיק האַנאַריסטע, ס'איז א צרה און מ'דארף . . .

מ'האָט באמערקט רחלען אָנקומען און מ'איז צוגעפאלן איינע צו דער אנדערער מיט א שעפּטשעריי.

רחל האָט געפילט א ווייטיק און אַן איבל, זי האָט אָנגעשטעלט אויף יאַנקל שוסטער אירע צעטראָגענע אויגן:

— „ר' יאנקל, דערלויבט מיר צו דערמאָנען אייך א זאך צוליב וועל־כער כ'האָב פאר פארדראָס קיין ווערטשערע ניט געגעסן. איך גלויב, אז איר געדענקט, ווי איר האָט מיט ציטערניש געבעטן מיין מוטער זי זאָל אייך לייען געלט אויף לעדער פאר א פּאָר שטיוול. כ'בין זיכער אז איר האָט ניט פארגעסן ווי די סוחרים האָבן זיך געוויצלט אויף אייער חשבון. און ווי איר וואָלט גאָר קיין געפיל ניט געהאַט, פאר אייערע אויגן געזאמלט נדבות פאר אייך. און צום סוף געעצהט אייך צוצוטראָגן דאָס לעדער צו בערל דעם לאנגן".

יאנקל האָט מיט זיינע הענט אויפגעשטעלט צוויי רינגען ביי די זייטען:

— „איך געדענק עס טאקע שטענדיק. א דאנק אייער מוטער האָבן אלע געזען, אז ווען יאנקל האָט מיט וואָס, קאָן ער מאכן א שטיקל ארבעט! אַ פּאָר שטיוועלעך, — צוויי ליאלקעס, מ'האָט זיי פאר חריפות איבערגעגעבן פון הענט צו הענט".

רחל איז רויט געוואָרן פאר כעס:

— אָבער אחוץ יענעם אמתדיקן באוואונדערן אייך פאר זייער א גוטער בעל מלאכה האָט זיך אַייער לאַגע אויף אַ האָר ניט פארבעסערט. פארוואָס־זשע זאָלט איר ניט וועלן פארשטיין, אז איר דארפט קעמפן צוזאמען מיט די וואָס אנערקענען יעדן ארבעטער, בפרט א פעאיקן. און טאקע אויך אָנ־הייבן באנעמען אויף וואָס פאר א מיאוסן אופן לאה האָט אַייך די טובה געטאָן.

ס'האָט זיך אויפגעהויבן א טומל:

— „פע, ס'פּאַסט ניט צו רעדן אויף אַן אייגענער מאַמען!"

— לאַ־די דו האָסט זי אזוי מביש געווען, געגעבן לאה פרענק דעם געלן מענדל פאַר אַ מחותן, — ווילסטו זי נאָך מער דערנידעריקן. פע, נישט אין דיין גראַד טוט מען אַזוי.

רחל האָט זיי דערקענט:

— „אַ איר! איר האָט ווי עס זעט אויס פארגעסן די יאריד־טעג, ווי איר פלעגט מיט א שווערן זאק אויף די פּלייצעס צוראטשקעווען צום פעטער מלך'ס קראָם. און ער פלעגט זיך צעשרייען  אז מיר האָבן עס אזש איבערן וועג געהערט, — „מעקלערס, זלידניעס, וואָס קריכט איר אונטער די פיס, ווער האָט צייט צו פאטשקען זיך מיט אייערע קלומיקלעך!" און איר האָט

זיך געבויגן צו דער ערד פון דער שווערער משא — „פאַני מלך, האָט רחמנות, כ׳מוז דאָך ברענגען א שטיקל ברויט מיינע הונגעריקע ווערים״.
זי האָט זיך צוגעבויגן צו אַ קורצזיכטיקן מעקלער:
— „און איר, ר׳ איד, וויפל מאָל האָט אייך לאה געזאָגט: „וואָס גערשטן, וואו וועל איך עס אהינטאָן? כ׳דארף מאַרגן אַרויסשיקן די וואַגאָנעס אר־בעס״. האָט איר געבראַכט אויף זיך ארבעס, האָט זי געדאַרפט גערשטן, ווייץ, האָבער. און איר, מיטן שווערן זאק אויף זיך, האָט ווי א נעבעכל גע־בעטן: — „נעמט עס לאה, ס׳איז א מציאה, כ׳האָב עס אָפּגעקויפט בחצי־חנם״. האָט איר ערשט דעמלט דערהערט — „נו מילא, וואַרפט עס דער־ווייל אַראָפּ פון די פלייצעס, כ׳וועל זיך מוזן אן עצה געבן״.
— „נו זעסט, דיין מאַמע האָט פארשטאַנען אז א מענשן איז שווער. דער פעטער אנטקעגן אייך ער פאַנפעט טאקע אומיסטן וואָס לענגער — „גייט אוועק, ס׳פּאסט ניט פאר די ערלים״; ער טוט עס אומיסטן ס׳זאָל באפאלן א חלשות, מ׳זאָל עס אים אוועקגעבן פארן פרייז וואָס מ׳האָט אויסגעמיינקע־וועט ביים גוי. דאָך איז עס נאָך אלץ בעסער ווי ניט האָבן צו וועמעס טירן צוצוקומען״.
רחל האָט געפּרואווט עפּעס דערקלערן זיי וועגן מענשן־קרבנות, וועגן מענשן וואָס הערשן איבער אנדערע, וועגן אומגלייכקייט, וועגן שאפן בייע באדינגונגען.
טשאָלענט אידן, שול אידן מיט קאָלטענעוואַטע בערד זיינען ארויס־געקומען אַנגעשטעלט טויבע אויגן — „אוּ? וואָס ?!
— אַי, אַי, אַזוי אַזוי? ווי, ווי כיבוד אם ! כיבוד אם !
איינע מיט אַן אויסגעקרומטן קריזש מיט א משונהדיק גרויס פּנים האָט זיך ארויסגערוקט פון דער מענגע, ביי איר קלייד — פיר פּיצלעך קינ־דער :
— ווען דיין מאַמע זאָל ניט געווען רחמנות האָבן אויף מיר — וואָלט איך געווען פארבליבן אַן אלטע מויד״.
רחל האָט געקוקט אויף די קינדער, אויפן צרעתדיקן אויסשיט אויף זייערע פּנימלעך, אויפן האלז, אויף די הענטלעך און איז נאָך געוואָרן אויפּ־געבעגטער . . . וואָס האָט באוווירקט איר מוטער צו וועלן באַזאָרגן די־אָ זאָל ניט פארזיצן? מסתם האָט די מאַמע יענעם טאָג צופיל לעמער ארומגע־חומל׳ט, האָט זי זיך געשלאָגן על־חטא מיט געבן עפּעס צושטייער, חתונה צו מאַכן דער מיטן אויסגעדרייטן קריזש פאר עפּעס א צעדרייטן און ס׳איז צו־געקומען א האלב טוץ אויסגעדאַרטע, קראַנקע ברואימלעך. אבי זיי לעבן.
אַן אלטיטשקער גרייז־גרויער זיידעלע איז זשוואַווע אונטערגעשפּרונגען:
— „אין א סך, א סך אָרעמע הייזער עסט מען ברויט פאר וועלכן דיין מאַמע צאָלט. דאָס ווייסטו גאָר אפשר אפילו ניט, ווייל דיין מאַמע איז אַ

צדקנית, ביי איר איז ווי מ׳זאָגט: — איין האנט ווייסט ניט וואָס די אנדערע טוט״.

רחלען האָט באשלאָגן א היץ: רעדן צו אַזעלכע וועגן א געריכטער סיס־טעם, מ׳זאָל ניט דארפן אָנקומען צו דער גוטהארציקייט פון געציילטע, איז אַרויסגעוואָרפענע דבורים.

עמעצער האָט געזאָגט:

— אָט גייט איציק, בערל שוסטערס תם, מיט דער ביקס גייט ער.

— א גאנצער מאכער אין רעוקאָם, אין מיליציע. ער בארימט זיך: „דער פירער דאַרטן, עפּעס א נחמן האלט פון אים אַן עולם ומלואו און לערנט אים ווי ארויסצוהעלפן אין קאַנצעלאַריע״.

— „א פּראָפעסער״, ווי אַלע זייעריקע, וועט ער ווערן״.

איציק איז אין אַ רגע געוואָר געוואָרן וועגן וואָס עס האנדלט זיך. ער האָט געגעבן א פארשאר זיין טשופרינע און א הילכיקן פּאטש געטאָן מיט זיינע מאזאָליעשע הענט:

— „א כאַראָבע אויף די גבירים! וועמעס האָבן זיי אייך געגעבן? אייער בלוט וואָס זיי זויפן פון אייך אויס, צו מאכן אייך פאר אַזוינע הינטערלע־קערס ווי איר זענט !״

—שווייג, שייגעץ. ביסט געווען א שייגעץ׳נאָך ביי דיין פיסקאטער מא־מען אין בויך״.

— אויסגערונען האָט געמעגט אַזוינס ווערן צוזאמען מיט אַלע שונאי־ישראל״.

איציק שמייכלט: — איר דרייט מיט די צונגען״.

א טשאָלנט־איד גענעצט, גרעבצט:

— ווען דו זאָלסט ניט זיין אַזאַ היצקאָפּ און זיך בעסער צוהערן צו דעם וואָס לייטן דערציילן, וואָלסטו אינגאנצן פארשטומט געוואָרן.

— וואָס ? וואָס האָבן אייך איינגערעדט די „לייטן״? מיר זאָלן ליגן צען איילן אין דער אדמה און באקן פאר זיי פרישינקע בייגל.

— ער מיט זיינע שטיק, הערט בעסער אויס : מ׳זאָגט אַז אַלע מיניס־טאָרן פון דער דומע האָבן ארויסגעלאָזט אויפרופן צום פאָלק, מ׳זאָל זיך ניט לאָזן פארנארן פון די ליגנערס, די באָלשעוויקעס״.

— „יאָ״, איז אונטערגעשפרונגען א יאדישליוועך איד מיט א גרוילער בערדל, — „פארשטייסט ווער עס זיצט אין דער דומע?! די גרעסטע קעפּ! מענשן מיט מוחות!״

— שווארצמאהניקעס! — האָט איציק געטופעט מיטן ברייט באשטיוולטן פוס.

דער פאָנפעוואָטער גדליה, וועמעס נאָז קאָן זיך קיינמאָל ניט באפרייען פונם שימל אין זיין שטיבל, האָט געפאָנפעט:

— אז אין דער דומע זיצן א סך שונאי ישראל רעדט מען ניט, האלט מען זיי טיף אין דער ערד. אָבער ניט צוליב די אידן האָבן זיי צעהאַנגען טויזנטער פלאַקאַטן איבער מאָסקווע און פעטראָגראַד.

דער זעקס־און־צוואַנציק יאָריקער איציק רעדט ווי אַ פאָטער צו קינדער:

— די באָלשעוויקעס זיינען די איינציקע אידישע פריינט, פריינט פון גערעכטיקייט, מיט זיי דאַרף גיין יעדער באַוואוסטזיניקער מענש״.

— וואָס באַלעמעטשעט ער ! באָלשעוויקעס, שמאָלשעוויקעס. ווער זיינען זיי? מ׳זאָגט כאָטש עפּעס א שטיקל מאַכט, וואָס די וועלט זאָל האָבן פאַר איר, כאָטש א שמעק טאַביקע דרך־ארץ.

—א אידל, א טראָצקי, פון אחינו בני ישראל, האָט זיך פאַרגלוסט אויך צו ווערן א מאַכער צווישן דער הראַמאַדע. זיך דערפרייט, דער קייסער איז ניטאָ, וועט ער א געשריי טאָן — ,,קוקאַריקו האָן — זעצט מיך אויבן־אָן״. זאָגט ער צו די פּויערים — פּריצישע ערד; די אַרבעטער—פאַבריקן.

— וואָס אַרט עס אים. אז ס׳געפינען זיך טפשים, אָדער גלאַט אומגליקלעכע וואָס דאַרפן נעבעך האָבן, — איז זאָל כאָטש זיין א גוט איינרעדעניש. און דער סוף וועט זיין — א נייער תירוץ צו שלאָגן אידן.

יאַנקל איז אומגעשיקט, ווילד, בייז !

ווען אידן האָבן שכל, וואָלטן זיי אים, דעם טראָצקי׳ן, מיט שטעקנס פאַרטריבן פון רוסלאַנד. זאָל ער גיין צו אַלדע שוואַרצע יאָר!״

איציקס קוק וויל אים דורס זיין:

— די צרה מיט אונזערע אידן איז, וואָס אַלצדינג ווייסן זיי, נאָר דעם מינדסטן באַגריף וואָס עס טויג פאַר זיי האָבן זיי ניט. אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, מיליטערישע פאַריינען און פּויערים שטורמען מיט פּראָטעסטן קעגן דער דומע״.

א געמיינזאַמער געלעכטער: כאַ, כאַ! כאַ!

— וואָס זאָגט איר אויף איציקן, ער וויל מיר זאָלן אַנערקענען זיין גרויסע חכמה, אַנשטאָט די רייד פונם דירעקטאָר פון באַנק, א מענשן וואָס איז אויסגעקאָכט אין דער גאַנצער וועלט.

מע לאַכט:

— איציק, אפשר ביסטו געלערנטער געוואָרן פונם גאָספּאָדין דאַלפין. אפשר וואָלט דער דירעקטאָר אָנגעהויבן פוצן דיינע שטיוול.

איציקס גרויס פּנים האָט זיך ברייט צעשפּרייט, א שמייכלדיקע לבנה געוואָרן:

— פאַרוואָס טאַקע ניט ! איר זענט שוין גענוג געווען הינטערלעקער, איצט זאָלן זיי אייך לעקן. און די געלערנטע, צו וויסן וואָס איז גוט פאַר אונז ,וועלן מיר ווערן.

יאַנקל מיט אַן אָפּ׳חוזק׳דיק קול:

— א בראָך, איציק, צו דײַנע יאָרן, נאָך ביי דיין מאַמען אין בויך, בעת איר גריזשען די ביינער פון די גבירימס מיסט, זענט איר ביידע משוגע געוואָרן.

ביי איציקס מוטער, אַ לאַנגע, אויסגעמאַגערטע אידענע, האָבן זיך אירע טראכאָמע אויגן אַנגעצונדן מיט ברענענדיקן כעס אויף יאַנקלען און זי האָט אים קוויטשענדיק געשאָלטן:

— ווער משוגע מיט דיין ווייב, מיט דיינע אלטע מוידן! איר זאָלט אָלע רייסן אויף זיך דאָס העמד. זאָלסט זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואנט ביז ס׳וועט פון דיר, דו ווילדע בריאה, דו יאנקל שכור, יאנקל שלעגער, האָסט פאר־טריבן דיין פראדלס חתן! מערדער! אָבער ער האָט דיר גוט צעשפאלטן דעם קאָפּ, ס׳זאָל פון דיר קיין שריד ופליט ניט בלייבן!״

זי האָט זיך צעוויינט:

— געהערט, אידן, אַן אָנשיקעניש, מ׳וואָלט געמיינט, איך באגראָב אים נישט, מיין שלימזל. א באָלשעוויק גאָר ביי מיר ! טאָמער איז מיר ווינציק וויסט און פינצטער דאָס ארומקריכן אין גבירישע קיכן, דארף מיר נאָך ציטערן דאָס הארץ — מ׳וועט מיך ארויסטרייבן צוליבן תכשיט, וואָס איך האָב אויסגעהאָדעוועט.

זי האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ:

—„גאָטעניו, פארוואָס האָסטו אים ביי מיר קליינערהייט ניט דער־וואָרגן מיט די ביינער, וואָס כ׳האָב אויסגעקליאַנטשעט ביי די דינסטן פון מיסט ארויס. און יאַנקל גויעץ זאָל זיי מיר נאָך ניט פארגינען.

זי האָט געקללהט אָן אויפהער. יאנקלס ווייב מיט איר גאנצער משפחה האָבן אָפּגעענטפערט מיט זידלערייען. שכנים האָבן זיך אריינגעמישט, זיך געשאָלטן, זיך געקריגט, געשפּרונגען איינע דער אנדערער אין פנים אריין, אָט וועלן זיי זיך אויסדראפּען די אויגן, זיך ממית׳ן.

רחל איז געוואָרן פארביטערט, פארצווייפלט, זי איז געשטאַנען ווי אַ פארשטיינערטע: דער־אָ קלאַס דארף זיין דער פונדאמענט פאר דער אידע־אָלער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג?

—אויב דעם פאָלקס וועג פירט ניט צו דער איציקער רעגירונג, און דער צוריק איז אוודאי קעגן פאָלק, — איז וואוהין זשע דארף מען זיך קערן? וואוהין?״

א אינגל פון א יאָר ניין איז אָנגעלאָפן א צעשוויצטער, א צי־געטאָן ביים קלייד איינע פון די זיך קריגנדיקע ווייבער:

— „מאַמע, כ׳בין הונגעריק!״

זי האָט אים געגעבן א האק איבערן דינעם הענטל:

— „גיי אין דער ערד אריין! א קאָרעץ ברויט וואָלט דעם פּרעסער אויך קאָרג געווען".

דאָס אינגל האָט א קרים געטאָן זיין אלט־־קינדערש פּנים, ניט צו וויי־נען, נאָר מיט עפּעס א צווייזייטיקייט, — ווילט איר איז עס פיינטשאַפט, ווילט איר איז עס א דערפרייאונג: „ערגעץ ליגט מסתם א שטיקל ברויט פארבאהאלטן".

א מיידעלע האָט פּלוצים א נאָס געטאָן, האָבן ווייבער מיט זייערע צע־פּאטלטע קעפּ און אומעטיקע אויגן זיך מיטאמאָל אויסגעדרייט אין איר זייט און אַלע אויף א מאָל:

— „וואקסן זאָלסטו, געזונט זאָלסטו אונז זיין".

רחלס ברעמען האָבן זיך געעקשנט צונויפצוגיסן זיך אין א גראָדער ליניע; זי האָט זיך געזאָגט: די מענשן, פאר וועמען זי איז געווען גרייט זיך איינגאַנצן אוועקגעבן, — ווערן איר נמאס.

אָבער ניט אזוי האָט זי געפילט, ווייל דער געדאנק: „אפשר איז ברויט א סך וויכטיקער ווי פרייהייט?" האָט אביסל געשטילט איר צאָרן.

זי האָט נאָך עפּעס גערעדט צו זיי, נאָכדעם וואָס איציק איז אוועק א צעבייזערטער, אָבער וואָס, וועמען האָט זי עס געזאָגט, האָט זי אליין ניט געוואוסט.

א שטארק צערודערטע איז זי אַוועקגעגאנגען; אומעטום א טיפע, זומפּיקע בלאָטע, עס איז ניטאָ וואָס צו קליגערן זיך. אלע פּטרן אין דער בלאָטע זייערע טעג און יאָרן. — ליידיקע, פּוסטע יאָרן פון טאָפּטשען אין בלאָטע, מיט אויגן בלינד צו אלצדינג, חוץ מיאוסקייט, חוץ פארשקלאפונג. — ווער צו גרויסע ריוחים, און ווער צו אַ שטיקל דערנידעריקט ברויט.

— „ווען מ'זאָל אלעמען אָפּגאָלן די קעפּ און אָנטאָן ארעסטאנטסקע קליידער, — וואָלטן זיי אפשר דערזען ווער און וואָס זיי זיינען אויף דער וועלט".

פון ווייטנס האָט זי געהערט יאנקלס גראָב קול:

„די רחל איז א צרה אויף אונזערע קעפּ!"

**.3**

ווי אַ מיד, געשלאָגן הינטל האָט רחל אריינגעשלייכט צו זיך אין צי־מער.

די פארביטערטקייט פון יאנקל דעם שוסטער מיט זיין משפחה קעגן בערל שוסטערס אלמנה האָט געזשומעט אין איר קאָפּ. די העסלעכע, שנאה'דיקע געשרייען האָבן געגרוילט איר לייב.

אַן ערשט נייע אנטדעקונג האָט זי צום איבעריקן דערשלאָגן: עס קוקט אויס, אז דער קאמף צווישן קלאסן איז ניט די הויפּט צרה. אפשר גאָרנישט

ניט ווערט, אויב די פאַרדאַרבנקייט צווישן מענש און מענש וועט ניט אויס־געראָטן ווערן. אָבער ווער האָט א רפואה צו דער קרענק ?

זי האָט זיך ארומגעדרייט איבערן צימער מיט א געפיל פון א פאַרשפאַר־טער אין א תפיסה.

דעם גרייז־גרויען אידנס הארציקע שטראָף־רייד „כיבוד אם" — האָט זי ווי פּיאווקעס געזאָגט. טיף אין זיך האָט זי געהערט אויפגיין א זיסן ניגון, וואָס זי האָט קליינערהייט פאַרנומען אין דער מענערשער שול. עס דאכט זיך איר, זי הערט א כאָר זאַפטיקע קינדערשע קולכלעך זינגען — „כבד את אביך ואת אמך". דאָס זינגען וויגט זיך ווי א קיל דערקוויקנדיק ווינטל. ווייבער וויינען, יעדערע זאָגט דערביי א טרויעריקע תחינה . . . זי, רחל, פילט, אז ווען ס'איז ניטאָ קיין פאָטער, דאַרף מען ביידע כיבודים גיבן דער מוטער.

א פאַרקלעמטע איז רחל געזעסן ביים פענסטער. זי האָט ניט באמערקט ווי דער אָוונט האָט זיך אריינגע׳גנבעט אין געסל. די שלעכט־באַלויכטענע שטיבלעך האָבן דערמאָנט אין קעלערס וואו מ׳מאַכט פאַלשע אסיגנאַציעס; אין ברויט־סקלאַדן פון וואַנען מ׳פירט בגנבה אוועק די תבואות; אין אונ־טערערדישע באַראַטונגען פון וואָכערניקעס און ספּעקולאַנטן ווי אַפּצוציען דעם פאָלקס שוואַכע אויפמערקזאַמקייט.

זי האָט פון וויטנס דערזען שלמהן אָנקומען: זי וועט אָנצינדן דעם לאָמפּ, זי׳ט זיך מאַכן אז זי איז פאַראינטערעסירט אין א בוך, זי׳ט אים זאָגן: זי האָט שוין אָפּגעגעסן. זי וויל אים ניט זען היינט, זי וויל אים גאָרנישט ניט אויסזאָגן, זי וויל ניט ער זאָל אויף דעם חשבון זי גלעטן, אויסרעדן דאָס הארץ, בעטן זי זאָל זיך באַרואיקן.

„זאָלן ברענען אַלע מיטגעפילן! דאָס מיטגעפיל צו די נאָענטע, צו די געשטראָפטע מיט פאַרדאַרבענער זשעדניקייט; דאָס מיטגעפיל צו דעם גע־שלאָגענעם אומווירדיקן דלות".

זי האָט אין דער טונקלקייט אוועקגעשטעלט שלמהס עסן, געמאַכט ביי־דע געלעגערס. בלויז באַוויזן אראָפּצולאָזן די שיך און מיטן אָנטאָן זיך ארונ־טערגערוקט אונטער דער קאָלדרע.

שפּעט ביינאַכט האָט זי זיך שטילערהייט אויסגעטאָן און געוואָרפן זיך די גאַנצע נאַכט ווי אין פיבער.

אינדערפרי האָט שלמה געלאָזט א צעטעלע, אז ער וועט ווידער קומען שפּעט אין אָוונט. ער האָט געקושט איר צעוואָרפענעם געקרויזטן קאָפּ האָר.

אפשר צוליב איר ניט פאַרפלעכטן דאָס מאָל די האָר, האָט זיך איר געחלומט: אָן א שיעור שפּינען האָבן זי אריינגענומען אין זייער געוועב. העס־לעכע גרויסע שפּינען יאָגן זיך איבער איר צו כאַפּן יונגע, פאַרנאַרטע פליגן... סטודענטן מיט רויטע פאָנען זיינען אוועק נאָך א לויה; קאָדעטן האָבן זיי באַ־פאַלן „ס׳איז זייער מת" . . . ווייבער, קינדער וויינען, אידן טראָגן אָפּגע־

דעקטע אָרונס מיט הרוגים. זיי האָבן זיך אומגעקערט פון דער ברודער־שוועסטער קבורה און וואַרטן אין דרויסן. רחל זאָל זיי אַרויסטראָגן וואַסער צו וואַשן די הענט. שפּינען זיינען אַריינגעפאַלן אין פאַס, האָט מען אויסגע־גאָסן דאָס גאַנצע וואַסער.

רחל איז אין כעס אויף זיך, וואָס זי זאָגט ניט פאַרוואָס זי טראָגט ניט אַרויס קיין וואַסער. זי קאָן ניט רעדן, עס איז איר פאַרשטיקט אין האַלז. זי לייגט קאָמפּרעסן צו איר מוטערס האַלז, נאָר דער מוטערס אויגן זיינען אַזוי רויט־אָנגעוויינט און געשוואָלן, אַז זי זעט ניט ווער עס שטייט לעבן איר... פאַרשמאַכטע, דורשטיקע אָרעמעלייט קוקן בייז אויף רחלען אין איר העל־זיידן קלייד מיט די גאָלדענע זאַנגען — „אַזאַ רייכע חצופה, זשאַלעוועט אפילו אביסל וואַסער״. אידן מיט גרויסע טכוירענע טוליפּעס, מיט הויכע פּוטערנע קעלנער, מ׳קאָן זאַדישעט ווערן פון דער היץ אין זיי, — טאַדלען רחלס רויטן באַנטיק . . . זי ווייסט : — ס׳איז ניט א באַנטיק צווישן אירע האָר, דאָס איז פאַרזאָטן בלוט וואָס שווערט איר קאָפּ אַראָפּ, אַראָפּ . . . .

זי האָט אויפגעעפנט די אויגן, זיך פרעמד אַרומגעקוקט. איר אָפּגע־צערט אומעטיק פּנים האָט אויסגעדריקט ווי אַלץ אויף דער וועלט וואָלט איר אויפגעהערט אָנגיין. איר בליק איז געבליבן שטיין אויפן זייגערל, וואָס איז געהאָנגען לעבן איר בעט.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, זינט רחל געדענקט זיך, זי זאָל פאַר־שלאָפן ביז האַלבן טאָג. איר האַרץ האָט געקלעמט: זי האָט ניט געוואוסט ווי פּאַרזיכטיק יעדערער דאַרף זיין, ווי פאַראַנטוואָרטלעך דער מענש איז אפילו אין זיין פּערזענלעך לעבן. עס קוקט אויס ווי דער מענש וואָלט געהערט צו אַלעמען, זיין אייגענער „איך״ איז א קליין טיילכל פון אַלע. אָט איז איר „קליינינקער־איך״ געוואָרן א צרה פאַר אַזויפיל „איכן״.

עס האָט זי באַהערשט א משונה׳דיק געפיל צו זיך, עפּעס ווי זי וואָלט עס געווען רבקה די בעדערקע, וואָס איז געווען קראַנק אויף פלעק־טיפוס. זי האָט זיך געכאַפּט אָנטאָן און געקלערט: מיט אַזאַ דערווידערדיקן רחמנות צו זיך, ווי צו א קרעציק קעצל, וואָס פּלאָנטערט זיך אונטער די פיס, וועט זי גאָרנישט אויפטאָן.

זי האָט אוועקגעאיילט צו דער בעדערקע. אין ווינקל איז געשטאַנען אביסל איבערגעבליבענער עסיק. דער קראַנקערס אויסגעדאַרטער גוף האָט געברענט אונטער רחלס פינגער.

„אָבער די געזונטע זיינען, לויט רחלס אויפגערעגט געמיט, נאָך ערגער קראַנק, זיי זיינען מסוכן״.

דאָס, וואָס רחל האָט נעכטן דורכגעלעבט, האָט צעשמעטערט אירע האָפע־נונגען אויף אַלע שיינע מענשלעכקייטן: די מענשן זיינען פרעמד צו די היינטיקע ווילטיקע געשעענישן און זי איז פרעמד אפילו צו זיך אליין.

איר פאַראומערטעטער בליק האָט באַטראַכט די נאַסע וועגט פון דער קראַנקער׳ס צימער מיט דעם קליינעם, אראָפּגעזעצטן פענצטערל וואָס האָט ארויסגעקוקט צום שמאָלן ליקל, צו איינגעבויגענע חורבות.

אין רחלס קאָפּ האָבן זיך געמישט די ירושעלימקע זון די הויפּט גאַסן. ס׳איז איר ווידער ענג געוואָרן אין האַלז, ענג אין די געדאַנקען. ווען זי וואָלט געקאָנט, ווי א הונט, זיך אויסבילן אויף דער לבנה און ארויסיאָמערן איר גאַנצן פארשטיקטן ווייטיק אין דער הוילער וועלט אַריין.

— זי איז מקנא דער קראַנקערס פארטעמפּטן קוק, מקנא איר האלב באַוואוסטלאָזיקייט. זי אליין וואָלט אויך געוואָלט אזוי ליגן, זיך פארשפּאָרן די פארצווייפלטע מחשבות, זיך פארשפּאָרן דאָס נאָגעניש צוליב דער מאכט־לאָזיקייט פונם גאנצן ארום.

ס׳האָט א בליץ געטאָן אין איר מוח: מ׳דארף אויסנוצן די געלעגנהייט, זיך אָנשטעקן און שוין קיינמאָל ניט געזונט ווערן.

די געשטאַלטן פון איר מוטער און פון סאשען האָבן פארבייגעשוועבט אירע אויגן. זי איז א ווילע געבליבן פארשטיינערט. און באלד געזאָגט זיך: וואָס פאַר א שאָדן וועט זי האָבן מיטן פארענדיקן איר לעבן? איר הארץ פרייט זיך ניט מיט קיין שום שיינקייטן. האָפנונגען זיינען איר געוואָרן אומפאַר־שטענדלעך.

ס׳איז ווידער אויפגעשוואומען יאַנקלס קול: „רחל איז א צרה פאַר אלעמען!״

— „זי וועט זיי באפרייען פון זיך״.

ס׳האָט זיך צעגליט אין איר דער פארפאַלגנדיקער פארדראָס, הלמאי זי באקעמפט ניט שלמהס פארעטעריש אונטערהאנדלען מיט די כעמישע שטאָפן: זאַראַטוסטרא האָט געזאָגט „אויב דאָס לעבן האָט זיך דיר ניט איינגעגעבן, אויב דער גיפטיקער וואָרעם צעפרעסט דיין הארץ, — ווייס אז דער טויט וועט זיך דיר איינגעבן״.

זי איז געוואָרן פריידיק צעטומלט, ווי זי וואָלט פלוצים באפרייט גע־וואָרן פון א מאוימדיקער תפיסה. זי האָט צעדראפּעט איר לייב, איינגעריבן אין די וואונדן דעם שווייס וואָס איז ארויסגעטראָטן ביי דער קראַנקער, אריינגעאָטעמט אין זיך יענערס שווערן אָטעם און אן אויפגערודערטע אוועק צו זיך אין צימער.

זי האָט דעם גאנצן טאָג ניט גענומען אפילו א טראָפּן וואסער. געלאָזט פאַר שלמהן עסן און א צעטעלע, ער זאָל אנטשולדיקן איר פרי שלאָפן גייך, זי האָט אביסל א קאָפּווייטיק.

זי איז געווען צופרידן וואָס דאָס גאנצע הויזגעזינד און שלמה זיינען איבערגעוועזן קראַנק אויף טיפוס: זיי וועלן זיך פון איר ניט אָנשטעקן.

זי האָט געטריבן פון זיך דעם שלאָף, ער זאָל ניט צעשטערן אין איר די קראַנקהייט און דורכגעלעבט א העסלעכן אָוונט פון מאכן זיך אויסקוקן שלאָפנדיק.

זי האָט אונטערגעפירט דעם חשבון וועגן שלמהן: ער איז זייער ווייט פון דעם דערהויבענעם הוליע־קבצן, וואָס איר נאַאיווע פאַנטאַזיע האָט איר אים געמאָלן, פארקערט, ער איז זייער ענלעך צו איר קליינבירגערלעכער משפחה.

איר שטערן האָט זיך אומעטיקלעך געקנייטשט: נאָך ערגער, ער האָט אפילו קיין ווילנס־קראַפט אויך ניט, דערפאר איז ער אָפּגעקומען מיטן חלום „ארויסצורייסן זיך אין דער ברייטער וועלט". זיך איינגערעדט אז „ער ברענגט זיך א קרבן פאר זיינע עלטערן". צו אויסהאלטן עלטערן, ווען זיי זיינען יונג און וואָלטן זיך אליין געדארפט צו עפּעס דערשלאָגן, איז גאָר א קליינע און זייער ניט קיין געבענטשטע טובה.

זי האָט זיך דערפרייט מיט שלמהס כראָפּען: גוט וואָס ער שלאָפט שוין אַזוי געשמאַק.

זי האָט געוואוסט: איר פארזאָרגטקייט און עמפינדלעכקייט צו שלמהן האָט זיך גענומען פון איר מורא האָבן פאר איר שטרענג משפּטן, ווי זי האָט עס געטאָן צו סאשען.

ס'איז איר געקומען אויפן געדאנק די איראָניע. שלמה איז גאָר צופרידן. ער פילט יעדן טאָג ווי זיך א קוש צו טאָן פאר זיין זייער טיף פארשטיין מענטשן, דערהויפּט די פרוי. נעכטן האָט ער עס ווידער איבערגעחזרט, בשעת ער האָט זי א קושגעטאָן פארן שיין־אויסגעפּרעסט אויבערהעמדל האָט ער צוגעגעבן: — „זעסט, רחלע, איך האָב געוואוסט אז מיר ביידע וועלן זיין גליקלעך, ווייל וואָס, וואָס, — א פּסיכאָלאָג בין איך א גוטער".

איר שטערן האָט זיך אומעטיקלעך געקנייטשט. דער שלאָף האָט זי אָנ־געהויבן צו מאָרען. אין איר האלב־דרימל האָט זי דערזען אָנקומען מחנות סילועטן פון מענטשן. וואָס טוען זיי? — זיי פירן זיך אליין ווי מתים אויפן בית־עולם, עס כוואליען סילועטן, קלענערע, גרעסערע, זיי שטופּן ווייסע טאַטשקעס, אויף יעדער טאַטשקע ליגט יעדנס טויטער קערפּער. ניט אין שווארצן איינגע־הילט, נאָר אין קאָלירנדיקע טיכער.

# קאפיטל פינף-און-צוואַנציק

.1

דער טויט איז געוואָרן רחלס געליבטער, ביינאכט און בייטאָג האָט זי געדענקט און געטראכט פון אים. פונזיינעטוועגן איז זי געוואָרן אומגעדולדיק, זי האָט געוואָלט וואָס גיכער ווערן אויסגעצירט אין טיפוס-פלעקן. ברענען מיט גרויס פיבערהיץ: זאָל „ער" וואָס גיכער קומען, זי ארומנעמען שטארק, שטארק.

זי איז שוין לאנג ניט געווען אזוי אויפגעלעבט: דער שטארקער קאָפּוויי־טיק — איז א ליבע־בריוול. א שטאָך אין דער זייט, א קאלט־און־היץ קדחת, א שווינדלעניש אין די אויגן, מ׳זעט קוים וואו מ׳איז אין דער וועלט, — טייערסטע בלומען מיטן געליבטנס אייגענע הענט געקליבן פון אירעטוועגן.

איר נשמה האָט זיך געפלאָנטערט מיט א זעלטענעם ענין, דער ענין האָט געמאכט רחלען גליקלעך.

שלמה האָט דערזען: — רחלס פנים, וואָס איז אויסגעדרייט צו דער וואנט, ברענט ווי א העליש פייער ! זי ברענט אינגאַנצן!

אָבער רחל, ווי נאָר זי האָט דערהערט דעם דאָקטערס באשטעטיקונג, אז ס׳איז טיפוס־אויסשלאג, האָט זי אים ארייגעקוקט גלייך אין די אויגן:

— „דאָקטער, בעתן הויפּט עקזאמען איז ביי מיר אויסגעקומען אין זייט גרעסער פונם גאנצן פערימעטער".

דער טאָן אירער איז געווען מיט אזויפיל פרייד און איראָניע, אז ס׳איז געווען שווער צו באַשטימען — רעדט זי פון היץ, צי מיט צופיל קלאָרן פארשטאנד שוין.

בכלל איז דעם דאָקטער געווען קשה וואָס מ׳האָט אים גערופן צו רחלען, ערשט ווען דער אויסשלאג איז ארויס און די היץ איז אזוי גרויס:

— „האָט זי זיך פריער גאָרנישט באקלאָגט?"

לאה האָט זיך דערוואוסט: מ׳האָט שלמהן באפרייט פון דער ארבעט, רחל איז ערנסט קראנק.

איז זי געקומען צולויפן: „זי וויל דעם דאָקטער יעדן טאָג, צוויי מאָל א טאָג".

דעם גאנצן אומזין פון איר לעבן האָט זי דערזען אין רחלס באוועגלאָזן קערפּער: וועגן חיימן האָט זי מורא א טראכט טאָן, איין גאָט ווייסט צי איז ער דאָרטן ערגעץ ביי זיין ערד־ארבעט ניצול געוואָרן; איסר איז מעבר לים; און רחל ליגט א גרייטער מת. איז צוליב וועמען היט זי, ווי א משוגענער הונט, די זעק מיט גאָלד?

זי ברעכט די הענט:

„דאָקטער, רופט נאָך דאָקטוירים, אין געלט איז קיין שום מניעה ניט.

שלמה ברעכט פּיסקעס ווי א קליין קינד: „דאָקטער, ראַטעוועט זי, זי איז אַזאַ וואוילער מענש״.

די שוויגער שוין ווידער מיט אירע אויסגעצויגענע זיפצן. דער שווער מיט א שטילן: — טאַ, טאַ.

די פאַרצווייפלטע מוטער איז אוועק באַגלייטן די דאָקטוירים: „אפשר קאָנען זיי אַראָפּברענגען א פּראָפעסאָר פון אָדעס, פון קיעוו״.

די שוויגער האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און זיך צעוויינט: „רחלע, פאַרשעם ניט מיין שלמהן, מאַך אים ניט פאַר אן אלמן!״

חיה, ציפּע — אַלע וויינען.

רחל ליגט מיטן פּנים צו דער וואנט, אירע אויגן גלאנצן, גליען פייערדיק: מיטן אָפּברעכן זיך פון לעבן וועט עס זיך נאָך ניט פאַרענדיקן, אפילו נאָכן טויט איז מען ניט באַפרייט . . . דער מאַמען די קינדערשע געטריישאַפט ניט דערגעבן; סאַשען באַליידיקט; שלמה, זיינע עלטערן — זי לאָזט איבער אן אומאַנגענעם געפיל ביי אַזוי פיל מענשן. עס פאַרדריסט איר שטאַרק דאָס ווייטאָן זיי, נאָר פאַר א צוריקוועג — ניט זי האָט כח, ניט זי וויל פאַרזעצן דאָס נמאס׳ע לעבן.

די שוועגערינס, כאָטש זיי ציטערן — זיי האָבן קליינע קינדער, זיינען אויך ביי רחלס בעט. חנהס ליפּן זיינען צעווייטיקט בלוי:

— רחל, א חוץ דיר האָב איך ניט קיין שוועסטער״ — איר קול האָט זיך איבערגעבראָכן.

רחל וואָלט גערן געענטפערט מיט א גוט וואָרט, זי האָט זייער ליב חנהן.

די אינגערע שוועגערן כליפּעט און ווישט אירע טרערן אָן שום ווערטער. מיט איר וויל רחל מיטוויינען, איר פילט זי מיט אויף אן אנדער אופן. נאָר עפּעס א מאָדנע מידקייט שטויסט אָפּ רחלס פאַרלאנגען מיט א מוטלאָזן באַ־פעל: „גיי אָן מיט דיין פּרעטענדירן אז דו פאַרשטייסט גאָרנישט, סיי־ווי נאָך א ביסל און דיין לעבן וועט זיך אויסלעשן״.

זי האָט זיך פאַרלאָרן אין א גליקלעך געפיל: באַלד, באַלד, וועט זי זיך באַפרייען פון אַלע פאַלשקייטן.

דאָס בלאָנדזשען אין אירע געפילן האָט זי פאַרמוטשעט. זי האָט אויפ־געהערט אָטעמען.

ס׳איז געוואָרן א טומל, געשרייען: — „א דאָקטער, דאָקטער, ראַטעוועט.

— דער דאָקטער האָט געגעבן א נאָדל.

ביינאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט. חיה, די מוטער, שלמה האָבן זיך דער־פרייט: דאַכט זיך זי פילט בעסער.

וויפיל מאָל האָט רחל ביי זיך געזינדיקט מיטן טראַכטן וועגן סאַשען; און וויפל מאָל האָט זי מיט זיך אָפּגעמאַכט: „דאָס איינע מאָל נאָך וועט זי מיט איר געדאַנק פילן אים לעבן זיך און מער קיינמאָל ניט". און ווי טייער און שווער איז געווען זיך אָפּצורייסן פון דעם ווידער און ווידער א לעצטן מאָל. „דאָס לעצטע־מאָל" — האָט דעם כח צו געבן פרייד און גלויבן און זעלבסט־באַ־הערשונג: און אויף מאָרגן, ווען זי האָט געכאַפּט איר געדאַנק זיך ווידער דער־נענטערן צו אים, האָט זי געמאַכט בלויז איין קליין קניפּל אין איר זיידן נאָזטיכל, עס שטאַרק צונויפגעדריקט אין דער האַנט — איז וואָס קאָן נאָך זיין ערלעכער: דריי עקלעך קעגן איינעם. ס'האָט זיך אַרויסגעשלעפּט דאָס פּערטע. — איז נאָך דאָס איינאיינציק מאָל . . .

איצט האָט זי פון איר קראַנקען־בעט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צום הימל: סאַשע האָט ליב דעם אויסדרוק — „אָן אָדלער דערצויגן אין קנעכט־שאַפט, בענקט נאָך שטאַרקער נאָך די הימלען". סאַשע האָט איר געהאַט אָנ־געוויזן אויפן „גרויסן־בער": — זעסט די זיבן שטערן, ווי א פענדל, אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן עקזיסטירן, וועט מיין ליבע צו דיר ניט אויפהערן זידן".

זי האָט אויסגעשעאָסן א סאַרקאַסטיש געלעכטער:

— כאַ, כאַ, כאַ, דאָס פענדל איז איבערגעלאָפן, ס'איז קיין טראָפּן ניט געבליבן!"

זי האָט געוויינט און געשלוכצט: „נעמט צו דאָס ליידיקע פענדל".

שלמה בעט זי: — „רחלע, באַרואיק זיך".

חיה: „פו, פו, מ'דאַרף איר אָפּשפּרעכן א גוט אויג, אַז זי ליגט, נעבעך, אין אַזא צעפּלאַמטער היץ און ליזע, די נאַרישע חברטע אירע, שרייט — „רחל, ביסט אַזוי שיין!"

די מוטער: — „טאָכטער, קינד, אָט נעם איך צו דאָס פענדל".

— „ליגנערן", וויינט רחל, מ'קאָן עס אפילו מיט אַ לייטער ניט דער־לאַנגען".

— „אָט וועט שלמה זיך אַרויפשטעלן אויפן לייטער".

— „זאָל ער זיך ניט דערוועגן אָנצורירן דעם לייטער!"

זי האָט ספּאַזמאַטיש זיך צעשלוכצט, אי וואָס איר אייגענע מוטער שטופּט צו שלמהן דעם הייליקן לייטער, אי וואָס פאַרן טויט רעדט זי אַזוי מיאוס צו דער מאַמען. און אויפן אָרט דערפרייט זיך: ס'איז גאָר בעסער אַזוי, — וועט דער מאַמען ניט באַנגטאָן נאָך איר.

— „ביסט א ליגנערן, האָסט אפילו ניט אַזאַ לאַנגען לייטער".

נאָר אָנשטאָט דאָס זאָל קלינגען בייז, איז עס גאָר אַרויסגעקומען ווי זי וואָלט זיך חבריש געוויצלט מיט איר מוטער. זי האָט זיך צעלאַכט אַזוי האַרציק, אַז אַלע האָבן אָנגעהויבן לאַכן דורכן שטיקנדיקן געוויין, ווייל זיי האָבן געזען, אַז זי ווערט מיט יעדער רגע ערגער.

רחל איז אויפגערעגט אומעטיק געוואָרן. אין דרויסן האָט געבלאָזן א ווינט, די שויבן האָבן זיך געשאָקלט. פון איר בעט ביים פענצטער קוקט אויס דאָס זיך־ווירבלענדיקע מיסט, ווי אָן א שיעור אָפּגעריסענע קינדער וואָלטן ארומגעיאָגט און געוויינט. זייער וויינען ווערט שטארקער מיט דער קראַנ־קערס מעלאנכאָלישער ווערן.

זי וויל זיי בארואיקן: ס׳איז גאָרנישט, וואָס זיי, הונגעריקע קינדער־לעך, האָבן ארויסגעשלעפּט פון פרעמדן טעפּל דאָס ניט־דערקאָכטע פלייש.

זי שרייט זיי זאָלן דערהערן אין דרויסן ארויס, מיט א קול ס׳זאָל איבער־שטייגן זייער וויינען:

— „ס׳איז ניט קיין גנביש גנבנען! ס׳איז־ז־ז־ז״.

ס׳האָט איר אָנגעהויבן כאָרכלען אין האלז. אָבער לעפּעלעך טיי לאָזט זי בשום אופן ניט ארייננגיסן אין איר מויל. זי קרעכצט אויס: „גיב עס זיי״.

דער ריטם פון איר אָטעמען האָט זיך געביטן צום ערגערן. זי האָט פאר־געסן אלץ און אַלעמען. זי האָט געהערט א סך מענשן רעדן, עס דאַכט זיך איר, זי פארשטייט זיי, נאָר עפּעס זיינען זיי אזוי ווייט . . . אָט ווערן זיי איינ־גאנצן פארשוואונדן, פּלוצים טיילט זיך אויס דער, יענער . . . עפּעס זוכט זי. עמעצן . . . און באלד פארגעסט זי וועמען זי האָט געוואָלט.

זי ווייסט דייטלעך, אז עס פּאסן זיך ניט ארײַן אירע ווערטער, דאָך קאָן זי זיי ניט צוריקהאלטן. אָט זאָגט זי אויף א קול: דאָס ניט קאָנען אויפהערן בענקען איז ניט אזוי די ליבע, ווי דער סוד — פון״ . . .

פּלוצים דערזעט זי מייסטערישע בילדער אינגאנצן צעלעכערט און זי דערציילט: „דער גבירנטעס גאָלדענע טעצלעך האָבן רואינירט אַנאַ מארקאָוו־נעס טייערסטן אָנדענק פון איר געניאלן מאַן. דאָרט אין פינצטערן אלקער ליגן זייערע טייערע חפצים״.

— דאָקטער, האָט א באוואוסטזיניקער מענש א רעכט צו בויען יענעמס גליק אויף זיין אייגענער אומקלאָרער פאנטאזיע? כ׳מיין טאקע „יענעמס״, ניט קיין אייגנס״.

* * *

עס איז שוין אדורך דער „קריזיס״, דער „ליזיס״. איטלעך מאָל א קאָנ־סיליאום פון דריי דאָקטוירים. זיי רעדן צווישן זיך: „ס׳איז פארפאלן, אין איר קערפּער איז ניטאָ קיין שום פארלאנג צו קעמפן״.

זייער דרייען זי אויף אַלע זייטן האָט זי צוריקגעבראכט צום באוואוסטזיין, זי האָט ווי דורך א וואנט פארשטאנען זייער אויפגעבן זי און זיך שטארק דערפרייט: באלד וועט זי אלעמען באפרייען פון זיך.

זי האָט א ציטער געטאָן, ווי פון שרעק פאר עפּעס זייער אימהדיקס: אַזאַ פרייען זיך קאָן זי אפשר קרעפּטיקן.

זי האָט זיך איבערגעגעבן דעם פּיין פון ניט קאָנען באַנעמען די וועלט, וואָס איז שוין ניט איר וועלט, און וואָס אַמאָל געוואָרן ענלעכער צו אַן אויס־ברענענדיק ליכט.

אַן אויסגעדאַרטע, אַן איינגעגאַנצן ניט דאַאיקע איז זי געלעגן אָן אַ באַוועג. דער פּולס האָט קוים געאַרבעט, די פאַרברענטע ליפּן עטוואָס אָפּגעשפּאַרט, די אויגן פאַרגלאָצטע. שוין דער דריטער טאָג און ניט זי לעבט, ניט זי איז טויט. מ׳רעדט צו איר, מ׳דרייט אַרויס דאָס ליכט, מ׳דרייט עס אַריין, ס׳איז ווי ניט זי מיינט מען. מ׳רעדט שוין אַלצדינג אין צימער.

ברוך איז אומיסטן געקומען פון זאַוואָד. ריידן צו זיין איינציקער שוועס־טער איז שוין ניטאָ וואָס. ער האָט האַרציק זיך איינגעקוקט אין איר, זיך אויס־געווישט די פייכטע אויגן: עפּעס אַ בייז פאַרפירעניש האָט זי פון קליינערהייט אָן געשלעפּט אין אַנאַנדער וועג. — זיך געחברט מיט שלעפּערינס, געוואָלט דערלערנען, ווי אַ געלערנטער מאַנצביל. עפּעס ניט ווי די מיידלעך פון זייער משפּחה, זייער גראַד, און דאָס האָט געמאַכט פון איר אַ סוף אַזוי יונג.

ער האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן און אַוועקגעאיילט צו זיך אַהיים: ער דאַרף נאָך פאַרכאַפּן אַ פּאָר זאַכן און אויף צוויי זייגער זיין צוריק אין זאַוואָד. די רויטע אַרבעטן שמיידיק און פאָדערן אַלץ צו דער מינוט, צו דער רגע.

* * *

— אַ קאַצאַפּ איז געקומען אַהער רופן לאַהן, ער דאַרף לייען געלט. לאה האָט זיך שטאַרק דערפרייט: היינטיקע צייטן, ווי מעג מען עפּעס אַרויסגעבן פון די הענט, אָבער אים, הלוואי וויל ער וואָס מער, ביי אים וועט עס זיין נאָך זיכערער ווי ביי איר.

זי איז צוגעגאַן צו רחלס בעט, אַ טיפן, פאַרצווייפלטן זיפץ געטאָן, און באַשטימט: חיה זיצט דאָ, דער קאַצאַפּ וועט אויך בלייבן דאָ, זי וועט אויף גיך אַ לויפטאָן צו זיך אַהיים אַרויסדערביוווען אַ בינטל און עס ברענגען אַהער.

* * *

יאַנקל, דער שוסטער, האָט בשום אופן ניט געקאָנט איינשלאָפן.

ס׳איז דאָס ערשטע מאָל אין יאַנקלס לעבן זיינע געדאַנקען זאָלן אים ניט לאָזן שלאָפן. פון קליינערהייט אָן איז הונגער זיין געטרייער חבר. און אין וואו עפּעס אַ צרה, וואו עפּעס אַ שאָדן, אפילו וואָס עמעצער האָט אָפּגעטאָן, האָט מען אים באַשולדיקט. איז ער אַרומגעלאָפן אַ צעממיתטער, אַ צעהרגעטער. אפילו שוין אַ באַווייבטער און שפּעטער אַ טאַטע פון קינדער, אָבער די אָפּ־געשפּאַרטע ווילדקייט האָט אים נ׳ט אָפּגעלאָזט.

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן, מיט אָפּגעשלאָגע־נע זייטן, צוויי מאָל האָט מען אים צעשפּאָלטן זיין קאָפּ, דאָך האָט עס אים ניט געשטערט זיין שלאָף. פאַרקערט ער איז נאָך לענגער געשלאָפן. ווען ער

האָט זיך צעהרגעט מיט זיין פּראַדלס חתן — איז ער אָפּגעשלאָפן דריי טעג נאָכאַנאַנד.

יאנקל האָט געפילט עס קלעמט אים אונטערן לעפעלע און ס׳איז נאָך ערגער פון הונגער. עס נאָגט אים דער בזיון וועגן וועלכן רחל האָט אזוי האר־ציק גערעדט. ערשט איצט האָט עס אים צענומען: לאה מיט די סוחרים האָבן אים טאקע באהאנדלט ווי ער וואָלט געווען א בעטלער. אים, וואָס האָט אין די ערגסטע צייטן ביי קיינעם גאָרנישט ניט געבעטן. געוואָלט האָט ער דאָס לעדער צו ראַטעווען זיך און די שטאָט פון אַן אומגליק.

ער האָט מיט א פאַרקלעמט פּאַטעריש הארץ געהערט זיינע מיידלעכס ווארפן זיך אין שווערן שלאָף; געהערט זיין ווייבס קרעכצן.

רחלס געשטאַלט האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגן: ווי זי האָט דאָס גערעדט צו אלע, זיך ניט אָפּגעשראָקן, כאָטש מ׳האָט געלאכט איר אין פּנים אריין, כאָטש מ׳האָט זי געמוסרט. און אים, יאנקל שוסטער, האָט זי אזוי קלוג אַלץ דערקלערט, כאָטש זי האָט געהערט ווי ער האָט זי געזידלט.

ער האָט קוים דערלעבט דעם מאָרגנדיקן טאָג: ער מוז גיין צו רחלען און זיך מיט איר דורכריידן.

* * *

חיה, א מידע, א צעוויייטיקטע איז געזעסן ביים בעט און געהיט רחלס נשמה.

אין טיר האָט זיך אַריינגעשטעלט יאנקל, דער שוסטער, ער האָט אראָפּגע־נומען דאָס היטל, געמאַכט צוויי ניט דרייסטע טריט און איז טויט בלאס גע־וואָרן. ער האָט מיט ביידע הענט זיך צעכראַסטעט דאָס העמד.

— „אוי חיה . . .״ רחלס גוססדיקער אויסזען האָט זיך אים ווי א שטיין אוועקגעלייגט.

ער קלאַפּט זיך אין זיין בעריש פאַרהאָריקטער ברוסט און זיין באַסאָווע קול וויינט ממש:

— „אוי חיה, טאָמער וועל איך ניט קאָנען אראָפּרעדן אלץ פאַר רחלען, — וועל איך באַקומען א פּאַפּלעקציע.

— רחל, רחל, כ׳האָב אייך אזוי פיל זאכן צו פרעגן, און מיין שוסטערי־שער קאָפּ דאַרף א סך צייט אלץ אויסצוריידן. רחל, ווערט געזונט. רחל, איך האָב אייך באַליידיקט, פּשוט ווייל כ׳האָב ניט געוואוסט ווי אין דער ערד מיין קליינער שכל איז. ערשט היינטיקע נאכט האָט עס מיך געכאַפּט ביים הארצן.

— רחל, אויב איר וועט מיר ניט פאַרגעבן, וועל איך אָט אָ־דאָ, לעבן אייך קריגן דעם שלאָק.

דער קאַצאַפּ האָט באַדוירנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— „א, שאָד וואָס די מוטער איז אוועקגעגאנגען די לעצטע מינוטן, די טאָכטער, אזא יונגעטשקע, איז שוין טויט.

יאַנקל האָט א געשריי געטאָן ניט מיט זיין קול:

— „איך זאָג, זי וועט ניט שטאַרבן!"

זיין קול האָט געקלונגען, ווי ער וואָלט בעתן אויסשרייען, זי א ריס געטאָן פונם מלאך־המות׳ הענט ארויס.

אין רחלס אָפּגעטעמפּטן געהער האָט זיין שטים עפּעס אויפגעוועקט, זי האָט זיך מיטאַמאָל ארויפגערוקט העכער אויפן קישן.

ביי יאַנקלען ציטערן די ליפּן, נאָר קיין וואָרט קאָן ער ניט ארויסברענגען, ווי ער וואָלט אויפן מאָמענט שטום געוואָרן.

חיה ציטערט אינגאנצן; זי וויל דאנקען גאָט, בעטן גאָט, — שעפּטשעט זי די ברכה פון חלה־נעמען, פון ליכט־בענטשן. גאָט וועט מוזן אָנעמען איר בקשה דורך די ברכות, קיין אנדערע קאָן זי ניט.

רחל, וואָס האָט זיך שוין אינגאנצן איבערגעגעבן אין טויטס רשות, האָט פּלוצים דערהערט, ווי פון א גרוב ארויס, עמעצנס א ליבלעך מורמלען און עפּעס א מאָן ריידן: עס איז אַזוי פּאָטעריש געטריי. איר טאַטע? רופט זי צו זיך? ס׳איז איר גרינג, גוט ווי מ׳וואָלט איר אָנגעטשעפּעט פליגל.

— אָבער דאָס רעדן שטערט איר ווילן זיך־אויפצולייזן, ניט־ווערן. וואָס פאר א בייזער חלום? פאַרוואָס זשומעט אין איר קאָפּ: „איך יאַנקל דער שוסטער" . . . וואָס האָט איצט אָנגעטראָגן עפּעס א יאנקל שוסטער? יאנ־נק־ל דער שוסטער. — ווער איז ער ? ? ?

יאַנקל טענהט: — „מ׳דארף לויפן אויפן בית עולם רייסן קברים".

דער דורכגעלעבטער ווייטיק, פון יענעם טאָג ווען איר מוטער און אלע האָבן מיטאַמאָל איר אַרויסגעוויזן זייער ניט ווילן זי קאָנען, האָט איצט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מיראַזש, וואָס האָט געשוועבט אין רחלס צונויפגעשלאָסענע אויגן: אָט פארדאמט מען זי מיט די אויגן, מיט די צונגען, אויגן . . . אָט האָבן זיך אָנגעהויבן קריגן יאַנקל דער שוסטער און זיין משפחה מיט בערל שוסטערס אלמנה. זי שעלט, שרייט „מערדער", „מוידן" „די באָבע פון יענער וועלט" . . . אפילו דער פאָטער שרייט אויך : „מוידן! פארשווייגט איר ניט. מקללה׳ט, משלאָגט זיך . . . ס׳האָט רחלען באשלאָגן א היץ.

עמעצער שפּילט וויינענדיק — „איך, יאַנקל דער שוסטער, וועל לויפן זי אויסבעטן ביי מיין באָבען, ביי איר באָבען, מיין באָבע . . .

וואָס וויל ער? זי זאָל אויף יענער וועלט בעטן ביי זיין באָבען זווגים פאר זיינע „מוידן"? ס׳איז איר קאָמיש געוואָרן. א שוויס האָט אָנגעהויבן גיסן פון איר גאנצן קערפּער: זי באָדט זיך אין ים, אפילו די הייסע זון קאָן ביי אים ניט צונעמען זיין דערקוויקנדיקע קילקייט. גאָלדענע פישעלעך שווימען צו איר — דאָס זיינען די נשמות פון די באָבעס, וואָסערע איז יאַנקלס? זיי האָבן אלע ראָויטינקע בעקעלעך, אַלע באָבעס זיינען דאָ גלייך . . .

אָבער עפּעס א פאַרצווייפלט קול הערט ניט אויף צו רופן, זי האָט אָנגע־שטרענגט אירע לעצטע כחות, עטוואָס אויפגעעפנט אירע צוגויפגעשלאָסענע אויגן: א קאַצאַפּ, ניט קיין אויסגעווישטע טרערן אין חיה׳ס אויגן, און א מאַן, טאַקע ווי יאנקל דער שוסטער.

ער האָט זיך דערפרייט, אין זיין פּנים א וואונדערלעך־געטריי, הייס גע־פיל:

— „רחל, איר דערקענט מיך ? דאָס בין איך יאנקל דער שוסטער, א שוסטערישער קאַפּ, באַנעמט אפילו ניט אַן עוולה קעגן זיך אליין. אָבער עפּעס א פענצטערל האָט איר דאָך געעפנט אין מיין שווערן מוח, בין איך געקומען אייך בעטן, איר זאָלט מיר העלפן צום איבעריקן פאַנאַנדערקלייבן זיך. — וועל איך, לערנדיק זיך שערן אויף מיין דראַטווענער באָרד, אפשר קאָנען אנדערע שווערע קעפּ, ווי מיינער, די זאַך דערקלערן".

וואָס, יאנקל שוסטער? אַזוינע ריידן? עס קאָן ניט זיין. זי מוז ווידער אויפ־רייסן די זיך צוגויפשליסנדיקע אויגן. זי איז נייגעריק, פּשוט ווייל ס׳איז אומ־גלויבלעך.

— יאָ, ס׳איז יאנקל רעדט דאָס אלץ, און זי האָט אים באַווירקט צו באַדענקען זיך. „א טראָפּן נאָך א טראָפּן דויבט א שטיין". אויך אַזאַ ווי זי קאָן ווערן א דויבנדיקער טראָפּן.

ס׳האָט זי ווידער באַשלאָגן א שטאַרק שוויצן, ווי זי וואָלט געוואָלט ים׳ען מיט טראָפּנס אַרויסבערענגען פון זיך.

מיטן אָפּשוויצן איז איר באַוואוסטזיין אינגאַנצן קלאָר געוואָרן. זי האָט זיך פאַרטראַכט וועגן איר וועלן אַנטרינען פון אלצדינג. און ווי איינער זאָגט אָפּ אומבאַטראַכט א גראָב נאַרישקייט און נאָכדעם פאַרדריסט אים פיינלעך, אַזוי איז זי ניט צופרידן געוואָרן מיט זיך: ס׳איז נישט קיין שכל, נישט קיין מוט, נישט קיין אויפטו, ס׳איז א וועג פון א משוגענעם עגאָאיזם, — מ׳האָט זי באַליידיקט; זי וויל ניט פילן דאָס שלעכטע פון שולדיק־זיין פאַר יענעם; זי, זי . . .

— „אין אמתן האָט זי נאָך גאָרנישט דורכגעמאַכט אין לעבן, זי דאַרף נאָך אפריער אליין א סך דורכגיין".

א פאַרסאָפּעטע איז לאה אַריין אין צימער: רחל ליגט אַרויפגערוקט אויפן קישן און מ׳וואָלט געקאָנט שווערן אַז איר פּנים האָט אויפגעלעבט, ווי ס׳וואָלט געשמייכלט.

נאָר דערהערנדיק, אַז איר טאָכטערס צו־זיך־קומען איז צוליב יאנקלס „האַקן א טשייניק", איז איר דאָס האַרץ איינגעפאלן.

.2

רחל האָט גענומען געזונט ווערן. עס האָט איר פאַרדראָסן וואָס איר מו־טער איז גייסטיק ווייניק אַנטוויקלט, וואָס זי האָט ניט קיין בילדונג, מ׳זאָל,

כאָטש אַנדערש אין די מיינונגען, און פאַרט זיך קעגנזייטיק חשוב האלטן מיטן גאנצן הארצן.

דאָס האָט אין איר ווידער ארויסגערופן א דערווידערונג קעגן דער גע־וועזענער אָרדענונג, מיט א האָפענונג: אפשר וועט פאַרט קומען א צייט ווען אַלע מענשן וועלן באַקומען העכערע בילדונג. דער געדאַנק זאָל ארבעטן איבער וויכטיקע פּראָבלעמען מיט א שנעלקייט, ווי גיך דאָס אויג כאפּט ארום א פּראַכטפולע לאנדשאפט.

זי האָט פריידיק געשמייכלט.

פונקט ווי זי איז פריער געווען אומגעדולדיק וואָס גיכער צו שטאַרבן, אַזוי האָט זי איצט געוואָלט וואָס גיכער קומען צו די כחות. צו קרעפטיקן זיך, — זאָל מען איר דערלאנגען גאָגאָלס ווערק, פּושקינס לידער, די ווערק פון אירע באליבטע שרייבער.

אירע אָפּגעשוואכטע הענט האָבן געציטערט פון די שווערע ביכער, די פּלייצע האָט וויגעטאָן, נאָר דאָס האָט איר אָבער ניט באַווירקט אויפצוגעבן איר לייענען. זי האָט זיך צוגעכאַפּט מיט א ניי דערוואַכטער פרישקייט צו די וואונדערלעכע ווערק פון די גרויסע רוסישע מייסטער, ווי צו אַן ערשט אנ־דעקטן קוואַל.

יאנקל, דער שוסטער האָט איבערגעריסן רחלס פאַרטראַכט לייענען. ער איז אריין מיט א ברייטן — „גוטנאָוונט".

— רחל, כ'האָב געבראַכט מיט זיך מיינע מוידן. זאָלן זיי פון אייער מויל הערן זאַכן, וואָס זייער טאַטע וואָלט ניט מיד געוואָרן צו הערן. זיי האָבן סיי־ווי ניט וואָס צו טאָן, די גבירים האָבן אויפגעהערט ארייננעמען צו זיך אין שטוב צו פאַריכטן, פאַרמערעזשען זייערע זאַכן. זיי מיינען אַזוי וועט מען ניט וויסן, אַז זיי זיינען אָנגעשטאָפּט, אַז זיי באַהאַלטן אוצרות מיט טישטעכער, סערוועטן, לייַלעכער, ציכן, זאָקן, וואָס וואָלט געסטאַ־יעט פאַר א גאַנצער ארמיי".

די פיר־און־צוואנציק יאָריקע פראדל און איר שוועסטער זיסל, מיט אכט חדשים עלטער, זיינען חנעוודיקע מיידלעך, נאָר זיי זיינען עפּעס ווי פאַריטש־מעליעטע. אפשר דערפאַר, וואָס יעדערער רופט זיי „אַלטע מוידן", כאָטש זיי קוקן נישט אויס אלט אפילו לויט זייערע יאָרן.

זיי האלטן זיך זייער ציכטיק, נעט. איטלעכערס קאָפּל איז אויסגעמערע־זשעט מיט אנדערע מערעזשקעס, ווי זיי וואָלטן געלאָזט וויסן וואָס פאַר א פיינע האנט־ארבעט זיי קאָנען טאָן.

יאנקל האָט זיך געאיילט, ער איז שטארק פאַרנומען, און איז טאַקע באלד אוועקגעגאנגען.

לאהן האָט געשלאָגן צום הארצן איר בת־יחידה׳ס חברן זיך מיט „שוס־טערוקעס״, האָט זי איבערגעלאָזט די „מוידן״, זיי זאָלן שוין זיין מיט רחלען ביז שלמה וועט קומען.

די מיידלעך האָבן זיך ארויפגערוקט אויף זייערע שטולן, ווי מיט לאהס אוועקגיין וואָלטן זיי זיך דערפילט גרינגער, היימלעכער.

פראדל האָט א שעמעוודיקן שמייכל געטאָן:

— רחל, מיר ביידע און אונזער מאַמע דאנקען אייך זייער פאר אייערע האַרציקע רייד. דער טאַטע איז געוואָרן אינגאנצן אן אנדערער״.

זיסל, וואָס האָט זיך געפילט שולדיק צוליב איר ניט קאָנען קריגן א חתן, און פראדל איז דערפאר אויך געבליבן אָנעם חתן (ווייל ער האָט מער ניט געוואָלט ווארטן), האָט מיט הכנעהדיקער ליבשאַפט צוגעשאָקלט צו דער שוועסטערס איטלעך וואָרט.

„יאָ, יאָ, פראדל, דער טאַטע איז אינגאנצן אנדערש געוואָרן״, און צו רחלען האָט זי ליב געשמייכלט:

— איר האָט דערציילט דעם טאַטן, אז די באָלשעוויקעס אנערקענען גוטע ארבעט, איז ער אוועק אין רעווקאָם און דאָרט געזאָגט זיי זאָלן אים געבן זייע־רע צעריסענע שיך און שטיוול — וועט ער זיי פאריכטן און וועט פאר זיין ארבעט גאָרנישט רעכענען.

פראדל לאכט:

— דער טאַטע זאָגט, ס׳איז דאָרט געוואָרן אזא הילכיקע שמחה, אז עס האָבן אים אזש אָנגעהויבן ווארגן טרערן״.

זיסל שאָקלט־צו מיטן קאָפּ:

— „ווי איר קוקט אָן אונזער טאטן איז ער זייער א גוטער. ער ארבעט איצט בייטאָג און ביינאַכט און זינגט דערביי, זאָגט וויצן, ס׳איז אונז איצט זייער פריילעך מיט אים. מיטן זאק אַלטע שקראבעס, וואָס זיינען ביי אים פארבליבן נאָך פון פאר דער מלחמה, לייגט דער טאטע שיינע, מערסטנס אינווייניקע לאַ־טעס, און אַלע לויבן אים דאָרט ביז אין הימל אריין.

פראדל, מיט עפּעס א זעלבסטבאַוואוסטקייט און שטאָלץ:

— און מ׳האָט אים באצאָלט פאר זיין ארבעט, זיי ווילן ניט אומזיסט״.

זי האָט אָנגעוויזן אויף אירע שיך:

— „ווען אן אַנדער שוסטער פאריכט זיי, וואָלט געווען נמאס צו קוקן אויף זיי, אָבער אזוי, איז ווען מ׳גייט גיך דערקענט מען אפילו ניט צי די שיך האָבן אזוי פיל לאַטעס״.

רחל האָט דערשפּירט, אז אין דער טיף פון זייערע שווארצע בולטע אויגן, אונטער דעם פארשעמטקייט איז פאראן א סך נאַטירלעכע חכמה. עס האָט זי געדרייצט א פארלאנג ארויסצובאקומען דאָס פאַרבאָרגענע אין זיי אויף

דער פלאַך, צו קאָנען פון דעם געוואָר ווערן, לערנען עפּעס אַזוינס וואָס זי ווייסט ניט און וואָלט עס געדאַרפט וויסן.

פון קלײנערהייט אָן האָבן די מײדלעך יעדן טאָג זיך אָנגעשלאָגן אין באַליידיקונגען, וואָס האָבן זיך אַרייַנגעקריצט טיף אין זייערע נשמות.

— אין די הייזער, וואו זיי האָבן געאַרבעט, האָט מען זיי געהיט ווי מיאוס גנבטעס; זיי געזשאַלעוועט דעם ביסן; געפּאָדערט, געשריען, געזידלט זיי ווי די ערגסטע.

אַלט איבערגעבליבן עסנוואַרג — צום אַרויסוואַרפן — האָט מען געהאַלטן פאַר זיי, שטונדנווייז זייַנען זיי אָפּגעשטאַנען אין קיך, אָדער אין קאָרידאָר און געוואַרט מען זאָל זיי באַצאָלן זייערע מאָגערע פאַרדינסטן. מ׳האָט זיי גענאַרט מיטן געצאָלטס, צוגעטראַכט וואו א קונץ צו ניטדערגעבן זיי א קאָפּיקע. מ׳האָט זיי דערלאַנגט די שווער־פאַרהאָרעוועטע פאַר קאָפּיקעס, ווי משענקט א נדבה בעטלערקעס, וועמען ס׳איז דערווידער אַריבערצולאָזן די שוועל.

**3.**

א בלוטיקע אומקלאָרקייט האָט געהערשט אין די צווישנ׳שנאה׳דיקע באַציאונגען אין רוסלאַנד. געדאַכט האָט זיך, מען הערט פון אַלע זייטן שאַרפן מעסער. א שאַרך: „ברודער לויערט אויף ברודער".

יענע שטעטלדיקע אינטעליגענציע, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן קעגן באַלשעוויזם, האָט זיך שטאַרק געקאָכט:

— „יאַנקל, א שוסטער, מיט זייַנע מוידן זייַנען געוואָרן גאַנצע „רויטע" און רחל חברט זיך מיט זיי!"

מ׳האָט ניט אויפגעהערט צו שמועסן:

— „אַנשטאָט אייַנצוהאַלטן, צוציען רחלען אויף דער גערעכטער זייט, האָט מען זי ממש געשטויסן צו די דעמאַגאָגן".

דער לערער בלינדער האָט געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן זיך:

— „איך האָב איר געהייסן גיין פון דער ביבליאָטעק, ווייל איך האָב שוין דעמלט געזען, אַז זי פאַרקערעוועט זיך צו אלדי רוחות".

מ׳איז אין דרייען, אין פּירן געקומען כלומרשט זי מבקר חולה זיין. אָבער אוועק איז מען מיט צעהיצטע פּנימער. אַן אויפגערעגטער שנאה׳דיקער געבייזער האָט ניט אויפגעהערט צו שיטן זיך איבער איר.

רחל איז געווען שטאַרק צופרידן מיט זייער באַזוך, אירע פּיס זייַנען נאָך געווען צו שוואַך צו גיין אין גאַס, געפּלאַגט האָט זי זיך: זי איז גייסטיק ניט גענוג שטאַרק צו פאַראייניקן זיך מיט די, וואָס קעמפן אויפן פאָלקס זייט.

איר געבן יעדן אייַנעם א מוטיקן קעגנענטפער אויף אַלע זייערע באַווייזן, אַז מ׳מוז אָנהאַלטן א דערוויילִיקן פרידן מיט דער בורזשואַזיע, איז געווען ממש א דערקוויקונג פאַר איר. עס האָט זי איבערצייגט: זי, די טאָכטער

פון אַ דעקלאַסירט בירגערטום, האָט באַקעמפּט אין זיך דאָס פּסיכאָ־אידייאישע פון דער קליינ־בירגערלעכער וועלט.

„צוזאַמען מיטן טיפּוס איז אויך די קראַנקהייט אוועק פון איר!

— צוליב דער רעוואָלוציע האָט ניט איינער איבערגעריסן מיט אייגענע, מיט זיין סביבה".

זי האָט געשפּאַסט מיט זיך און געהאַט גרויס הנאה: מיט דעם געליבטן וועט זי ניט מורא האָבן צו זינדיקן, וואָס שטאַרקער זי וועט זיך צוטוליען — אַלץ געלייטערטער וועט זי ווערן.

פון דעם ביטערן צאַרענען פון אירע אינטעליגענטע באַזוכער איז וואָס א טאָג פעסטער געוואָרן איר מוט. זייערע ניט אויסגעהאַלטענע תרעומות מיט די אומהיימלעכע פלאַמען אין זייערע אויגן האָבן אָפּגעשפּיגלט די אַנדערע, קעגן וועמען זיי האָבן זי גערופן.

זי האָט געזען: שטיבלעך ווי קברים, דער פינצטערער דלות מיט זיין לאַנגער קייט פון דחקות האַלט געשמידט טאַטעס, מאַמעס, קינדער — די ריי־כע שפּאַנען איבער זיי. מיט ביטערקייט רעדן זיי אייך: „זיי מאַכן לויזער די קייט". און די אומגליקלעכע אין זייער בלינדקייט לאָזן זיך אַזוי מיאוס אָפּ־נאַרן.

„מ'דאַרף באַווירקן אַלע יאַנקלס מיט זייערע ווייבער און קינדער זיי זאָלן אָנהייבן טראַכטן. זיי זאָלן אויפהערן אַקצעפּטירן אַלע אומגליקן, וואָס שיטן זיך אויף זייערע קעפּ".

## 4.

חיים איז אַהיימגעקומען. פון די הונדערט־און־פערציק קאָלאָניסטן אין נאָווא־פּאָלטאַווקע האָט זיך אים און נאָך איינעם דאָרט, וואָס האָט אויך ניט געהאַט זיין פאַמיליע, ווי דורך א נס זיך איינגעגעבן אַנטלויפן. די אַנדערע האָט מען אַלע אויסגעשאָסן, די פרויען פאַרגוואַלטיקט, זיך נוקם געוועזן אין זיי. מיט לאַנגע פּיקעס האָט מען געפּרואווט יעדער סטויג היי, סטערטע שטרוי און אויסגעשטאָכן אַלע קינדער.

פון דעם געוועזענעם ראָז־מאַטן, שטאַרקן חיימען איז געבליבן בלויז א משונהדיקע איבערגעבראָכענע הויט אויף אַרויסשטאַרטשענדיקע ביינער. זיינע אויגן פול מיט שרעק, ווי אַן אויסטערליש ליכט אין א פינצטערער טיפקייט.

איבער צוויי חדשים האָט אים גענומען דערשלאָגן זיך אַהיים. אַנטלאָפן איז ער פון דער קאָלאָניע באַרוויס און בלויז, אין א פּאָר אַלטע אַרבעטהויזן. האָט ער פאַרזוכט דעם טעם פון זיין א בעטלער, א אידישער בעטלער אין אַזאַ צייט.

ס'איז אים גאַרנישט צו דערקענען, דאָס קינד ציטערט, האָט מורא צו קוקן אויף אים. נאָר דעם פּאָטערס צעקרענקט קול וויל ער הערן און וויינט!

— „דאָס איז ניט מיין טאַטע, פון יענער זייט אים הער איך מיין טאַטן, ער איז קראַנק, ער קאָן ניט רעדן שטאַרק, יענער מיט דער פּיקע האָט אים צעשטאָכן״.

חיים איז אזוי צערודערט, אזוי אנטוישט, אז ער זאָגט מיט זיכערקייט:

— „מען דאַרף וויינען ווען מען ווערט געבוירן, ניט ווען מען שטאַרבט״.

אָבער רחל גלויבט, אז באָלשעוויזם איז דער גערעכטער היסטאָרישער קרייצוועג וואָס פירט צו א ניי לעבן, לויט חיימס טאָלסטאָישן אידעאַל.

זי איז ארויסגעגאַנגען פון שטוב און זיך אוועקגעלאָזט אין קאָנצעלאַריע פון רעווקאָם: זי דאַרף רעדן מיט נחמנען, ער זאָל איר אָנווייזן מיט וואָס קאָן זי זיך מאכן ניצלעך.

אירע געדאַנקען זיינען געפלויגן, האַסטיק האָט געקלאַפּט איר האַרץ: וועט ער זי כאָטש דאָס מאָל פאַרשטיין?

די פולע קיילעכדיקע לבנה האָט זילבערדיק באַלויכטן רחלס אָפּגעצערט פנים, אירע גליענדיקע אויגן מיט די אונטערגעהויבענע ברעמען. זי האָט אין דער מינוט זיך פאַרטראַכט וועגן זייער שטעטל, האָט געפילט צו דעם א טיפע ליבשאַפט, ווי צו א גוטן פריינט וועמען מ'האָט א צייט ניט געזען און זיך האַרציק דערפרייט מיטן באַגעגענען זיך. — די נאַכט האָט זיך שיין און ברייט אויסגעשפּרייט איבער די דעכער, ווענט, איבער דער גאַנצער ערד.

נחמן איז פריידיק צעטומלט געוואָרן ביים דערזען רחלען:

— „ער האַלט זיך אין איין קלייגן זי צו זען, נאָר ער קאָן קיינמאָל ניט אַרויס פון דער אַרבעט״.

זי האָט ניט געדאַרפט גיין ווייט אויסצוגעפינען, אז ער זאָגט ניט קיין ליגן. ס'איז שוין נאָך ניין אזייגער, אָבער אָט שטייט זיין וועטשערע: א שטיקל הערינג מיט א קאַלט געוואָרענער גלאָז טיי. ער פאַרגינט זיך ניט די פּאָר מינוט אָפּצועסן, מיט איין האַנט שרייבט ער, און מיט זיינע אויסגעבלייכטע פינגער פון דער צווייטער האַנט טראָגט ער אָפּגעצופּטע שטיקלעך ברויט צום מויל.

דערהערט רחלס פראַגע, צי מ'טוט עפּעס אויף אין לייענצימער און צי זי וואָלט אויך געקאָנט עפּעס ביישטייערן, האָט ער אראָפּגעשלונגען דעם ביסן ניטצוקייעט:

— ווען איר זאָלט צוגרייטן א פאָרטראַג וועגן גאָרקי'ס „מוטער״ (וואָס געפינט זיך ביי מיר), און אָנצייכענען זיך א פּאָר ערטער פאָרצולייענען, — וואָלט איר אָראָפּגענומען א גרויסן עול פון מיין קאָפּ״.

—„כ'וועל עס פּרוּאוון טאָן״.

דער אין־זיך פאַרשלאָסענער נחמן איז געגאַנגען באַגלייטן זי ביז דער דרויסנדיקער טיר, און א ווײַלע איר נאָכגעקוקט: מיט די קורץ אָנגעוואַקסע־

נע האָר, ווי א געקרויזלט לעמעלע, קוקט זי אויס ווי זי וואָלט גרויסערהייט געבוירן געוואָרן.

זיצנדיק צוריק ביים שרייבן, האָט ער זיך באקלערט: ניט געטאָרט איר איבערגעבן אזא פאראנטוואָרטלעכע ארבעט. גראָד דעם טאָג פונם פאָרטראג וועט זיין א היפּשער עולם, מ׳דאַרף אויסניצן דעם מאָמענט און מאכן די גע־העריקע אָנווייזונגען, דורכפירן אַן אגיטאַציע פאר א קאָמונע.

ער האָט באשטימט צו האָבן א שמועס מיט רחלען, איר ארויסהעלפן מיטן פאָרטראג, אָנצייכענען שטעלן צו לייענען.

נחמנס גאנץ לעבן איז א דורכאויסיקער קרבן פאר דער צוקונפט אין וועל־כער ער גלויבט מיט זיין גאנץ לייב און לעבן.

אָבער די קומענדיקע מאָרגנס האָט דער טעלעפאָן געהאלטן אין איין קלינגען. די גרויסע אומרו צוליב דער אומקלאָרקייט פון זייער זיג האָט איב־גאנצן פארכאפּט נחמנען, פארטאָן אין וועלטן מיט וויכטיקער ארבעט.

* * *

די אוקראַינישע פרילינג אוונטן — זיסע, אָנרעגנדיקע — אָטעמען מיט דעם דופט פון זונצעוואַרימטע בליטן; מיט קילע דערקוויקנדיקע ווינטלעך, ווי די בלויקייט פון צעבליטן בעז.

רחל האָט געאיילט אין גאָרקיף. זי איז געווען צעטראָגן: „דער פאָרטראג מיטן פאָרלייענען“ — האָט איר נחמן געזאָגט, „דאַרף פארנעמען ארום א האלבע שעה“. וועט זי האָבן מוט אין געציילטע ווערטער עפּעס ריכטיקס אַרויסזאָגן? וועט זיין ווער ס׳זאָל זי וועלן הערן?

אין דעם, ערשט ניט לאַנג צוריק, טויטן, גרויסן זאל, וואו עס פלעגט זיך, ווי א פארשאָלטענער גלגול, איינע אליין ארומדרייען די חסר־דעה׳דיקע גבירטע, האָבן זיך פארזאמלט איבער צוויי הונדערט מענשן.

די שווערע פּליושענע פאָרהאנגען פונם ברייטן פענצטער, וואָס האָט ארויסגעקוקט אין א רחבות׳דיקן סאָד, האָבן זיך כוואַליעדיק באוועגט.

א שיין געטאָקט טישל פון רויטן האָלץ און א מיט־פּליוש געבעטער שטול פון דעם זעלבן טייערן האָלץ מיט דער זעלבער פיינער אויסארבעט האָט מען אוועקגעשטעלט פאר רחלען.

זי האָט ארויסגעלייגט דאָס בוך אויפן טישל און מיט די אויגן געלאָפן איבערן זאל.

נחמן האָט געוואוסט אז זי זוכט אים, נאָר ער האָט זיך ניט גערירט פון דער קוים אָפּגעשפּארטער טיר. ער האָט אין דער רגע ניט געקאָנט זיך באהערשן און געוואָרן אין כעס אויף זיך, אויף איר. צו בארואיקן זיין אייגן געמיט האָט ער צו זיך געזאָגט:

— „פון אירע אויגן שרייען ארויס איר מאָמעס פערל, ברילִיאַנטן, צי דימענטן, ווער ווייסט זיי דאָרט וואָס. ער האָט קיין טייערע איידלשטיינער קיינמאָל ניט געקענט און וויל זיי ניט קענען!"

ביי רחלען האָבן געשיינט נאָר די אויגן. דאָס פנים האָט געקראָגן אַן אויסדרוק, ווי ס'וואָלט קרענקלעך געקעמפט מיט אַן אינווייניקסטן שונא — אויף א ווייטערן נצחון איבער זיך וועט זי ניט דערלאָזן, זי מוז אויסהאלטן.

זי האָט געשפּירט גלייכגילטיקע, אומצוטרוילעכע בליקן פון א מאסע, וואָס ניט־קלערנדיק גיט זי א טראכט — „ווער דארף האָבן איר לייענען מיט די אַלע קונצן".

זי האָט דערהערט וויצלען זיך:

— „זי איז א שווארצ'חנ'עווודיקע, מיט אַזאַ שווארצברעמענדיקער א שפּילטאָן זיך איז מהיכא־תיתא".

— „פארזוכן וואָס פאר א טעם ס'האָט. כאַ, כאַ! פון א בורזשואזער ליטקע — וואָלט זיך קיין איינער ניט אָפּגעזאָגט".

איר פנים איז געוואָרן שארלעך־רויט. א שווייס איז ארויס אויף איר שטערן, אויף איר האלז.

נחמן איז צוגעקומען:

— חברים! פריער וועט רעדן חבר'טע רחל וועגן מאקסים גאָרקיס „מוטער" און לייענען אביסל, נאָכדעם וועל איך זאָגן א פּאָר ווערטער.

אין זאָל האָט געהערשט א גערעדעריי, געלעכטער, א סקריפּעריי פון בענק.

רחל האָט געהערט איר הארץ קלאַפּן: איר האלז איז פארצויגן געוואָרן, זי האָט זיך ניט געטאָרט אונטערנעמען אַזאַ ערנסטן ענין.

פלוצים איז סמירנאָוו געשטאַלט אויסגעוואַקסן פאר איר אין דער פאָרם פון אַן עלף־יעריק שייגעצל און ער זאָגט איר: „איך איינער פון אַ דאָרף אָנגעפּיקעוועט מיט פּויערישע קינז'ער, רעד, לייען. אויב מ'וועט דיך ניט אינגאנצן פארשטיין, — איז א דאנק דעם ביסל פארשטיין — האָב איך פארענדיקט אויף דאָקטער".

רחל האָט אָנגעהויבן:

— „חברים, אויב איר וועט מיך ניט פאַרשטיין, זאָלט איר וויסן, אז ס'איז א געמיינשאפטלעכע שולד. מיך האָט מען ניט".

ס'האָט זיך דערהערט א טומל פון דרויסן, נאָך פיל מענשן זיינען אריין אין זאל. יאנקל מיט זיי. ער רעדט אויף זיין הויך קול:

— „אז רחל האָט מיר אויפגעעפנט די אויגן צו זען ווי פינצטער איך בין, ווייס איך דאָך, ס'זענען פאראן הונדערטער מיט „שוסטערישע קעפּ". האָב איך זיי געבראכט פון דער ירושעלימקע, פון דער דאָלינע, פון דער טאָרהאָוויצע, פון דער בריק. כ'האָב זיי אַלע געבראכט — זאָלן זיי הערן"...

ער האָט געשריען:

— איך יאנקל, דער שוסטער, האָב זיי געזאָגט אָט וואָס: „געהרגעט זאָל עס ווערן! אז אפילו אייניקע פון די גבירישע קינדער רייסן איבער מיט זייעריקע, צוליב אונזער אמת, — איז געהרגעט זאָל עס ווערן, אויב מיר אלע — ווי איינער ווען זיך ניט א סטאַרע טאָן צו דערגרייכן דעם אמת!"

מ'האָט געקלאפּט: „בראוואָ!!!"

מ'איז נייגעריק געוואָרן צו הערן רחלען. דער געפּאַקטער זאַל האָט אָנ־געצונדן אין איר א באגייסטערטן ענטוזיאזם: די קליינע אויפוואכנדיקע גרופּעס דערוויזן, אז עס קומט דער גערעכטער איבערבייט אין דער געזעל־שאפטלעכער אָרדענונג.

— נאָר פון דעם אריינפיר, וואָס זי האָט צוגעגרייט וועגן דער פאר־שיידנקלאסיקער לאגע, געדענקט זי ניט קיין איין געדאנק. א כאַאָס פון ווערטער אין איר קאָפּ, כאָטש צערייס זיך, ווייסט זי ניט פון וואָס אָנצוהייבן.

זי האָט אָנגעהויבן גאָר וועגן דאָקטער סמירנאָוו'ס צעקריפּלטן, צעשע־דיקטן יונגן קערפּער. וועגען זיין זעלטענעם שטאַרקן ווילן, זיין האָפן, זיין גלויבן ביז אין לעצטן אָטעם.

זי האָט געהאלטן א בייסנדיקע און שטורמדיקע רעדע קעגן פארקנעכ־טער, האָט אָנגעוויזן אויפן אויפגעמונטערטן פּראלעטארישן גייסט; אָנגע־רעגט און ארויסגערופן אין פארמעסט דעם פויער.

אין זאַל האָט מען שווער געאָטעמט, ווי א מאַשין וואָס צעמאָלט הארטע זאַכן.

זי האָט גערעדט וועגן דער אומפארמיידלעכקייט פון בלוטיקע קאמפן; וועגן אן אייזערנער דיסציפּלין; וועגן נסיונות פון א גוטער שעה פאַר יחידים, וואָס פארקויפן דעם שכל־הישר און גראָבן אונטער דעם באָדן פון דער גע־זונטער צוקונפט. זי האָט אויך דורכגעוואָרפן אז ס'איז א צייט, וואָס מ'טאָר ניט גלויבן, — מען דאַרף קאָנטראָלירן יעדן איינעם.

דער זאַל האָט אויפגעברויזט מיט צערייצטקייט.

רחלס פרייד איז געוואקסן: דאָס תמעוואָטע אין זייערע בליקן טוט זיך אָפּ, זייערע אויפגעלעבטע פּנימער הייבן אָן באנעמען, הייבן אָן פארשטיין.

זי איז איבערגעגאַן צום לייענען. דאָס גרויזאמע, שוידערלעכע פּייני־קונג־בילד פון דער מוטיקער „מוטער" האָט זיי צום איבעריקן אויפגערייצט, באליידיקט, דערהויבן, אָנגערעגט.

זייערע אויגן זיינען מאָדנע ברענענדיק געוואָרן. זיי האָבן מיט פולע העלזער אויסגעדריקט זייער באגייסטערונג דער בראַווער מאַמען, מען האָט מיט ציטערניש געשריען:

— „האַלט זיך, מאַמע!"

שוויס האָט געדונען פון די צוגעקלעפּטע, שוין לאנגע ניט געשוירענע בלאָנדע, שווארצע, קאשטאנע קעפּ.

מ׳האָט געטופּעט מיט די פיס!

— זאָג זיי, זאָג זיי, מאַמע!״

— „בראַוואָ מאַמע! לאנג לעבן זאָלן אזוינע מאַמעס !״ הורא! הורא! . . .

רחל האָט מיט א ציטערדיקן שמייכל ארייגעאָטעמט אין זיך זייער ברויזנדיקן טומל: די מענשן פון דער איבערגעריקייט, איבערפּארדארבנקייט זיינען אינגאנצן אנדערע געוואָרן.

א רעליגיעזער עקסטאז האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אלעמענס פּנימ־ער. רחל האָט זיך ווי געבאָדן אין זייער רויער פרייד. זי האָט געהערט אין זייער הירזשענדיק לאַכן, די צוריקגעשטויסענע פרייד־טרערן, וואָס זי האָט אין זיך פארשטיקט מיט העכערן איר לייענען.

זי האָט געפילט ווי זייער העלרויט, לעבעדיק מענשלעך בלוט זידט, קאָכט מיט באגייסטערטער קדושה.

דאכט זיך, אז די גלעקער פון אַ גאַנצער וועלט האָבן אָנגעהויבן קלינגען:

„ס׳האָט געשלאָגן די שעה פון רעוואָלט. רעוואָלט פאר די טויזנטער, טויזנטער געפאַלענע ברידער און שוועסטער, געפאלענע אויף די שלאכט־פעלדער; אין די פאבריקן; אויף די באריקאדן.

— דער מוטערס פארפּייניקט בלוט אין מיליאַניקע אונטערדריקטע—האָט זיך א רודער געטאָן, און קיין זאך אין דער וועלט, אפילו דער גרוילעכסטער טויט — וועט ניט אָפּשטעלן״.

רחל האָט געזען ווי זייערע האַרטע הענט האָבן זיך צוזאמענגעדריקט אין אייזערנע פויסטן.

ס׳איז איר געקומען אויפן געדאנק י. ל. פּרצ׳ס „יונתן וואסערטרעגער״. „ווען אן „אורח־חיים״ האָט מחשבות, כוונות, השבעות, — האָט דער פּראָס־טער איד א יד, און א האק אין דער יד, און קלערט נישט, און ווארפט וואו מען דארף און טרעפט״....

רחל האָט געשמייכלט פארשיכורט:

„יאָ, די פּראָסטע וועלן טרעפן . . . זיי וועלן טרעפן מיט דער ערב־פרילינגדיקער פרייהייט וואָס האָט זיי באהערשט״.

— „לייענ!״ האָט מען צעהיצט געשריען.

זי האָט געלייענט ווייטער:

„דער שפּיאָן האָט איר א פּאטש געטאָן אין פּנים.

עפּעס א שווארצע און רויטע זאך האָט אויף א רגע פארבלענדט דער מוטער די אויגן, א געזאלצענער טעם פון בלוט האָט אָנגעפילט איר מויל. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פארן קליאמקע.

— מיט ימים בלוט וועט מען דעם אמת ניט פארטרינקען״ . . .

א זשאַנדאַר האָט איר אָנגעכאַפּט פאַרן האַלז, איר אָנגעהויבן צו שטיקן".

דער גאַנצער זאַל האָט געהילכט:

— אַז געהרגעט זאָלן זיי ווערן!

— זיי וועלן געהרגעט ווערן!

די אויסגעשרייען זיינען געווען אויף רוסיש, אידיש, אוקראַיניש, א פּאָר אויף פּויליש, אפילו א „ימח־שמם", פון דרויסן, פון עלטערע אידן, וואָס זיי־נען פון נייגעריקייט געשטאַנען הינטערן פענצטער, האָט זיך אויך פאַראיי־ניקט מיט דעם צעצאָרנטן אויפברויז.

---

אלע ווילן לייענאָווענטן. וואסיל טאָרעט מאָשקען, ער זאָל זי פרעגן, צי זי וועט נאָך אַמאָל לייענען פון דער „מוטער", צי זי וועט נאָך דערציילן פונם פּויערס אינגל, וואָס איז געוואָרן א דאָקטער.

מאָשקע שמייכלט און שטורכעט אים:

— „האָסט דאָך פריער בלויז געשמייכלט צו אירע ליטקעס".

וואסיל איז גאָר ערנסט:

— „שווייג, אַניט קריגסטו א צעשפּאָלטענעם קאָפּ, א פאַרגלייך פריער מיט איצט, נאָכן הערן אַזוינע רייד — וואָס ווי מ'וואָלט זיי ארויסגענומען פונם האַרצן און זיי טאָלקאָווע דערקלערט".

נחמן האָט געדריקט רחלס האַנט:

— חברים, אונזער חברטע רחל האָט אייך היינט זייער פיל געזאָגט. איך וועל בלויז צוגעבן, אַז צו דערקלערן גענוי די באָלשעוויסטישע אי־דייע דאַרפן מיר האָבן אַן אַלגעמיינע צייטונג.

— מיר האָבן שוין די מאַשינען, שריפט, די גאַנצע אויסשטאַטונג, און מיר וועלן האָבן חברים וואָס וועלן קאָנען אָנגיין מיט דער דרוקעריי. — איר דאַרפט זען אויסראָטן צווישן זיך דעם אַנאַלפאַבעטיזם.

מען וויל וויסן צי רחל וועט זיין די לערערין פון די אָוונטקורסן, ווען וועלן זיך אָנהייבן רעגולערע פאָרלעזונגען? — זי זאָל נאָך לייענען פון דער מוטער.

נחמן שמייכלט טריאומפירנדיק:

— „איר האָט דאָך געשריען, אַז איר האָט קיין צייט ניט".

זיי קוקן אין רחלס זייט און שטשירען ליבלעך די ציין.

רחל האָט געפילט: איר האַרץ איז פול מיט יובל, מיט שטורמישער פרייד.

'עס האָט אין איר געהייטערט עפּעס אויסטערליש, עס האָט זי פאַר־וואַנדלט אין א נייעם מענטשן.

„אַזאַ געפיל טרעפט זעלטן אין לעבן".

זי האָט זיך דערמאָנט אין סאשען, זיין צעקנייטשטן שטערן, זיינע אייגנ־אַרטיק קרימלעכע אויגן: פארוואָס איז ער אוועק פון דער גרויסער פרייד ? — דורך ווערטער און דורך לידער פארזייען אין די הערצער פון די מאסן דעם ווילן זיך צו באפרייען פון פארקנעכטונג. פארוואָס האָט דער מאָרגן ניט געשמייכלט צו אים? ער האָט צעביטן א „גרויס גליק" אויף קליינע פארגעניגנס פון וואָס ער ווערט אנטוישט גלייך ביים צורירן זיך צו זיי.

א טיפער ווייטיק האָט זי אָנגעהויבן שטיקן: ער איז אוועק פון א זעלטן גליק: שאַפן פאָעטישע ווערק אין קומענדיקן גרויסן מאָרגן, זיי זאָלן אויס־דריקן די געדאנקען און די פארלאנגען פון באפרייטע פעלקער.

פויערים האָבן געקוקט אויף רחלס אָפּגעצערט, פארטראכט שמייכלנ־דיק פנים — ווי גאָטס מאַמע וואָלט פלוצים זיך אוועקגעשטעלט פאר זייערע אויגן.

מען האָט פארצויגן א פאָלקס־ליד. ס'איז אויסגעוואָקסן א גרויסע ראָד, ביי די מענער און פרויען האָבן זייערע פארהארטעוועטע, ערנסטע פנימער אויפגעלעבט, אויפגעלויכטן, יונגע, נייע געוואָרן. זיי האָבן וואוילעריש גע־טופּעט מיט די פיס און פריידיק געזונגען:

„ני ווידי טי מענע,
באָ ני פּראָסיו יאָ טעבע.
באָ יאָ מאַיו זלאָאָ מוזשאָ,
בודע ביטע ווין מענע . . ."

זיי האָבן הילכיק געלאַכט, ס'האָט אין זיי געטאנצט, געיובלט, געפרייט זיך די אויפגעוואכטע ווירדע, חשוב צו האלטן דעם מענשן אין זיך און אין יענעם. — „אפילו דאָס אייגענע ווייב טאָר מען ניט שלאָגן, מ'איז פרייע בירגער".

איציק האָט עפּעס געערעדט צו זיסלען און זי האָט צוגעשיקט א שמייכל וועגן איר גליק צו רחלען, פאר וועמען זי האָט זיך פארטרויעט, אז נאָך פון קליינערהייט אָן איז זי די כפּרה פארן ביסטרען איציק, נאָר זי פלעגט אנט־לויפן פון אים, ניט געוואָלט הערן זיין דערקלערן זיך איר, אין ליבע, ווייל זי האָט מורא געהאַט איר טאַטע וועט אים, בערל שוסטערס זון, הרגענען בלויז פארן שטיין לעבן איר.

ביים פארלאָזן דעם זאל האָט מען געדאנקט, געגנויגט זיך פאר רחלען, און אויך נחמן האָט זייער צוגעלאָזט, פריינטלעך געערעדט:

— „כ'מוז אייך זאָגן דעם אמת, אייער פאָרטראג איז זעלטן גוט, איך בין אייך הארציק דאנקבאר".

עס האָט איר וויי־געטאָן: ער מוז איר אונטערשטרייכן אז זי איז ניט זייעריקע, מען אנערקענט זי נאָר אויף אזויפיל — וויפל נוץ זי קאָן ברענגען דעם פאָלק.

„אָבער דאָס טאָר אזוי ניט זיין! אויב א קלאס דארף אונטערגיין, מיינט עס בשום אופן ניט, אז אַלע מענשן פון דעם קלאס דארפן אונטערגיין".

זי האָט זיך דערמאָנט אין דער שנאה פון אירע געוועזענע פריינט, וואָס זיינען כלומרשט געקומען זי מבקר חולה זיין: יאָ, זי האָט פאַרגעסן, אז ביי היינטיקן טאָג מוזן די באַלשעוויקעס זיין אויף אַן אַנגעשטרענגטער וואך.

„גוט און שלעכט, פיין און מיאוס האָבן זיך אזוי צונויפגעקנוילט, אז ס'איז שווער צו כאַפן וואָס איז וואָס".

נחמן האָט ווי געלייענט אירע מחשבות:

— „רחל, מאָרגן עלף אזייגער, אין גאָסקאָנטאָרע, צימער צען, איז א באַראַטונג פון אונזערע אקטיווע חברים. — קומט אין צייט, האלב נאָך צוועלף דארפן צוויי חברים, וואָס וועלן קומען צו דער פארזאמלונג, צוריק־פאָרן.

ס'האָט אין איר דורכגעבליצט: ווען זי זאָל זיך ניט געוועזן זען מיטן טויט — וואָלט זי אפשר ניט געוועזן בכוח צו פילן די טיפקייט פונם נייעם לעבן, וואָס גייט אויף אין רוסלאנד.

אין איר זכרון האָט אויפגעטויכט א בילד: „קליינערהייט, זוכנדיק פּאָ־זיעמקעס אין וואַלד, האָט זי פארבלאָנדזשעט. א צעטומלטע איז זי געלאָפן טיפער אין וואלד אריין, געלאָפן צוריק, געדרייט זיך אהין, אהער; געשראָקן זיך פאר יעדן קרעכץ פון א צעפוילט צווייגל. געווען זיכער — א גרויליקע נאכט איז שוין אָנגעקומען, טרערן זייענען געלאָפן ווי פון א קוואל. — אינ־גאנצן א פארצווייפלטע האָט זי גענומען קלעטערן אויף א בוים, זאָלן זי כאָטש פויגלען אויפעסן, ניט . . . און דערזען: צוויי מינוט גאנג אויסערן וואלד א ברייטן באזונטן וועג, און דעם סטרוזש'ס קינדער רופן זי".

דער בלעכער משה ציפּעס איז האסטיק אריין אין זאל, ער האָט מיט זיינע אויסגעשטארטע אויגן אונטער די מאסיווע ברעמען געזוכט רחלען. שוין איבער צוויי חדשים, אז ער ארבעט ביי דער סאָוועטנמאכט, און סיי אין זיין בלעכעריי, סיי אין זיין צינען, האָט ער זיך זייער אויסגעצייכנט, מ'באַ־טראכט אים ממש ווי א ספּעציאַליסט, א מייסטער.

זיין קול האָט געציטערט:

— רחל, דאָס טאָרבעלע ציבעלעס וואָס איר האָט אוועקגעגעבן מיינע קינדער, און די קארטאָפל וואָס איר האָט געקאָכט פאר זיי, וועל איך קיינ־מאָל ניט פארגעסן. כ'בין פריער אריין אין שטוב, בין איך ס'ערשטע גע־לאָפן אייך זאָגן — ווי שיין די באנקשאפט פון מיינע הענט נאָך בלעך, צין,

— ווערט איצט באַפרידיקט. און אויך אַז מיינע קינדער מיט ציפּען וועלן שוין ניט וויסן פון הונגער.

— די סאָוועטנמאַכט וויל, אַז ביז דער פייערונג פון דעם אָקטאָבער־יום טוב זאָלן שוין זיין שולן אין די שטעטלעך און אין די דערפער. און פאַר־שטייט זיך, אַז די דעכער זאָלן זיין געדעקט מיט בלעך. ס'וועט שוין זיין ביי וואָס צו אַרבעטן!״

ער האָט געשמייכלט צו איר מיט פאָטערישער ליבע:

— מיין ציפּע האָט מיר איבערגעגעבן, ווי איר זענט נעבעך, געווען ערנסט קראַנק. מ'האָט אייך געמוזט אַראָפּנעמען די לאַנגע צעפּ, אָבער זאָרגט ניט, זיי וועלן צוריק אָנוואַקסן.

ער האָט זיך צוגערוקט צום טישל:

— „עס פרייט מיך זייער וואָס אויך איר זענט מיט אונזערע חברים״.

נחמן האָט קוקנדיק אויף רחלען געטראַכט: אַזוי שיין איז זי נאָך קיינ־מאָל ניט געווען, — דאָס איז די דערוואַכונג אונטער דעם באַריר פון דעם אמת. אונזער גרויסער אמת שטראַלט אַרויס פון איר.

ער האָט געזען אין איר — זייער גרויסן, שיינעם גלויבן.

---

# אינהאלט

## אָדעס — ערשטער טייל



## קליינשטאָט — צווייטער טייל